# דער
# גענגסטער
אָדער
## סודות פון דער אונטערוועלט

ראמאַן
אין דריי טהיילען פון
## מ. קאַטץ
(א. צייכנער)

---

ארויסגעגעבען פון „ווארהייט פּאַבלישינג קאָ.״

---

WARHEIT PUBLISHING CO.,
153 EAST BROADWAY.

1.

## דיא אונגליקליכע חופה.

דאָס איז געווען ווייט פון׳ם רויש און קאָך פון ניו־יאָרק, ווייט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ווייט פון אמעריקא. דאָס האָט פּאַסירט אין דער אויעזדנער שטאָדט אָרשע אין רוסלאַנד. אַ זאָנדערבאַרע געשיכטע האָט פּאַסירט, וואָס האָט געמאַכט דאָס גאַנצע שטעדטעל געהן כאָדאָראָם. אַ כלה, וועלכע אַלע האָבען אַלס מיידעל געקענט, ווייל זיא האָט געהאַט אַ שם פאַר איהר איידעלער בענעהמונג, צאַרטע שעהנקייט און מוסטערהאַפטע אויפפיהרונג, איז פערשוואונדען אַקוראַט אין עטליכע שטונדען ארום נאָך דער חופּה — פערשוואונדען וויא אין תהום און קיין סליאַד...

און פּאַסירט האָט עס אונטער זאָנדערבאַרע אומשטענדען. מיט אַ פיער וואָכען פריהער האָט מען אין אָרשע גערעדט אין אַלע גאַסען פון דעם רייכען אַמעריקאַנער יונגערמאַן, וועלכער איז אַהין אָנגעקומען און צו וועלכען עס האָבען זיך געשאָטען אַלע שדכנים פון אָרשע, אָנבאָטענדיג איהם שידוכים, ווייל דער קלאַנג איז געווען, אַז ער זוכט אַ היימיש מיידעל, אַ שעהנע, אַ יונגע, אַן עהרליכע, פון בעל־בתישע עלטערן, מיט איהר חתונה צו האָבען.

און פאַר וואָס עפּעס ער איז געקומען אַזש פון אַמעריקא קיין רוסלאַנד אַ שידוך טאָהן און דוקא קיין אָרשע, זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיעדענע קלאַנגען און מעשות. איינע האָבען דערצעהלט, אַז אין אַמעריקא זיינען דורכאויס דיא מיידלעך צולאָזען און מען קאָן מיט קיין מיידעל ניט זיכער זיין אַז זיא איז אַ ריינע, אַן אונשולדיגע; אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז דעם יונגעןמאַנס פאטער, וועלכער איז געווען אַ געבאָרענער אַן אָרשער, איז אַוועק קיין אַמעריקא מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק, איז אין אַמעריקא רייך געוואָרען, ממש אַ מיליאָנער, און האָט פאַר׳ן טויט פערלאַנגט פון זיין זוהן, ער זאָל טאָהן אַ שידוך פון אָרשע, אויב ער וועט דאָרט געפינען אַ פּאַסענדע. נאָך אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז ניט זיין פאָטער נור זיין מוטער האָט געשטאַמט פון אָרשע און אַז זיא האָט עס איבערגעלאָזען אַ צוואה, ער זאָל אַ שידוך טאָהן דוקא פון אָרשע. אָבער אַלע האָבען גערעדט וויא פון אַ בעשטימטע זאַך, אַז דאָס איז אַ רייכער אַמעריקאַנער יונגערמאַן.

און אַ שידוך האָט זיך געפונען וויא דיא שדכנים האָבען געזאָגט, איז דעם „אַמעריקאַנעם“ באַשערט געווען דוקא דיא שעהנסטע מיידעל פון אָרשע: רויזעל יאַכנע איטעס. רויזעל איז ווירקליך געווען אַ וואונערשעהנע בלאָנדינע: געדיכטע, גאָלדיג־העלע האָאר, אַ גראַציעזע פיגור, אַן איידעלער פּנים און שוואַרצע אויגען. איהרע אויגען זיינען געווען אַ זעלטענהייט: ווען זיא פלעגט אַ קוק טאָהן אויף וועמען, פלעגט יענער דערפיה־

לען א חיות, א ווארעמקייט אין הארצען — וויא זיי וואָלטען צערטלען, גלעטען מיט א זאַמעט־ווייכקייט און וואָלטען ערוועקט רחמנות.

איהר מוטער, יאַכנע איטע דיא מאַרשאַנטקע, איז געווען אַן אלמנה און האָט זעהר ארעם געלעבט דערפון, וואָס זיא פלעגט בעפוצען דאַמען־היטעלעך. אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, ווען איהר מאַן האָט געלעבט, זיינען זיי געווען פיינע בעלי בתים, אָבער נאָך זיין טויט איז אַלעם געגאַנגען מיט דיא פוטער אראָב, און דיא מוטער מיט איהר איינציג קינד האָבען געדאַרפט לעבען פון האנד אין מויל. דאָך האָבען אַלע מיידלעך מקנא געווען רויזלען, ווייל מען האָט עפּעס נביאות געזאָגט אַלע מאָהל, אַז אין איהר וועט זיך מסתמא פערליעבען א רייכער זיהנדעל און וועט זיא נעהמען וויא זיא שטעהט און געהט.

אמת, רייזעל איז נאָך געווען יונג, אין גאַנצען אכצעהן יאָהר ערשט געוואָרען, אָבער דערווייל האָבען זיך נאָך אַזעלכע רייכע זיהנדלעך ניט געפונען, און איהר הארץ איז דאָך געפאַנגען געוואָרען פון׳ם געפיהל פון ערשטער ליעבע, און דוקא ניט צו א רייכען יונגענמאַן. דאָס איז געווען איהר אייגענע געהיימנים — זיא האָט געפיהלט אַז איהר הארץ געהט אויס פאַר נאַטהאַן זרחי: א בחור פון א יאָהר 24, וועלכער האָט געגעבען שטונדען אין העברעאיש און וועלכער האָט געהאַט עפּעס הויכע שטרעבונגען, עפּעס הויכע צוועקען צו ערגרייכען. זרחי פלעגט מיט איהר אָפט פאַרברייגען, און אפילו איהר מאַמע האָט אויך גערעכענט, אַז דערפון וועט וואָס ארויסקומען. עס איז אָבער אוועק א לאַנגע צייט, זרחי בעזוכט זיי אָפט און יאַכנע איטע הערט אַלץ ניט, אַז „דיא קינדער“, וויא זיא פלעגט זיי רופען, זאָלען אָנהויבען ריידען פון א תכלית.

— וואו זשע האַלט עס ביי אייך? — האָט יאַכנע איטע א פרעג געטאָהן רויזלען.

— ביי וועמען, מאַמע? — האָט דיא טאָכטער אָנגעקוקט זיא.

— דוא מאַכסט זיך תם׳עוואַטע, וויא דיא מאַמע וואָלט געווען אַן אַלט־פרענקישע אידענע און וואָלט דיר חס חלילה וועלען שטערען. אדרבה, זאָל נור זיין מיט גליק. אַי, וואָס ער איז נאָך ניט קיין בעל פרנסה... ניש־קשה, וועט גאָט העלפען...

— אָבער וועגען וועמען און וועגען וואָס רעדסט דוא, מאַמע? — איז רויזעל רויטלעך געוואָרען, וואָס עס האָט צוגעגעבען אַזוי פיעל יוגענדליכע רייץ צו איהר פנים.

— איך רייד וועגען דיר מיט זרחי. וואָס מאַכסט דוא זיך ניט וויסענדיג? איך זעה דען ניט? ניש־קשה, א מאַמעס אויגען זעהען און א מאַמעס הארץ דערפיהלט.

— איך ווייס ניט וואָס דוא מיינסט — האָט זיך רויזעל אָבגעקעהרט. א נערוועזער ציטער האָט זיך געהערט אין איהר שטימע און איהרע אויגען

זיינען אָנגעלאָפּען מיט טרעהרען.

דיא מוטער האָט אפּנים דערפיהלט, אַז איהר קינד'ס הארץ ליידעט פון עפּעס.

— זאָג מיר דעם אמת, רויזעלע. וויא איך זעה ליעבסט דוא דאָך איהם. אָן מיר איז קיין מניעה ניט.

— און ער ליעבט דאָך דיך אויך? מען קאָן דאָס לעזען אויף זיין פּנים, ער געהט אוים פאר דיר.

— איך וויים ניט, מאַמע. וואָס פרעגסט דוא מיך?

— דוא ווייסט ניט? ער האָט גאָר צו דיר קיין מאָל ניט גערעדט דערפון?

— ניין.

— און דוא האָסט איהם ניט געפרעגט?

רייזעל איז געוואָרען אַן אָנגעצונדענע.

— וואָס מיינסט דוא, מאַמע, איך וועל זיך מיט גוואלד אָנהיינגען יענעם אויפ'ן האלז?

און ווייטער האָט שוין דיא מוטער ניט געקאָנט פרעגען, ווארום רויזלען איז אפּנים געוועזען שווער דאָס געשפּרעך און זיא האָט געפונען אַן אויסרייד, אַז זיא דארף צוגעהן צו א חבר'טע.

„וואָס קאָן דאָס זיין צווישען זיי?“ — האָט יאכנע איטע א טראכט געטאָהן, און האָט בעשלאָסען, אַז גלייך וויא זרחי וועט קומען צו זיי, וועט זיא מיט איהם אָפען ריידען. זיא איז דאָך א מאַמע; זיא וויל וויסען וואָס וועט זיין דער תכלית.

און אזוי האָט זיא טאַקע געטאָהן.

דעמזעלבען טאָג פארנאכט איז זרחי געקומען צו בעזוך, און אזוי וויא רויזעל איז נאָך ניט געוועזען געקומען פון איהר חבר'טע, האָט זיך יאכנע איטע בענוצט מיט דער געלעגענהייט און געהאט א שמועס מיט איהם:

— הערר זרחי, רויזעל וועט מסתמא באלד קומען, ציהט אויף א ווייִלע — האָט איהם געבעטען יאכנע איטע — איהר וועט דאָך טרינקען א גלאָז טהעע, און איך וויל טאַקע מיט אייך זיך דורכשמועסען, וויא אייגענע מענשען. איך האַלט דאָך אייך פאר אַן אייגענעם מענשען און גלויבט מיר, אז איהר זייט מיר טהייער.

— איך גלויב אייך, יאכנע איטע — האָט ער געענטפערט און א מרה־שחורה'דיגער וואָלקען איז איבערגעלאָפען איבער זיין פּנים. ער האָט פערשטאַנען וועגען וואָס דיא רייד וועט זיין און אין זיין קאָפּ איז דורכגעלאָפען דער געדאַנק: איך ליעב זיא, וויא מיין לעבען, אָבער וויא קאָן איך מיט איהר הייראַטהען? וויא מעג איך זיך דאָס ערלויבען? וואָס ענטפערט מען?

יאַכנע איטע האָט דערלאַנגט טהעע און איז גלייך צוגעטראָטען צום ענין:

— איהר וועט אויף מיר קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, הערר זרחי, איך ווייס אַז היינטיגע קינדער האָבען פיינד אַ מאַמע זאָל זיך אריינמישען, און איך בין דאָך ניט אַזא אַלט־מאָדישע אידענע, וואָס זאָל דאָס ניט פאַר־שטעהן. אָבער אַ מאַמעס הארץ טהוט דאָך וועה פאַר איהר טאָכטער און עס ווילט זיך זיא זעהען גליקליך. זאָגט מיר, הערר זרחי, וואָס וועט זיין דער תכלית?

— הערט, יאַכנע איטע, איך וויל זיך ניט מאַכען פאַר אַ נעביכקע און ניט פאַרשטעהן וואוהין אייער פראַגע ציעלט. איך ווייס וועגען וואָס איהר פרעגט. אָבער לײדער קאָן איך אייך קיין ענטפער ניט געבען.

— פאַר וואָס?

— איך קאָן עס אייך ניט ערקלעהרען.

— אפשר האָב איך געמאַכט אַ טעות — איז בלייך געוואָרען יאַכנע איטע, פיהלענדיג עפּעס, אַז דאָ וועט זיך אויסלאָזען ניט פרעהליך — אפשר איז גאָר מיין טאָכטער קיין שידוך ניט פאַר אייך, דאָן שעהמט זיך ניט. מיר צווינגען חס חלילה קיינעם ניט און רויזעל איז קיין בראָק ניט. דאָס ווייסט איהר, דוכט זיך.

— רעדט ניט אַזוי, יאַכנע איטע. איהר האָט פריהער געזאָגט, אַז איהר האַלט מיך פאַר אַן אייגענעם, דאַרפט איהר מיט מיר ניט ריידען מיט־ביטערקייט. איין זאַך קאָן איך אייך זאָגען, אַז הייראַטהען מיט רויזלען וואָלט איך גערעכענט פאַר אַ גרויסען גליק, אַז איך ליעב זיא פיעלייכט מעהר פון מיין לעבען, אָבוואָהל איך האָב איהר דאָס נאָך קיין מאָל ניט געזאָגט.

— האָט איהר שלעכט געטאָהן.

— און איך מיין, אַז איך האָב גוט געטאָהן.

— וואָס רעדט איהר? איהר מיינט אפשר, אַז זיא ליעבט אייך ניט. וויא בלינד מאַנסלייט זיינען. זיא געהט דאָך אויס פאַר אייך. דאָס זאָג איך אייך, איך, איהר מאַמע, וואָס וואָלט וועלען אייך ביידען זעהען גליקליכע, און פרנסה — שוין וויא גאָט וועט געבען.

— עס קאָן זיין, אַז זיא ליעבט מיך אפשר ניט ווייניגער וויא איך זיא.

— פרעגט ניט, צווייפעלט ניט. אַ מיידעל איז דאָך שעהמעוודיג. האָט איהר דען געוועלט, זיא זאָל דאָס אייך דיא ערשטע זאָגען? אַזוי קומט דאָך ניט פאַר אפילו אין ראָמאַנען.

— דעריין האָט איהר רעכט.

— אָבער אַז איך זאָג אייך, מסמא ווייס איך — האָט איהם פער־זיכערט יאַכנע איטע.

זרחי האָט ניט געענטפערט, האָט זיך שטאַרק פערטראַכט. רויזעל'ס מוטער האָט איהם ניט איבערגעשלאָגען, דיינקענדיג אַז ער טראַכט וועגען

דעם וויא אזוי צו ערקלעהרען זיך אין ליעבע פאר איהר רויזלען און זיא האט זיך שטארק געוואונדערט וועגען דער ניט ענטשלאסענהייט פון דיא מענער: דוכט זיך גאנצע העלדען — האט זיא זיך געטראכט — וויא א מיידעל פאר־שעהמט זיך דאס פאר זיי און ווערט אמאל צומישט, ניט וויסענדיג וויא גע־פעלען צו זיין, און אין אמת'ן זיינען גאר דיא מאנסלייט דיא נעביכקעס. אט געהט ער ארום מיט רויזלען, געהט ארום, וויים, אז זיא ליעבט איהם, און ער זאגט אליין, אז ער ליעבט זיא וויא זיין לעבען, און אז עס קומט צו וואס וויים ער איהר ניט וויא צו זאגען דאס.

— אפנים איהר דארפט אויך האבען א שדכן, וויא אין דיא אמאליגע יאהרען — האט זיא א לאך געטאהן — וואס איז דא פיעל צו טראכטען. זיא וועט באלד קומען, נעהמט מען און מען רעדט זיך דורך, איך וועל אייך ניט שטערען. איהר דארפט דאך רעכענען פאר א גליק, וואס איהר האט קיין שטערונגען ניט אין אייער ליעבע. איך וועל אייך זאגען דעם אמת. מיר וואלטען פיעלייכט געקאנט קריגען א חתן א רייכערען. אבער איך בין דאך ניט פון דיא מאמעס...

— גוט — האט זרחי געענטפערט וויא אויפוואכענדיג פון שלאף — איהר האט רעכט, איך מוז מיט איהר אליין ריידען, איך וועל איהר ערקלעהרען און נאך היינט.

ער האט קוים צייט געהאט צו ענדיגען דיא ווערטער, וויא עס האבען זיך דערהערט רויזעל'ס טריט.

מערקווירדיג, וויא רויזעל איז אריין אין שטוב און האט דערזעהען פון ווייטען, אז זרחי זיצט האט זיא שוין פערשטאנען, אז צווישען דער מאמען און איהם איז שוין דא געווען א געשפרעך וועגען דאזעלביגע, וואס דיא מאמע האט צו איהר פריהער גערעדט. איהר הארץ האט אנגעהויבען גלייך צו קלאפען און איהר פנים האט זיך באדעקט מיט א בלייכקייט.

זיא האט בעגריסט זרחי'ן, דערלאנגענדיג איהם דיא האנד אהן ווער־טער און האט עפעס געפיהלט וויא אריינצופאלען אין זיינע ארעמס, צוזוויי־נען זיך און פרעגען: א, פאר וואס שפיעלסט דוא אזוי מיט מיין געדולד!

פיעלייכט האט דיא מוטער פערשטאנען, אז זיא פיהלט אזוי.

— טרינק טהעע, רויזעלע — האט דיא מוטער א זאג געטאהן צערט־ליך — איך וועל ארויסלויפען קויפען עפעס צובייסען און איהר רעדט זיך דא דורך דערוויילע.

אבער דיא מוטער האט דאס נור געפונען אן אויסרייד, אז זיא געהט קויפען צובייסען. זיא האט זיך מיט א כיון געזאמט נאהענט פון א שטונדע כדי צו געבען דיא קינדער צייט אויסצורעדען זייערע ליעבענדע הערצער איינער פאר'ן אנדערען.

וויא ערשטווינט איז זיא געווארען, ווען זיא איז געקומען צוריק און האט געפונען איהר רויזעלען איינע אליין מיט אויגען געשוואלענע פון טרעה־

רען, און זרחי איז שוין אין הויז ניט געווען.

— רויזעלע, טאָכטער מיינע, וואָס איז געשעהען?

— קיין זאַך ניט! — האָט רויזעל געענטפערט ווישענדיג דיא אויגען און וועלענדיג זיך צוריקהאַלטען. אָבער אַ נייער שטראָם טרעהרען האָט אַ פלים געטאָהן פון איהרע אויגען.

דיא מוטער האָט פערבראָכען דיא הענד.

אָבער רויזעלע האָט ניט געקאָנט ענטפערען. זיא האָט זיך היסטעריש צושלוכצעט און זיך אריינגעווארפען אין בעט.

2.

ווען יאַכנע איטע וואָלט מיט אַ ווײַלע פריהער געווען אין הויז און פון אַ ווינקעלע ערגעץ צוגעהערט זיך צו דעם געשפּרעך און צוקוקען זיך צו דער סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען איהר טאָכטער און זרחי׳ן, וואָלט זיא געוואוסט דיא אורזאַכע פון רויזעלעס טרעהרען און פון איהר פער־צווייפלונג.

זרחי איז געווען אַן אמת עהרליכער און אַן ענטשלאָסענער יונגער מענש. איינער פון יענע דיינקענדע און פיהלענדע מענשען, אין וועלכע דאָס געפיהל פון פליכטען איז שטאַרק ענטוויקעלט און וועלכער גיט זיך אָב חשבון אין זיינע האַנדלונגען. ער פלעגט לאַנג לאַנג נאָכדיינקען ביז ער פלעגט ביי זיך בעשליסען אַזוי און אַזוי צו האַנדלען, און איין מאָל האָט ער בעשלאָסען, וועלען איהם שוין קיינע אומשטענדען ניט קאָנען צווינגען צו ענדערען זיין בעשלוס.

ווען יאַכנע איז ארויסגעגאַנגען כלומר׳שט קויפען עפּעס צובייסען און האָט זיי איבערגעלאָזען אליין,, האָט ער זיך אויפגעהויבען פון שטוהל און איז צוגעגאַנגען נאָהענט צו רויזלען, וועלכע האָט זיך צוגעזעצט אויפ׳ן קאַנאַפּע אין ווינקעל און האָט מיט איין האַנד שטאַרק זיך אָנגעהאַלטען פאַר׳ן הענטעל פון קאַנאַפּע, וויא זיא וואָלט עפּעס געפיהלט, אַז עס קומט אַן אַ וויכ־טיגער מאָמענט, אַ קריזיס אין איהר לעבען — אַ ווענדונג צו גליק אָדער צו אונגליק.

זיא האָט דערפיהלט זיין בליק אויף זיך, ווייל ער איז געשטאַנען אַ מאָמענט און האָט עפּעס ניט געקאָנט אָנהויבען ריידען. זיא האָט אויפגע־הויבען צו איהם איהרע גרויסע זאַמעט־שוואַרצע אויגען בעזיימטע מיט דיא גאָלדענע ברעמען און זיין האַרץ איז צונומען געוואָרען. ער האָט אַראָבגעלאָ־זען דיא אויגען צו דער ערד, און עס איז קענטיג געווען, אַז איהם קאָסט זעהר אַ שטאַרקע אנשטריינגונג צו ריידען קלאָהר און אויסערליך קאַלט, ענט־שלאָסען:

— רויזעל, אייער מאַמע האָט נור וואָס גערעדט מיט מיר איידער איהר זייט אריינגעקומען, און איך האָב זיך ענטשלאָסען צו ערקלעהרען אייך דאָס, וואָס איך האָב אליין אַ לאַנגע צייט ארומגעטראָגען ביי זיך אין האַרצען.

רויזעל האט אראבגעלאזען דיא אויגען. איהר הארץ איז שיער ארויס־געשפרונגען פון ברוסט, אזוי האט עס געקלאפט, און איהר בוזים האט זיך געהויבען וויא פון שווערען אטהעמען, אדער בעסער געזאגט, פון צו שנעלען אטהעמען. איהר האט זיך געדוכט, אז אט, אט קומט דער מאמענט, פון וועלכען זיא האט אזוי פיעל געטרוימט אין דיא שלאפלאזע נעכט און אין דיא טרויעמערישע טעג, יענער מאמענט, וועלכען איהר פארשטעלונג האט איהר בלויז געשילדערט אבער האט אזוי גערייצט איהר פאנטאזיע, אז דאס בלוט פלעגט איהר א שפאר טאהן אין קאפ און זיא פלעגט פיהלען וויא אלעס אין איהר צינדט זיך אן און אזא געשמאקער ציטער פלעגט דורכלויפען דורך אלע איהרע גליעדער. און אט איז ער, אט קומט ער, דער לאנג געווינשטער מאמענט.

אבער פאר וואס רעדט ער אזוי קאלט, אזוי מעטאדיש, הארט אב־האקענדיג דיא ווערטער, וויא דאן, ווען ער פלעגט איהר ערקלעהרען וויא צו לייזען א מאטעמאטישע פראגע? און איהר הארץ הויבט אן נאך שטארקער צו קלאפען.

— רויזעל, איך קאן ניט פארלייקענען און איך וויל ניט פארלייקע־נען, אז איך בין צו אייך ניט גלייכגילטיג; איך פיהל בעסער אזוי וויא צו זאגען: צו דיר ניט גלייכגילטיג. אבער, ווארט, הער מיך אויס אין גאנצען. דוא מוזט האבען געדולד אויסצוהערען מיך ביז׳ן סוף — האט ער א זאג געטאהן, מערקענדיג אין איהר עפעס א בעוועגונג.

— איך הער — האט זיא געהענטפערט איבערטאפענדיג מיט דער ציטערענדער רעכטער האנד דיא ציטערענדע פינגער פון דער לינקער.

— איך וויים — האט ער פארטגעזעצט — אז דוא ליעבסט מיך אויך, און אז דוא פילסט עס שוין לאנג. איך האב זיך דיא גאנצע צייט געשלאגען מיט דער דעה, און ביי מיר איז געבליבען, אז מיין ליעבע צו דיר איז טיעפער וויא בלויז דיא ליעבע פון א מאנספערזאן צו א פרויענצימער, פון א חתן צו א כלה, און איך האב דארום בעשלאסען, אז איך טאר דיך ניט אונגליקליך מאכען, איך טאר מיט דיר ניט הייראטהען. איך טאר ניט און איך וועל ניט.

רויזעל האט צועפענט ווייט דיא אויגען א צושראקענע, זיא האט גע־פיהלט וויא דאס בלוט וואלט עפעס אנהויבען אבפליסען פון איהרע גליעדער, איהרע ליפען האבען זיך צועפענט וויא מיט א פראגע און איהר בליק האט אויסגעדריקט א מין פארוואורף און ערביטערונג צוזאמען מיט ווייטאג און צושראקענהייט.

ער האט אבער שטריינג אויסגעהאלטען איהר בליק.

— רויזעל, אורטהייל מיך ניט צו שלעכטען, אורטהייל מיך צו גוטען. אויף דער וועלט זיינען דא צוויי זאכען, וואס זיינען מיר טהייער, דוא און נאך א געליעבטע.

— זא... זרחי! — האָט זיא אויסגעשריען וויא זיא וואָלט געוועזן פון א קויל געטראָפען.

זיא האָט זיך אַראָבגעלאָזען באַלד צוריק אויף דער קאַנאַפּע און האָט זיך צאווײנט.

— וויין ניט, רויזעל! איך האָב דיך אומזיסט צושראָקען. דאָס איז אַן אַנדער מין געליעבטע, ניט קיין מיידעל, ניט קיין פּערזאָן איבערהויפּט. ווארום וואָס ליעבע צו אַ פּערזאָן אַנבעלאַנגט, זיי זיכער, רויזעל, אַז מיין האַרץ איז אין דיעזער הינזיכט גוט פאַרסטראַכירט. און דיא סטראַכאָוקע איז ביי דיר. איך קאָן ניט און וועל ניט ליעבען קיין אַנדערי אויסער דיר מיין גאַנצען לעבען. דאָס פּיהל איך.

זיא האָט איצט איהם אָנגעקוקט מיט פערוויינטע אויגען אַ צוטור־מעלטע. רעדט ער אויסען וועג? איז ער פון זינען אַראָב אָדער מאַכט ער חוזק פון איהר?

— איך זעה, אז דוא קוקסט מיך אָן און פאַרשטעהסט מיך ניט. דוא וועסט גלייך פאַרשטעהן, אויב דוא וועסט בלויז געבען זיך דיא מיה מיך צו פאַרשטעהן.

— אָבער רעדט, רעדט! האָט זיא מיט קריינקונג אויסגעשריען — נעהמט ניט ארוים מיין געזונד, ציהט ניט ארוים מיט צוואַנגען מיין נשמה! — האָט זיא זיך נאָך שטאַרקער צואוויינט.

— איך בעט דיך, רויזעל, בערוהיג דיך — האָט ער געזאָגט און עס האָט זיך דערהערט אַ ציטער אין זיין שטימע, וואָס עס האָט ארויסגערופען גלייך אַ מיטליידיגען בליק פון איהר, וויא איהר האַרץ וואָלט זיך בעגאָסען מיט בלוט פון הערען זיין יסורים־קול — איך וועל דיר אויסזאָגען א סוד: דו ווייסט, איך פלעג דיר זאָגען מיט דונקעלע ווערטער, אַז איך האָף אויף עטוואָס גרויסעס אין מיין לעבען. דוא האָסט ניט געוואוסט, איך האָב דיר קיין מאָל ניט געזאָגט וואָס דאָס איז. איצט מוז איך דיר זאָגען, אָבער דאָס מוז בלייבען אַ געהיימנים. אַ געהיימנים מוז עס בלייבען, ווייל איך וויל ניט מען זאָל מיך אָנהויבען בעטראַכטען פאַר אַ משוגענעם, וויא דאָס האָט שוין אין דער וועלט געטראָפען מיט פּיעלע.

ביי איהר איז דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, צו איז ער טאַקע עפּיס ניט מיט אַלעמען. זיא פלעגט איהם זעהען מאַנכע מאָל אַזא צומישטען, אַז זיא פלעגט צו איהם ריידען וועגען עפּעס און ער פלעגט איהר ענטפערען בוידעם; גאָר ניט וועגען דאָס וואָס זיא האָט צו איהם גערעדט, אָדער ער פלעגט איהר אָנקוקען, וויא ער וואָלט פּלוצלונג אַראָבגעקומען פון אַן אַנדער וועלט. און ווען זיא פלעגט איהם אין אַזעלכע מאָמענטען אַ פרעג טאָהן: „וואָס איז מיט אייך? איהר קומט עס ערשט פון אַמעריקא צי פון יענער וועלט?" פלעגט ער ענטפערען מיט אַ וויץ, מיט אַ געלעכטער. דאָס פלעגט טרעפען זעלטען. אָבער זיא האָט זיך איצט וועגען דעם דערמאָנט.

אָבער זיא האָט זיך באַלד איבערצייגט, אַז ער איז קלאָהר וויא אַלע קלאָרע, אַזוי קלאָר אַז ער זעהט אפילו וואָס ביי איהר אין קאָפּ טהוט זיך אין דיעזער מינוט.

— דוא זעהסט, רויזעל, אַז איך בין גערעכט, ווען איך פאָדער, אַז דאָס מוז בלייבען אַ געהיימניס, כדי מען זאָל מיך ניט אָנהויבען בעטראַכטען פאַר אַ משוגענעם. אָט קוקסט דוא שוין פאַרדעכטיג אויף מיר און טראַכט זיך: צו איז ער טאַקע ניט פון זינען אַראָב? רויזעל. שוין צוויי יאָהר וויא מיר איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַ וואונדערליכע ערפינדונג. דער געדאַנק איז מיר אויפגעפאַלען ווען איך האָב געלערנט פיזיק — דוא ווייסט, אַז איך לעהרען פיעל. און וואָס מעהר איך האָב וועגען איהם געטראַכט, און וואָס מעהר איך האָב זיך געגריבעלט אין וויסענשאַפטליכע ווערק, אַלץ מעהר בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז אויספיהרבאַר. אַ האַלב יאָהר האָט מיר גענומען צו לייזען אַ געוויסע מאַטהעמאַטישע פּראָבלעם, וואָס פון דעם איז אָבגעהאַנגען די גאַנצע זאַך. איך האָב די פּראָבלעם געלייזט. דאָס הייסט, אַז די ערפינדונג איז ניט נור מעגליך, נור איז אויספיהרבאַר. דאָ האָסט דוא אַ בריעף פון דעם גרעסטען פיזיקאָ־מאַטהעמאַטיקער אין דער וועלט. ער שרייבט, אַז איך האָב געוויעזען גאונות אין דער לייזונג פון דער פּראָבלעם, און אַז אויב איך וועל אויספיהרען די ערפינדונג, וועט דאָס מאַכען אַ וועלט־איבערקעהרעניש...

וויא קאַלט און האַרט ער האָט ניט געזוכט צו ריידען, האָבען זיך ביי יזרחי'ן איצט די אויגען אָנגעצונדען מיט אַ מאָדנעם פייערעל פון בעגייסטערונג; זיין פנים האָט עפּעס אָנגעהויבען ליכטיגער צו שיינען, וויא בעלויכטען פון זונען־שטראַהלען, און אַזוי וויא ער וואָלט גאָר פערגעסען, צוליעב וואָס ער האָט אָנגעהויבען זיין ערקלעהרונג, איז ער זיך דורכגעלאָפען הין און צוריק איבער'ן צימער, ווידערהאָלענדיג:

— אַ וועלט־איבערקעהרעניש! פאַרשטעהסט, רויזעל, וואָס דאָס מיינט? דאָ איז ניט די פראַגע פון רייך ווערען, דאָס איז ביי מיר שוין וויא זיכער, נור די פראַגע פון ארויסצוברייננגען אין דער וועלט אַזאַ זאַך, וואָס מענשען מיינען איצט, אַז בלויז גאָט אַליין וואָלט עס אפשר קאָנען מאַכען. שטעל זיך פאָר, דוא זיצסט דאָ, ביי זיך אין צימער, אין אָרשע, און ווילסט זעהן וואָס אויף'ן גרונד פון ים טהוט זיך אָדער דעם שנעע־בעדעקטען שפּיץ־באַרג, וואָס מען רופט מאָנבלאַן. און איך וואָלט קומען צו דיר צוגעהן און זאָגען: איך האָב ערפונדען אַזאַ מאַכערייקע, וואָס דוא דאַרפסט בלויז אַ ציה טאָהן אַ שנירעל און דוא זעהסט, וואָס עס טהוט זיך איצט אויפ'ן דעק פון ים, דעם באַרג מאָנבלאַן, אָדער די מלוכה־הויז פון וואַשינגטאָן אין אַמעריקאַ, צו די וויסטעניש פון זאַהאַראַ אין אַפריקאַ. אָבער ניט אויף אַ בילד, נור טאַקע די סאַמע זאַך אַליין. נו, וואָלסטו גלויבען? אַזוי איז דאָס וואָס איך ערפינד. דאָס איז אַן ערפינדונג, וואָס מענשען קאָנען זיך גאָר ניט פאַר־

שטעלען, אז דאָס איז מעגליך. און דאָך ווען איך וועל עס ארויסברייננגען און דיא וועלט וועט דאָס דערזעהען, וועט מען פערוואונדערט ווערען, וויא לייכט דאָס איז, וויא איינפאַך — פשוט אויף דער האַנד!

ער האָט זיך אָבגעשטעלט און א טרויעריגע מינע האָט איצט פערוואָלקענט זיין פנים.

— יא, איינפאַך, לייכט וועט עס זיין וויא אויף דער האַנד, אָבער ביז וואַנען איך וועל דאָס פארטיג מאַכען מיט מיינע אייגענע פינף פינגער, מיט מיינע גראָשענע מיטלען און אין אַזאַ פערוויסטע שטעדטעל וויא אָרשע, וואו איך קאָן גאָר נישט קריגען, און וואו איך דאַרף יעדען שרייפעלע אויסשרייבען פון מאָסקווע אָדער פון קיעוו.

וויא טהייער איז ער איז געוואָרען אין דיעזען מאָמענט! וויא זיא וואָלט זיך גאָר פארגעסען אויף זיינע פייעריגע ווערטער. אָט איז ער פאר איהר מיט זיין גאַנצער האַרץ מיט זיין גאַנצע נשמה. אָבער דיא פערצווייפלונג און ענטוישונג האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט צו איהר. נור וואָס זיא האָט געפיהלט וויא צו זאָגען איהם: „נו בין איך דען ניט מיט דיר? בין איך דען ניט גערן צו העלפען דיר אין דיינע שטרעבונגען? וועל איך דיר דען שטערען? און אויב איך בין ניט אַזוי געבילדעט וויא דוא און אויב איך פארשטעה אלעס ניט אין גאנצען וואָס דוא מיינסט — אָבער איך וועל דאָך דיר בלינד און טריי פאָלגען און העלפען דיר!" אָבער איהרע ליפען האָבען ניט צייט געהאַט צו עפענען זיך, וויא ער האָט אָנגענומען ווידער זיין קאַלטע האַלטונג און האָט אַ זאָג געטאָהן:

— איך האָב נאָך דריי יאָהר צו אַרבייטען אַזוי לאַנגזאַם, געדולדיג און געהען דירעקט צו מיין צוועק. און איך האָב פעסט בעשלאָסען, אַז אויב אין דיא דריי יאָהר וועט עס מיר ניט געלינגען, דאַן שיס איך מין אריין אַ קויל אין קאָפּ.

— זרחי! — האָט זיא איהם געוואָלט אָנכאַפּען פאַר דער האַנד.

— שרעק זיך ניט. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב זיך אליין געגעבען דריי יאָהר צייט. אָבער מיין ענטשלוס איז פעסט. און קיין זאַך קאָן ניט ענדערען דיעזען בעשלוס. איך קאָן דאַרום ניט פערבינדען מיין לעבען מיט דיר. עס קאָן אויסקומען, איך זאָל דיך איבערלאָזען אַ יונגע אלמנה און פיעלייכט נאָך מיט א קינד. און אויסער דעם, קאָן איך שוין דיא וועלט צו גוט. דער סוף קאָן זיין, אַז איך זאָל איבער מיין פערבינדונג מיט דיר אויפגעבען מיין גאַנצע האָפנונג, מיין גאַנצען שטרעבען און וועל דאַן פיהרען א מיזעראַבלען לעבען, וויא פיעלע. דאָס וועט זיין אַן אונגליק פאַר מיר און פאַר דיר. אָבער איך זעה, אַז בלייבען ווייטער וויא געוועזן קאָן עס ניט; אונזער פריינדשאַפט מוז נעהמען אַ װענדונג, ענטוועדער צו פערבינדען זיך, אָדער צו שיידען זיך, און איך האָב בעשלאָסען דאָס לעצטע. א פריינד וועל איך דיר בלייבען אַן אייביגער. אָבער טרוים ניט מעהר וועגען מיר. איך האָב

שוין געדיינקט איין מאָהל פאַרצושלאָגען דיר צו ווארטען דיא דריי יאָהר. אָבער דאָס וואָלט אָבשוואַכען מיין בעשלוס און דאָס וואָלט פאר דיר געווען לאַנגזאַמע יסורים. זיי געזונד, רויזעל! איך ווינש זיך נור איך זאָל הערען, אז דוא ביסט גליקליך!

וואו האָט זיך אין איהר גענומען דער כח, דיא רעבעלישע קראַפט? זיא האָט זיך אַ שטעל געטאָהן, האָט איהם אָנגעקוקט מיט בליקען פול מיט פאַרוואורף, און עפּעס צו ווילענדיג, צו ניט־ווילענדיג, האָבען זיך ארויסגעריסען פון איהר מויל ביטערע ווערטער:

— געהט! געהט! וואָס זשע ווילט איהר נאָך דאָ! ווער שטערט אייך אין אייערע ערפינדונגען, אין אייערע גליקען, אין אייערע משוגענע פאַנטאַזיעס! ווער בעט זיך ביי אייך? וואָס ווילט איהר פון מיר? געהט, שטרעבט, ערפינדעט, שיסט זיך אריין אַ קויל אין קאָפּ! וואָס ווילט איהר אָבער פון מיר האָבען!...

זיא האָט עס ארויסגעשריען היסטעריש, גיפטיג און איהרע אויגען האָבען געשאָסען מיט פיילען פון האַס און צאָרען.

ער האָט געוועלט עפּעס אָנהויבען ריידען, אָבער זיא האָט איהם ניט דערלאָזען, האָט מיט ביידע הענד פערמאַכט דיא אויערן, וויא איינער וואָס וויל ניט פערטויבט ווערען פון ווילדע קולות. זיא האָט אויסגעזעהען וויא אַ וואהנזיניגע:

— איך וויל ניט! איך וויל ניט! לאָזט מיך! איהר האָט דאָך מורא מסתמא איך זאָל ניט דערצעהלען וועגען אייער געהיימניס, וועגען אייער ערפינדונג. איך וועל ניט, ווען מען זאָל מיר אפילו דעם קאָפּ אָבהאַקען. לאָזט מיך! לאָזט מיך! גזלן!

— רויזעל! — האָט ער אָנגעהויבען. אָבער האָט זיך איבערגעהאַקט און האָט ענטשלאָסען אַ זאָג געטאָהן — אדיע!

און ער איז אוועקגעגאַנגען.

מיר ווייסען וויא דיא מוטער האָט זיא געפונען היסטעריש שלוכצענד, און צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט דיא מוטער פון איהר ניט געקאָנט ארויסקריגען קיין וואָרט. אומזיסט איז יאַכנע איטע געלאָפען צו זרחי אויף דער קוואַרטיר, טאָמער וועט זיא פון איהם קאָנען וואָס אויסגעפינען. זיא האָט איהם קיין מאָהל אין דערהיים ניט געפונען.

אין צוויי טעג אהום איז רויזעל פּלוצלונג רוהיג געוואָרען; זיא האָט אָבער אויף אַלע פראַגען פון דער מוטער געענטפערט נור איין זאַך:

3.

— מאַמע, אויב דוא ווילסט מיך זעהען אַ לעבעדיגע, זאָלסטו מיט מיר מעהר דערפון ניט ריידען. און איך פאַרשווער דיך, זאָלסט ניט לויפען זוכען זרחי'ן. ער וועט מעהר צו אונז ניט קומען, אוים!

דיא מוטער האט שוין געציטערט פרעגען, האט בלויז שטארק געזיפצט און געזוכט ניט אויפצורעגען איהר טאכטער. שטילערהייד פלעגט זיא זיך נעבעך אויסוויינען. אבער זעהענדיג ענדליך, אז רויזעל איז רוהיג, אבוואהל זיא איז זעהר בלייך געווארען פאר דיא עטליכע טעג, האט זיא זיך אנגעהויבען צו בערוהיגען.

און אין דיעזע טעג האבען זיך דאס אנגעהויבען אין שטאדט דיא קלאנגען וועגען דעם רייכען אמעריקאנעם יונגען מאן, וואס איז אנגעקומען אין ארשע א שידוך טהאן.

יאכנע איטע האט אויך געהערט וויא אלע דיא פארשיעדענע מעשיות, וואס מען דערצעהלט וועגען איהם, אבער איהר פלעגט עס אין איין אויער אריין, פון דעם אנדערן ארויס, ביז אין איין נאכמיטאג איז עפעס ניט געבעטענערהייט, ניט גערופענערהייט אריינגעקומען וועלוועל דער שדכן אריינגעקומען, געזאגט א ברייטען: „גוט מארגען, יאכנע איטע!" האט זיך ארומגעקוקט, וויא ער וואלט געזוכט וועמען, האט זיך אבגעקרעכצט, אוועקגעזעצט זיך און האט זיך צורעדט.

וועלוועל שדכן האט זיך צורעדט פריהער וועגען סתם זאכען. אבער יאכנע איטע האט פערשטאנען, אז אומזיסט איז ער ניט געקומען, ווארום אבוואהל זיא האט איהם גאנץ גוט געקענט, איז ער אבער ביי איהר אין שטוב קיין מאל ניט געווען.

—און וואו איז דאס אייער טאכטער? — האט ער אין מיטען געשפרעך א פרעג געטאהן.

— זיא וועט מסתמא באלד אריין, זיא איז געגאנגען א וויילע שפאציערען — האט יאכנע איטע געענטפערט און האט זיך אין הארצען געפרעהט, וואס רויזעל, איז ניטא. דאס מיידעל איז אזוי אויך ערביטערט, און ווען א שדכן וועט איהר נאך אנהויבען ריידען א שידוך אויף דיא פרישע וואונדען, קען דאס איהר נאך מעהר וועה טאהן, איז טאקע בעסער אז זיא איז ניטא.

פון דעסטוועגען האט זיך יאכנע איטען דאך געוואלט וויסען פאר וועמען וויל דאס וועלוועל פער'שדכנ'ען איהר טאכטער? און זיא האט א פרעג געטאהן:

— און אהן איהר ווילט איהר ניט זאגען מיט וואס פאר סחורה איהר זייט צו אונז געקומען?

— זאגען וועל איך אייך, נור איך האב מורא איהר זאלט זיך ניט דערשרעקען, יאכנע איטע. פון גליק דערשרעקט מען זיך אמאל מעהר איידער פון אונגליק חס תלילה.

— אזא גליק איז דאס, ר' וועלוועל? — האט יאכנע איטע א לאך געטאהן.

— מיינט איהר דאך, אז דאס זאג איך ווייל איך בין א שדכן, שווער איך אייך ביי מיין באדר און פאות. אז הלואי וואלט איך געהאט א בת יחידה

און מיט איהר זאָל טרעפען אזא גליק. קיין גרעסערער גליק קען אפילו ראָטהשילד'ן ניט טרעפען.

יאַכנע איטע האָט זיך געפונען אביסעל בעליידיגט, וואָס וועלוועל דער שדכן גלייכט זיך צו איהר.

— מאָלט אייך, וועלוועל, אז מיר זיינען ניט אויסגעוואקסען איך־ווייס־וואו ערגעץ. און ווען מיין מאן עה"ש וואָלט געלעבט וואָלט אפשר אנ־דערש געווען. אָבער מען טאָר צופיעל ניט זינדיגען מיט דיא רייד; דאנקען דעם אויבערשטען, מיין רויזעל — אזעלכע מיידלעך וואַלגערען זיך ניט ארום...

— אז ניט וואָלט איך דען געקומען צו אייך מיט אזא... מיט אזא גליק? אז איך שווער אייך וויא א איד ביי באָרד און פאות, דאַרפט איהר דאָך שוין פארשטעהען...

יאַכנע איטע האָט א לאַך געטאָהן:

— אייער באָרד איז גאָר ניט אזוי לאַנג און אייערע פאות זיינען שוין אויך האַלב פערקאַשערט... אנדערע יאָהרען, ר' וועלוויל, וועד גלויבט עס איצט אויפ'ן וואָרט, אויף א שבועה? היינטיגע צייטען דאַרף מען זעהען דעם ארטיקעל אליין. לאָמיר שוין הערען, פון וואַנען קומט א גליק?

— הערט, יאַכנע איטע, קיין נדן קענט איהר דאָך ניט געבען?

— ניין! — האָט יאַכנע איטע געענטפערט מיט א מין תקיפות.

— און מעהר וויא א פאָאר קליידלעך האָט אויך אייער... וויא רופט מען אייער טאָכטער?

— רויזעל.

— נו, איז דאָס פאַר אייך טאַקע באמת א גליק.

— הלואי.

— און דאָס איז טאַקע דער געקומענער יונגער גביר פון אמעריקא.

יאַכנע איטע האָט איהרע אויערען ניט געגלויבט. זיא האָט זיך טאַקע אביסעל דערשראָקען... עס קלינגט אין שטאָדט מיט איהם, האָט זיא געמיינט, אז דאָס איז עפעס א שידוך פאַר א גרויסען נגיד, פאַר א כלה מיט גרויס נדן, פאַר א פראַנטיכע א מיידעל. אמת, אוועקלאָזען א טאָכטער אין אזעלכע מרחקים, וואָס גאָט ווייס צו וועט מען זיך גאָר אמאָהל קענען זעהען.

זיא האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ביי איהר האָט עפעס וויא אָבגענומען דער לשון און זיא איז געבליבען א צוטומעלטע. וועלוויל האָט עס געזעהען.

— נו, האָב איך אייך ניט געזאָגט, אז איך האָב מורא איהר זאָלט זיך ניט דערשרעקען? געלד — ממון קרח, א מיליאָנשטשיק, מיט דימענטען, מיט בריליאַנטען, מיט גאָלד...

— איז דאָס דערזעלביגער? — האָט יאַכנע איטע א פרעג געטאָהן און האָט אליין ניט געוואוסט וויא צו ערקלעהרען וואָס זיא מיינט מיט דעם

וואָרט „דערזעלביגער“, אָבער געמיינט האָט זיא צו פרעגען, צו איז דאָס דערזעלביגער, וועגען וועלכען זיא האָט געהערט ריידענדיג.

— דערזעלביגער! דערזעלביגער! — האָט געענטפערט וועלוויל — וואָס דען, עס זיינען עפּעס דאָ צעהן אַזעלכע אין אָרשע?

— ווער זשע איז ער?

— וואָס הייסט ווער? איז שוין וועלוויל ברוגז געוואָרען וואָס זיא פרעגט זיך גאָר נאָך ווער ער איז — וואָס הייסט ווער? אידענע! עס קאָכט אַ שטאָדט, פרעגט זיא: „ווער?“

— פון דעסטוועגען דאַרף מען דאָך וויסען?

— אידענע! און אז איך וועל אייך זאָגען וועט איהר וויסען? איהר זייט ווען געוועזען אין אַמעריקא? אויב איהר האָט דאָרט קרובים, איז אדרבא, פרעגט זיך נאָך. מאָלט אייך, אַז ווען ער וואָלט וועלען געלד, וואָלט ער ניט געקומען קיין אָרשי, האָט ער געקענט אַ שידוך טאָהן מיט דיא גרויסע אַמעריקאַנער מיליאָנשטשיקים, מיט אידען גבירים אדירים, וויא ביי אונז פּאָליאַקאָוו, בראָדסקי, באַראָן גינזבורג. ער האָט מיר אליין געזאָגט, נור איך געדענק דיא נעמען ניט...

און וועלוויל האָט זיך גענומען שאַרען אין קעשענע און אָנהויבען לייענען, זאָגענדיג:

— איך וויים, עפּעס אַזעלכע רייכע נעמען: ראַקעבילט, מאַרגענפעלער, אַסטאָרגולד, אַלץ מיליאָנשטשיקעס. אַז איך זאָג אייך דעם אמת, איך בין דאָך אַ שדכן ניט פון היינט און ניט פון נעכטען, האָב איך דאָך שוין עפּעס אויסגעפיהרט שידוכים מיט רבנים, מיט נגידים, מיט פּאַדריאַטשיקעס. נור עס גלויבט זיך מיר מיינע אויערען ניט. וואָס דאַרפט איהר מעהר, איך האָב נאָך ניט אָנגעהויבען רײדען איהם קיין זאַך — ערשט ער רוקט מיר שוין אריין אַ צעהן-רובעלדיגע: „נאַט, זאָגט ער, און רעדט ניט“. איהר הערט, איך זאָל ניט ריידען? דאָס הייסט, איך זאָל אפילו קיין דאַנק ניט זאָגען. הויב איך דאָך איהם אָן אויסרעכענען רייכע כלות; וויפיעל זיינען זיי אין גאַנצען דאָ ביי אונז אין אָרשע? זאָגט ער מיר, אַז רייך איז ביי איהם אַ חסרון, רייך איז ער אליין: שעהן, געוויקסיג און יונג זאָל זיא זיין. און אויב אַן עלענדע, אַ יתומה איז נאָך בעסער, וועט זיא אַלץ זיך פיהלען גליקליכער, און דאָס וויל ער. זיא זאָל זיין, זאָגט ער „לאַראַיט“ — דאָס איז ביי זיי אין אַמעריקא, זאָגט ער, אַזאַ וואָרט „ל אַ ר אַ י ט“.

— דאָס מיינט מסתמא אַ לייט, אַ לייטיש מיידעל — האָט געוואָלט טרעפען יאַכנע איטע.

— הויבט זיך אָן מיט אַ אידענע, דאַרף זיא וויסען וואָס דאָס מיינט. איהר זעהט דאָך שוין, אַז דאָס איז פשוט אַ גליק, וויא פון הימעל אַראָבגעפאַלען פאַר אייך, וויא מען ברייננגט איינעם אַ געווינס, אַ לאָטערעי, אַן אונגעריכטע ירושה.

— איך ווייס? — האָט געזאָגט יאַכנע איטע און האָט זיך אַלץ ניט געקענט אָבכאַפּען פון איהר איבעררעשונג און צוטומעלטקייט. ביי איהר האָבען זיך זאַגאַר אַ בעט געטאָהן טרעהרען אין דיא אויגען.

„צו וואָס גאָר חלום'ן פון גליקען?“ איז איהר דורכגעלאָפען אַ געדאַנק — „דאָס איז דאָך סתם גערעד'ט“.

נור וואָס מיט אַ ווײַלע ווייטער האָט זיא אַלץ געפּרופט מעהר אָנהויבען צו גלייבען:

— און פון וואַנען ווייסט איהר, אַז מיין רויזעל קען איהם געפעלען זיין? אפשר...

— זייט ניט קיין אידענע! — האָט זיך שוין אַ בייזער געטאָהן וועלוויל דער שדכן — וואָס מיינט איהר, איך בין אַ משוגענער און וועל גאָר מיינען, אַז אייער רויזעל איז פאַר איהם אַ שידוך. מיר וואָלט עס גאָר אויפ'ן זינען ניט ארויף, ווען ניט ער אַליין?

— ווער אליין?

— אייער חתן!

— וועלכער חתן? — האָט יאַכנע איטע דערשראָקען אַ פרעג געטאָהן, קלערענדיג צו מיינט ער דאָס ניט וועגען זרחי'ן.

— כאַ־כאַ־כאַ, וועלכער חתן פרעגט זיא! דער אַמעריקאַנער! וואָס? איהר ווילט נאָך אפשר ניט?

— וואָס רעדט איהר, ר' וועלוויל, איך פאַרשטעה ניט, פון וואַנען קען ער זיא, מיין רויזלען?

— פון וואַנען ער קען זיא איז ביי מיר גאָר קיין קשיא ניט, דיא קשיא איז ביי מיר נור פאַר וואָס געפעלט איהם גראַד אייער רויזעל מעהר פון אַלע מיידלעך פון אָרשע? אָבער גער, פרעג ביי גאָט קשיות? אַז אַן אָרעמער אלמנה איז בעשערט אַ גליק! — האָט שוין טאַקע גאַנץ חוצפּה'דיג אַ זאָג געטאָהן וועלוויל, זעהענדיג וויא ביי יאַכנע איטען זיינען שוין איצט אָנגעלאָפען טרעהרען אין דיא אויגען.

יאַכנע איטע האָט שוין אָנגעהויבען צו גלויבען און אַלץ קלעהרער פאָרצושטעלען זיך אַז דאָס איז איהר טאַקע באַשערט אַ גליק פאַר איהר רויזלען. מיט איין מאָל רייך ווערען, מיט איין מאָהל אַ מיליאָנשטשיכע איהר איז שוין גאָר איצט אויפ'ן זינען אַפילו ניט ארויף וואָס ביי רויזלען זיינען נאָך פרישע וואונדען אין האַרצען פון איהר צושיידונג מיט זרחי'ן; זיא האָט זיך אויך פערגעסען אַ טראַכט צו טאָהן: אַוועקלאָזען איהר איינציג קינד איבער'ן ים, און גאָט ווייס ווען מען וועט זיא זעהען. איהר איז אויך ניט ארויפגעקומען אַ נאַטירליכע פראַגע: צו איז דער אַמעריקאַנער חתן אַ געזונדער מענש? אפשר איז ער גאָר אַ הינקעדיגער, אַ בלינדער? איהר האָט זיך נור טומאַנע פאָרגעשטעלט אַז עס איז געקומען אַ גליק.

און וועלוויל האָט שוין איצט געפיהלט זיך זיכער, אַז ער האָט שוין

דעם שידוך אויסגעפיהרט און ער האָט אָנגעהויבען זיין אונגעדולדיג. ער וואָלט שוין וועלען לויפען אהין אין גאָסטיניצע צו דעם אמעריקאַנעם און זאָגען איהם מזל־טוב. אָבער פון דעסטוועגען מוז ער דאָך פריהער אַ רעדט טאָהן אַ פּאָאר ווערטער מיט׳ן מיידעל אליין. עס איז אפילו ניט אזוי וויכטיג, אָבער דאָך...

— איז וואו איז דאָס פאָרט אייער טאָכטער? — גיט ער אַ פרעג.— מען דארף קיין צייט ניט צוטרייבען, און אָבלייגען אין דער לאַנגער באַנק טויג אויך ניט.

ביי יאַכנע איטען איז שוין געווען רעכט לויפען זוכען רויזלען און איילען זיא גיכער אהיים, זיא זאָל קומען כאַפּען דעם גליק, זיא זאָל חס חלילה ניט פערשפּעטיגען. זיא האָט זיך אָבער פעראינטערעסירט מיט וועלוויל׳ס ווייטערע רייד און איז געבליבען זיצען:

— איהר פרעגט פון וואַנען ער קען זיא. דערפון אליין זעהט איהר דאָך, אז עס איז אַ בעשערטע זאַך. ער האָט זיך דערוואוסט, אז קיין בעסערען שדכן פון מיר וועט ער ניט געפינען, האָב איך איהם דאָך מסתמא אָנגעגעבען אַ גאַנצען צעטעל פון רייכע כלות. פרעגט ער זיך אַלץ נאָך, מיט וועמען וועט ער דארפען ווערען אַ מחותן, דאָס הייסט, ווער וועט זיין דער מחותן פון כלה׳ס צד, זאָג איך איהם: סטייטש, אַ מחותן, יאַנקעל ברוך דער וואַלד־הענדלער, אַ סוחר, אַ היינט־וועלטיגער, פאָהרט אַלע יאָהר קיין מאָסקווע; פאָהרט אמאָל זיך דורך גאָר קיין פּריסען. ענטפערט ער מיר: ניין! פאַר וואָס ניין? דערפאַר, זאָגט ער, עס איז ניט לאָראַיט. געה איך דאָך אַוועק זוכען עפּעס אַן אַנדער יחס׳ענטע; אַ צעהנערעל האָט ער מיר געגעבען, מעג איך דאָך שוין עפּער אַרומלויפען. געהט ער מיט מיר אויך אַרויס ביז׳ן גאַניק. ערשט עס געהט פערביי אַ בחור מיט אַ מיידעל. איך זעה, מיין חתן האָט אויס־געשטעלט אַ פּאָאר אויגען. זאָל מיר גאָר איינפאַלען אין זינען עפּעס? זאָגט ער מיר כלומר׳שט, מיט אַ לשון חוזק און צוגעוואונקען מיט איין אויג: דיא, זאָגט ער, איז לאָראַיט. היינט טרעפט ווער דאָס איז געווען?

— אודאי מיין רויזעל.

— ניין, ווער דען? מ י י ן רויזעל? הלואי וואָלט איך איצט געהאַט אַ בת יחידה, האָט מיך דאָך גאָט געשטראָפט דורכאויס מיט בחורים. נור וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען...

— מיט אַ בחור איז זיא געגאַנגען? מיט וועלכען בחור? — שלאָגט איהם איבער יאַכנע איטע, מורא האָבענדיג, דאָס זאָל ניט שאַדען צום שידוך.

— מיט וועלכען בחור? מיט דעם העברעאישען לעהרער, מיט דעם פּילוסוף, וויא רופט מען איהם?

— מיט זרחי? דאָס קען ניט זיין!

און יאַכנע איטען האָט שוין פערדראָסען; צו איז ווידער ניט גע־

וואָרען עפּעס מיט זרחי, דאָס וועט דאָך זיין א הריגה צום שידוך, וועט צו־שטערען דעם גאַנצען גליק.

— וואָס הייסט עס קען ניט זיין? איך האָב קיין אויגען ניט וואָס?

— אָבער זרחי קומט דאָך גאָר ניט. שוין צייט דריי טעג וויא איך האָב איהם אין דיא אויגען ניט געזעהען.

— און דאָס איז געווען מיט פינף טעג צוריק.

— א, מיט פינף טעג צוריק! — האָט לייכטער אויפגעאָטהעמט יאַכנע איטע — קאָן טאַקע זיין. אָבער איך פערזיכער אייך, אז איצט איז צווישען זיי גאָר־נישט.

— גלויב איך אייך. עס וואָלט סיי־ווי־סיי גאָרנישט זיין. נור מילא, ער זאָגט לאַראַיט, מיין איך: מאַלע וואָס א יונגער מאַן גיט א קוק אויף א מיידעל. ער זעדט, אז זיא איז לאַראַיט, א פאַרשוין הייסט עס, נו, האָט ער א קוק געטאָהן, אָבער אז ער זאָל זיא וועלען פאַר א כלה, איז מיר גאָר אויפ'ן זינען ניט ארויף. זאָג איך איהם: זיא איז אַן אָרימע, דיא מאַמע אַן אלמנה, שווייגט ער. איך ווייטער וועגען א ז א כלה, א ז א כלה, געפעהלט איהם אַלץ ניט. קום איך אויף איבערמאָרגען: שוין גאָר אויסגעזוכט א פּאַ־סיגע, דוכט זיך; דאַרף זיא גראַד האָבען עטליכע קרובים אין אמעריקא. מיין איך דאָך, אז עס איז א מעלה, ערשט עס איז דוקא א חסרון. פרעגט ער מיך אין מיטען דעריין: ר' וועלוויל, וואָס איז מיט יענע, וואָס מיר האָבען געזעהן דאָ פערבייגעהענדיג? פאַרשטעה איך דאָך, אז ער מיינט עס אייערע. זאָג איך איהם: ווער? דיא, וואָס איהר האָט געזאָגט לאַראַיט? זאָגט ער: יע. בין איך צוויי טעג ארומגעגאַנגען און בין צו אייך ניט אריין. עס האָט זיך מיר ניט געגלויבט אז עס זאָל זיך אויסלאָזען. וואָס הייסט? א יונגערמאַן, אַן אמעריקאַנער, א גביר אדיר, דימענטען, א גאָלדענע קייט און זייגער, א מיליאָנשטשיק, וועט ער נעהמען, איהר זאָלט מיר מוחל זיין. אָבער היינט האָט ער מיר א זאָג געטאָהן: ז י א, לאַראַיט, זעה איך דאָך שוין אז עס איז באַשערט.

— הלואי זאָל זיין וויא גאָט וויל! — האָט יאַכטע איטע נור גע־קאָנט צושאָקלען מיט'ן קאָפּ.

— געהט, זאָגט ער מיר, און זאָגט איהר מוטער, אז איך דאַרף ניט קיין געלד, אויסקליידען וועל איך אליין, חתונה הוצאות גיב איך, און לאַנג בלייבען דאָ קען איך ניט. מיינע געשעפטען קענען דאָרט אליין ניט בלייבען.

— מסתמא איז דאָס טאַקי באַשערט — האָט יאַכנע איטעס פּנים א שיין געטהאָן איצט, בעלויכטען מיט דעם גלאַנץ פון קומענדען גליק.

— נו, האָב איך דאָך שוין סמעלע געמעגט קומען צו אייך, און אָט קומט טאַקע אייערע...

אין דער מינוט איז רויזעל אריין אין הויז. דיא מוטער איז איהר

געלאָפען אנטקעגען און איז ארויפגעפאַלען זיא קושען. רויזעל האָט איהר אָנ־געקוקט א נשתומם'ע.

— וואָס ? — עפּעס א גליק געטראָפען, מאַמע ? — האָט זיא סאר־קאַסטיש א פרעג געטהאָן, דערזעהענדיג װעלװיל דעם שדכן.

— אדרבה, זאָגט איהר, דערצעהלט איהר אליין — האָט װעלװיל א זאָג געטהאָן דער מוטער.

— רויזעלע, הערסט דאָך, ר' װעלװיל איז געקומען... האָסט דאָך געהערט פון דעם אמעריקאַנעם ?

— יאָ, געהערט ! — האָט זיא רויזעל אָנגעקוקט — און אָפּילו גע־זעהען אויך.

— געזעהען ? נו, געפעלט ער דיר ?

— א שעהנער בורזשוי ! — האָט רויזעל מיט א גלייכגילטיגען שמייר כעל א זאָג געטהאָן.

— וואָס ? — האָט װעלװיל אויף איהר קרום געטהאָן, וויא ער וואָלט זיא וועלען אָנזידלען.

— אָבער וואָס איז, צו רעדט איהר מיר ניט א שידוך מיט איהם ?

רויזעלע איז בלייך געוואָרען.

— וואָס רעדסטו, מאַמע. יענער איז אזא רייכער מאָן, זאָגט מען.

— געוויס א רייכער מאַן ! מעג ער זיך דאָך פערליעבען אין אָן אָרעם מיידעל ! — האָט א זאָג געטהאָן װעלװיל — ער גיט אַלעס, ער בעט ביי אייך קיין זאַך ניט, אזעלכע גליקען זיינען ניט באַשערט יעדער אידען — דיא מאַמע וועט ער אויך נעהמען קיין אמעריקאַ...

זאַנדערבאַר. רויזעל האָט אפילו ניט לאַנג א טראַכט געטהאָן, האָט אפילו ניט נאָכגעפרעגט זיך ווייטער. וויא איינער, וואָס טרינקט זיך, טראַכט ניט פאַרוואָס ער זאָל זיך אָנכאַפּען אַלס א רעטונג.

— נו, איז דאָך גוט — האָט זיא געענטפערט — ער געפעלט מיר אוייך ! זאָגט איהם, ר' װעלװיל, אז אויב איך געפעהל איהם, און אויב ער האָט קיין חרטה ניט, געפעלט ער מיר אויך.

יאַכנע איטע האָט אליין איהרע אויערען ניט געגלויבט. גאָר גלייך, אין איין סעקונדע, און עס איז קיין מניעה ניט. נור עפּעס האָט געשראָקען איהר הארץ : עפּעס צו שנעל האָט שוין רויזעל איינגעווילעגט, האָט גאָר אפילו קיין פראַגע געשטעלט. און וואָס נאָך זאָנדערבאַרער ! רויזעל איז אַלע מאָהל געוועזען א שטילע, א שעהמעדיגע, א געלאַסענע. און דאָ האָט זיא גערעדט עפּעס אזוי וויא אָהן שום בושה. אָבער זיא האָט ניט צייט געהאַט וועגען דעם צו טראַכטען, וויא װעלװיל האָט א זאָג געטהאָן :

— זאָג אייך מזל טוב, און איך לויף שוין אריעבער צו איהם.

אויף אזא'ן אופן האָט זיך געשלאָסען דער שידוך צווישען רויזלען מיט דעם אמעריקאַנער. אזוי פּאַסירען פערשיעדענע זאַכען אין דער וועלט,

וואָס קלינגען אַזוי זאָנדערבאַר, ווען מען לעזט וועגען זיי.

4.

רויזעל האָט קיין ליגען ניט געזאָגט, ווען זיא האָט געזאָגט, אַז זיא האָט איהם געזעהען. דאָס איז טאַקי געווען אין דעמזעלבען טאָג, מיט פינף טעג פאַר ווען דעם שדכן׳ס בעזוך ביי יאַכנע איטען און מיט אַ צוויי טאַג פריהער, איידער עס איז פאָרגעקומען דיא סצענע צווישען רויזלען מיט זרחי׳ן. זיא איז דאַמאָלס געגאַנגען שפּאַציערען מיט זרחי׳ן און זיי זיינען פערביי־געגאַנגען פערביי מאָסקווער גאָסטיניציע, ווען דער אַמעריקאַנער איז אַרויסגעקומען אויפ׳ן גאַניק.

— קוקט זיך איין — האָט איהר זרחי געזאָגט (זרחי האָט נאָך דאַן זיא געאיהר׳צט) וואָס פאַר אַ בורזשויסקער אָבגעפרעסענער, זאַטער, זעלבסט־צופריעדענער פּנים מיט אַ הארטע, ברייטע מאָרדע און פינגער בעדעקטע מיט ברילליאַנטען.

— ווער איז ער דאָס?

— דאָס איז דאָך דער אַמעריקאַנער, האָט איהר ניט געהערט?

— דער, וועלכער זוכט דאָ אַ שיידוך?

— דערזעלביגער.

— פון וואַנען קענט איהר איהם.

— איך בין ביי איהם געווען מיט אַ וויזיט.

— נאָך וואָס? צו ווילט איהר ניט פאָהרען קיין אַמעריקאַ?

זרחי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און האָט פערשוויגען איהר פראַגע, וויא ער וואָלט זיא ניט געהערט.

זיא האָט זיך איינגעקוקט אויף דעם „אַמעריקאַנער": אַ געזעצטער, ברייטפּלייציגער, מיט אַ קורצען נאַקען, שווארצע האָאר, קורץ געשאָרען, קליינע, שוואַרצע, פינקעלדיגע אויגען, מיט אַ מין פרעכען אויסדרוק. אָבער דאָך אַן אינטערעסאַנטער פּנים, אָדער אפשר האָט זיך איהר געדוכט, אַז דער פּנים איז אינטערעסאַנט, ווייל מען רעדט וועגען איהם, ווייל ער קומט אַזש פון אַמעריקאַ, ווייל ער איז אַזוי רייך, וויא מען זאָגט.

רויזעל האָט אָבער וועגען איהם מעהר ניט געטראַכט. נור איצט ווען זיא איז געווען אַזוי ענטטוישט אין איהר ליעבע צו זרחי׳ן, ווען זיא האָט זיך געפיהלט אַזוי פערלאָרען, עפּעס אַזוי וויא עס וואָלט פאַר איהר פערשווינדען יעדער אָנהאַלט, יעדער זינען פון לעבען; איצט ווען זיא האָט זיך געפיהלט אַזוי בעליידיגט פון זרחי׳ס האַנדלונג און זיא איז אַרומגעגאַנגען וויא אַ בלודנע שעפּעלע, וואָס האָט דעם וועג פערלאָרען, און ווען זיא האָט דער־הערט פּלוצלינג אַז יענער אַמעריקאַנער וויל מיט איהר אַ שידוך טהאָן — האָט פאַר איהר זיין פּנים אַ שיין געטהאָן וויא אַ האָפנונג־שטראַהל, וויא אַ לעבענס אָנהאַלט, וויא אַ מאַיאַק פאַר אַ פערבלאָנדזשעטע שיף.

און אפשר האָט דאָס אונבעוואוסטערהייט אין איהר אַ הויב געטהאָן

זיך א געפיהל פון צו להכעיס געגען זרחי'ן. ער האט זיא פערלאזען פון זיינער אן ערפינדונג וועגען, ווייל ער וויל זיך ארויפארבייטען, ווערען בעוואוסט, רייך, איבערקעהרען א וועלט, וויא ער זאגט, נו, אט האט דער שיקזאל דערפאר צוגעשיקט א געלעגנהייט אויך רייך צו ווערען, ערהויבען צו ווערען אהן איהם. עפעס א מין נקמה־געפיהל האט זיך אין איהר ערהויבען. און דערצו האט זיא דאך עפעס דיא גאנצע דריי טעג, זינט זרחי'ס ערקלעהרונג, געפיהלט וויא צו ענטלויפען, ווייט, ווייט ערגעץ אוועקפליהען נור דא ניט זיין, וויא איהר וואלט ארשע ענג געווארען. און אט איז דיא געלעגנהייט... פליהען קיין אמעריקא...

זיא האט דאס אלעס ניט איבערגעטראכט. ניט בערעכענטערהייט איז דאס אין איהר פארגעקומען, נור וויא דיא אלע געפיהלען און געדאנקען וואלטען זיך טומאנע א הויב געטהאן אין איהר נשמה און זיא האט אן ענטפער געטהאן: יא, זיא שטימט איין צום שידוך.

ווייטער איז זיא שוין געווען וויא אין א טשאד — זיא האט אליין ניט געוואוסט וואס מיט איהר טהוט זיך. דער אמעריקאנער איז געקומען. זיא ווייס שוין אז מען רופט איהם מאקס קארץ, ער האט איהר שוין געקויפט א בראשקע א מתנה, געגעבען דער מאמען 50 רובעל אויף נויטיגע זאכען. אין דריי טעג ארום איז געווען תנאים, גלייך באלד נאך תנאים, האט דער חתן ערקלעהרט, אז ער מוז וועגען געשעפטען אוועקפאהרען קיין קיעוו, און עס איז געווארען אבגערעדט, אז גלייך וויא ער קומט צופאהרען צוריק זאל זיין חתונה, און באלד נאך דער חתונה פאהרען זיי קיין אמעריקא, און דיא מאמע וועט מיט זיי אויך פאהרען.

אין דיא דריי טעג, וואס האט געדויערט ביז'ן תנאים און ביז דעם חתן'ס אבפאהרען אויף א קורצע צייט קיין קיעוו, האט זיא מיט'ן חתן איינציגע מאהל שפאציערט צוזאמען, און אלע אין גאס פלעגען אויף זיי ווייזען מיט קנאה, וואס עס האט אויך געגעבען רויזלען עפעס א בעפריע־דיגונג; זיי האבען פערבראכט גאן יאכנע איטעם הויז איינער אויף איינעם; און בלויז איין מאהל אויפ'ן דריטען טאג, האט דער חתן זיך ערלויבט זיא ארומצונעהמען ארום טאליע, א ציה טאהן צו זיך און א הייסען קוש טאהן אין מויל.

ווען ער האט זיא ארומגענומען האט זיא א שוידער געטאהן, אבער פון'ם קוש פון זיינע רויטע דיקע ליפען, האט זיך ביי איהר דאס בלוט אנ־געצונדען.

דאס איז געווען דער ערשטער ליידענשאפטליכער קוש, וואס זיא האט בעקומען פון א מאנספערזאן, ווארום וויא הייס זרחי האט זיא ניט געליעבט און וויא נאהענט זיי זיינען מאנכע מאהל ניט געווען איינער לעבען צווייטען, אבער זרחי פלעגט זיך אויסהיטען — זיין פפליכט־געפיהל האט

איהם געזאגט, אז אזא קוש, וויא ער דארף איהר געבען, דארף זיין דער זיעגעל פון זייער פערבינדונג.

דיא ווירקונג פון דיעזען קוש אויף רויזלען איז געווען אונבעשרייבליך. אין דעם מאמענט, וואס איהר אמעריקאנער חתן האט זיא ארומגענומען ארום טאליע און צוגעצויגען צו זיך האט זיא פערמאכט דיא אויגען; פיעלייכט איז דאס געווען אויס פארשעהמטקייט און אפשר איז דאס געווען יענע נאטירליכע קאקעטעריי, וואס עס געפינט זיך אין יעדער פרויענצימער. ניט קיין בעוואוסטע קאקעטעריי אום צו רייצען זיך מיט דעם מאנספערזאן, זאנדערן א נאטירליכער, נאאיווער חן אין דיא בעוועגונגען און בענעהמונגען, וואס איז אזוי אנציהענד פאר דעם מאנספערזאן. רויזעלס טאליע האט זיך פון זיך אליין א בויג געטהאן אזוי עלאסטיש און איהרע אויגען האבען זיך געשלאסען חן'עוודיג בשעת ער האט זיא א קוש געטהאן.

און זיא האט דערפיהלט דאסזעלביגע, וואס איהר פאנטאזיע האט איהר אימער געשילדערט, אדער וואס זיא האט אימער געפיהלט, ווען זיא האט געטרוימט פון דעם מאמענט וואס זרחי וועט זיא צוציהען צו זיך און א קוש טהאן. אזא געשמאקער רייץ איז דורכגעגאנגען אלע גליעדער און דיא פערמאכטע אויגען, וועלכע זיינען געווען כארצושטעלען זיך אימער זרחי'ן, האבען איצט אויך געזעהען זרחי'ן, געפיהלט זרחי'ן, אקוראט וויא דאס וואלט גאר ניט געווען א קוש פון אן אנדערען, זאנדערען טאקע זיינער דערצו האט נאך מיטגעהאלפען דער פאנטאזיע דאס, וואס זרחי האט אויך געהאט פולע, רויטע ליפען און רויזעל האט זיי פיעל מאהל געפיהלט אויף איהר לייב ניט אנגעריהרט.

דאס אליין האט שוין רויזעלען געפיהרט אין פערבלענדעניש, וויא זיא וואלט אונבעוואוסטערהייט געקומען צום שלום, אז וואס איז ניט אלץ איינס: זיא קען פיזיש זיין צוגעצויגען צו דעם נייעם חתן וויא זיא האט זיך געפיהלט צוגעצויגען צו זרחי'ן. אמת, דאס איז אלץ געווען ווייל זיא האט זיך נאך אליין קיין רעכנונג ניט געגעבען אין איהרע געפיהלען.

ארעמע רויזעל! דער צושטאנד פון איהרע נערווען, זינט זיא איז ענטוישט געווארען אין איהר ליעבע צו זרחי'ן, האט נאך א סך מיטגעהאלפען צו דער פיזישער רייצונג, וועלכע זיא האט דערפיהלט פון דיעזען בעקומענעם ערשטען ליידענשאפטליכען קוש. איז דיא גאנצע ליעבע ניט בערוהט אויף נערווען־רייצונג?

און גלייך נאך דעם איז דער חתן אבגעפאהרען קיין קיעוו, וויא ער האט געזאגט; רויזעל האט טאקע פון איהם בעקומען צוויי בריעף פון קיעוו. דיא בריעף זיינען געווען דיא סקארבאוונע ליעבעס בריעף, וויא יעדער בחור שרייבט צו יעדען מיידעל, וועלכע ער האט ליעב. פאר רויזלען האבען דיא געוויינליכע ווערטער „ליעבינקע“ — „ליעבסטע“ — „מיין טייבעלע“ געהאט נאך אן אנדער בעדייטונג; דאס איז געווען נאהרונג פאר איהר

רייכער פאַנטאַזיע, טרויסט פאַר איהר ענטוישונג אין זרחי, און איהר האָבען זיך דיא פּיער וואָכען, ביז דער חתן איז געקומען צוריק, אויסגעוויעזען וויא יאָהרען.

ווען ער איז געקומען צופאָהרען צוריק פון קיעוו איז שוין אַלעס געווען פאַרטיג צו דער חתונה. קיין פיעל חתונה קליידער האָט מען ניט גערדאַרפט מאַכען, ווארום אין אַמעריקאַ זיינען גאָר אַנדערע מאָדעס, און דיא אייראָפּעאישע פאַסאָנען טויגען דאָרט ניט. אַזוי האָט דער חתן ערקלערט.

און נאָך אַ זאַך האָט ער ערקלערט פון וואָס יאַכנע איטע האָט זיך שטאַרק אָבגעגעסען דאָס האַרץ און נעמליך: יאַכנע איטע וועט טאַקע פאָה־רען צו זיי קיין אַמעריקאַ, אָבער ניט גלייך מיט זיי, זיא וועט פאָהרען אַביסעל שפּעטער, ווארום ער וויל זיך [illegible] מיט זיין יונג ווייבעל אָבשטעלען אין לאָנדאָן, אין פּאַריז פאַרברייננגען.

יאַכנע איטע'ן האָט עס אַפילו אַביסעל געקרענקט, אָבער ער האָט עס ערקלעהרט אַ טאָג פאַר דער חופּה, וועט מען דען איבער דעם דיא חופּה ניט שטעלען? ער האָט דיא מאַמען דערפאַר בעפרידיגט. דעם פאַרנאַכט פאַר דעם חופּה־טאָג האָט ער דערלאַנגט יאַכנע איטע'ן נאָך דרייסיג רובעל: מאַלע אויף וואָס מען דאַרף.

דער טאָג פון דער חופּה איז געקומען. גלייך אין דער פריה האָט רויזעל צופעליג אַ קוק געטהאָן אין פענסטער. וויא אַ בליץ האָט איהר גע־טראָפען ווען זיא האָט דערזעהען [illegible] זרחי קוקט עפּעס אריין אין טויער, לויפט אריין מיט אַ צוטראָגענעם כלים, שטעלט זיך אָב אויף אַ סעקונדע און לויפט צוריק. זיא איז אָבגעשפּרונגען פון פענסטער מיט כעס.

„אהאַ, איצט פערדריסט איהם!“ — האָבען איהרע ליפּען אַ מורמעל געטהאָן פאַר זיך — „דאָס איז זיין אייגענע שולד. וואָס האָט ער דאָ איצט ארומצודרעהען זיך?“

און איהר האָט עס אי געקריינקט, אי געגעבען בעפריעדיגונג. נור עפּעס האָט איהר האַרץ געציטערט, וויא עס ציטערט אַ בלאַט פאַר'ן אָנקומען פון אַ גרויסען שטורעם. מיט אונגעדולד האָט זיא ערוואַרט עס זאָל שוין אריבער דער טאָג און זיא וועט שוין זיין אַ פערהייראַטע, איהר שיקזאַל אַ שיקזאַל אַ פערזיגעלטער און קיין געפיהל פון אונזיכערהייט וועט איהר ניט בעאונרוהיגען.

דיא חתונה איז געווען ניט קיין רייכע, ניט קוקענדיג דערויף וואָס גאַנץ אָרשע האָט געקאָכט, אַז דער אַמעריקאַנער חתן איז שטיין רייך, אָבער צו דער חופּה האָט זיך אָנגעקליעבען קינד און קייט, יונג און אַלט, וויא מען וואָלט לויפען עפּעס אויף אַ בייז־וואונדער, און וויא אַלע וואָלטען זיך ריכטען עפּעס אויף יענעם ווילדען, זאָנדערבאַרען, מהומה'דיגען ספּעקטאַקל וועלכער האָט זיך באַלד דאָ אָבגעשפּיעלט.

5.

נאָך מיט אַ שטונדע פאַר דער חופּה ווען עס איז געווען כלה־בע־דעקענס אויפ'ן אַלטען שטייגער, וויא דיא מוהמע ברײנע האָט געפאָדערט און געגען וואָס רויזעל אַליין האָט זיך ניט געהאַמפּערט, האָט מען געזעהען זרחי'ן עטליכע מאָל צולויפען צום הויז. ער איז איין מאָהל זאָגאר אַריינגע־לאָפען אין שטוב וועלכע איז געווען געפּאַקט מיט ווייבער און מיט מיידלעך. רויזעל האָט איהם ניט געזעהען, נור דיא איבעריגע איהרע חברתות האָבען איהם געזעהען, נור וויא ער וואָלט קיינעם ניט באַמערקען. ער האָט געזוכט יאַכנע איטע'ן.

אָבער רויזעל'ס חברתות און סתם זעלבסטגעקרוינטע מחותנת'טעס, וועלכע געפינען זיך געגוג אויף אַזאַ חתונה האָבען איהם אָנגעקוקט וויא אַ ווילדען, האָבען זיך איבערגעשושקעט, און האָבען אַלץ ארומגעשטעלט יאַכנע איטע'ן. און זרחי פלעגט וויעדער אַרויסלויפען, וויא ער וואָלט זיך בעדיינקט און דערנאָך וויעדער אַריינלויפען. ביז עס איז געקומען נאָהענט שוין פון געהען צו דער חופּה, האָט ער מיט ענטשלאָסענהייט דורכגעשטופּט זיך, איז צוגעקומען צו יאַכנע איטע, האָט זיא אָבגעשלעפּט אָן אַ זייט.

— ווייסט איהר ווער אייער חתן איז ? — האָט ער אָהן אָטהעם אַ מיעדער אַ פערסאָפּעטער אַ פרעג געטהאָן.

יאַכנע איטע האָט איהם אָנגעקוקט אָנפאַנגס צושראָקען, דערנאָך מיטליידיג. איהר איז דורכגעלאָפען אַ געדאַנק צו איז ער ניט געריהרט גע־וואָרען אפשר פון דעם וואָס רויזעל האָט חתונה מיט אַן אַנדערן. ווארום זיא האָט דאָך ניט געוואוסט דיא אורזאַכע פאַר וואָס צווישען איהם און רויזלען איז גאָרנישט געוואָרען. דאָס איז דאָך פאַר איהר געבליעבען אַ געהיימניס.

— וואָס הייסט צו וויים איך, געווים וויים איך! — האָט יאַכנע איטע געענטפערט און האָט מיט רחמנות צוגעלעגט — מסתמא איז ער דאָך איהר בעשערטער.

— יאַכנע איטע, לייגט אָב! לייגט אָב! איהר ווייסט ניט וואָס פאַר אַן אונגליק עס שטעקט דאָ אפשר פאַר רויזלען...

— זרחי, הערט אויף — האָט זיא זיך אַ בעט געטהאָן האָבענדיג רחמנות אויף איהם — וואָס פערגינט איהר אונז ניט, מאַלע וואָס עס טרעפט אַז עס ווערט גאָרנישט צווישען צוויי...

זיא האָט געוואָלט זאָגען „געליעבטע“, אָבער זיא האָט זיך פער־כאַפּט, וויא זיא וואָלט מורא געהאַט, אַז עס קען זיך דערוויסען דער חתן, ווערען אייפערזיכטיג און חרטה האָבען אַ ווײלע פאַר דער חופּה.

— אָבער ניט דאָס מיין איך. מיר איז אייער רויזעל'ס גליק טהייער... עס מאַכט ניט אויס וואָס ניט מיט מיר... אָבער איך זאָג אייך אַז... אַז מען דאַרף... מען דאַרף וואַרטען...

— וואָס וואַרטען? אויף וואָס וואַרטען?

— איך האָב בריעף...

אָבער יאַכנע איטע האָט שוין מעהר ניט געוואָלט הערען, האָט איהם איבערגעשלאָגען מיט אַ קרייניקליכען, פערדרוסליכען געשריי:

— לאָזט מיך לעבען! פע, חלשות!

און זיא איז אוועק פון איהם אַן אויפגערעגטע, זיא איז באַלד ארומגערינגעלט געוואָרען פון יונגע און אַלטע יענטעס, וועלכע רוקען זיך אַלע מאָהל נעהענטער צו דער מחותנת'טע און דער כלה, צו מען דאַרף זיי, צו מען דאַרף זיי ניט.

זרחי האָט זיך געוואָלט נאָך אַמאָל דורכשטופען צו דער כלה, אָבער האָט ווידער חרטה געהאַט און איז וויא אַ משוגענער ארויסגעלאָפען. וויא טומעלדיג עס איז ניט ביי כלה־בעזעצענעס און וואָס פאַר אַ מישמאַש עס איז ניט געווען נאָך ספּעציעל דאָ, וואו ווילד־פרעמדע האָבען זיך עפּעס ארומגע־דרעהט אַלס מחותנים, נישט מעהר דערפאַר, ווייל דאָס גאַנצע שטעדטיל האָט גערעדט וועגען דעם שידוך, פון דעסטוועגען האָט זרחי'ס בענעהמונג געוואָרפען זיך אין דיא אויגען. עס איז געוואָרען נאָך מעהר טומעלדיג. אָבער באַלד האָבען דיא כלי זמר אַ שפּיעל געטהאָן, דיא אונטערפיהרער מיט'ן חתן האָבען זיך בעוויעזען און עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס צערעמאָניעלע מאַרשירען צו דער חופה.

ווען מען איז שוין געווען אויפ'ן נאָהענטען שולהויף, האָט מען ווידער דערזעהען זרחי'ן שטויסענדיג זיך, וויא ער וואָלט וועלען צוקומען צו חתן־כלה, איז אָבער ווידער אוועק צוריק. דיא חופה וקדושין מיט אַלע צערעמאָניעס זיינען צוגעגאַנגען כדת משה וישראל, אונגעשטערט. זרחי האָט זיך ניט געזעהען, נור וויא עס האָט זיך געענדיגט און מען האָט אָנ־געהויבען שרייען: מזל טוב! מזל טוב! און כלי־זמר האָבען אַ שפּיעל גע־טהאָן: „פון דער חופה צו דער סעודה," איז געוואָרען פּלוצלונג אַ מהומה. עס האָט זיך געוויעזען אַ פּריסטאַוו מיט אַ גאָרדאָוואָי; מען האָט געמאַכט אַ וואָרע, דער פּריסטאַוו איז צוגעגאַנגען צום חתן, האָט עפּעס געפרעגט, דער חתן האָט זיך אָנגעהויבען שאַרען אין דיא בוזעם־קעשענעס, ארויסגעה־מען פּאַפּיערען. דער פּריסטאַוו האָט אַ שיק געטהאָן דעם גאָרדאָוואָי נאָך אַן איזוואָזטשיק. און אַלעס וואָס דיא ארומיגע האָבען געזעהען, איז וויא מען האָט ארויפגעזעצט דעם חתן־בחור אויפ'ן דראָשקע, פּריסטאַוו און גאָרדאָוואָי אַלס אונטערפיהרער פון ביידע זייטען און אוועקגעפיהרט איהם.

דער רעש, דער טומעל, דער שרעק און דיא מהומה וואָס עס איז געוואָרען, איז אונבעשרייבליך. יאַכנע איטע איז געבליעבען שטעהן, וויא זיא וואָלט געוואָרען אַ פערשטיינערטע און מען האָט פאַר אייניגע מינוט ניט געקענט זיא אָבציהען פון אָרט, וויא איהרע פיס וואָלטען פערהאַרטעוועט געוואָרען, און נאָכדעם האָט זיא זיך ארונטערגעלאָזען, מען האָט איהר אונ־

טערגעכאַפּט אונטער דיא אָרעמס און אַ האַלב־לעבעדיגע געפיהרט אַהיים. דיא כלה, רויזעל, איז געבליעבען מיט צועפענטע אויגען, וויא דיא אויגען־דעקלעך וואָלטען זיך ענטזאָגט צו בעוועגען. און עפּעס דאָפּעלט גרויס זיינען איהרע אויגען געוואָרען — געקוקט, געקוקט, ניט פאַרשטעהענדיג, וואָס ארום איהר טהוט זיך. און אַזוי איז זיא געבליעבען פאַר אַ היבשע צייט. מען האָט זיא אויך אונטער דיא אָרעמס אָבגעפיהרט אַהיים צוזאַמען מיט דער מוטער.

און דער גאַנצער עולם איז נאָכגעגאַנגען, וויא דאָס וואָלט געווען ניט אַ חופּה, נור אַ לויה.

וואָס? ווען? ווער? וועמען? האָט קיינער ניט געוואוסט. ס'האָבען זיך אָנגעהויבען הערען גלייך אויפ'ן אָרט צווישען דעם עולם פערשיעדענע אורזאַכען, פאַר וואָס מען האָט דעם חתן ארעסטירט און אָנפאַנגס האָבען זיך אפילו ניט געפונען קיין אָטוואַזשניקעס צו לויפען אַ פרעג טהאָן וואָס האָט מען דעם חתן ארעסטירט.

— פאַרוואָס איז דאָס? — שטויסט זיך איינער פרעגען דעם מסדר־קדושין.

— אדרבא, זאָגט איהר פאַר וואָס! איך וויים, טאָמער אפשר עפּעס אַ טעות. אַ מאָדנער אונגליק.

— מסתמא איז דאָס ניט אומזיסט — רופט זיך אָב אַן אַנדערער פון דיא נאָהענטע מחותנים פון יאַכנע איטע'ס משפחה.

— דאַרף מען דאָך אריבערגעהען, אפשר ארויסנעהמען אויף פּארוקע.

— היינט ווער וועט דאָס קריכען, אַז מען וויים ניט ווען און פאַר וואָס — דרעהט זיך ארום דער ערשטער — זאָלען זיינע געהן, דיא מחותנים פון זיין צד.

— וואו מחותנים, וועלכע?

— מסתמא דאָך ניט אומיזסט, אפשר אַ מסירה.

— געפונען בראָשורקעס.

— וויא קומט אַן אמעריקאַנער צו רוסישע בראָשורקעס?

— ווערזשע איז ער?

— אַן אמעריקאַנער! ווער זאָל ער זיין?

— און וועמען האָט ער דאָ?

— ווער וויים וועמען?

— ווערזשע קען איהם דאָך?

— ווער זאָל איהם קענען! אַ רייכער יונגערמאַן.

— אַ רייכער! האָטס געצעהלט זיינע עשירות?

דאָס איז שוין געווען פון דיא נאָהענטע פון יאַכנע איטע'ס משפחה. אין ווייטערען עולם האָט מען שוין גערעדט פּאָזיטיוועס, און יעדערער וויא ער וואָלט שוין וויסען בעשטימט וואָס דיא מעשה איז מיט'ן חתן.

און ווען מען וואלט זיך צוגעהערט פון דער זייט און צונויפגענעהמען די אלע אורזאכען, וואס פערשיעדענע מענשען פון עולם האבען אנגעגעבען, האט דארט ניט געפעהלט פון קעשענע גנבה ביז באנקראט אויף תרפט אלפים; פון שפיאנסטווא ביז העכסטער רעוואלוציאנערער העלדישקייט; פון פאלשע קארטען ביז פאלשע אסיגנאציעס און פון דעם פריסטאווס א טעות ביז א מיאוס'ען בלבול. עס האבען זיך געפונען אפילו אזעלכע, וואס זיינען אליין געשטאנען דערביי וויא דער פערברעכען, וואס דער אמעריקאנער איז בעגאנגען, האט פאסירט.

איינער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהען די פאלשע צעהן־רובעלדיגע; אן אנדערער האט אליין געזעהען דאס וויבעל פון מאהליוו, וועלכע ער האט אוועקגעווארפען; א דריטער — די אנדערע יורשים, וועלכע האבען דעם בלבול אויף איהם ארויפגעווארפען. איינער האט גאר פערזיכערט אז דער אמעריקאנער האט געגעבען א פאטש דעם קיעווער גענעראל־גובערנאטאר און אז עס איז אנגעקומען פון פעטערסבורג א טעלעגראמע: „נעמעדלענא ארעסטאוואט", וואס עס הייסט: תיכף ארעסטירען!

אין יאכטע איטע'ס הויז האט מען ערשט אין א שטונדע ארום אנגעהויבען צו פערבינדען מיט זרחי'ס נאמען דעם געשעהנע. און אנגעהויבען האט זיך דאס פון יאכנע איטען אליין. ווען זי איז געקומען אביסעל צו זיך און האט א געבויגענע, אונגליקליכע, ברעכענדיג די הענד אנגעהויבען פרופען טרויסטען און בערוהיגען איהר טאכטער, ארום וועלכער עס זיינען געשטאנען שכנות און חברתות און סתם וויבער, האט זי א זאג געטאהן:

— דאס איז זרחי! ער האט דאס אונגליקליך געמאכט מיין קינד.

און איצט ערשט, דערהערענדיג דאס, איז רויזעל געקומען צו איהר זינען.

— גע'מסר'ט? — האט זי א פרעג געטהאן — פאר וואס דענקסטו דאס?

רויזלען האט זיך ניט געגלויבט אז זרחי זאל זיין פעהיג אויף אזא זאך. אבער די מוטער האט אנגעהויבען דערצעהלען וויא זרחי איז צו איהר צוגילאפען פאר דער חופה און האט געסטראשעט, די חופה זאל ניט זיין. אנדערע האבען אויך צוגעלעגט וויא זיי האבען געזעהען וויא ער האט זיך ארומגעדרעהט עפעס וויא א ווילדער משוגענער אין הויז בשעת כלה־באזעצינס און דערנאך, ווען מען האט געפיהרט צו דער חופה.

רויזעל האט ניט געקענט פערשטעהען און האט געקוועטשט מיט די אקסלען, וויא זיא וואלט זוכען ביי זיך אין קאפ קלאהר מאכען, אז עפעס אזעלכעס האט מעגליכערווייזע פאסירט.

— אין וואס האט ער איהם געקענט מסר'ען? ער איז דאך גאר אן אויסלענדער, אן אמעריקאנער! — האט זיא געפרעגט.

— מאלע אין וואס? — האט זיך אבגערופען א ווייבעל — א קונץ אז מען וויל? וואס האט זיך ארומגעדרעהט? האט איהם מסתמא געוואלט אריינרוקען א פאפיער אין קעשענע.

רויזלען איז דאס עפעס פארגעקומען אזוי אונמעגליך, אז זיא האט אלץ געזוכט אין איהרע געדאנקען צו קענען דאס בעגרייפען. דאס טראכטען האט אביסעל געהאלפען איהר ערהאלען זיך פון׳ם שלאג, וואס האט איהר געטראפען.

זיא האט זיך דערמאהנט, אז אין־דער פריה האט זיא געזעהען אין פענסטער, וויא זרחי האט זיך ארומגעדרעהט ארום הויף איז אריין אין טויער און איז ארויס, און פלוצלינג האט זיא זיך איצט שוין אויך דערמאנט, וויא דאן, נאך איידער זיא האט גע׳חלום׳ט וועגען דעם חתן, ווען זיא איז מיט זרחי׳ן שפאציערענדיג פערבייגעגאנגען דיא מאסקווער גאסטיניצע און מאקס (אזוי האט זיא שוין איצט גערופען איהר חתן) איז געווען אויפ׳ן גאניק, האט איהר זרחי געזאגט, אז ער קען איהם און ווען זיא האט געפרעגט, פון וואנען? האט איהר זרחי געענטפערט, אז ער איז ביי איהם געווען מיט א וויזיט. און ווען זיא האט געפרעגט מיט א געלעכטער: צו וואס עפעס? צו דענקט ער ניט צו פאהרען קיין אמעריקא? האט זרחי א שמייכעל געטאהן און האט גארנישט געענטפערט, וויא ער וואלט ניט געהערט איהר פראגע. פאר איהר האט דאס אלעס איצט עפעס בעקומען א גאנצע בעדייטונג. און הגם זיא וויים ניט וואס דיא בעדייטונג דערפון איז, אבער דא איז עפעס זרחי פערמישט אין איהר חתן׳ס ארעסט.

אונגליקליכע! ווען זיא וואלט נעביך דאן וויסען, אין וודס עס איז בעשטאנען זרחי׳ס ראלע אלס אורזאכע פון דעם אמעריקאנערס ארעסט וואלט ניט פאסירען דאס שרעקליכע, דאס שוידערליכע לעבענס אונגליק, וואס מאכט דיא אויגען פייכט פון טרעהרען, ווען מען לעזט וועגען דעם און דיא הענד צוקען קראמפפהאפט פון דער אונבעהילפליכקייט צו ראטעווען אזעלכע אונגליקליכע קרבנות פון מערדערישע אונמענשליכקייט. און רויזעל איז דאך ניט דיא איינציגע.

אבער לאמיר דערצעהלען דיא פאסירונגען כסדר.

וויא געזאגט, האט רויזעל, דורך דעם טראכטען וועגען דער פערבינדונג פון זרחי מיט דער אורזאכע פון איהר חתן׳ס פלוצלינגען ארעסט גלייך פון אונטער דער חופה, זיך אביסעל ערהאלט פון דעם שלאג וואס האט איהר געטראפען. זיא מוז דאך וואס טאהן, זיא מוז זיך דאך ערקונדיגען וואס עס איז געשעהען:

— איך מוז געהן! — האט זיא זיך א הויב געטאהן פון קאנאפע אויף וועלכער זיא איז געלעגען מיט א קאלטער, נאסער טיכעל דעם קאפ פערבונדען — איך מוז געהן.

— וואוהין?

— צו איהם! אין אוטשאַסטאָק! ער איז דאָך מיין מאַן! איך מוז זעהען דעם פּריסטאַוו, איך וועל לויפען צו איספּראַווניק! — האָט זיא בריה'שדיג אַ זאָג געטהאָן, וויא זיא וואָלט פּיהלען, אַז זיא וועט וועלטען איבערקעהרען, און איהר בריה'שדיגער קול האָט געקלונגען מיט געשטיקטע טרעהרען.

זיא האָט איינגעוואַשען דעם פּנים מיט קאַלטע וואַסער און האָט זיך דערפיהלט ערפרישט. דאָס איז געווען אונגעפעהר אַ שעה דריי שוין נאָך דער חופּה און נאָך דעם אַרעסט. עס איז געווען אַ וואַרעמער אויגוסט־פאַר־נאַכט, ווען דיא שפּעטע זומער־וואַרעמקייט איז אַזוי שווער, און בפרט נאָך אַזאַ טאָג, ווען פון אין דער פריה אָן געהט זיא נאָך אַלץ אָנגעטהאָן אַ פערפּוצטע אין איהר חתונה־קלייד און ווען דיא אַלע צערעמאָניעס און אויפרעגונג פון טאָג ביז'ן אונגליק זיינען אויך געווען אַזוי שטיקענד שווער און ערמידענד.

— וואַרט, רויזעלע — האָבען זיך אָבגערופען אַ יונגערמאַן, איהרער אַ שוועסטער קינד, אַ חברתה און אַ כוואַטסקע שכנה — מיר געהען מיט דיר.

אָבער רויזעל האָט געבעטען, אַז קיינער זאָל מיט איהר ניט געהן. זיא האָט ניט געוואָלט, אַז רעדלעך זאָלען זיך ווידער קלייבען, מען זאָל צו איהר צושטעהען מיט פראַגעס, מיט טרויסט־ווערטער. עפּעס אַ מאָדנע העלדיש־קייט האָט זיך אין איהר ערוועקט, וויא זיא ערוועקט זיך אימער אין יונגען מענשען, ווען איהם טרעפט עפּעס אַ גרויסע צרה, וויא דיא נאַטור וואָלט אין אונז אריינגעגעבען דיא כוחות יונגערהייט צו קענען געהן געגען שטורם און זאַגאַר עפּעס מיט אַ מין שטאָלץ האָט זיא אַ זאָג געטאָהן:

— איך וועל זיך מיט דעם פּריסטאַוו אַליין קענען אויסטענה'ען.

זיא האָט נור צוגעשפּיעלעט צו איהר היטעלע אַ קליינעם, ניט קיין געדיכטען שלייער אריבערגעצויגען איבער'ן פּנים און האָט אָנגעהויבען ארויסגעהען.

— פאַרוואָס זאָלסט דוא געהען אַליין? — האָט דיא מוטער קרעכ־צענדיג אַ פרעג געטאָהן — עס איז דאָך שוין באַלד נאַכט.

— נישקשה, שדים וועלען מיך ניט כאַפּען! — האָט זיא אַ זאָג געטאָהן, און ווענדענדיג זיך צו דיא איבעריגע האָט זיא אַ בעט געטהאָן:

— זייט דאָ מיט דער מאַמען, ביז איך וועל קומען.

און זיא איז ארויס.

יאַכנע איטע איז ניט געווען קיין פאַנאַטישע אידענע, אָבער רויזעלס ווערטער: „שדים וועלען מיך ניט כאַפּען" האָבען איהר אַ שטאָך געטאָהן אין הארצען.

— וועה מיר, פאַרוואָס ווילט זיך איהר געהן אַליין? — האָט יאַכנע איטע פערבראָכען דיא הענד, ווען רויזעל איז ארויס.

אָבער איהר פּלימעניק האָט זיא געטרויסט.

— נישקושה, מוהמע, צו וואָס מיט איהר איצט האמפּערען זיך? איהר איז נעביך אַזוי אויך גענוג ביטער אויפ'ן הארצען. ביז עס וועט ווערען נאַכט וועל איך נאָך אויך צוגעהען אַהין, צום אוטשאַסטאָק, און וועל זיא צוריק ניט לאָזען געהען אַליין.

אַזוי האָט ער געזאָגט, אָבער ניט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזען.

ווען יאַכנע איטעס פּלימעניק, רויזעלס שוועסטער־קינד, איז טאַקע באַלד, אין אַ האַלבע שטונדע ארום, געגאַנגען אין אוטשאַסטאָק, האָט ער דאָרט רויזלען ניט געפונען. ער איז ארום דרויסען, געוואַרט, אריין, צוריק ארויס און ווידער אריין — ניטאָ! מען האָט איהם דאָרט ערקלערט אַז זיא איז גאָר דאָרט ניט געווען. ער איז געלאָפען צוריק צו איהר אַהיים — זיא איז אַהיים ניט געקומען. געלאָפען צוריק אין אוטשאַסטאָק ... ניטאָ!

יאַכנע איטע איז געבליעבען אין אונמאַכט, און מען האָט זיא גע־האַלטען אַ גאַנצע נאַכט אין איין מינטערען. שכנים, שכנות און בעקאַנטע און פרעמדע זיינען ארומגעלאָפען אין דיא גאַסען זוכען. עס איז געוואָרען אַ טרעוואָגע, גאַנץ אָרשע איז געגאַנגען כאַדראַם — ניטאָ און ניטאָ, וויא אין תהום פערשוואונדען!

נאַטירליך איז מען פריהער פון אַלעס געלאָפען צו זרחי'ן. אָבער דאָ האָט מען ערשט אויסגעפונען, אַז זרחי איז דעם גאַנצען טאָג אין דער היים ניט געווען. דיא געשיכטע איז נאָך געוואָרען רעטזעלהאַפטער, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז זרחי איז אויך איינגעשפּאַרט און אַז מען האָט איהם איינגעשפּאַרט אין געפענגניס מיט אַ ווייל׳ע פריהער איידער מען האָט ארעסטירט דעם חתן פון אונטער דער חופּה.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען פערשיעדענע השערות, וואו האָט רויזעל געקענט אַהינקומען: מיט זרחי'ן ענטלאָפען איז זיא ניט — ער איז דאָך איינגעשפּאַרט, ביי איהם אויף דער קוואַטיר איז זיא אויך ניט געווען, וויא מען האָט זיך ערקונדיגט; דער אַמעריקאַנער איז אויך געווען איינגע־שפּאַרט, האָט דאָך הייסט עס, איהר פארשווינדען ניט צו טהון מיט איהם. און דער איינדרוק איז געווען אויף מאָרגען דעם גאַנצען טאָג, אַז זיא האָט פון צרות זיך מסתמא אריינגעוואָרפען אין טייך. אָבער אויפ'ן 3טען טאָג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ביי יאַנקעל אָרשער, וועלכער האַלט אַ קרעטשמע אויפ'ן וועג צווישען אָרשע און וויטעבסק, האָט זיך מיט אַ טאָג פריהער אָבגעשטעלט אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג, אַ הויכער, אַ בלאָנדער, גוט געקליידעט, מיט רויזלען. זיי זיינען געקומען אַהין צופאָהרען מיט אַ גוי'אישער פוהר מיטאָג־צייט, האָבען דאָרט אָבגעגעסען און זיינען אַוועק געפאָהרען ווייטער.

יאַנקעל אָרשער איז געווען אַזוי זיכער, אַז דאָס איז געווען רויזעל, וויא ער איז זיכער אַז מען רופט איהם יאַנקעל. עס איז אין גאַנצען אַ יאָהר וויא ער האַלט דיא קרעטשמע, און ביז דאַן האָט ער געוואָהנט, אין דער־

זעלבער גאַס, מיט יאַכנע איטען און האָט זעהר גוט געקענט רויזלען. ער האָט קיין זאַך ניט געוואוסט פון דעם וואָס עס האָט פּאַסירט אין אָרשע, וואָס איז פאַר דרייסיג וויאָרסט פון איהם. נור כתם דערזעהענדיג אַ בעקאַנטע, האָט ער איהר אַ פרעג געטאָהן:
— וואוהין פאָהרט מען?
— קיין וויטעבסק — האָט זיא געענטפערט.
— וואָס הערט זיך אין אָרשע?
— קיינע נייעס.
און זיא האָט געוואָלט רעדען ווייטער עפּעס. נור דער יונגערמאַן מיט וועלכען זיא איז געפאָהרען, האָט זיא אַ ציה געטאָהן פאַר'ן ארבעל, זאָגענדיג:
— לאָמיר וואָס עסען, דער גוי האָט שוין אָנגעקאָרמעט דעם פערד.
מעהר האָט יאַנקעל ניט צייט געהאַט צו שטעלען זיך ריידען, און זיי זיינען אַוועקגעפאָהרען. אַזוי האָט מען דערצעהלט אין יאַנקעל'ס נאָמען. אָבער אַזוי וויא מען האָט קיין קלאָרען טאָלק ניט געקענט געפינען איז דאָס געבליעבען אונגלויבליך. ווער איז דער גוי פון'ם פיהרעל? וואו האָט זיך דאָ אין מיטען דעריין גענומען אַ יונגערמאַן מיט רויזלען? היינט איז אויסגעקומען, אַז איבער אַ מעת-לעת האָט געדויערט ביי רויזלען אַ נסיעה פון דרייסיג וויאָרסט! דאָס מוז זיין אַ טעות — אַ ציקעלע, סתם גערעדט. און פון רויזלען האָט מען מעהר קיין סליאַד ניט געפונען.

6.

דער לעזער פאַרשטעהט אליין גאַנץ גוט אַז זרחי האָט עפּעס צו טאָהן מיט דעם אַרעסט פון רויזעלס חתן, אָדער פון מאַקס קאַרע, (וויא עס איז געוועזן זיין נאָמען, מיט וועלכען ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אין אָרשע). דאָס איז אָבער ניט געוועזן אַלס אַ מסירה אוים קנאה אָדער אייפערזוכט, וואָס ער האָט חתונה מיט רויזלען, נור אַלס אַ מיטעל אויסצוזהיטען רויזלען פון אַן אונגליק, וועלכען זרחי האָט פאַרדעכטיגט. און זיין פערדאַכט איז געקומען דורך אַ צופאַל.
דיא מעשה איז אַזוי געוועזן.
זרחי האָט איין מאָהל בעזוכט דעם „אַמעריקאַנער,“ וויא ער האָט דערצעהלט רויזלען. און אויב ער האָט דאָן פערשוויעגען פאַר איהר צוליעב וואָס ער האָט איהם בעזוכט, איז דאָס געוועזן איינפאַך דערפאַר, ווייל ער האָט נאָך דאָן אַליץ ניט דערצעהלט איהר וועגען זיין געהיימנים, אַז ער אַרבייט אויף אַן ערפינדונג וואָס וועט מאַכען אַ וועלט-איבערקעהרעניש, און ער האָט נאָך דאָן ניט געקענט וויסען, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער איבער יאַכנע איטעס אונגעדולד געצוואונגען זיין צוצוגעהען זיך מיט רויזלען.
בעזוכט האָט ער איהם טאַקע צוליעב זיין ערפינדונג. זרחי'ן האָט זיך תמיד פאָרגעשטעלט אַמעריקאַ אַלס דאָס „לאַנד פון נייע ערפינדונגען“

און ער האָט אַלע מאָל געטראַכט, אפשר וואָלט ער דאָך דאָרט אין׳ם פרייען לאַנד, ניט קוקענדיג אויף אַלע שוועריגקייטען, שנעלער ערריכט זיין צוועק אַלס אין דעם צוריקגעשטאַנענעם רוסלאַנד, וואו ער, אַלס איד, האָט קיין רעכט ניט צו וואָהנען אין אַ מאָסקווע אַ פּעטערסבורג, וואָס עס איז געווען אַזוי נויטיג פאַר זיין צוועק.

ער האָט זיך איינינע מאָהל איבערגעשריעבען זאָגאַר מיט אַ ווייטען קרוב, וועלכען ער האָט געהאַט אין אַמעריקאַ. אָבער פון דעם קרוב האָט ער גאָרנישט געקענט ערקונדיגען זיך, אויף וויעפיעל דאָס איז געווען נויטיג פאַר זיין צוועק. דער קרוב זיינער איז געווען אַ זייגערמאַכער אין דער היים, און אין אַמעריקאַ איז ער מגולגל געוואָרען אין פּראָווידענס, ראוד איילאַנד, וואו ער האָט געאַרבייט אין אַ דזשולערי פעקטאָרי.

ווען אין אָרשע האָט זיך פערשפּרייט דער קלאַנג, אַז עס איז גע־קומען אַ אידישער יונגער מאַן פון אַמעריקאַ אַ שידוך צו טהאָן מיט אַן אָרשער מיידעל, האָט דאָס זרחין בלויז אינטערעסירט אויף אַזוי פיעל, אויף וויעפיעל דאָ וועט אפשר זיין אַ געלעגנהייט אויסצוגעפינען אַלעס וואָס ער וויל וויסען וועגען אַמעריקאַ אַלס „אַ לאַנד פון ערפינדונגען“. אַ רייכער יונגערמאַן, מסתמא איז ער דאָך אַ געבילדעטער, אַ געשעפטסמאַן אָדער אַ פאַבריקאַנט. אפשר וועט ער איהם גאָר קענען פערטרויען אין וואָס זיין ערפינדונג בעשטעהט? אפשר וועט יענער גלייך אָנכאַפּען זיך פאַר דער אידעע, וועט איהם מיטנעהמען קיין אַמעריקאַ, וועט ארייגלעגען קאַ־פּיטאַל, ווארום זיין ערפינדונג דאַרף דאָך ברייננען אונגעהייערע פּראָפיטען.

געהענדיג צו דעם אַמעריקאַנער האָט זיך צושפּיעלט זרחי׳ס פאַנ־טאַזיע, עס האָבען איהם פאַרגעשוועבט האָפנונגען. דיעזע האָפנונגען זיינען אָבער צופּלאַצט געוואָרען וויא זייפען־בלאָזען גלייך וויא ער האָט דערזעהען דעם אַמעריקאַנער און וויא ער האָט נור מיט איהם גערעדט דיא ערשטע צעהן ווערטער.

זרחי האָט באַלד נאָך׳ן פאָרשטעלען זיך צוגעטראָגען גלייך צום ענין און האָט איהם אַ פרעג געטהאָן:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, וואָס איך ווענד זיך צו אייך אונ־בעקאַנטערהייד. איך האָב געוואָלט זיך ביי אייך נאָכפרעגען צו וואָלט אַזאַ מענש, וויא איך, וועלכער קען ענגליש נור אויף אַזוי פיעל, אויף וויעפיעל מען קען זיך אויסלערנען דאָ, לערנענדיג אליין פון אַ ביכעל, געקענט פער־דיענען אויף אויסקומעניש.

— גוט! — האָט איהם דער אַמעריקאַנער געענטפערט און אַ פּינטעל געטהאָן מיט דער לינקער אויג — קומט צו אונז אין יונייטעד סטייטס, מיר וועלען אייך געבען צו פערדיענען פיין, זעהר פיין. יאָ!

אויף זרחי׳ן האָט געמאַכט אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק דאָס פּינ־טלען מיט דעם אויג און דער פּראַהלענדער טאָן: „קומט צו אונז, מיר וועלען

איך געבען פאַרדיענען" — עפּעס האָט דאָס איהם געקלונגען, וויא אַ ביליגע בעריהמעריי. וואָס יונייטעד סטייטס בעדייט האָט ער פערשטאַנען.

— פון וואָס פערדיענען ? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן — ווען איך וואָלט דאָרט אויף דער ערשטער צייט געקענט מאַכען אַ נוץ אַלס מאַטעמאַטיקער ; איך קען זעהר גוט מאַטעמאַטיק.

דער אַמעריקאַנער האָט איהם אָנגעקוקט.

— דאָס איז דאָך אין ענגליש אויך „מאַטהעמאַטיק ?" — האָט פערוואונדערט זרחי געזאָגט.

— ביי אונז זיינען אַזעלכע מלאכות ניטאָ — האָט איהם געזאָגט דער אַמעריקאַנער שוין גראָבליך, פון וואָס זרחי האָט זיך געפיהלט בעליידיגט.

— ערלויבט נור — האָט איהם זרחי שוין אַ פרעג געטהאָן — איהר זייט אַ זאָנדערבאַרער אַמעריקאַנער ?

— אודאי, אַ דאָרטיגער אַ געבאָרענער.

— און איהר רעדט אַזוי אידיש. וויא אַ רוסישער.

— יאָ, מיין פאַטער איז געוועזן פון דאַנען — האָט האָט דער אַמעריקאַנער געענטפערט און האָט ארויסגענומען אַ סיגאַר — ווילט איהר סמוקען ? דאָס הייסט ביי אונז רויכערן ?

— אַ דאַנק אייך.

— גוט, קומט צו פאָהרען צו אונז קיין אַמעריקאַ — האָט איהם ווידער געזאָגט דער אַמעריקאַנער פעררויכענדיג ... סיגאַר מיט אַ גראָבּ־יונגישע ברייטקייט. איהר וועט קומען אַהין און וועט דערלאַנגען דיא קאַרטע, וועט מען אייך אומעטום פיין צונעהמען.

ער האָט דערלאַנגט זרחי'ן אַ וויזיט־קאַרטע, אויף וועלכער עס איז געוועזן געדרוקט : „מאַקס קאַרץ,... באָטענוואוד סטריט, פילאַדעלפיא." זרחי האָט דאָס קאַרטעל גענומען.

— איך וועל אייך דאָרט גליקליך מאַכען ! — האָט זיך געפּראַהלט דער אַמעריקאַנער.— ווען איהר דאַרפט וואָס, שרייבט אויף דיעזען אַדרעס. און אייער מלאכה דאַרף מען דאָרט ניט.

— וועלכע מלאכה ? — האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט זרחי.

— וואָס איהר האָט געזאָגט.

— איך האָב געזאָגט מאַטהעמאַטיק.

— גוט פיין ! — האָט אַביסעל אין פערלעגענהייט נור מיט גענוג חוצפּה געזאָגט און געבלאָזען דעם רויך פון סיגאַר, און אַלץ האַלטענדיג דעם סיגאַר אַזוי, אַז עס זאָלען זיך זעהען דיא רינגעלעך מיט דיא גרויסע דיאַמאַנטען אויף דיא פינגער.

„עס שיינט אַז ער איז אַ גראָבער יונג און ניט קיין געבאָרענער אַמעריקאַנער" — איז באַלד ביי זרחי'ן דורכגעלאָפען אַ געדאַנק אין קאָפּ. פּשוט אַן אונוויסענדער אידעל וואָס איז געוועזן אין אַמעריקאַ.

זרחי האָט זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען. ווען ער איז שוין געווען דרויסען, האָט ער א שפּיי געטהאָן.

און ער האָט בלויז געקוועטשט מיט דיא אַקסלען און געלאַכט אין זיך פון דיא פערשיעדענע קלאַנגען, וועלכע געהען ארום אין אָרשע, אז דאָס איז געקומען א ראָטהשילד, א רייכער מאַגנאַט; וויא א גאַנץ שטעדטיל קען דאָס פערפיהרט ווערען!

אַזוי אָבער וויא ער איז ניט געווען קיין פּוסטעפּאַסניק און איז שטענדיג געווען פארנומען מיט זיין זאַך, האָט ער געהאַלטען פאר איבריג צו פּלוידערן וועגען דעם און ער וואָלט זיך וועגען דעם ווייטער ניט געקימערט, ווען ער וואָלט ניט דערהערט, אז צווישען זיין רויזעל און דעם אַמעריקאַנער ווערט א שידוך. אנפאַנגס האָט עס זרחי׳ן געגעבען א ריס אין הארצען בלויז דערפאַר וואָס ביי רויזלען איז שוין רעכט גלייך א שידוך טהאָן, אין גאַנצען איין טאָג נאָך דעם, וויא זייער ליעבע האָט זיך אזוי טראַגיש געענדיגט. סטייטש — האָט ער זיך געטראַכט — זיא האָט דאָך ערשט מיט א פּאָר טעג פריהער אזוי הייס מיך געליעבט, האָט אין מיר געזעהען דיא גאַנצע וועלט, און אין איינע צוויי טעג איז שוין רעכט ביי איהר צו פערבינדען זיך מיט אן אַנדערען.

אין זיין קאָפּ האָט זיך דאָס ניט געקענט איינלעגען. זיין הארץ האָט נאָך אזוי געבלוטיגט פון זייער שיידונג; ער איז פון יענער מינוט אָן, וואָס ער איז ארויס פון רויזעלס הויז, איבערלאָזענדיג זיא א בעגאָסענע מיט טרעהרען, ארומגעגאַנגען א געפּלאַגטער פון חרטה און שמערץ. וויעפיעל מאָהל ער האָט אין דיעזע פּאָר טעג געקעמפּפט מיט זיך, געוואָלט לויפען צוריק צו איהר, פאַלען פאר איהר אויף דיא קניע וויא פאר א הייליגער מארטירערין און בעטען פערצייהונג פאר זיין הארטהערציגע, אכזרישע האנדלונג. וויעפיעל מאָהל ער האָט זיך שוין שיער ענטשלאָסען אוועקצוּוואַרפען אַלעס, פערבינדען מיט איהר זיין לעבען און זאָל זיין אויס ערפינדונג, נור גליקליך צו זיין אין איהר ליעבע און גליקליך צו מאַכען זיא מיט זיין אויפריכטיגער ליעבע צו איהר! און אנדערש פלעגט פאר איהם ניט פארשוועבען איצט איהר שעהנער, איידעלער פּנים, וויא נור אַלס דער פּנים פון א הייליגער, פון א מארטירערין. און אָט זיינען ניט אריבער קיין פּאָר טעג, וויא ביי דיעזער הייליגער מארטירערין איז רעכט אריינוואַרפען זיך אין דיא אַרעמס פון דעם ערשטען בעסטען.

אָבער דיעזע ערשטע מינוטען פון ערביטערונג אויס הארצווייטאָג זיינען אריבער. זרחי איז געווען א קלוגער, א איבערדיינקענדער מענש, ווייט ניט קיין לייכטזיניגער און ער פלעגט זיך אויסהיטען אַלע מאָהל פון צו פאַסען איבעראיילט א מיינונג. נאָך דעם ערשטען שמערץ האָט זיך ביי איהם אנגעהויבען דער פּראָצעס פון איבערדיינקען. און ער האָט אָנגעהויבען צו פארשטעהען, אז דאָס האנדעלט רויזעל אזוי אויס פערצווייפלונג.

„זאָל זיא גליקליך זיין, זאָל זיא נור גליקליך זיין!" — האָבען געשעפּצעט זיינע ליפּען, בעת ער איז ארומגעלאָפען הין און צוריק איינער אליין אין זיין צימער פון וואנד צו וואנד. אָבער דאָ איז איהם ערשט געקו־מען אויפ'ן זינען מיט וועמען גליקליך. און איהם האָט זיך ערשט איצט פאָרגעשטעלט דער פּנים און דיא גאַנצע פיגור פון דעם אמעריקאנער, און דעם איינדרוק וואָס ער האָט אויף איהם געמאַכט.

אַך, וויא וואָלט ער געוואָלט זעהען זיך איצט מיט רויזלען, ניט וויא איהרער אַ געליעבטער, נור וויא אַן אמת'ער, אויפריכטיגער גוטער פריינד, וויא אַ ברודער וועלכער האָט קיין אנדער זאַך אין זינען ניט, וויא בלויז איהר גליק. ער וואָלט איהר זאָגען, זיא זאָל ניט זיין צוגעאיילט, זאָל זיא זיך גוט מיישב זיין, זאָל זיא ניט גלויבען וואָס אַ שדכן זאָגט איהר אָדער אין בבא מעשיות, וואָס פּוסטע מיילער דערצעהלען פון איהם.

אָבער וויא זאָל ער דאָס טהאָן? וועט זיא איהם דען ניט האָבען אַ רעכט ארויסצויאָגען פון איהר הויז? און איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט דיא סצענע, וויא אויפגערעגט זיא וועט ווערען. אין זיין זכרון איז איצט ארויפ־געשוואומען דיא אויפגערעגטע סצענע נאָך זיין ערקלעהרונג, אַז צווישען זיי קען גאָרנישט זיין, וויא זיא האָט היסטעריש, אַ געשטיקטע פון ספּאַזמען, געשריען: „געהט, געהט! וואָס זשע ווילט איהר נאָך דאָ! ווער שטערט אייך אין אייערע ערפינדונגען! ווער בעט זיך ביי אייך? וואָס ווילט איהר פון מיר? געהט, שטרעבט, ערפינדעט, שיעסט זיך איין אַ קויל אין קאָפּ, אָבער וואָס ווילט איהר פון מיר האָבען!"

פאַר זיינע אויגען האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס בילד, וויא זיא וועט אויסשטעלען אויף איהם איהרע גרויסע אויגען אַזוי וויא דאַן, וויא אין איהרע באַקען וועט אַ שפּיעל טאָהן אַ בונטע־רויטקייט, פלאַמען־רויטקייט, און וויא זיא וועט איהם אַ זאָג טאָהן: „ווער בעט אייך צו זיין מיינער אַ בעל־עצה? ווער דאַרף אייערע טובות? זאָרגט זיך ניט פאַר מיר! געהט, זאָרגט זיך פאַר אייערע ערפינדונגען! איך וועל שוין אויסקומען אָהן אייערע פריינדשאַפט!"

איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ניט אַנדערש וויא אַזוי וועט זיא צו איהם ריידען, אַן אַנגעצונדענע פון בעליידיגטער שטאָלץ, פון ענטטוישטער ליעבע. אָדער אפשר וועט ניט קומען גאָר אפילו דערצו. זיא וועט אפשר איהם אפילו ניט בעעהרען מיט אַנזידלען איהם, וועט פשוט אַ שפּיי טאָהן מיט כעס און אוועקגעהן ניט ענטפערענדיג איהם אפילו אַ וואָרט.

אַזוי האָט ער זיך ארומגעשלאָגען מיט זיינע רעיונות און האָט ניט געוואוסט וויא ער זאָל טאָהן. ענדליך האָט ער געפּאַסט אַ בעשלוס, ער ווייס דאָך טאַקע ניט וואָס ער זאָל איהר אָנגעבען פאַר אַן אורזאַכע, וואָס האָט ער אויסצוזעצען געגען דעם שידוך?

עס בלייבט איין זאַך צו טהאָן. און דאָס מוז ער טאָהן פון איהרעט

וועגען ; דאָס איז זיין פליכט צו טאָהן. האָט ער דען איהר ניט געזאָגט, אַז פאַר איהם וועט אימער זיין אַ גליק צו זעהען זיא גליקליך, ווען אפילו ניט מיט איהם ? ער מוז זיא אויסהיטען פון אונגליק. עס בלייבט איהם איין זאַך צו טאָהן : אויסגעפינען געני'ס ווער דער יונגערמאַן איז. ער האָט זיין קאַרטע. ער האָט זיין אַמעריקאַנישען אַדרעס. וויא זאָגט דער רוסישער שפּרוך : „יאַזיק קיעווא דאָפּיטאַיעטסיא,“ וואָס עס הייסט, אַז ניטאָ אַזא זאַך וואָס מען זאָל ניט קענען אויסגעפינען. ער קאָן דאָך שרייבען צו זיין קרוב, וועלכער געפינט זיך אין פּראָווידענס, ער זאָל אויסגעפינען וועגען אַ געוויסען מאַקס קאַרץ פון נומער. . . באָטענוואוד סטריט, פילאַדעלפיא און זאָל איהם ענטפערען געני'ס, ווער ער איז ? דאָס איז זיין ווירקליכע בעשעפטיגונג ? איז ער טאַקע רייך ? א. ד. וו. א. ז. וו.

אָבער ער האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז נאָך ווייניג. ווער ווייס וויא לאַנג עס קאָן נעהמען זיין קרוב אויסצוגעפינען עפּעס וועגען דעם ? ווער ווייס וויא ווייט פּראָווידענס איז פון פילאַדעלפיא ? אמת, ער קאָן דאָס אויסגעפינען. אָבער דאָך וואָלט בעסער געווען, ער זאָל דעם קרוב שרייבען עפּעס מעהר סמנים וועגען דעם מאַקס קאַרץ.

ער האָט בעשלאָסען נאָך אַמאָל אריעבערצוגעהן אין מאָסקווער גאָסטיניצע, נאָך אַמאָל ריידען מיט דעם אַמעריקאַנער. ער קאָן געפינען אַן אויסרייד. ער איז דאָך שוין מיט איהם בעקאַנט. ער וועט טאַקע ביי איהם אַליין אויך פרעגען שוין וויא ווייט עס איז פון פּראָווידענס קיין פילאַדעלפיא און אויב ער האָט ניט וועלכע עס איז בעקאַנטע אין פּראָווידענס.

און זרחי איז געגאַנגען נאָך אַמאָל בעזוכען דעם אַמעריקאַנער. אָבער איצט איז ער שוין ניט געגאַנגען מיט אַזעלכע לייכטיגע האָפנונגען אין הארצען, וויא דעם ערשטען מאָל, ווען ער האָט געוואָלט ערקונדיגען זיך וועגען אויזיכטען אין אַמעריקאַ פאַר זיין ערפינדונג. מיט אַ שווערען הארצען איז ער איצט געגאַנגען און מיט אַ געפיהל פון פעראַכטונג צו דעם, צו וועמען ער געהט.

וויא ענטטוישט איז ער אָבער געוואָרען, ווען ער האָט זיך ערקונדיגט, אַז דער גאַסט איז נור וואָס אַוועקגעפאָהרען אויף אַ פּאָר וואָכען קיין קיעוו. דאָס איז געווען נעמליך אַקוראַט אויף מאָרגען נאָך תנאים, און וויא דער לעזער ווייס שוין פון דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל, איז אַזוי געווען דער אָבמאַך פון דעם חתן מיט רויזלען, אַז ער פאָהרט אָב באַלד נאָך תנאים וועגען זיינע געשעפטען און וועט קומען צוריק אין עטליכע וואָכען ארום און דאַן זאָל מען פּראַווען דיא חתונה.

דאָס האָט עפּעס נאָך מעהר פערדעכטיגט געווירקט אויף זרחי'ן. וואָס הייסט עס ? נור וואָס געווען תנאים. . אַ מענש קומט צו פאָהרען פון אַמעריקאַ טאָהן אַ שידוך... איז רייך און נעהמט אַן ארעם מיידעל....

און כאַפּט און פאָהרט אוועק באַלד נאָך תנאים צוליעב געשעפטען!... זאָנדערבאַר!

זרחי׳ן האָט זיך דאָס פּשוט ניט געגלויבט. אָבער פון דער אונאָרד־נונג, וועלכע עס איז אין זיין צימער, האָט ער געזעהען, אַז עס איז אמת; דער צימער זעהט אויס אַזוי, וויא דער גאַסט וואָלט ערשט ניט לאַנג איינגע־פּאַקט זיינע זאַכען און אָבגעפאָהרען. זרחי׳ן איז אויסגעקומען צו שטעהען אין קאָרידאָר, ווען דער פּאַקטער פון גאָסטיניצע האָט עס איהם ערקלעהרט; דיא טהיר פון׳ם צימער, אין וועלכען מאַקס קאַרץ איז איינגעשטאַנען, איז געווען צועפּענט און אַ דיענסט האָט געהאַלטען אין אויסקעהרען און אויפ־ראַמען דעם צימער נאָך דעם אוועקגעפאָהרענעם גאַסט.

— עפּעס קוקט איהר אַהין, וויא איהר וואָלט ניט געגלויבט, אַז ער איז אוועקגעפאָהרען — האָט אַ לאַך געטאָהן דער פּאַקטער — געהט און קוקט זיך איין, אפשר האָבען מיר איהם בעהאַלטען אונטער׳ן טיש.

זרחי האָט זיך פערשעהמט. ער האָט פערשטאַנען, אַז ער זעהט ווירקליך לעבערליך אויס אריינקוקענדיג אין צימער. און עפּעס אַזוי וויא גאָר אָהן זיין אייגענעם ווילען, האָט ער זיך פאַרענטפערט:

— איך קוק, ווייל איך האָב געדאַרפט פון איהם קריגען אַ פּאַפּיער און איך האָב ניט געוואוסט, אַז ער פאָהרט אוועק.

— געהט אריין, גיט אַ קוק, אפשר האָט ער איבערגעלאָזען פאַר אייך. דאָרט וועלגערט זיך גענוג פּאַפּיער אויפ׳ן טיש.

זרחי איז שוין ניט גערען געווען, וואָס ער האָט עפּעס אויסגעטראַכט אַזאַ נאַרישען תירוץ, פאַר וואָס ער קוקט אריין אַזוי שטאַרק אין צימער. אָבער ווען דער פּאַקטער האָט איהם צ זאָג געטאָהן וועגען דיא פּאַפּיערען, האָט ער אַ טראַכט געטאָהן: און פאַר וואָס טאַקע ניט צ קוק טאָהן?

אין קיין אַנדער פאַל און אונטער קיינע אַנדערע אומשטענדען וואָלט זרחי אַזאַ זאַך ניט געטאָהן — געהן שאַרען זיך אין פרעמדע פּאַפּיערען. אָבער דאָ איז גאָר געווען אַן אַנדער פאַל און וויא ער וואָלט עפּעס זיכער געוועזן, אַז ער וועט וואָס געפינען, וואָס עס וועט פאַר איהם דיענען אלס אַ צייכען וועגיגסטענס צו שילדערען דעם אַמעריקאַנער, ווען ער וועט זיך אָנפרעגען וועגען אַזאַ און אַזאַ פּערזאָן ביי זיין קרוב אין פּראָווידענס.

ער האָט זיך בענוצט מיט דעם פּאַקטערס ווערטער, איז אריין און האָט אַ שאַר געטאָהן דיא פּאַפּיערען. אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען סתם פּאַפּיערלעך, וועלכע האָבען גאָרנישט געוויעזען. איין פּאַפּיער בלויז, אַ האַלב אָבגעריסענעם, האָט ער געפונען וואָס האָט געצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט. געשריעבען אין אידיש, אָבוואָהל אַזאַ האַנדשריפט, וויא אַ קינד וואָס לערנט זיך ערשט שרייבען דעם אַלף בית, וואָלט עס געשריעבען. לויט דעם אבריס האָט מען געקענט זעהען, אַז דאָס איז געווען אַ בריעף, וועלכען מען האָט צוריסען און אוועקגעוואָרפען. עס האָט געפעהלט דיא אַנדערע העלפט און אַ

שטיק פון דער זייט. אָבער דער אויפשריפט איז געווען מיט ענגלישע בוכ־שטאַבען, וואָס האָבען אויך אויסגעזעהען וויא קאָטשערעס, און דיעזע אויפ־שריפט איז געווען: „פילאַדעלפיא, יולי 18“. — דאָס הייסט, אַז דער בריעף איז געשריעבען געוואָרען ערשט מיט אַ מאָנאַט בעפאָר. אָבער צו וועמען גע־שריעבען? דאָס איז ניט געווען צו דערקענען, וויל דיעזער שטיק פון דער רעכטער זייט איז געווען אָבגעריסען. פון דיא שורות, וואָס זיינען געבליעבען גאַנץ, האָט זרחי געקענט אויסמאַכען פאָלגענדע ווערטער, וועלכע ער האָט מהיילוויז ניט פערשטאַנען: „דאָרפּעסע סכערע זיינען ניט גוד, בלאַטע“ — (אַ שטיק אָבגעריסען) און מיט נעיאָרק איז צאָרעס, וואָרין דיא העמעגרייסען אינצפּעקטערס טאָפּין אַלץ, סאַדען צו אַ פאַמיליע.. (אַ שטיק אָבגעריסען)... „באַסענע סכערע זיין בעצער“... דיא פאַליץ נעמט איצ ניט קיין קאַילעביגע, וואָרין קיד יאָעל זיין געפּענטעט (אָבגעריסען) „בעצער צו פיערין אָף קענעדע“ — (אָבגעריסען) „זאָל מען סרייבען מאַקס קאָרץ, ווּעט מען ענפערין שוין גאָר האָלערייט“ (אָבגעריסען) „קיד יאָעל געפּאַקט צאַפּענדיג בורעקעס ראָסיל פון אַ סקווילער. ט גריץ פון ריפּקעלען אונד פון איצעק סינדעם“... (אָבגעריסען.) — „געלט געשיגט...“

ווייטער זיין שוין געווען אַזוי צוריסען, אַז ער האָט ניט געקענט דורכמאַכען קיין איין וואָרט. פון דיא ווערטער, וועלכע ער האָט שוין אפילו יאָ איבערגעלעזען האָט ער אויך קיין קלאָהרען געדאַנק ניט געקענט אויסמאַכען.

זרחי האָט גענומען דאָס שטיק פּאַפּיער און איז אַוועק אַ צוטומעלטער. עפּעס האָט דאָס שטיק פּאַפּיער, וואָס איז געווען אַזוי עם־הארצ׳יש געשריעבען, דערוועקט זיין פערדאַכט נאָך שטאַרקער פון פריהער, אָבוואָהל ער האָט ניט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהען דיא בעדייטונג פון דיא ווערטער און פון גאַנצע פראַזען. ערשטענס האָט ער געזעהען, אַז דאָס איז געשריעבען געוואָרען פון אַ גראָבען יונג צו אַ גראָבען יונג. צווייטענס האָט ער דערפון געדרונגען, אַז מאַקס קאָרץ איז ניט קיין ריכטיגער נאָמען. דאָס האָט ער געדרונגען פאַר־שטעהענדיג דיא בעדייטונג פון דעם וואָרט „האָלרייט,“ ווארום זיין קרוב פון פראָווידענס האָט איהם אַ פּאָר מאָל געשריעבען דעם וואָרט, נור דער קרוב פלעגט אויסלעגען אָלערייט (פערקריפּלענדיג דעם ענגלישען וואָרט „אָלרייט“) און דאָ שטעהט האָלערייט. אָבער דאָס מוז דאָך זיין דאָסזעלביגע, ווייל ער זעהט דאָך, אַז אַלע ווערטער אין בריעף זיינען געשריעבען עם־הארצייש. און וואָס „אָלערייט“ איז האָט איהם זיין קרוב ערקלעהרט, דערצעהלענדיג איהם אין אַ בריעף, אַז מיט דיעזען וואָרט קאָן מען דורכפאָהרען גאַנץ אמע־ריקא און אַז עס בעדייט: גוט, שעהן, קלוג, רייך, און נאָך פיעלעס.

וויא באַלד, אַז מען שרייבט, דאָס ווען מען וועט זיך נאָכפרעגען אויף דעם נאָמען מאַקס קאָרץ וועט מען ענטפערען גוט, און מען שרייבט ניט „ווען מען וועט פרעגען אויף דיר“ איז אַ סימן אַז דער נאָמען איז אַ פאַלשער. אַזוי האָט זיך ביי איהם געלייגט אויפ׳ן שכל. דער יאָנדערבאָרער אויסדרוק:

„ער האט אבגעצאפט בוריקעס־ראסעל" האט איהם א צופ געטאהן אין הארצען. און איהם האט זיך געדוכט, צו ווערט דא ניט גערעדט וועגען א מארד, יעדענפאלס וועגען עפעס בלוט־פערגיעסונג.

ער האט אנדערש ניט גערעכענט אז איצט מוז ער לויפען צו רויזלען, צו יאכנע איטען אויב רויזעל וועט מיט איהם ניט וועלען ריידען, און ער מוז זיי וויזען. עס איז דאך שרעקליכער וויא ער האט גאר פריהער געוואגט צו פערדעכטיגען. פריהער איז דאך זיין פערדאכט בלויז געווען, צו שטעלט זיך ניט ארויס א פראסטער, אונוויסענדער, פאלשער מענש פאר א רייכען אמעריקאנעם, ווייל ער וויל א שידוך טאהן מיט א רעכטער מיידעל. איהם האט זיך נאך פריהער געדוכט, אז אפשר איז דאס אייגער פון יענע חברה־לייט, וועלכע האבען אין יעדער שטאדט חתונה מיט אן אנדער ווייב און ווארפט זיא אוועק און פערשווינדעט באלד נאך דער חתונה. אבער איצט האט ער שוין אנגעהויבען פארדעכטיגען, מ׳ שטעקט דא ניט עפעס א גרעסערער אונגליק. און ער האט גאר מורא געהאט פארצושטעלען זיך, וואס פאר א שרעקליכער אונגליק דא קאן שטעקען.

ווען ער איז אבער אנגעלאפען עטליכע גאסען, האט ער זיך ערשט געכאפט, אז ער האט נאך איצט אויך ניט מיט וואס צו קומען צו רויזלען און ווארענען זיא, וויא ער האט עס פריהער ניט געהאט איידער ער האט געפונען דאס שטיקעל פאפיער. ווייל וואס עס זאגט דאס שטיקעל פאפיער, קאן ער דאך אליין קלאהר ניט אויסמאכען. מאלע וואס ער האט געפונען א שטיקעל פאפיער עם־הארציש און גראב־יונגיש געשריעבען; דאס זאגט דאך נאך גארנישט.

ניין, ער וועט ניט געהן צו זיי. דער חתן איז דאך סיי־וויא־סיי אוועקגעפאהרען אויף עטליכע וואכען. ער וועט בעסער טהאן, ווען ער וועט שוין שיקען א בריעף צו זיין קרוב און וועט איהם בעטען רחמים, ער זאל אויסגעפינען ווער איז מאקס קארץ פון באטענוואיד סטריט, פילאדעלפיא. ער וועט נאך בעסער טהאן, ער וועט אריינלייגען דאס שטיקעל פאפיער אין בריעף און ער וועט בעטען, זיין קרוב זאל איהם שרייבען דיא בעדייטונג פון דיא ענגלישע ווערטער, וועלכע ער פערשטעהט דארט ניט און ער זאל גלאט בענוצען זיך מיט דעם שטיקעל פאפיער אויסצוגעפינען עפעס געוויערעס.

ער איז געלאפען גלייך צו זיך אויף דער קווארטיר, האט זיך געזעצט און אנגעשריעבען א דרינגליכען בריעף צו זיין קרוב, בעטענדיג איהם אין נאמען פון אלעם וואס הייליג און טהייער איז, ער זאל אויסגעפינען אלעם און מיט אלע פרטים, ווער דער מאקס קארץ איז. אויב פילאדעלפיא איז ערגיץ נאהענט פון פראווידענס, זאל ער ניט פוילען זיך אליין אריעבערפאהרען אהין.

זרחי האט גענומען נאך און געשיקט צעהן רובעל, פון זיינע לעצטע,

האָט עס אוועקגעשיקט מיט'ן פערסטראַכירטען בריעף, כדי עס זאָל קיין מניעה ניט זיין, אויב דעם קרוב וועט עס דאַרפען לאָסטען הוצאות. א קאָפּיע פון דעם גראָב־יונגישען שטיקעל בריעף האָט ער פאַר יעדען פאַל אָראָבגע־נומען און געלאָזען ביי זיך.

7.

מיט אונגעדולד האָט זרחי געצעהלט יעדען טאָג פון דעם טאָג אָן וואָס ער האָט דעם בריעף אוועקגעשיקט און ווען עס זיינען אריבערגעגאַנ־גען זעכצעהן טעג, האָט ער אָנגעהויבען צו צעהלען ממש דיא שטונדען. עס זיינען אריבער אכצעהן טעג, ניינצעהן — קיין ענטפער! זרחי האָט שוין ניט געקאָנט שלאָפען ביינאַכט און בייטאָג פלעגט ער ארומלויפען ווי א משוגענער, סתם לויפען איבער דיא גאַסען וויא א פערסם'טער; איהם האָט זיך געדוכט, טאָמער וועט ער וואָס דערשפּירען, דערשמעקען. זיינע יסורים זיינען געווען שרעקליך. עפּעס האָט זיך איהם געדוכט אזוי וויא גזלנים וואָלטען בינדען זיין רויזלען פאַר איהם אין דיא אויגען אום צו ערמאָרדען זיא, און ער שטעהט און זעהט און קאָן גאָרנישט טהאָן אום צו ראַטעווען זיא. פאַר דיא עטליכע וואָכען איז ער געוואָרען א האַלבער מענש.

און ענדליך האָט ער דערלעבט; אויף דעם דריי און צוואַנציגסטען טאָג אין דער פריה האָט ער ערהאַלטען אַן ענטפער פון זיין קרוב פון פּראָ־ווידענס. מיט ציטערענדע הענד האָט ער אויפגעריסען דעם בריף, איז איהם דוכגעלאָפען מיט דיא אויגען נאָך ניט לעזענדיג און איז געבליעבען א ווייל־ע ענטמוישט. ער ווייס ערשט גאָרנישט, און דאָ האָט ער שוין געהערט, אז מען היכט זיך און מען גרייט זיך צו אין פיער טעג ארום צו פראַווען רויזעל'ס חתונה.

ער האָט זיך אָבער ענדליך בעהערשט און האָט זיך גענומען נאָך אַמאָל לעזען. ביים צווייטען מאָל לעזען האָט דאָס איהם שוין אביסעל בע־פריעדיגט. דער בריעף האָט אזוי געלויטעט:

„האָכגעשעצטער פריינד נאַטהאַן זרחי. —

„דיין בריעף ערהאַלטען און ער האָט מיר געבראַכט גרויס עגמת־נפש, ווארום מען קאָן דערקענען פון'ם לשון דעם אימפּעט, מיט וועלכען ער איז געשריעבען געוואָרען. וואָלסטו מיר באַטשיקע שרייבען וואָס האָט געטראָפען פאַר אַן אונגליק? וואָס פאַר א שייכות קאָנסטו האָבען מיט דעם מיסטער מאַקס קאָרץ, וועגען וועלכען דוא ווילסט, אז איך זאָל אַלעס אויסגעפינען? און דוא שרייבסט מיר ניט פאַר וואָס! איך דאַנק דיר פאַר דיא פינף דאָלאַר (צעהן רובעל) וואָס דוא האָסט מיר צוגעשיקט אויף הוצאות. אָבער איך האָב זיי דערוייל ניט גיברויכט, ווארום איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, אז ווען איך זאָל אפילו וועלען פערליערען א וואָך שכירות (מען רופט עס ביי אונז אין אַמעריקאַ וויידזשעס) און פאָהרען קיין פילאַדעלפיא, האָב איך אָבער מורא צו פערליערען אויף אימער מיין דזשאָב (שטעלע), ווארום

אמעריקא איז ניט יוראפ (אייראפא). דא אארט ניט דעם באס (בעל הבית) וואס דוא וועהרסט אן דיין ברויט, ווען אפילו דוא האסט ביי איהם געקענט ארבייטען יאהרען לאנג, נור אז דוא קומסט ניט א וואך צו דער ארבייט, איז אויס, ביסטו שוין מיט איהם מעהר קיין מחותן ניט.

„נור פון דעסטוועגען מיין ניט, אז איך בין אין אמעריקא געווארען אזא שלעכטער און וועל ניט טהאן דאס, וואס דוא פערלאנגסט פון מיר. איך האב געשיקט א בריעף קיין פילאדעלפיא דעם ערשטען טאג גלייך וויא איך האב דיין בריעף מקבל געוועזן. און איך האב געשריעבען גאר צו א שעהנעם מענשען; ער איז אי א פרומער, אי א היינטוועלטיגער, אבער גאר א פיינער מאן; ער איז א רעוורענד (ראבינער). איך קען איהם דערפון, וואס ער איז מיין חנה'ס א קאזין (שוועסטער קינד). ער וועט מיר געוויס ענטפערן באלד וויא ער וועט אויסגעפינען און איך האב איהם געשריעבען דיין אדרעס אויך; אפשר האסט דוא שוין בעקומען זיין בריעף, ווארום איך האב זיך מיט מיין בריעף פערשפעטיגט, ווייל איך האב געמיינט, אפשר וועל איך פון איהם גלייך האבען אן ענטפער און וועל דיר קענען שרייבען וואס איך וויים.

„הקיצור, דערווייל וויים איך נאך ניט וואס איך זאל דיר שרייבען, נור דאס שטיקעל אבגעריסען בריעף וואס דוא האסט מיר געשיקט, און וועלכען איך האב צוגעשיקט צו אונזער פריינד דעם רעווערענד אין פילאדעלפיא, געפעלט מיר גאר ניט. איך בין שוין מוחל, וואס דאס איז א לשון פון גראבע יונגען, וויא דוא שרייבסט מיר. דארטען זיינען אבער דא אזעלכע נעמען און ווערטער, וואס האבען עפעס צו טהאן מיט חברה־לייט, באנדיטען. דארט שטעהט א נאמען „קיד יאעל" — ווייסט דוא וואס דאס מיינט? דאס איז א נאמען עפעס פון א באנדיט. אז דוא ווייסט גארניט וואס אמעריקא איז. דא זיינען פאראן אזעלכע אידישע באנדיטען, אז עס איז א חרפה און א שאנדע פאר'ן יודענטהום און דאס קאן ברייננגען חס חלילה אנטיסעמיטיזם אויך אין אונזער פרייער קאנטרי (מדינה). מען רופט זיי דיא „גענגס", דאס מיינט באנדעס. אזוי שרייבען אויך דיא נויארקער אידישע צייטונגען. און וואס שטעהט דארט „געצאפט בוריקעס־ראסעל פון א סקווילער," רעכען איך, אז דאס מיינט פארגאסען די בלוט פון אמענשען, אויך א חברה־מאן, וואס האט אויסגעזאגט פון חדר. א סקווילער אויף ענגליש איז איינער, וואס זאגט אויס א סוד פון דיא חברה־לייט. זעה אקארשט צו האנדעלט זיך ניט דארט וועגען „וואיט־סלייווערי טרעפיק," דאס מיינט דער מסחר מיט נקבות. פארשטעהסט דא. אין נויארק האט ניט לאנג זיך געקעהרט א וועלט, וואס עס האט זיך אנגעהויבען אן אונטערזוכונג פון דעם האנדעל מיט לעבעדיגע סחורה, און עס איז געווארען אזוי שטרענג, אז מען לאזט איצט ניט אריין קיין עמיגראנטען, וואו מען פרעגט זיי ניט אויס פון דער מאמעס מילך ביז זייער אנקומען קיין אמעריקא, בפרט ווען דאס איז א פרויענצימער. הכלל איך וויים נאך ניט וואס איך זאל דיר שרייבען,

אָבער אזוי וויא דוא בעטסט איך זאָל דיר תיכף ומיד ענטפערען, שרייב איך דיר, אז דוא זאָלסט ווייטער קיין זאַך ניט טהאָן און וואַרטען אויף מיין פאָלגענדען בריעף, אויב דוא האָסט נאָך ניט ערהאַלטען קיין בריעף פון דעם רעווערענד, וויא איך האָב געשריעבען אויבען.

מאַך קיינע געשעפטען ניט מיט דעם מאַקס קאַרץ, ווארום אזא מענש, וועלכען מען שרייבט אזעלכע בריעף, געפעלט מיר ניט, און אפשר איז דאָס פערבונדען מיט מיאוסע געשעפטען. וואָס זשע טהוט ער דאָרט דער מאַקס קאַרץ? וואָס פאַר אַ געשעפטען קאָנסטו האָבען מיט אַזא מענשען? וואַרט אויף מיין בריעף און ענטפער מיר."

ווייטער זיינען געווען עטליכע שורות וועגען אייגענע אנגעלעגנהייטען און דערמיט האָט זיך זיין קרוב׳ס בריעף געענדיגט.

ווען ער האָט גוט דורכגעלעזען דעם בריעף נאָך אמאָהל און נאָך אמאָהל האָט ער געפיהלט וויא איהם הויבט אָן שווינדלען אין קאָפּ, און אַז זיין גאַנצער קערפּער איז וויא אין אַ פיעבער־היץ. דאָס איז געווען די פאָלגע פון פיעל שלאָפלאָזע נעכט און פון האַרצווייטאָג. ער איז געווען נער־ווען, אַז ער האָט אריינגענומען דעם קאָפּ אין די הענד און האָט זיך צו־וויינט וויא אַ קינד.

ווען ער איז געקומען אביסעל צו זיך האָט ער בעשלאָסען ניט צו געהן צו רייזלען און ניט צו יאַכנע איטען, זאָנדערן גלייך צו דעם אמעריקאַ־נעם, וועלכער איז שוין זיכער געקומען צו פאָהרען, ווארום אין אַ פּאָר טעג ארום דאַרף דאָך זיין די חתונה. דאַרף זיך אָבער מאַכען, אַז גראַד ווען ער איז געקומען איז דער אמעריקאַנער געווען זעהר פערנומען. אזוי האָט גע־ענטפערט דער פּאַקטער.

ער האָט אָבער ניט געהערט, האָט אויפגעוואַרט אַ ווייל און איז אָהן נאָכפרעגעניש צוגעגאַנגען צום צימער, וואו דער גאַסט איז איינגעשטאַנען. ער האָט געפּרופּט אַן עפענען טהאָן די טהיר, זיא איז פערשפּאַרט. ער האָט אָבער אָנגענומען זיך מיט מוטה און האָט גענומען און שטאַרק אַ קלאַפּ געטהאָן. די טהיר האָט זיך אַן עפען געטהאָן, אַ קאָפּ האָט זיך ארויסגע־שטעקט, ניט דער קאָפּ פון מאַקס קארץ — גאַר אַ בלאָנדער, שעהנער, יונגער בחור, אַ פראַנטיקעל, אָבער אַ גאַנץ אַנשטענדיגער אויפ׳ן פּנים. ער האָט אַ פרעג געטהאָן העפליך:

— ועמען ווינשען זיי צו זעהען?

— מאַקס קאַרץ.

— דער הערר קאַרץ איז זעהר בעשעפטיגט איצט. קאָנט איהר מיר אייער נאָמען זאָגען אָדער האָט איהר אַ וויזיט־קאַרט. איך וועל מעלדען מיין הערן, ציהט אויף אַ ווייל.

זרחי האָט איהם אָנגעקוקט אַ צוטומעלטער.

— מיט וועמען האָב איך די עהרע צו ריידען? — האָט ער האַלב

העפליך, האלב סארקאסטיש א פרעג געטהאן.

— הערר קארץ'ס סעקרעטאר אדער אויב איהר ווילט, זיין פאר־שטעהער היער אין רוסלאנד. דאס הייסט דער פארשטעהער פון זיין פירמא זיי קענען מיט מיין הערן ניט שפרעכען, וואו זיי זאגען מיר ניט זייער נאמען און ווערכער אנגעלעגענהייט.

זרחי האט שוין איצט גארניט געוואוסט וויא אזוי צו האלטען זיך. עפעס אזוי גרויסארטיג! און דער סעקרעטאר מאכט דעם איינדרוק טאקע פון עפעס רעכטס. פון וואנען האט ער זיך מיט איין מאל גענומען?

— זאגט איהם... זאגט — האט זרחי ארויסגעשטאמעלט, — אז דער יונגער מאן, וואס איז ביי איהם געוועזען נאכפרעגען זיך וועגען אמע־ריקא און וועגען אן אנגעלעגענהייט פון ערפינדונג וויל איהם זעהען.

— און אייער ווערטהער נאמען?

— זרחי.

— ציהט אויף, ביטע.

און דיא טהיר האט זיך פערמאכט איהם אין געזיכט. ער איז גע־בליעבען וויא א פערלארענער ווידער. דער גאנצער מוטה, מיט וועלכען ער איז געלאפען צודריקען דעם אמעריקאנער צום וואנד און אראברייסען פון איהם דיא מאסקע, איז אבגעשלאגען געווארען וויא ער וואלט זיך אנשטוי־סען אן א הארטען פעלז. א מינוט פינף איז ער געבליעבען אזוי שטעהן אונ־טער דער טהיר. ענדליך האט דער בלאנדער סעקרעטאר זיך געוויעזען עפע־נענדיג דיא טהיר און האט א זאג געטהאן:

— עס טהוט מיר לייד, הערר זרחי, מיין הערר איז שטארק פערנומען, האט רעכנונגען איבערצוזעהען, קארעספאנדענץ צו לעזען און מיר ראינ־סטרוקציאנען צו געבען. דערצו נאך דיא פארבערייטונגען צו דער האכצייט. קומט אריין פיעלייכט מארגען פריה, אבער פונקט האלב עלף, זאנסט וועט איהר ניט אויפגענומען ווערען.

און איידער זרחי האט זיך נאך געקענט כאפען וואס צו זאגען, האט זיך דער בלאנדער סעקרעטאר העפליך פערנייגט און דיא טהיר האט זיך ווידער צוגעמאכט איהם אין געזיכט. א מאמענט האט ער געפיהלט וויא אינ־יצער וואלט איהם עפעס געבען מיט א האק איבער'ן קאפ.

ער איז אבער געקומען צו זיך און איז ארויסגעלאפען פון מאסקווער גאסטיניצע וויא א פער'סם'טער. וואהין זאל ער לויפען? און ער איז אוועק־געלאפען צום קאזיאנע ראווין. האט זיך גראדע געדארפט מאכען אז דער איספראווניק האט דיעזען טאג געפאדערט צו זיך 'עם קאזיאנע ראווין מיט דיא ביכער פון דיא פאסעמיינע ספיסקעס, און דאס האט פעראורזאכט אזא טרעוואגע ביי דעם קאזיאנע ראווין אין הויז, אז עס איז אונמעגליך געוועזען צוקומען צו איהם. און ווען זרחי האט כמעט מיט געוואלד צוגעשלאגען זיך צו איהם און אנגעהויבען צו דערצעהלען איהם מיט צוטומעלטע ווערטער,

אהן אן ארדנונג, צוליעב וואס ער איז געקומען, האט איהם דער קאזיאנע ראווין אנגעקוקט וויא א משוגענעם, האט איהם פון אנפאנג גאר ניט אנגע־הויבען צו פארשטעהען. דערנאך האט ער מיט איין מאהל א שאס געטהאן:

— קומט איהר מיר דרעהען א קאפ מיט אייערע שידוכים, מיט אייערע מעשות. איהר זעהט אז איך האב דא ניט קיין מינוט צייט, איך מוז לויפען צום איספראווניק.

— אבער פערגעסט ניט וועגען וואס...

— לאזט מיך געמאך, גאספאדין זרחי! — האט ער שוין א געשריי געטהאן מיט כעס — וואס זאל מען שוין פאראיבעל האבען אויף א וועלכען עס איז קאלטענוואטען אידען, אז אזא יונגערמאן וויא איהר קען אויך ניט פערשטעהען... שטערט מיר נישט! קומט מארגען! עס ברענט דארט ביי איך, וואס!

זרחי איז געווארען אין כעס, האט א געשריי געטהאן:

— אט דאס זיינען אונזערע מנהיגים! אונזערע פערזארגער און דיא שומרים פון אונזער מאראל! — האט ער אויסגעשאסען אויף א גאנץ אונפאסיגען אופן.

דער קאזיאנער ראווין, וועלכער איז געווען געגוג נערוועז מורא האבענדיג טאמער וועט דער איספראווניק געפינען אונארדנונג אין דיא מעטריטשעסקע ביכער, אין דיא פאסעמיינע ספיסקעס, א. ז. וו. איז שוין אין גאנצען ארוים פון דיא כלים און האט א געשריי געטהאן:

— איך וועל אייך ארויסטרייבען, אויב איהר ווערט א שייגעץ! געהט צו דער פאליציי, וואס ווילט איהר פון מיר האבען?

זרחי איז ארויסגעלאפען וויא א משוגענער פון קאזיאנע ראווין. איהם איז איצט ערשט ארויף אויפ'ן זינען: צו טאקע ניט לויפען צום איספראוו־ניק? אבער צום איספראווניק קען מען דאך ניט צוקומען אזוי לייכט. זאל ער לויפען צום פריסטאוו?

און איהם איז עפעס פארגעקומען עקעלהאפט דאס צו טהאן. ער, וועלכער קען ניט געדאכטען דיא פאליציי, זאל זיך ווענדען צו דער פאליציי נאך גערעכטיגקייט. און ער איז געבליעבען שטעהן אין מיטען גאס וויא א פערלארענער.

א געדאנק איז איהם איצט געקומען פאר וועלכען ער האט זיך אנגעכאפט וויא פאר א זיכערע רעטונג. ער וועט לויפען צום רב. און אזוי וויא ער וואלט געווען זיכער, אז דאס איז דער בעסטער און זיכערסטער מיטיל, איז ער אוועקגעלאפען צום רב.

ווען ער האט דעם רב געזאגט, אז ער פארדעכטיגט, אז דער אמע־ריקאנער חתן, וואס געהט חתונה האבען מיט דער יתומה, רויזעל יאכנע איטעס, איז א פאלשער מענש, איז ניט דער, פאר וועמען ער גיט זיך ארויס, האט איהם דער רב געענטפערט בנעימות:

— יונגערמאַן, איהר זייט חושד בכשרים. איהר זייט ניט שולדיג וואָס אייך קען זיך דוכטען. אָבער דאָ האָב איך מקבל געווען ערשט נעכטען א בריעף פון פילאַדעלפיא, פון א מורה הוראה בישראל.

— א בריעף פון א רב פון פילאַדעלפיא? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן — דאָס איז דאָך וואָס איך ערוואַרט.

— איהר? וואָס זייט איהר? דער רב פון אָרשע?

— ניין, איך האָב אָנגעפרעגט...

— יונגער מאַן, איהר האָט אָנגעפרעגט און שרייבען שרייבט מען מיר.

— וואָס שרייבט מען?

— עס איז, שרייבט מיר א מורה הוראה מיט א חתימה, אז ביי אונז אין שטאָדט געפינט זיך איצט א פילאַדעלפיער תושב, א יונגער מאַן א נגיד און אז ער איז ראוי לכבוד... א בעל צדקה...

— רופט מען איהם מאַקס קאַרץ?

— זיין אידישער נאָמען איז מרדכי המכונה מאַקס. אייער חשד איז אן אומזיסטער.

— פון א פילאַדעלפיער רב.

— ניט א רב, נור א מורה הוראה, אזוי שרייבט ער זיך אונטער מיט א חתימה.

זרחי איז געבליבען שטעהן מיט א צועפענטען מויל. אויף אזא זאך האָט ער זיך גאָרניט גערעכט. ער איז אוועק צו זיך א היים א פערצווייפעלטער. ער האָט אָנגעהויבען צווייפלען אין זיך אליין. טהוט זיך דאָס מיט איהם אויף'ן וואָהר, אָדער דאָס חלום'ט ער? זאָל דאָס מעגליך זיין, אז דאָס איז אן ענטפער פון יענעם „רעוורענד" (וויא זיין קרוב רופט איהם אָן אין זיין בריעף) יענער רעוורענד פון פילאַדעלפיא, וואָס האָט איהם גדאַרפט ענטפערן? עס קען מעגליך זיין אז דיא גאַנצע געשיכטע איז א טעות, אז דאָס איז א פּראָדוקט פון זיין פאַנטאַזיע. מעגליך, אז יענער רעוורענד ווייס דעם מאַקס קאַרץ, אז ער איז אן אנשטענדיגער איינוואָהנער פון פילאַדעלפיא און אנשטאָט צו ענטפערען א פריוואַט מענשען, ענטפערט ער דעם אָרשער רב.

אָבער וואָס מעהר ער האָט אָנגעהויבען נאָכטראַכטען אַלץ מעהר איז דאָס איהם אליין פאָרגעקומען קשה'דיג דער בריעף צום רב. ערשטענס פאַר וואָס דערמאָנט יענער רעוורענד ניט, אז ער שרייבט דאָס אן ענטפער אויף אן אנפראַגע, וועלכע איז ביי איהם געמאַכט געוואָרען? צווייטענס, פאַר וואָס איז דער בריעף אָנגעקומען גראַד איצט צום רב, ווען עס האַלט שוין נאָהענט פון דער חופה, אויב דאָס איז ניט אן ענטפער פון יענעם, נור סתם א צושריפט פון א רב לכבוד דעם אמעריקאַנער?

און נאָך דעם וויא ער האָט ווידער א נאַכט ניט געקענט איינשלאָפען

און האָט אַלץ אויף אַלערליי אופנים איבערגעטראַכט דיא זאַך, איז איהם אויפגעפאַלען אויפ'ן זינען: צו איז דאָס ניט געוועזן אַן אָשטעל? צו איז דאָס ניט א טהייל פון דערזעלבער געשיכטע? ־ער בריעף איז אפשר גאָר אויך א פאַבריצירטער און דיא חתימה איז אפשר גאָר א פאַלשע? אז אַלעס קען זיין פאַלש פאר וואָס זאָל דאָס ניט קענען זיין אַ פעלשונג? אָבער וויא קען ער דאָס אויסגעפינען?

היינט איז דיא ערשיינונג פון א סעקרעטאַר מיט אזא אנשטענ־דיגען, סימפּאַטישען פּנים, גאָר פלוצלונג, אונערוואַרטעטערהייט, אויך גע־וועזן א נייע אורזאַכע צו פּאַראַליזירען זרחי'ס אַרבייט אויפצודעקען דעם אמעריקאַנער. וואָס איז דאָס פאַר א זאָנדערבאַרע זאַך? דער בעל הבית אליין, דער חתן, איז אזא גראָבע, אונגעהובעלטע בריאה און זיין סעקרע־טאר אזא סימפּאַטישער בחור אָדער יונגערמאַנטשיק? וואו איז ער פריהער געוועזן? און צוריק ווער ווייס, אפשר איז ער אויך א מין חברה־מאַן?

אזוי איז איבערגעגאַנגען דער טאָג און נאָך א טאָג — זרחי'ס טהעטיג־קייט אויפצודעקען דעם אמעריקאַנער איז געוועזן פּאַראַליזירט. ער איז גע־זעסען ביי זיך אין צימער און איז אפילו אויף דער גאַס ניט ארויסגעגאַנגען, וויא ער וואָלט זיך עפּעס שעהמען צו ווייזען דיא אויגען פאַר װעמען. און דאָס האַרץ זיינס האָט שרעקליך געליטען און האָט איהם עפּעס געזאָגט, אַז זיינע פערדעכטיגונגען זיינען ניט קיין אומזיסטע, און ער האָט אודאי אמאָל הונדערט איבערגעלעזען דאָס קאָפּירטע שטיקעל פּאַפּיער פון דעם בריעף, וועלכען ער האָט געפונען אין מאַקס קאַרץ'ס צימער.

ווען עס וואָלט אריבער נאָך איין טאָג אזוי וואָלט אַלעס אריבער אָהן שטערונגען, עס וואָלט זיך אָבגעשפּיעלט רויזעל'ס חתונה מיט'ן אמעריקאַנעם, זיי וואָלטען אוועקגעפאָהרען צוזאַמען און ער וואָלט זיך כאַפּען צום אונגליק צו שפּעט. אָבער אַקוראַט אין דער פריה פון'ם טאָג וואָס דיא חתונה האָט שוין געדאַרפט זיין האָט זרחי ערהאַלטען אַ בריעף, אַ סטראַכירטען פון פי־לאַדעלפיא — דער בריעף, אויף וועלכען ער האָט פריהער געוואַרט און האָט שוין דיא לעצטע טעג אויפגעגעבען דיא האָפנונג איהם צו בעקומען.

און דאָ האָט ער עס אין גאַנצען. נאָך מעהר איידער ער האָט פערדעכ־טיגט, נאָך ערגער איידער דאָס פאַר וואָס ער האָט זיך געשראָקען; דער בריעף האָט געלויטעט אזוי:

„ווערטהער אונבעקאַנטער הערר זרחי, —

„איך בעדויער זעהר וואָס איך דאַרף אייך שרייבען איבער אזא אונאַנגענעהמער אַנגעלעגענהייט, ווארום אונזער געמיינזאַמער פריינד, הערר שלמה גאַרפינקעל פון פּראָווידענס, וועלכער איז דער מאַן פון מיין קוזינע האָט אייך זעהר פערלויבט, אז איהר זייט פון דיא מושלים און גאָר פון די מובחרים פון אונזער יונגערען דור אין רוסלאַנד.

„הכלל, מיין פריינד, איך האָב זיך געגעבען אַלע מיה אויסצוגע־

פינען אַלעס וואָס אַזאַ מענש וויא איך קען נור אויסגעפינען אין אַזעלכע בעדויערענדע אַנגעלעגענהייטען. דער נאָמען מאַקס קאַרץ, וויא איך פאַרשטעה, איז אַ געפעלשטער, יעדענפאַלס האָט קיין געשעפטס־מאַן מיט אַזאַ נאָמען ניט געוואָהנט און וואָהנט ניט אין'ם הויז מיט דעם נומער וואָס איהר שרייבט און אין דער שטראַסע וואָס איהר שרייבט, ביי אונז אין פילאַדעלפיאַ. קיין געשעפט מיט דער פירמאַ פון אַזאַ נאָמען איז אין דער גאַנצער נאַכבאַרשאַפט ניטאָ און קיין מאָל ניט געווען. אָבער דאָס איז נאָך ניט דאָס געפעהרליכסטע, וואָס איך האָב זיך ערקונדיגט. דאָס אונאַנגענעהמע, אָדער עקעלהאַפטע (איך ווייס ווירקליך ניט וויא איך זאָל מיך אויסדריקען), דאָס מיאוס'טע דערביי איז דאָס, וואָס יענעם הויז איז אַ שענדליכער פּלאַץ, אַ בית זונות. דיא לייטע, וועלכע וואָהנען דאָרט פיהרען געשעפט פון פּראָסטיטוציאָן.

„זיי פערשטעהען דאָך, מיין פריינד, אַז בעזוכען אַזאַ הויז האָב איך ניט געקאָנט, אָבער וואָס איך האָב זיך ערקונדיגט איז וואַהר און קאָן בעשטעטיגט ווערען פון עדות. דער סאַמע ווירטה פון דיעזען פּלאַץ, וועלכער איז בעוואוסט אין בעשטימטע קרייזען אַלס איינער פון דיא מיאוס'טע לייט, וועלכער האַלט נאָך פיעלע אַזעלכע מיאוס'ע הייזער, און מען זאָגט גלייך, אַז ער האָט אַזעלכע געשעפטען אויך אין נויאָרק און שיקאַגאָ, איז מיט אַ פּאָאר טעג צוריק אַרעסטירט געוואָרען. און אַרעסטירט איז ער געוואָרען איבער אַ שענדליכער אַנגעלעגענהייט, וועלכע איז פיעלייכט פערכטערליכער אָדער ניט וועניגער פערכטערליך וויא זיינע זנות־געשעפטען. ער איז אַרעסטירט געוואָרען אַלס בעטהייליגטער אין אַ מאָרד, וועלכער איז געשעהען אין נויאָרק און אין וועלכען עס איז אַנגעקלאַגט געוואָרען אַ געוויסער „קיד יאָעל". דיעזער „קיד יאָעל" איז לײדער גאָטעס אויך איין יודע און דיא שמאַך און דיא שאַנדע איז גרויס.

„דאָס ערקלעהרט וואַהרשיינליך דיא ווערטער פון דעם שטיקעל בריעף, וועלכען איהר האָט צוגעשיקט. עס איז אַ פערכטערליכע געשיכטע. צו אַלע מעשים, וועלכע מען האָט אויפגעדעקט פון דער באַנדע, אין וועלכע עס געפינען זיך רויבער, מערדער, מעדכען־פערפיהרער, האָט מען אויך געפונען, אַז דיא לייטע זיינען פערמישט אין דעם האַנדעל מיט ווייסע שקלאַפינען אויך אין אַנדערע לענדער. דיעזע לייטע פיהרען אַ גאַנצען טראַנספּאָרט־געשעפט אין יוראָפּ און אַמעריקאַ. מען האָט ביי דעם אַרעסטירטען בעל־הבית'ל פון'ם הויז אין באָטענוואוד סטריט געפונען געפעלשטע בריעף אַלס רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף פון גרויסע געשעפטסלייט און פון אַזעלכע פירמאַס, וועלכע עקזיסטירען גאָר ניט, און אויך בריעף פון כלומר'שטע רבנים, וואָס זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ מיט נאָכגעמאַכטע חתימות. און וואו דיא לייטע געפינען אַזעלכע פערזאָנען, וואָס זאָלען פאַר זיי פערפאַסען זאָגאַר פרומע רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף, דאָס איז רעטזעלהאַפט.

„דער פועל יוצא פון אלעס וואס איך האב זיך ערקונדיגט איז, אז איך ווייס ניט, ווער דער מאקס קארץ איז און אז אין פילאדעלפיא האב איך ניט געפונען קיין פערזאן, וועלכער קאן אזא מאן. ביי מיר איז אבער קיין ספק ניט, אז דאס איז א מאן, וועלכער דארף ארעסטירט ווערען און אז זיינע געשעפטען זיינען זעהר שמוציגע. שוין דאס אליין וואס אין א בריעף צו איהם ווערען דערמאנט „קיד יאעל" און „איצקע שינד־איהם־אב", איז שוין גענוג דאס זאל ווארפען א חשד אויף איהם. דען דער נאמען וואס איז דערמאנט אין אבגעריסענעם שטיקעל בריעף „איצקע סינדעם" איז דאס עם־הארצ'יש אויסגעלייגט „איצקע שינד־איהם־אפ". דאס איז נעמליך איינער פון דיא געפעהרליכסטע באנדעס, וועלכע מען רופט ביי אונז „גענגס".

„איך אייל זיך אייך צו שיקען דיעזען בריעף און איך האלט נאך אליין אין אויסגעפינען. דיא פינף דאלאר, וואס זיינען פון אייך צוגעשיקט געווארען צו גארפינקען און וועלכע ער האט מיר געשיקט אויף הוצאות, זיינען זעלבסטפערשטענדליך ניט גענוג. שרייבט מיר וואס אם שנעלסטען וועגען דיא מעשים פון דעם מאקס קארץ אין אייער שטאדט, ווארום עס געהט ביי אונז איצט אן אן אונטערזוכונג וועגען דעם האנדעל מיט ווייסע שקלאפינען. דיא אונטערזוכונג געהט אן פון א קאמיסיאן פון דער רעגיערונג און עס לאזט זיך הערען ביי אונז אין דיא צייטונגען, אז עס וועט איינבערופען ווערען אן אינטערנאציאנאלער קאנגרעס מיט פלענער צו קעמפפען געגען דיעזען שענדליכען האנדעל, וועלכער געהט אן אין אלע מדינות. דיא פליכט פון יעדען איז ארויסצושטעלען דיא פאקטען און צושטעלען זיי דער קאמיסיאן.

„וויא נאר איך וועל אויסגעפינען עפעס מעהר וועגען דעם מאקס קארץ וועל איך אייך תיכף שרייבען. איך ווייס ניט זיכער, אויב איך בלייב דא לאנג אין פילאדעלפיא, וואו איך קאן ניט בעקומען קיין אנשטעלונג פאר־סענד פאר מיר.

„איך ווינש אייך גליק אונבעקאנטערוויז, אייער,
„אליעזער בן יוסף יודמאן."

זרחי האט נאר איין מאל איבערגעלעזען דעם בריעף און אבוואהל ער האט איבער זיין אויפגערעגטען צושטאנד נאך ניט געכאפט קלאהר דעם גאנצען אינהאלט פון בריעף, אבער דאס וואס ער האט געדארפט וויסען איז שוין פאר איהם געווען קלאהר. ער איז געלאפען גלייך צו יאכנע איטען, איז צוגעלאפען צום טויער, ער האט בעמערקט פון וויטען וויא רויזעל איז גע־שטאנען אין פענסטער און האט זיך עפעס א צאפעל געטאהן און איז אבגע־שפרונגען. איהם האט עס א ריס געטאהן אין הארצען, אפנים וויא זיא איז דאס אבגעשפרונגען, ווייל זיא האט איהם דערזעהען, האט ער זיך א טראכט געטאהן — איהם האט עס אזוי פערקוועטשט דאס הארץ פאר איהר, אז ער איז אבגעלאפען צוריק.

ער האט זיך דערמאנט, אז אין בריעף שטעהט וועגען ארעסטירען

דעם מאַקם קאַרץ, און ער האָט זיך שוין איצט ענטשלאָסען, אַז דיא זיכערסטע זאַך איז טאַקע צו לויפען צום איספּראַווניק און גלייך לאָזען איהם אַרעסטי־רען.

ער איז אַוועקגעלאָפען צום איספּראַווניק, האָט זיך אַרומגעשלאָגען דאָרט אַ שטונדע און האָט זיך ניט געקאָנט דערשלאָגען צו זעהען דעם איס־פּראַווניק. מורא האָבענדיג, אַז ער וועט זיין שפּעט איז ער געלאָפין צוריק, איז געקומען צולויפען צו יאַכנע איטעס וואָהנונג, ווען דאָרט איז שוין געווען כלה־בעזעצענס. מיר ווייסען שוין פון פריהערדיגען קאַפּיטעל, וויא שווער איהם איז אָנגעקומען אַזא איינפאַכע זאַך וויא צוצוקומען צו יאַכנע איטען און ווען ער איז שוין ענדליך צוגעקומען וויא ער האָט זיך אָנגעשטויסען ווידער אָן אַ פּעלז — יאַכנע איטע האָט איהם ניט פערשטאַנען אָדער ניט געוואָלט פערשטעהן. און דאָ וועט מען שוין באַלד פיהרען צו דער חופּה. ער האָט געוואָלט אָנהויבען שרייען אין דער הויך, מאַכען אַ סקאַנדאַל, זאָל זיך ווערען אַ גערודער, נאָר אָבהאַלטען דיא חופּה.

איהם איז אָבער באַלד אַרויפגעקומען אויפ׳ן זינען, אַז עס קאָן זיך איבער דעם ענדיגען נאָך ערגער — מען וועט מיינען, אַז ער איז משוגע גע־וואָרען, און מען וועט איהם גאָר איינשפּאַרען. און ער איז געלאָפען אין אַר־טשאַסטאָק צום פּריסטאַוו. ער האָט מעהר גליק געהאַט ביים פּריסטאַוו איידער ביים איספּראַווניק. דער פּריסטאַוו האָט איהם אויסגעהערט, האָט איהם בייז אָנגעקוקט און האָט אַ זאָג געטאָהן:

— אַ טעבע קאַקאָיע דיעלאָ! (וואָס איז דאָס דיין עסק!)

ביים שרעק, זאָגט מען, זיינען גרויס דיא אויגען. זרחי׳ן האָט אַ בליץ געטאָהן אַ געדאַנק: אַ קשיא אויף אַ רוסישען פּריסטאַוו, אפשר האָט מען איהם אונטערגעקויפט פון פריהער. יעדענפאַלס האָט ער שוין איצט אַלץ געגלויבט פאַר מעגליך. און ער האָט אַ סטראַשע געטאָהן:

— איך בין געווען ביים איספּראַווניק...

ער האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו ריידען ווייטער, וויא דער פּריס־טאַוו האָט איהם איבערגעשלאָגען:

— דו האָסט אַ בריעף זאָגסט דו?

— יאָ, אַ בריעף פון פילאַדעלפיא, פון אַמעריקאַ.

— זעץ איהם איבער און ווייז מיר.

זרחי האָט זיך געזעצט איבערזעצען דעם בריעף. מיט טרויסלענדע הענד און אימפּעט האָט ער עס געמאַכט אַזוי שנעל וויא מעגליך.

— גוט — האָט געשטעמפּערט דער פּריסטאַוו, איבערלעזענדיג — קאָנסט געהן.

ער איז אַרויסגעלאָפען, איז געלאָפען ווידער צו דער חתונה. מען פיהרט שוין צו דער חופּה. ער האָט געפיהלט, אַז ער געהט פון זינען אַראָפּ, איז געלאָפען צוריק אין אוטשאַסטאָק און האָט שוין אָנגעהויבען צו לאַרמען:

— הערר פריסטאװ, דארט פיהרט מען שוין אַן אונשולדיג קינד צו דער חופה, מיט אַ װייסע־שקלאַפען הענדלער, מיט אַ פאַלשען פאַספּאָרט בעייצער, מיט אַ מערדער, און...

— טי קטאָ? ! — האָט שוין אַ געשריי געטאָהן מיט כעס דער פּריסטאװ, ארשאנסקי?

זרחי איז בלייך געװאָרען. ער איז ניט געװען קיין געבאָרענער קיין אָרשער; אָבװאָהל ער האָט דעם גאַנצען לעבען פערבראַכט אין אָרשע, אָבער צוגעשריבען איז ער געװען גאָר אין דענענבורג, פון װאַנען זיין טאַטע איז געװען אַ געבאָרענער. און, װיא געװעהנליך, װאָהנענדיג שטענדיג אין אָרשע, האָט ער קיין פּאַספּאָרט ניט געהאַט.

— פּאַספּאָרט? — האָט װייטער אַ פרעג געטאָהן דער פּריסטאװ, פערשטעהענדיג שוין אָהן אַן ענטפער, אַז ער איז ניט קיין אָרשער.

און בעפאָר זרחי האָט נאָך צייט געהאַט צו װעלען ערקלעהרען עפּעס, האָט דער פּריסטאװ אַ געשריי געטאָהן:

— ארעסטאָװאַט!

8

זרחי האָט געזעהן און גאַנץ גוט געװאוסט, אַז קיין פּראָטעסטען װעלען דאָ ניט העלפען, װייל דער פּריסטאװ האָט אַ געזעצליכען רעכט און עס איז זאָגאַר זיין געזעצליכע פפליכט צו ארעסטירען אַ בעזפּאַספּאָרטנעם. ער האָט זיך ניט געהאַמפּערט. נור ניט זיין ארעסט האָט איהם געקימערט. ער האָט מורא געהאַט צו איז דיעזער ארעסט ניט אַ מיטעל פאַר דעם פּריסטאװ, צו פערשטאָפּען איהם דאָס מויל, אָבצוראַמען איהם פון װעג. איהם האָט זיך שוין איצט אַנדערש ניט פאָרגעשטעלט, אַז דער פּריסטאװ איז אַן אונטערגעשמירטער.

— הערר פּריסטאװ — האָט ער אַ זאָג געטאָהן — איך פּראָטעסטיר ניט געגען דעם װאָס איהר ארעסטירט מיך. דאָס איז מיין אייגענע נאַכלעסיגקייט, װאָס איך האָב בעצייטענס ניט ארויסגעשיקט נאָך אַ פּאַספּאָרט. אָבער קיין פאַרברעכער בין איך ניט און מען קען מיך גאַנץ גוט אין אָרשע. אויב אָבער איבער מיין ארעסט װעט ניט געטאָהן װערען דיא פפליכט פון דער פּאָליציי, װעל איך װיסען װעמעס שולד דאָס איז, און איך בין ניט קיין נעביכקע אַ אינגעלע — איך קען שרייבען צום גובערנאַטאָר אויך.

דער פּריסטאװ איז געװאָרען אַן אויפגעקאָכטער. האָט אָבער פערביסען דיא ליפּען און האָט אַ זאָג געטאָהן:

— ניט דוא דאַרפסט מיך לעהרנען. דיין זאַך איז נור צו זאָגען װאָס דוא װייסט — װייטער איז דערױף דאָ נאַטשאַלסטװאַ, און —

זרחי האָט געװאָלט עפּעס נאָך זאָגען. אָבער איידער ער האָט נאָך געעפענט דאָס מויל, האָט דער פּריסטאװ אַ געשריי געטאָהן:

— מאַלטשאַט! — און האָט אָנגעוויזען אַ גאַרדאַוואָי אָבצופיהרען איהם אין תפיסה.

זרחי איז געבליבען זיצען אין אַ פערשלאָסענער קאַמער מיט נאָך אַנדערע אַרעסטירטע און איז געווען פערצווייפעלט. ער האָט געמיינט, אַז זיין גאַנצע אַרבייט איז געווען אומזיסט. ער האָט געפיהלט וויא צו שלאָגען זיך דעם קאָפּ אָן דער וואַנד איבער זיין אונבעהילפליכקייט. יעדע מינוט האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, וויא אָט שטעהט שוין רייזעל מיט דעם אַמע־ריקאַנעם באַנדיט (דען ער האָט וועגען איהם אַנדערש ניט געטראַכט איצט וויא נור וועגען אַ באַנדיט) אונטער דער חופה, וויא ער איז זיא מקדש, וויא רויזעל רעכענט זיך אפשר גליקליך, וויא מען געהט פון דער חופה, דיא כלי זמר שפּיעלען, פון אַלע זייטען גיט מען אָב יאַכנע איטען מז"ט. און אָט וועט זיא — זיין געליעבטע, זיין טהייערע, זיין ריינע, אונשולדיגע רויזעל, וועלכע ער האָט נאָך קיין מאָל מיט זיינע ליפּען ניט בעריהרט — זיין אין דיא אַרעמס פון....

אויב ער האָט זיך ניט אָנגעהויבען שלאָגען דעם קאָפּ אָן דער וואַנד איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט אָנגעשטריינגט אַלע זיינע קרעפטען עס ניט צו טאָהן. אָבער זיין קאָפּ האָט אַזוי געברענט, און זיינע אויגען האָבען אַזוי געבלאָנדזשעט, אַז אַלע אַרעסטאַנטען האָבען זיך געהאַלטען פון וויטען, זעהענדיג אַז מיט דעם נור־וואָס אַרעסטירטען קומט עפּעס פאַר און עס איז אַ סכנה צו איהם נעהנטער צו־צוגעהן.

מיר ווייסען אָבער שוין אַז זרחי'ס שרעק איז געווען אומזיסט. דיא חופה איז טאַקע געווען. אָבער דער פּריסטאַוו האָט בעוויעזען גלייך נאָך דער חופה צו אַרעסטירען דעם חתן. זרחי האָט זיך דערפון דערוואוסט אין אַ פּאָאַר שטונדען אַרום ערשט. און דערוואוסט האָט ער זיך דערפון, וואָס אַ גאַרדאַוואָי איז געקומען און האָט אויסגעשריען:

— נאַטאַן זרחי!

ער איז צוגעגאַנגען צו דער אויפגעריגעלטער טהיר, אין וועלכער דער אויסשרייענדער גאַרדאַוואָי איז געשטאַנען, און האָט אַ זאָג געטאָהן:

— דאָס בין איך.

— קום! — האָט אַ זאָג געטאָהן דער גאַרדאַוואָי, אַ שלעפּ טאָהנדיג איהם פאַר'ן אַרעם.

זרחי איז געגאַנגען, נור אויפ'ן וועג האָט ער אַ פרעג געטאָהן:

— וואוהין פיהרסט דוא מיך?

— אין קאַנצעלאַריע, אויף אַ דאָפּראָס.

— אויף אַ דאָפּראָס?

— וואָס ווייס איך, דאָרט וועט מען שוין ראַזבירייען.

אין אַנגענעהמע איבעראַשונג איז געווען פאַר איהם, ווען ער האָט דערזעהען אין דער קאַנצעלאַריע מיט אַ גאַרדאַוואָי ביי דער זייט דעם הערן מאַקס קאַרץ. הייסט עס, דער פּריסטאַוו האָט איהם טאַקע אַרעסטירט.

אנפאנגס האָט ער זיך זיינע אויגען ניט געגלויבט; ער האָט אָבער באַלד זיך איבערצייגט, אַז זיינע אויגען נאַרען איהם ניט.

— זרחי! — האָט אויסגערופען דער פּריסטאַוו. און ווען זרחי איז צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש, לעבין וועלכען עס איז געזעסען נאָך עפּעס אַ טשינאָווניק, וואָס האָט איהם בעקוקט פון קאָפּ ביז דיא פיס, האָט דער פּריסטאַוו איהם אָנגעהויבען צו שטעלען דיא געוועהנליכע פראַגען: וויא רופט מען איהם, וויא זיין טאַטען, זיין פאַמיליע, וואו ער איז געבאָרען געװאָרען, וויא אַלט ער איז, מיט וואָס ער בעשעפטיגט זיך, און אַזוי ווייטער.

— האָט איהר דאָס ערהאַלטען דעם בריעף, וועלכען איהר האָט דאָ צוגעשטעלט? — האָט איהם אַ פרעג געטאָהן איצט דער אַנדער טשינאָווניק.

— איך. — האָט געענטפערט זרחי און האָט געוועלט אָנהויבען דער־צעהלען.

— ענטפערט בלויז אויף וואָס מען פרעגט אייך — האָט טרוקען אַ זאָג געטאָהן דער טשינאָווניק.

— איז דאָס דער מאַן, וועגען וועלכען איהר האָט דיא אנצייגע געמאַכט? — האָט איהם דער טשינאָווניק אָנגעוויזען אויף דעם אַרעסטאַנט.

— דאָס איז ער!

— איהר קאָנט איהם אונטער דעם נאָמען מאַקס קאַרץ פון אַמעריקאַ?

— אַזוי האָט ער זיך מיר און אַנדערע פאָרגעשטעלט.

— שרייבט אונטער אייער איבערזעצונג פון'ם בריעף.

זרחי האָט אונטערגעשריבען.

דער פּריסטאַוו האָט געהייסען דאַן, מען זאָל זרחי'ן אָבפיהרען צוריק אין קאַמער. און דערזעלבער גאַרדאַוואָי, וואָס איהם געבראַכט, האָט איהם געגומען ארויספיהרען.

ווען זרחי איז פערבייגעגאַנגען פערביי דעם אַרעסטירטען חתן האָט ער זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטען פון וואַרפען נאָך אַ בליק אויף איהם און פון זיין הארצען איז עפּעס וויא אַ שווערער שטיין אַראָבגעקייקעלט געוואָרען: זיין רוויזעל איז גראַטעוועט. דעם געפעהרליכען באַנדיטס לאַפּעס וועלען זיא ניט אַרומנעהמען. זיין שמוציגער גוף וועט זיא ניט בעאונרייניגען.

— מיט דיר, יאָלדאַטש, וועט מען זיך שוין אָברעכענען — האָט דער אַרעסטאַנט גראָב און שטיל אַ ברום געטאָהן זרחי זאָל הערען — דוא ביסט מיט אַ קאָפּ צו לאַנג!

זרחי האָט געפיהלט וויא אַ קעהר טאָהן זיך צוריק און אַ וואָרף טאָהן זיך אויף איהם. דער גאַרדאַוואָי האָט איהם אָבער אָבגעצויגען. איהם איז איצט ארויף אויפ'ן זינען, אַז דער חברה־מאַן קאָן נאָך אריינגעזעצט ווערען מיט איהם אין איין קאַמער און דער טייפעל ווייס, וואָס ער קאָן נאָך פון איהם ערוואַרטען, אָבוואָהל זרחי איז ניט געווען קיין שוואַכער אינגעל און האָט זיין שטעדטעל געקאָנט באַשטעהן.

ער האָט זיך אָבער איבערצייגט שפּעטער, אַז זיין שרעק איז אומזיסט; עס זיינען אַריבער אַ פּאָאר שטונדען און ער האָט געזעהען דורך דער לאָך אין טהירעל פון זיין קאַמער וויא מען פיהרט פערביי דעם חתן. מען זעצט איהם אַפּנים אין אַן אַנדער קאַמער.

אַ בערוהיגטער איז זרחי איינגעשלאָפען דיעזע נאַכט נאָך דיא פיעלע ניט דערשלאָפענע נעכט. דאָס וואָס ער זיצט אַן אַרעסטירטער האָט איהם גאָר ניט געקימערט. ער האָט געוואוסט, אַז איהם ערוואַרטען אונאַנגענעהמליכקייטען — געהן מיט'ן עטאַפּ קיין דענענבורג, וועלגערן זיך אין עטליכע טורמעס, וויא ער וואָלט ווירקליך געווען עפּעס אַ פאַרברעכער, און ווער ווייס וויפיעל עס וועט דויערן. אָבער וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט דאָס אַלעס געגען דעם אונגליק וואָס האָט ערוואַרטעט זיין רויזלען. און ער וואָלט נאָך טויזענד מאָל אַ גרעסערען פּרייז בעצאָהלט פון איהר רעטונג וועגען. וואָלט ער זיין לעבען ניט איינגעשטעלט אין קאָן אום צו ראַטעווען זיא פון אַזאַ'ן אונגליק!

יא, גליקליך איז ער, וואָס ער האָט עס אויסגעפיהרט. און וויא וואָלט זיך איהם איצט וועלען זעהען רויזלען. דאָס האָט דאָך אויף איהר געמוזט שרעקליך ווירקען. ווען ער וואָלט זיא געקאָנט זעהען וואָלט איהר ערקלעהרט, אַז זיא דאַרף עס ניט רעכענען פאַר אַ'ן אונגליק נור פאַרקעהרט, אַז זיא דאַרף גומל בענשען. דען זיא האָט געקאָנט אַריינכאַפּען זיך אין אַ שרעקליכער נעץ, וואו איהר לעבען וואָלט געווען ערגער פון טויט. און איהם האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווען זיא וועט זיך דערוויסען פון וואָס זיא איז געראַטעוועט געוואָרען, וויא דאַנקבאַר וועט זיא איהם זיין... אפשר איז טאַקע ביט ווערטה אָבצוגעבען דעם גליק מיט איהר צו הייראַטהען פאַר דיא חלומות פון זיין ערפינדונג ?...

און מיט דיעזען געדאַנקען איז ער איינגעשלאָפען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ארום איהם זיינען געווען אַזעלכע שמוציגע פּנים'ער פון שיכורים, פון גנבים, פון דעם אָבפאַל פון דער געזעלשאַפט. אָרעמער! איהם האָט ניט געקאָנט אַרויף אויפ'ן זינען, אַז אַ נייער שלאַג, אַ נייער אונגליק וועט איהם אָנזאָגען דער מאָרגען.

און דער מאָרגען האָט איהם אָנגעזאָגט דעם אונגליק. פריה איז ער אויפגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, געקוקט דורך דיא גראַטעס, וויא דיא אויפגעהענדע זונן האָט בעגילדעט מיט אַ העלען שיין דעם מזרח־זייט פון הימעל און האָט בעגאָסען מיט ליכטיגקייט אַלע ווייטערע און ווייטערע שטרעקעס. וויא פערוואונדערט איז ער געוואָרען ווען ער האָט פון פענסטער פון זיין תפיסה דערזעהען פון ווייטען, וויא עס געהען ארום מענשען; אין דיעזען פערוואָרפענעם, וויסטען געסעל, צו וועלכען עס געהען ארויס דיא פענסטער פון דער תפיסה זאָלען זיך זעהען אַזוי פיעל מענשען אַזוי פריה! אָט געהען זיי נעהענטער — ער דערקענט יאַכנע איטע'ס שכנים

און שכנות, רויזעל'ס שוועסטער־קינד, עטליכע פרעמדע אידען. מען מאכט מיט דיא הענד, מען איז עפעס צורודערט.

„אפנים זיי האבען זיך נאך אליין ניט ערהאלט פון נעכטיגער פאסי־רונג און זיי ווייסען נאך אפשר גארניט דיא אורזאכע, פאר וואס דער חתן איז ארעסטירט געווארען. זיי מוזען דאס ארומפאדען ארום תפיסה אויס־צוגעפינען, אויב דא זיצט ניט דער חתן און פאר וואס מען האט איהם אריינגעזעצט". נור אט קומט צו נעהנטער רויזעל'ס שוועסטער־קינד. זרחי קוקט זיך ארום און ענטשליסט זיך צו־צושרייען צו איהם, צורופען איהם אום א פרעג צו טאהן וואס מאכט רויזעל, וויא פיהלט זיא.

דער שוועסטער־קינד האט דערהערט זיינע געשרייען, איז צוגעלאפען אנגעגען פענסטער און האט אן ענטפער געטאהן:

— זרחי! איהר זייט אויך ארעסטירט?

— יא! — האט איהם צוגעשריען זרחי אזוי הויך, אז ער זאל הערען און וואס עס וועט זיין וועט זיין — עס איז אבער ניט וויכטיג. דאס איז בלויז פאר ניט האבען קיין פאספארט.

— מען האט דאך דעם חתן אויך ארעסטירט! — האט יענער צוגע־שריען פון גאס.

— איך ווייס גאנץ גוט און איך ווייס פאר וואס. ווייסט איהר ניט?

— ניין, וועמען ליגט דאס שוין איצט אין קאפ!

וויא א קויל וואלט געטראפען זרחי'ן. ער האט עפעס דערפון פער־שטאנען אז מיט רויזלען איז עפעס א נייער אונגליק. אפשר קראנק געווארען פון פערצווייפלונג, אפשר געשטארבען פון גרויס עגמת־נפש...

— וואס מאכט רויזעל? — האט ער שוין א פרעג געטאהן אן ער־שראקענער.

— רויזעל? איהר ווייסט נאך גאר ניט? — האט איהם יענער צוגע־שריען פון דרויסען.

— איך ווייס קיין זאך ניט! — האט שוין מיט א געפלאצטען געדולד געשריען זרחי — מען האט מיך ארעסטירט בעת מען האט געדארפט געהן צו דער חופה.

— ווייסט איהר נאך ניט פון אונזער אונגליק? מיר זוכען זיא דאך שוין דיא גאנצע נאכט! וואו זיינען מיר שוין ניט אויסגעוועזן, אין שטאדט און אויסען שטאדט, אין דיא ארומיגע דערפער, און וואו ניט?

זרחי האט ניט פערשטאנען.

— וועמען?

— רויזלען! רויזלען! זיא איז פארנאכט ארויסגעגאנגען פון שטוב, עס איז געווען נאך גאר ליכטיג און איז צוריק ניט געקומען.

דאס איבערשרייען זיך אבער פון דרויסען מיט אן ארעסטירטען איז דא איבערגעריסען געווארען. דער וואכענדער גארדאוואי האט אויפגעריגעלט

דיא טהיר און איז צוגעלאָפען צו זרחי'ן מיט ווילדען צאָרן און האָט איהם אָבגעשלעפּט פון פענסטער.

— אין אדינאַטשקע (איינצעל־צעללע) וועט מען דיך אריינזעצען פאַר אַזאַ זאַך, דוא. (און דאַ האָבען געפאָלגט ניט גאָר דרוקבארע זידעל־ווערטער) און יענעם זשידאָק דאָרט דרויסען וועל איך אריינזעצען, אז ער וועט שוין פארשפּארען צו שרייען פון דרויסען!

זרחי האָט אָבער ארויסגענומען אַ רובעל, האָט איהם אריינגערוקט אין האַנד און האָט איהם געבעטען ניט מאַכען קיין סקאַנדאַלען און איבער־געבען זיינעם אַ צעטעלע דעם דרויסען שטעהענדען. ער האָט געכאַפּט גיך און אָנגעשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער: „שרייבט מיר אויס אַלעס גענוי וואָס האָט פּאַסירט, ווארום איך געה פון זינען ־ראָב, און שיקט צו מיט דעמזעלבען גאַרדאַוואָי.“

ער האָט דעם צעטעל אָבגעגעבען דעם גאַרדאַוואָי, צוזאָגענדיג אַז ער וועט איהם בעפריעדיגען נאָך מעהר, ווען ער וועט איהם ברייגגען אַן ענטפער.

— דאָס קאָן מען, — האָט דער שטרייגגער גאַרדאַוואָי געענטפערט אַזוי ווייך, כאָטש פרעגעל איהם.

וויא טעג לאַנג האָבען זיך אויסגעוויזען זרחי'ן דיא מינוטען ביז ער האָט בעקומען דעם ענטפער אויף זיין צעטעלע. דער ענטפער האָט איהם אָבער איבערגעלאָזען אין דערזעלבער צוטומעלטקייט און שרעק וויא דיא עט־ליכע ווערטער, וועלכע רויזעל'ס שוועסטערקינד האָט איהם צוגעשריען פון דרויסען.

ער האָט זיך דערוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט, אַז מען זוכט רויזלען זינט נעכטען אבענד און מען געפינט פון איהר קיין סליאַד ניט.

וואָס זרחי האָט געפיהלט איצט, דאָס לאָזט זיך אין ווערטער ניט שילדערען. פאַר איהם איז קיין ספק ניט געווען און קיין אנדער געדאַנק איז גאָר איהם אויפ'ן זינען ניט ארויף, אַז רויזעל איז בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד. אי, וואָס מען געפינט זיא ניט און וואָס מען געפינט פון איהר קיין סליאַד ניט? דאָס בעווייזט, אַז זיא האָט זיך אריינגעוואָרפען אין טייך, האָט זיך דערטרונקען.

זיין שכל אויף וויפיעל ער האָט געקאָנט דיינקען אין אַזאַ צושטאַנד, האָט איהם געבראַכט אַלע בעווייזע, אַז זיא האָט זיך געמוזט נעהמען דעם לעבען. אַזוי פיעל ענטמוטישונג, אַזוי פיעל שאַנדע פאַר לייטען, אַזאַ אונ־מעגליכער צושטאַנד: חתונה געהאַט, דאָס הייסט דאָך שוין פערהייראַט, געזעצליך און רעליגיעז־מאָראַליש געוואָרען צוגעבונדען צו דעם מאַן, וועלכער האָט זיא מקדש געווען. און אין דערזעלבער צייט געבליבען אונפערהייראַט — אַ מיידעל און אַן עגונה — אַזאַ אונמעגליכע לאַגע! און דאָס אַלעס האָט זיך אָבגעטאָהן אַזוי שנעל. פריהער האָט ער, זרחי, זיא דערשלאָגען מיט זיין ענטזאָגונג, דערנאָך מיט זיין האַנדלונג.

וויפיעל פאַרווירפע ער האָט זיך איצט געמאַכט. ניט דערפאַר, וואָס ער האָט פעראורזאַכט, אַז מען זאָל איהר חתן אַרעסטירען; דאָס איז דאָך געוועזן צוליעב איהר רעטונג. ער האָט זיך בעשולדיגט אין זיין ענטזאַגען זיך פון איהר ליעבע. אַזוי רעכענט זיך מיט אונז אָב דיא נאַטור — האָט ער געטראַכט — ווען מיר געהען געגען איהרע געזעצע. האָט מיר דיא נאַטור דען אריינגעגעבען אַזאַ געפיהל צו איהר און אין איהר אַזאַ געפיהל צו מיר, אַז מיר זאָלען עס פאַרלייקענען צוליעב אַנדערע צוועקען? און דאָס זיינען דיא רעזולטאַטען פאַר אַזאַ פערגוואַלטיגונג פון דער אייגענער נאַטור צוליעב אויסגערעכענטע צוועקען.

אָבער ניט דיעזען פאַרוואורף אַליין האָט ער זיך געמאַכט. ער האָט איצט אויך ערשט דערזעהען, אַז ער האָט געהאַנדעלט ניט טאַקטיש, היציג, ניט נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט וויא אויף איהר וועט עס ווירקען. יעדענ־פאַלס האָט זיך איהם געדוכט איצט, אַז ער האָט געדאַרפט האַנדלען אַנדערש. ער האָט ניט געדאַרפט קוקען אויף קיינע אונאַנגענעהמליכקייטען פאַר זיך און האָט געדאַרפט ריידען פריהער פון אַלעם מיט איהר אַליין, און ווייזען איהר דעם בריעף. זיא וואָלט דאַן גאַנץ שטילערהייט ערקלעהרען, אַז דיא חתונה קאָן ניט זיין און וואָלט זיך פערשפּאָרען דיא שאַנדע און עס וואָלט אויסגעמיידט ווערען דער אונגליק.

ער איז אַלזאָ שולדיג אין איהר טויט.

9

אונטער דעם שווערען איינדרוק, אַז רויזעל איז בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד און אַז ער, זרחי, איהר געליעבטער, איהר בעסטער פריינד, איז דער שולדיגער אין איהר טויט, איז ער געבליעבען נאָך אַ טאָג אין אָרשער תפיסה, און אויף איבערמאָרגען האָט מען איהם מיט׳ן עטאַפּ אויסגעריכט קיין ווי־טעבסק, פון וואַנען מען האָט איהם געדאַרפט אָבשיקען קיין דענענבורג. גע־הענדיג מיט׳ן עטאַפּ האָט ער ניט געהערט קיינע נייע קלאַנגען וועגען דער פערשוואונדענער און האָט אפילו ניט געוואוסט פון דעם קלאַנג, וועלכער האָט זיך דערנאָך פערשפּרייט אין אָרשע, אַז אין יאַנקעל אָרשערס קרעטשמע האָט זי אָבגעשטעלט דיא פערשוואונדענע רויזעל מיט אַ בלאָנדען יונגערמאַן, אַנקומענדיג אַהין מיט אַ פויערשער פוהר און אַז אויף יאַנקעל׳ס פראַגע: „וואוהין פאָהרט מען?" האָט רויזעל איהם געענטפערט: „קיין וויטעבסק!"

זרחי האָט ביי זיך אין האַרצען בעוויינט איהר פריהצייטיגען טויט, און דער איינדרוק אַז ער איז דער פעראורזאַכער פון איהר טויט האָט איהם אריינגעטריבען אין אַזאַ געפּעהרליכער מרה־שחורה, אַז איהם אַליין האָבען אָנגעהויבען ארויפקומען געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד. ער האָט עפּעס געפּו־נען אַ קראַנקהאַפטע בעפריעדיגונג אין פערטיעפען זיך אין דער פאָרשטעלונג, אַז ער וועט אויך, אַזוי וויא זיא, אַוועק פון לעבען, און אויב זיי זיינען געוועזן

צו שוואַך, צו אונלעבענס־פעהיג צו פעראייניגען זיך אין דער ליעבע, װעלען זיי זיין פעראייניגט אין דעם טויט.

אַזוי וױיט האָט דיעזע מרה־שחורה פערכאַפּט זיין קאָפּ, זײנע געפיהלען און זיין גאַנצע שטימונג, אַז עס זיינען פאַר איהם אַריבער אונבעמערקט דיא יסורים פון עטאַפּ, דיא בעליידיגונגען פון דיא קאָנוואָינע, וועלכע האָבען אויף איהם געקוקט וויא אויף אַ מין אידיאָט, דען ער פלעגט ניט הערען וואָס מען האָט צו איהם גערעדט, פלעגט ניט פערשטעהן, ווען מען פלעגט אויף איהם א געשריי טהון אַ קאָמאַנדא־וואָרט. מען פלעגט איהם דערפאַר שטויסען, שטופּען, אָפּט געבען אַ זעץ אין זייט פאַר ניט פאָלגען.

דער עטאַפּ איז ערשט אין צוויי טעג ארום אָנגעקומען קיין וויטעבסק. געזונקען אין זיינע טרויעריגע געדאַנקען מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ איז געשטאַנען זרחי מיט זיין קלומיקעל, ווען מען האָט צוגעפיהרט דיא גאַנצע פּאַרטיע אַרעסטאַנטען צום וואָקזאַל און אויסגעשטעלט זיי אויף דעם גרויסען, ברייטען פּלאַטץ בעפאָר דעם וואָקזאַל אויף דער „קליינער זייט“, וויא דיעזער טהייל שטאָדט אויף דער צווייטער זייט דווינע רופט זיך אין וויטעבסק. דאָס האָט מען דעם עטאַפּ געדאַרפט אריינזעצען, אָדער בעסער געזאָגט, אריינטרייבען וויא פיה, אין אַרעסטאַנטסקע וואַגאָנעס מיט קליינע גראַטען־פענסטערלעך.

אויף דעם ברייטען פּלאַטץ לעבען וואָקזאַל איז איצט געווען פול מיט לעבען און בעוועגונג. דאָ איז אַלע מאָהל אַ צופלוס און אבפלוס פון פיעלע פּאַסאַזשירען, ווייל פון דאַנען געהען אוועק ציגע קיין ריגא, קיין סמאָלענסק, קיין אָריאָל, קיין מאָסקווע און נאָך צו פיעלע צענטרען פון מאַנופאַקטור און גרויסען האַנדעל מיט תבואה, מיט געהילץ. דראָשקעס, קאַרעטען, לאַסט־וואָגענס, פאָהרען צו און פאָהרען אָב און עס בעוועגען זיך קומענדיג און אָבפאָהרענדיג צוריק רייכע, אַרעמע, הענדלער, ארבייטער, גאַס־מענשען, א. ז. וו.

פּלוצלונג האָט זרחי דערהערט אַ פרויען־שטימע אויסשרייענדיג:

— זרחי!

וויא פון טויט־שלאָף־ערוואַכט האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָהן זרחי׳ס קאָפּ און ער האָט זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען. זיין פּנים האָט זיך בעדעקט מיט א טויטליכער בלייכקייט און אַלע זיינע גליעדער האָבען עפּעס אָנגעהויבען צו ציטערען. ער האָט דערזעהען, וויא אַ דאַמע זיצענדיג מיט א יונגעמאַן אויף אַ דראָשקע האָט זיך אַ הויב געטאָהן און אַ ציה געטאָהן דעם איזוואָזטשיקס אַרבעל אָבצושטעלען זיך. דער יונגערמאַן וואָס איז געזעסען מיט איהר, האָט זיך אָנגעהויבען ארומצוקוקען און האָט אפּנים אין דער ערשטער מינוט נאָך ניט פערשטאַנען, וואָס זיא וויל טאָהן.

דער איזוואָזטשיק האָט זיך אָבגעשטעלט און זיא האָט געוואָלט שוין אַראָבשפּרינגען. און דאָ ערשט האָט זרחי׳ס בלאָנזשענדער בליק זיא דער־

זעהען קלאָהר. זיינע אויערען וועלכע האָבען דערהערט אויסרופען זיין נאָמען האָבען איהם ניט געטאַרט. זיינע אויגען ווייזען דאָס איהם.

— רוויזעל! — האָט ער אַ געשריי געטאָהן און האָט זיך אַ ריס געטאָהן צו איהר. אָבער דער קאָנוואָינער האָט איהם אין דיעזען מאָמענט אַ באַפּ געטאָהן פאַר'ן קאָלנער און האָט איהם ברוטאַל אַ שליידער געטאָהן צוריק.

און אין דערזעלבער ווייַלע האָט ער דערזעהען וויא דער יונגערמאַן, וואָס פאָהרט מיט איהר אויף דער דראָשקע, האָט זיא אָנגענומען פאַר'ן אָרעם און האָט עפּעס זאָגענדיג איהר אָבגעצויגען זיא און זיא האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַנדערע דראָשקעס זיינען איצט אָנגעפאָהרען צווישען דיא אויסגעשטעלטע אַרעסטאַנטען און יענער דראָשקע, וועלכע האָט זיך אויף אַ ווייַלע אָבגעשטעלט. ניט קוקענדיג אויף דיא קלעפּ וואָס ער האָט איצט געקריגען פון דעם קאָנוואָינעם, האָט זרחי געהאַלטען זיינע אויגען אויסגעשטעלט צו יענער דראָשקע, וואו זיא איז געזעסען און האָט עפּעס געהאַמפּערט זיך מיט דעם יונגענמאַן. אַ פּאָאר סעקונדען האָט עס אין גאַנצען געדויערט, זרחי'ס אויגען האָבען געזעהען וויא דער איזוואָזטשיק האָט אַ ציה געטאָהן דעם פערד און דיא דראָשקע איז אַוועק.

אַ פּאָאר מינוטען נאָכאַנאַנד האָט זרחי ניט געפונען קיין לשון, עפּעס אַזוי וויא איהם וואָלט אָבגענומען דיא פעהיגקייט אַרויסצולאָזען אַ קלאַנג אָדער אויסשרייען אַ וואָרט. נור אָט האָט ער עפּעס פּלוצלונג אָנגעהויבען וויא אַ משוגענער שרייען:

— האַלט! האַלט! רוויזעל!

אָבער דאָ איז שוין צוגעלאָפען צו איהם דער קאָנוואָינער אָפיציער אַליין, האָט אויפגעהויבען געגען איהם דיא שאַשקע. זרחי האָט געכאַפּט קושען דעם אָפיציערס ברעג פון מיליטערישען מאַנטעל און האָט עפּעס אָנגעהויבען צו פּלאַפּלען מיט אַ געבעט און מיט טרעהרען אין דיא אויגען.

דיא אַרעסטאַנטען אַרום האָבען געקוועטשט מיט דיא אַקסלען, מענשין האָבען זיך אָנגעקליעבען.

— פון זינען אַראָב! פון זינען אַראָב! — האָט זיך געהערט אַ מורמעל צווישען דיא אַרעסטאַנטען.

אין דעם קאָנוואָינעם אָפיציער האָבען זיך עפּעס אויסנאַהמסווייזע ערוועקט מענשליכע געפיהלען. דיא סצענע האָט אויף איהם אויך קיין אַנדער איינדרוק ניט געמאַכט וויא נור אַז דער אַרעסטאַנט איז אַראָב פון זינען. דער עטאַפּ איז איבער דעם אָבגעהאַלטען געוואָרען און נאָך לאַנגע שהיות האָט מען דעם אַרעסטאַנט אָבגעפיהרט אין דעם געפענגניס האָספּיטאַל.

פאַר דיא ערשטע עטליכע שטונדען האָט זרחי ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך. עס איז געווען שוין שפּעט ביינאַכט ווען ער איז געקומען עטוואָס צו זיך און האָט פערשטאַנען, אַז ער איז אין טורמע־האָספּי־

טאָל. דאָס האָט איהם נאָך אונבעהילפליכער געמאַכט, דאַן ווען ער וואָלט מיט'ן עטאפּ אוועק קיין דענעבורג וואָלט ער אין עטליכע טעג ארום שוין ארויס פריי, וואָלט געקראָגען זיין פּאַספּאָרט, און וואָלט עפּעס געקענט אָנ־הויבען צו טאָהן.

ער האָט נאָך אייגענטליך ניט געוואוסט וויא צו ערקלעהרען זיך דיא זאָנדערבאַרע ערשיינונג. רויזעל איז פערשוואונדען פון אָרשע, מען זוכט זיא דאָרט מיט ליכט, מען רעכענט, אז זיא האָט זיך אריינגעוואָרפען אין טייך און דאָ האָט ער זיא געזעהען פאָהרענדיג אויף א דראָשקע צום וואקזאל. וויא ער האָט ניט געוואָרפען זיינע געדאנקען אהין און אהער, געטראכט וועגען פערשיעדענע אורזאכען, אָבער ער האָט ניט געקענט פאָרשטעלען זיך וואָס דאָס קען בעדייטען, וויא דאָס האָט געקענט פּאַסירען. עפּעס וויא א שווערער חלום איז דאָס איהם פאָרגעקומען.

נור אָט האָט זיך איהם ווידער פאָרגעשטעלט דאָס בילד, וויא זיא האָט געוואָלט אראָפּשפּרינגען פון דראָשקע, וויא זיא האָט א געשריי גע־טאָהן „זרחי“! און וויא דער בלאָנדער יונגער מאַן האָט זיא אָבגעצויגען פאַר'ן האנד. דער בלאָנדער יונגער מאַן!... אָ, דאָס איז דאָך דערזעלביגער, וועלכער האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון מאַקס קאַרץ'ס צימער אין מאָסקווער גאַסטיניצע אין אָרשע, ווען ער האָט צו איהם געוואָלט אריינגעהן!... דער בלאָנדער יונגער־מאַן מיט דעם סימפּאַטישען פּנים — דאָס איז דאָך דער, וועלכער האָט איהם אזוי העפליך דאַן ערקלעהרט, אז ער איז דאָס דעם מאַקס קאַרץ'ס סעקרעטאַר!

און איצט ערשט האָט ער פערשטאַנען, אז דאָס מוז זיין איינער פון דערזעלבער באַנדע, וויא דער אַמעריקאַנער.

אָבער וויא? וויא אזוי איז רויזעל מיט איהם אוועק פון אָרשע נאָך דעם וויא מען האָט איהר חתן דעם באַנדיט ארעסטירט פון אונטער דער חופּה? און פאַר וואָס וויים קיינער ניט אז זיא איז אוועק מיט איהם? הייסט דאָך דאָס, אז זיא האָט זיך אליין אָבגע'גנב'עט און איז געהיימערהייט אוועק מיט איהם! רויזעל זאָל זיין פעהיג אויף עפּעס אזעלכעס אקוראַט אין דעם זעלבען אָבענד נאָך דעם, וויא מיט איהר האָט זיך אָבגעשפּיעלט אזא שרעקליכע געשיכטע מיט דעם ארעסט פון איהר חתן! דאָס קען ניט זיין.

ניין, עס קען ניט זיין, אז זיא האָט אליין געוואָלט אויף א געהיימען אופן אנטלויפען! — האָט ער זיך א טראַכט געטאָהן — ווארום אויב עס וואָלט געווען אזוי, וואָלט זיא דאָך ניט א געשריי געטאָהן: „זרחי“! ווען זיא האָט איהם דערזעהען. זיא וואָלט דאָך ניט וועלען שפּרינגען פון דראָשקע.

אָ, זיא מוז זיין פערכאַפּט אין א נעץ! זיא מוז זיין געצוואונגענער־הייט אין דער מאַכט פון דעם בלאָנדען סעקרעטאַר. אָבער וואָס פאַר א צווינגענדע מאַכט קען דאָ געמאָלט זיין? זיא איז דאָך געפאָהרען אויף א

דראָשקע פריי, אין מיטען העלען טאָג, זיא איז דאָך ניט געווען געבונדען, בעהאַלטען. וואָס־זשע פאַר א מין צוואַנג קען דאָ זיין?

זיין קאָפּ איז געווען מיעד אַזוי אויך און דאָס ברעכען דעם מוח צו ערקלעהרען זיך דיא אורזאַכע, האָט איהם שרעקליך אויסגעמאַטערט. ער איז איצט אונבעהילפליך, אָבער ער קען דאָך דערווייל אָנזאָגען אין אָרשע, שרייבען יאַכנע איטען. און דאָס האָט ער גלייך גענומען טהאָן. ער האָט זיך בענוצט מיט'ן רעכט פון יעדען ארעסטאַנט, צו שיקען א בריעף. ער האָט אויסגעבעטען ביים פעלדשער פאַפּיער, האָט אָנגעשריעבען צוויי בריעף קיין אָרשע: איינעם צו יאַכנע איטען און איינעם צו זיינעם אַ פריינד. אין זיין בריעף צו יאַכנע איטען האָט ער ניט געשריבען פיעל. ער האָט איהר בלויז געטרויסט, אַז רויזעל איז ניט טויט, האָט ניט בעגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד און האָט בעשריעבען וויא ער האָט זיא געזעהען לעבען וויטעבסקער וואָקזאַל.

דעם צווייטען בריעף האָט ער געשריעבען צו זיינען א פריינד, א יונגען מאַן, ווען ער האָט געבעטען צונעהמען זיין קאַסטען מיט זאכען פון זיין קוואַרטיר, האַלטען עס פערשלאָסען ביז ער וועט אָנקומען קיין אָרשע צוריק. און ווייטער האָט ער פאַר איהם געשילדערט דיא גאַנצע געשיכטע פון אָנהויב ביז'ן סוף. ער האָט איהם ערקלעהרט, וויא ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון רויזעל'ס ליעבע, וויא אין איהם האָט זיך ערוועקט דער חשד געגען דעם אמעריקאַנער, וויא ער האָט איהם בעזוכט, און וויא ער האָט געפונען אין זיין צימער דעם שטיקעל בריעף פון פילאַדעלפיא, וועלכען ער האָט געשיקט קיין אמעריקא און אָנגעפרעגט זיך און וואָס פאַר אַן ענטפער ער האָט בעקומען. דערנאָך וויא ער איז געלאָפען צום רב און פון רב צו דער פאָליציי, וויא ער האָט זיך אָנגעשטויסען אויף דעם בלאָנדען יונגען מאַן, וועלכער האָט זי פאַרגעשטעלט אלס דעם אמעריקאַנעם'ס סעקרעטאַר, וויא ער איז ארעסטירט געוואָרען און ענדליך וויא ער האָט בעגעגענט רויזלען אין וויטעבסק, פאַהרענדיג אויף א דראָזשקע מיט יענעם כלומר'שטען סעקרעטאַר. ער האָט איהם געשילדערט אַלעס פון האָאר ביז גאָר, און האָט אויסגעפיהרט, אַז ער האָט צו איהם צוויי בקשות, אויסער דער ערשטער בקשה, צו האַלטען פערשלאָסען זיינע זאַכען.

ערשטענס, האָט ער איהם געבעטען, אויסגעפינען גענוי, וואָס איז געוואָרען מיט דעם ארעסטירטען מאַקס קאַרץ, צו האָט מען איהם ארויסגעלאָזט פריי, צו האַלט מען נאָך איהם פערשפּאַרט און וואָס פאַר א קלאַגע דיא פאָליציי האָט אַרויסגעשטעלט געגען איהם. קורץ, אויסגעפינען אַלעס וואָס ער קען, וואָס עס איז געוואָרען מיט דעם ארעסטירטען. צווייטענס, האָט ער איהם געבעטען, נאָכפאָלגען, אויב עס וועט אָנקומען אָדער אויב עס איז אָנגעקומען א בריעף אויף זיין אדרעס פון אמעריקא, ער זאָל דיעזען בריעף אָבנעהמען און האַלטען איהם ביז ער וועט בעקומען פון איהר נאָך א בריעף, ווען ער וועט וויסען, וואו ער איז אהינגעקומען.

ווען ער איז פארטיג געוואָרען מיט דיא צוויי בריעף, האָט ער זיך געפיהלט א ביסעל רוהיגער, און ער האָט זיך א זאָג געטהאָן: „איצט מוז איך זיך אליין נעהמען שטארק אין דיא הענד". ער האָט אָנגעהויבען צו פארשטעהן, אז זיין נערוואָזיטעט און זיין היסטעריקע וועלען ניט פארבע־סערען, נור פארערגערען דיא זאך, ווייל ער וועט ווערען א גייסטיגער און פיזישער קאליקע און וועט ניט אימשטאנד זיין צו זוכען וויא צו ראטעווען רויזלען. און ער מוז דאָך זיא ראטעווען.

א מאָדנע זאך איז מיט דיא רוסישע פאריאדקעס אין דיא מיליטע־רישע און טורעמנע האָספּיטעלער. א סאָלדאט אָדער אן ארעסטאנט קאָן זיך וואָכען לאנג בעקלאָגען, אז ער איז קראנק, און ניט נאָר דיא שטרענגע נאטשאלניקעס, נאָר אפילו דיא דאָקטוירים זאָלען בלייבען טויב צו אזא בקשה, ביז וואנען מען גיט אריין דעם קראנקען אין האָספּיטאָל. ווען עס קומט אָבער אויסצושרייבען זיך, קאָן זיך דער פאציענט בעטען, אז ער איז שוין געזונד און שטארק און דארף מעהר ניט זיין אין האספּיטאָל, וועט עס ניט העלפען. ווארום עס הענגט אָב גאר פון טויזענד אנדערע זאכען, וואס האָבען גאר קיין שייכות ניט מיט דעם צושטאנד פון'ם פאציענט. עס הענגט אָב דערפון, אויף וויפיעל פאר דעם דאקטאָר אדער פאר דער אדמיניסטרא־ציאָן פון טורמע איז וויכטיג צו ווייזען א גרעסערע ציפער פון קראנקע אָדער א קלענערע; עס הענגט אָב פון דעם, אויוף וויפיעל דער דאָקטאָר שענקט אויפמערקזאמקייט דעם קראנקען אָדער פטור'ט עס אָב מיט א קוק פון ווייטען און אמאָל דאָס אויך ניט.

וויא צובראָכען און אונגליקליך זרחי האָט זיך ניט געפיהלט, האָט ער אָבער ניט געהאט וואס צו ליעגען אין האספּיטאָל, און דעסטאָ מעהר נאָך אין דער אבטהיילונג פון פּסיכיש קראנקע. ער האָט געמיינט, אז עס וועט דויערען א טאָג, צוויי, דער דאָקטאָר וועט דאָך זעהען, אז ער איז גייסטיג ניט קראנק, אז ער בעקלאָגט זיך איבערהויפּט אויף קיין חלאת ניט, און מען וועט איהם אויסשרייבען.

עס איז אָבער אריבער א טאָג, צוויי, — פיער — זעקס שוין דיא צווייטע וואָך, און מען האלט איהם נאָך אלץ אין דער טורעמנער באָלניצע. וויא ער פּרוואווט נאָר אָנהויבען ריידען צום דאָקטאָר, ווען ער געהט דורך וויזיטירען דיא חולאים, גיט מען אויף איהם א גראָבען געשריי, אז ער זאָל אנשווייגען ווערען און זאָל נאָר ענטפערען, ווען מען פרעגט איהם. ווייטער זאָל ער ניט זיין פרעך. מען האָט איהם זאגאר איינמאָל געסטראשעט מיט שמייז.

דיא זאָנדערבארקייט, דיא ווילדקייט — אויסשרייבען פון האָספּי־טאָל ניט, ווייל מען רעכענט איהם פאר א קראנקען, און שמייסען יא! מורא האָבענדיג שוין, אז ער זאָל ניט ערגער מאכען, האָט ער געשוויגען, און ער האָט זיך געמוזט וואלגערען אין האָספּיטאָל דריי וואָכען. ביז מען האָט איהם

ענדליך אויסגעשריעבען און אין א פאר טעג ארום איז געווען דיא אט־פראווקע קיין דענענבורג.

אבער אויך דארט איז צוגעגאנגען ניט שנעל. עס האט ווידער גע־דויערט א וואך ביז ער איז ארויסגעגאנגען פריי און האט שוין געקאנט שרייבען צום פריינד, אז אויב עס זיינען פאראן בריעף פאר איהם, זאל ער זיי איהם צושיקען קיין וויטעבסק אויף דער פאסט „דא ווֹאסטרעבאוואניא“ (פאסט רעסטאנט).

קיין וויטעבסק דערפאר, ווייל איהם האט זיך געדוכט נאך לאנגען נאכדענקען, אז ער מוז גלייך פאהרען קיין וויטעבסק, דארט אבשטעלען זיך און דארט זוכען, אקערען, איבערקעהרען דיא וועלט, טאמער געפינט זיך רויזעל נאך דארט, ווייל דערפון וואס דיא דראזשקע, אויף וועלכער זיא איז געזעסען און געפאהרען צום וואקזאל, איז דאך קיין בעוויז ניט, אז זיא איז אבגעפאהרען פון וויטעבסק. פארקעהרט, אויף וויפיעל ער עראינערט זיך, האט ער אויף דער דראזשקע ניט געזעהען קיין טשעמאדאנעס, הייסט דאך דאס, אז זיא איז ניט געפאהרען מיט דעם צוועק צו זעצען זיך אויף א צוג צו פאהרען ערגעץ. יעדענפאלס קען ער דאך ניט אנהויבען זיין זוכעניש אנדערשוואו; ער וויים דאך ניט וואו אנצוהויבען זוכען סיידען אויף דעם פלאץ, וואו ער האט זיא לעצטענס געזעהען.

אזוי האט ער געטהאן. ער איז געפאהרען קיין וויטעבסק, האט זיך אבגעשטעלט גראד ניט ווייט פון דעם פונקט, וואו ער האט זיא געזעהען פאהרענדיג. וויא קינדעריש דאס זאל ניט זיין, אבער איהם האט זיך געדוכט, אז דא ערגעץ נאהענט דארף ער זיך אבשטעלען אויף קווארטיר. ער האט זיך אבגעשטעלט אין דעם אלטען איינפאהר־הויז אויף דער „קליינער זייט“, נא־הענט פון וואקזאל. דאס איז דיא אלטע אכסניא, וועלכע אלע וויטעבסקער קענען אונטער דעם נאמען „זלמן כזית׳עס אכסניא“.

דאס ערשטע וואס זרחי האט געטהאן גלייך וויא מען האט איהם אנגעוויעזען א צימער און ער האט אוועקגעשטעלט זיין טשעמאדאנטשיק, איז געווען צו לויפען אויף דער פאסט. וויא האבען געציטערט זיינע הענד און וויא האט געקלאפט זיין הארץ ווען מען האט איהם דערלאנגט א גאנצען פאקעט, וועלכער איז אנגעקומען פון זיינטוועגען. ער האט צועפענט דעם פאקעט און האט געפונען פינף בריעף: א בריעף פון פילאדעלפיא, א בריעף פון זיין ארשער פריינד, א בריעף פון יאכנע איטע׳ן א בריעף פון פראווידענס און — איהם האט אנגעהויבען פינטלען אין דיא אויגען, וויא א בליץ־שלאג וואלט איהם א בלענד טהאן פלוצלונג. ער דערקענט די האנדשריפט — דיא האנדשריפט, וועלכע איז איהם אימער געווען אזוי הייליג־טהייער, וויא פאר א פאטער דיא ליעבע האנדשריפט פון זיינס קינד, וויא דיא פארמען פון דיא בוכשטאבען אליין וואלטען אין זיך האבען עפעס פון דער נשמה פון דעם שרייבער, וואס איז אזוי טהייער פאר אונזער הארץ. דאס איז דיא האנד־

שריפט, רויזעל׳ס — דיא האנד־שריפט, אין וועלכער עס איז אזוי פיעל פון זיינעם אייגענעם; ער איז דאָך איהר לעהרער געוועזן, עפּעס וויא א טהייל פון זיין הארץ־בלוט וואָלט אין דער האנדשריפט געוועזן.

א בריעף פון איהר!

.10

דער לעזער פארשטעהט אליין, אז ער האָט זיך מסתמא געכאפּט פאר איהר בריעף דעם ערשטען צו עפענען, וויא איהם האָט זיך ניט געוואָלט אויף איין מאָל פארשלינגען דיא אלע בריעף, וועלכע ער האָט ערהאלטען. דיא הענד האָבען איהם זיך געטרייסעלט וויא ביי אן אלטען מאַן, ווען ער האָט דעם קאָנווערט אויפגעריסען און איידער ער האָט נאָך א כאפּ געטהאָן מיט דיא אויגען דעם אינהאלט, האָבען זיך זיינע אויגען אָנגעפיללט מיט טרעהרען, און ער האָט דאָס בלעטעל פאפּיער א קוש געטהאָן.

דאָס בריעפעל איז געוועזן צונויפגעלעגט אזוי, אז דאָס זייטעל פון אָנהויב איז געוועזן אינוועניג, און זרחי איז געוועזן אזוי מטושטש, אז ער האָט עפּעס געקוקט, געקוקט און ניט געטראָפען און ניט פערשטאַנען פון וואנען אָנצוהויבען, ביז ער האָט זיך געכאפּט מיט אן אימפּעט און האָט אויסגעקעהרט דאָס בויגעלע דיקע פאפּיער. שוין דאָס פאפּיער אליין, פיהרלענדיג מיט דיא פינגער, האָט איהם עפּעס געשראָקען. „אמעריקאנער פאַפּיער" — איז איהם דורכגעלאָפען דורך דיא געדאנקען — „ניט קיין היימיש פאסט־פאפּיער, אויף וועלכע מען שרייבט בריעף".

און בעת דאס איז דורכגעלאָפען אין זיינע געדאנקען האָט ער אויסגעקעהרט דאָס בויגעלע פאפּיער, האָט דערזעהען דעם אָנפאנג און א געשריי „אי!" האָט זיך ארויסגעריסען אונווילליג פון זיין האלז. דיא ערשטע ווערטער וואס זיינע אויגען האָבען געכאפּט, איז געוועזן: „ראטעוועט מיך!" איהם האָט זיך אין דעם מאָמענט געדוכט, אז פארבייגעהער אין קאָרידאָר פון פאָסט שטעלען זיך אָב און קוקען איהם אָן, און ער האָט גענומען שנעל ארויסגעהן און ארומקוקען זיך, וויא עפּעס א צושראָקענע חיה׳לע, וועלכע האָט מורא, אז יעגער וועלען זיא בעפאלען.

ארויסגעהענדיג דרויסען האָט ער אָנגעהויבען לעזען א שורה אויבען, א שורה אונטען, א וואָרט אין מיטען און ער איז דורכגעגאנגען עטליכע גאַסען, ביז וואַנען ער איז געוועזן אימשטאַנד צו פערשטעהן, אזאַ ער דאַרף אָנהויבען לעזען פון אָנהויב ביז׳ן סוף אום צו וויסען אלעס. ער איז געוועזן אזוי געהענדיג נאָהענט פון בריק, וועלכער פיהרט פון „גרויסער זייט" וויטעבסק צו דער „קליינער זייט". ניט האָבענדיג קיין געדולד צו דערגעהן ביז זיין אכסניא און ווֹעלענדיג אויסווייכען מענשען, איז ער ארונטערגעגאנגען אונטער׳ן בריק, אויף דעם ברעג פון דער דווינע, האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אן אלטען קלאָץ און האָט דאָ שוין אונגעשטערט געלעזען דעם בריף:

דער בריעף האָט אזוי געלויטעט;

„בעסטער, טהייערער פריינד!

„ראטעוועט מיך! איך בעגים זיך מיט טרעהרען שרייבענדיג אייך דיעזען בריעף, אז איך ווייס גאר ניט, צו וועט איהר איהם בעקומען, ווארום זינט איך האב אייך בעגעגענט אין וויטעבסק אלס ארעסטאנט, מיין איך, אז אפשר בין איך גאר משוגע. אי, מיין גאט! צו איז דאס עפעס ניט אן אומגליק פאר אונז בײדען? צו האט עפעס עמיצער ניט געזוכט מיך און אייך אונגליקליך צו מאכען. אבער איך פערשטעה גאר ניט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר און וואס עס טהוט זיך מיט אייך.

„אי, זרחי! איך האב אייך מורא צו שרייבען, איך האב גאר מורא צו טראכטען וואס פאר א דונער־שלאג עס האט מיך געטראפען. שטעלט זיך פאר, אז איך ווייס גאר ניט וואו איך בין, אין וועלכער שטאדט איך בין. אבער איך בין אין אמעריקא. דאס ווייס איך שוין איצט אויף זיכער, ווארום מען האלט מיך פערשפארט און ארום מיר זיינען מיאוס'ע מענשען. זיי ווילען זיך ווייזען פאר שעהנע מענשען, זיי פארשטעלען זיך פאר מיינע פריינד... ניין, ניין — נעכטען האבען זיי שוין מיר גאר געוויעזען, אז דאס זיינען... אי, זרחי, איך וויל אייך וויא אן אייגענעם ברודער שרייבען אלעס, אבער איך ווייס ניט וויא... אפשר בין איך אליין שולדיג... יא, יא, איך בין אליין שולדיג, איך האב זיך געלאזט פערפיהרען, איינריידען. אבער וואס האב איך געקענט ויסען, וואס האב איך געזאלט דענקען?... ראטעוועט מיך! גוואלד, ראטעוועט מיך!...

„איהר הערט דאך, זרחי, אז מען האט מיך פערבלענדעט... קיינער וועט דאך ניט גלויבען... וואס האב איך געזאלט וויסען. איך קאן אייך אויף אזוי פיעל ניט אויסשרייבען און מיר טרייסלען העגד און פיס שרייבענדיג דעם בריעף. איך האב זיך דערוואוסט, אז אלע בריעף וואס איך האב געשיקט דער מאמען זיינען גאר ניט אוועקגעשיקט געווארען — שטעלט זיך פאר. מיין פארפיהרער האט דאס מיר אליין געזאגט: יא, איצט זעה איך שוין מיין אונגליק, אז ער איז מיין פערפיהרער. ער האט זיך ארויסגעשטעלט פאר מיינעם א פריינד, פאר מיין חתן'ס צי פאר מיין מאן'ס (איך ווייס אליין ניט וואס ער איז מיר איצט) א סעקרעטאר. איהר ווייסט דאך מסתמא מיין אונגליק, אז מען האט איהם ארעסטירט גלייך נאך דער חופה און איך ווייס ניט פאר וואס, איז דאך מיין בראך געווען געגוג גרויס. אבער איצט האב איך גאר מורא, אז דאס איז גאר עפעס אן אנדער אינטריגע... זרחי, מען האט מיך שוין געסטראשעט נעכטען אראבצורייסען פון מיר דיא קליידער און לאזען א הייל־נאקעטע, און אז מען וועט מיך שלאגען, הרג'ענען...

„איהר קאנט זיך גאר ניט פארשטעלען וואס פאר א יסורים איך שטעה אויס, איך בין ניט וויט פון ים, איך הער וויא עס רוישען דיא כוואליעס און וויא גליקליך וואלט איך זיך גערעכענט, ווען איך וואלט זיך געקאנט ארייגוווארפען און דערטרינקען זיך — און מאכען א סוף פון מיין

לעבען. אבער מען היט מיר און מען לאָזט מיך פון פערשפּארטען שטוב ניט ארויס. איך שריי און וויין און רייס זיך דיא האָאר פון קאָפּ און פרעג, מען זאָל מיר כאָטש זאָגען, וואו איך בין, וואוהין מען האָט מיך פארפיהרט, זאגט מען מיר ניט. פריהער האָט דער גזלן, דער פערפיהרער מיר געזאָגט, אז דאָס זיינען מיר אין קאנאדא; זיי רופען דאָס קענעדע. אָבער ער האָט מיר גענארט, האָט גערעדט מיט מיר וויא אן אמת'ער פריינד און האָט אפילו איינגערעדט מיך, אז ער איז אויך פערליעבט אין מיר. איצט איז ער שוין גאר ניטאָ. ער ווייזט זיך ניט... לעצטע וואָך איז ער מיר בעפאלען וויא א מערדער און האָט געסטראַשעט, אז אויב איך וועל מאַכען מיינע „אוואַיעס“ (אזוי האָט ער געזאגט) וועט מען מיך ערמאָרדען, און איך וועל איהם גאָר מעהר אין דיא אויגען ניט זעהען. איך האָב געכאפּט א שטוהל און האָב גע־זאָגט, איך וועל איהם געבען אין קאָפּ. אָבער איך בין געבליעבען א גע'חלש'טע און מעהר זעה איך איהם שוין גאר ניט און בין געבליעבען ביי אנדערע מער־דער אין דיא הענד...

„האָב איך היינט אויסגעפונען, אז דיא שטאָדט וואו מען האָט מיך פערפיהרט רופט זיך  ק ו נ ע א י י ל ע,  און דאָס איז אין אמעריקאַ, לעבען ביור־יאָרק. און עפּעס וויא א נס וואָלט מיר גאָט צושיקען — דער מאַן, וואס האָט עס מיר געזאגט האָט מיר פארשפּראָכען, אז ער וועט ארויפלייגען א מאַרקע אויף מיין בריעף און האָט זיך געשוואָרען, אז ער זאָל אזוי דערלעבען זיינע קינדער אויסצוהאָדעווען, וויא ער וועט אוועקשיקען דעם בריעף. זיי האָבען דאָס איהם ארייננעשיקט מיט ציערונג, איך זאָל זיך אויסקלייבען, וועלכען פינגעריל איך וויל, נור איך זאָל מעהר ניט מאַכען קיין סקאַנדאַלען. דאָס ווילען זיי מיר אונטערקויפען, דערנאָך וועלען זיי דאָך דעם פינגעריל אויך אַראָבּרייסען פון מיינע הענד, האָב איך זיך געמאכט, אז איך בין גאָר שטיל, זיינען זיי א ווייל ארויסגעגאנגען און איך בין געבליעבען א ווייל אליין מיט דעם מאַן, וואס האַנדעלט מיט דיא ציערונג, בין איך פאר איהם געפאלען און געקושט זיינע פיס. ער איז אפּנים ניט אזוי וויא זיי, האָט ער מיר געלאָזען פּאפּיער, שרייב איך דאָס אייך, און ער וועט קומען כלומרשט בריינגען מיר אן אנדער דימענטענעם פינגערעל, וועט ער דאָס נעהמען און אָבשיקען דעם בריעף, אָבער גאָט ווייס... איך גלויב שוין קיין מענשען ניט...

„מען קומט שוין... איך ענדיג... ראַטעוועט מיך... געפינט א מיטעל. איז שוין גאר ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט?... אי, מיין ארימע מאַמע... אייער אונגליקליכע רויזעל“.

זרחי האָט געפיהלט וויא ספּאזמען וואלטען דריקען זיין הארץ און זיין האלז, און פון דאָרט האָבען זיך ארויסגעריסען טרוקענע שלוכצען. ער האָט געוואָלט אָנהויבען לייענען דיא אנדערע בריעף, אָבער וויא נאָר ער האָט אויפגעעפענט דעם קאָנווערט פון דעם פילאדעלפיער בריעף, האָט ער ווידער א נעהם געטהאָן זיך צו רויזעל'ס בריעף. איהם האָט זיך געדוכט,

אז איבער דעם גרויסען אונגליק האָט ער אין דעם בריעף ניט אַלעס פערשטאַנען, האָט פארפעהלט אויסצוגעפינען פון איהם, וואו געפינט זיך דאָך רויזעל איצט. ער האָט געכאַפּט און איינגעקוקט זיך נאָך אַמאָל אויף דעם שטעמפּעל פון קאָנווערט „נויאָרק“ — דאָס הייסט אז דער בריעף איז געשיקט געוואָרען פון נויאָרק און זיא שרייבט גאָר דעם נאָמען „קונאַילע“. צי האָט זיא דיעזער מאַן, וועלכען זיא טרויט איהר בריעף ניט אָבגענאַרט אויך, ווארום ער מוז דאָך זיין אויך א חברה־מאַן, ווען ער האנדעלט מיט אזעלכע חברה־לייט.

אָבער ניין, דער מאַן האָט דאָך ערפילט דעם פארשפּרעכען, וואס ער האָט איהר געגעבען, ער האָט דאָך דעם בריעף אָבגעשיקט, אז ניט וואָלט ער דאָך דעם בריעף ניט ערהאַלטען. ער האָט נאָכאַמאָל זיך איינגעקוקט אויפ'ן קאָנווערט און אויפ'ן אדרעס. דאָס איז געשיקט געוואָרען אויף זיין אָרשער אדרעס, וואהרשיינליך האָט רויזעל פערשטאַנען אז וואו ער זאָל זיך ניט געפינען, וועט מען איהם אָבשיקען דיא בריעף, וועלכע עס קומען אָן קיין אָרשע אויף זיין נאָמען.

ער איז געוועזן אזוי נערוועז, אז ער האָט צעהן מאָהל גענומען דאָס איינעם, דאָס דעם צווייטען פון דיא איבעריגע בריעף און ער האָט ניט געוואוסט וועלכען אָנהויבען, וויא ער וואָלט זיך עפּעס שרעקען, אז ניט דעם בריעף דארף ער לעזען פריהער. דאָס איז געוועזן א צושטאַנד, וועלכער לאָזט זיך מיט ווערטער ניט שילדערען: ער האָט געלעזען אלע בריעף מיט איין מאָל און קיינעם פון זיי ניט, ער זאָל וויסען קלאָהר וואס אין זיי טהוט זיך.

ענדליך האָט ער זיך א הויב געטהאָן, וויא ער וואָלט עפּעס געוועזן אָנגעפילט מיט קוועקזילבער. אזא אומרוהיגקייט האָט ער געפיהלט אין אלע זיינע גליעדער און ער האָט גענומען לויפען — געלאָפען אליין, ניט וויסענדיג ווארום, צו וואס, וואוהין, און ער האָט זיך דערזעהען ערשט אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו ער איז געשטאַנען דאן מיט דער פּארטיע ארעסטאַנטען, און וואו ער האָט דערהערט דאן איהר געשריי „זרחי!“ א ווייל איז ער געבליבען שטעהן, אלץ נאָך אין דעם צוטומעלטען צושטאַנד, ביז ער האָט זיך געכאַפּט, אז ער איז ניט ווייט פון זלמן כזית'עס אכסניא, וואו ער איז געשטאַנען קווארטיר און ער איז מיט אימפּעט אוועק אהין, איז אריינגעלאָפען אין זיין צימער, האָט זיך פערשלאָסען און האָט זיך גענומען פאר דיא בריעף.

שטונדען לאַנג איז זרחי געזעסען אין זיין צימער פערשלאָסענערהייד ביז איהם איז קלאָהר געוואָרען דער אינהאַלט פון דיא בריעף, וועלכע ער האָט ערהאַלטען. דער בריעף פון יאַכנע־איטען איז געוועזן א קורצער. זיא האָט איבערגעזאָגט צעהן מאָהל דיזעלבע ווערטער, אז זיא האָט שוין גערעכענט איהר קינד פאר טויט, אז עפּעס א נס פון גאָט איז געשעהען וואס ער האָט בעגעגענט איהר רויזלען אין וויטעבסק און אז זיא איז שיער געשטאָרבען פאר שמחה, ווען זיא האָט איבערגעלעזען, אז איהר איינציג קינד לעבט.

אָבער גאָט שטראָפט זיא — זיא ליעגט אין בעט א קראנקע פון יסורים. איה"ש, אזוי גיך וויא זיא וועט אראָבקריכען פון געלעגער וועט זיא לויפען קיין וויטעבסק.

וויא רחמנות ער האָט ניט געהאט אויף יאכנע־איטע'ן, פון דעסט־וועגען האָט איהם דיעזער בריעף בעזאָנדערס ניט געקימערט. אזא בריעף האָט ער דאָך ערוואַרטעט פון איהר. וואס אנדערש האָט זיא איהם געקאָנט שרייבען? און דאָס וואס זיא האָט פון רויזלען קיין בריעפעל אפילו ניט, דאָס האָט ער דאָך שוין געוואוסט פון רויזעל'ס בריעף; זיא שרייבט דאָך איהם, אז מען האָט איהרע בריעף ניט אָבגעשיקט.

אין זיין פריינד'ס בריעף פון אָרשע האָט ער בעקומען וויכטיגע אויסקונפט, אבער אלץ אזעלכע וועלכע האָט איהם ניט אָנגעוויעזען אויף קיין סליאד. זיין פריינד האָט איהם געשריעבען, אז ער האָט פון פריסטאַוו גאר נישט געקאָנט אויסגעפינען, און האָט געמוזט געבען עטליכע רובעל א כאָדאטאַי, ער זאָל אויסגעפינען, וואס עס איז געוואָרען מיט מאקס קארץ, וואו ער געפינט זיך, און וואס פאר א קלאָגע עס איז געווען אויסגעשטעלט געגען איהם. דער כאָדאטאַי האָט אראָבגענומען קאָפּיעס פון פאַפּיערען ווע־גען מאקס קארץ'ס אנגעלעגענהייט. ער איז ארעסטירט געוואָרען אלס פער־דעכטיגע פערזאָן מיט א פאלשען פאספאָרט און אלס אזא, וועלכען מען זוכט אין קיעוו און אין אָדעס, אזוי איז צוגעשיקט געוואָרען פון אָדעסער און קיעווער פאָליציי. אָבער פאר וואס פאר א פערברעכען דיא פאָליציי פון דיעזע שטעדט פאָדערט זיין ארעסט איז נאָך פארלויפיג ניט קלאָהר, נאָר עס איז א זאך וואס דער כאדאטאַי ערוואַרטעט צו ערקונדיגען זיך, עס מוז אָבער נעהמען צייט. יעדענפאלס, דערוויילע האָט מען דעם מאקס קארצ'ען איבערגעשיקט פון ארשער אויעזדנער טורמע אין מאָהילעווער גובערנסקע טורמע. אָבער דאָרט איז ער ארויס אויף פארוקע אקוראט אין דריי טעג ארום, וויא ער איז אהין אָנגעקומען.

דער בריעף פון פילאדעלפיא האָט ווידער אויף קיין סליאד ניט אָנגעוויעזען. דער רעוורענד שרייבט איהם, אז ער האָט זיך בלויז מעהר אי־בערצייגט פון ווייטערע נאָכפרעגעניש, אז דער מאַן, וועלכער שטעלט זיך פאָר אלס מאקס קארץ פון פילאדעלפיא איז א חברה־מאַן, וועלכער בע־שעפטיגט זיך מיט טראנספּאָרטירען ווייסע שקלאפינען, און אז ער, דער רעוורענד, האָט צוגעשטעלט דיא בריעף, וועלכע ער האָט ערהאלטען פון זרחי'ן, צו א געוויסער קאָמיסיאָן אין ניו־יאָרק, וועלכע בעשעפטיגט זיך איצט מיט אונטערזוכען דעם שענדליכען ווייסען־שקלאפען האנדעל.

דער בריעף פון פראָווידענס האָט זיך געוויעזען אלס וויכטיג פאר איהם, אָבוואָהל ער האָט איהם ניט געבראכט קיין נייע פאקטען. זיין פראָ־ווידענס'ער קרוב האָט איהם געשריעבען, צווישען אנדערעס, אז אויב ער איז עפּעס אין א צרה אין רוסלאנד, זאָל ער גאר אוועקוואַרפען יון־לאַנד און

זאָל ער קומען קיין אמעריקא. אויב איהם פעהלט אויף הוצאות, זאָל ער נור שרייבען — א שיפס־קארטע קאָן מען איהם ארויסשיקען, ווייל דאָס קאָן מען קריעגען אויף אויסצאָהלין, און אויף דער ערשטער צייט זאל ער זיך גאר ניט שרעקען, ער וועט מאכען א לעבען וויא טויזענדע אנדערע, און ער וועט דאנקען גאָט וואס ער איז פטור געוואָרען פון „פאָניע־גנב".

ווען זרחי האָט שוין קלאָהר איבערגעטראכט דעם אינהאלט פון דיא אלע בריעף, האָט ער זיך ווידער גענומען פאר רויזעל'ס בריעף, וויא זיין הארץ וואָלט איהם עפּעס זאָגען, אז פון דיא צווישען שורות וועט ער ארויס־לעזען, וואָס פאר א פּלאַן ער זאָל פאָרנעהמען, וואָס ער זאָל אָנהויבען צו טהאָן, וואָס זיין נעקסטער שריט זאָל זיין.

דאָס איז געווען דער מאָטיוו פון ווידער לעזען און נאָך אמאָל לעזען דעם אונגליקס־בריעף. אָבער עס איז געווען דערביי נאָך א מאָטיוו, אזא, פאר וועלכען זרחי, אלס אן איידעלער מענש, וואלט זיך פארשעהמט, ווען ער וואָלט דיעזען מאָטיוו קלאָהר ארויסגעלעזען פון זיין אייגענעם הארצען. ניין, ער וואָלט מורא האָבען פאר זיך אליין אָדער שעהמען זיך פאר זיך אליין צו מודה זיין זיך דעריין. אָבער דאָך האָט דיעזער בעהאלטענער, דיעזער אונבעוואוסטער מאָטיוו געווירקט, אז ער זאָל אלץ וועלען אויסגעפינען צווישען דיא שורות, אויב רויזעל איז נאָך אונשולדיג, ד. ה. ווען זיא האָט געשריעבען דעם בריעף איז זיא נאָך געווען ריין, ניט בעשמוצט פון דער בעריהרונג פון וועמען עס איז פון איהרע פערפיהרער — איז זיא געשענדעט געוואָרען פיזיש אָדער ניט?

וויא אונפערצייהליך דאָס זאָל ניט זיין, ווייל ווען דאָס זאָל אפילו זיין דער פאל, דארף דען פערמינדערט ווערען איהר ווערטה אין זיינע אויגען אָדער איז דען דאָ וויכטיג דער עגאָאיסטישער געפיהל פון זיין ליעבע צו איהר אלס פון א מאנספּערזאָן צו א פרויענצימער? אבער אזוי קאמפּליצירט איז שוין דעם מענשען'ס נאטור, אז ער קאָן זיך אליין אמאָל קיין רעכנונג ניט געבען, וואס עס גרייפט איהם מעהר אָן אין אזא אונגליקס־פאל. און זיין הארץ האָט שרעקליך געבלוטיגט, ווען זיין פאנטאזיע האָט איהם געשילדערט דאָס, וואָס עס האָט געקאָנט פּאָרקומען מיט רויזלען, און ווען אונבעוואוסט פאר איהם אליין האָבען זיך אין זיין מח געטומעלט דיא געדאנקען וועגען דעם אויף וויפיעל זיא אליין איז שולדיג, אויב מיט איהר האָט פּאסירט דאָס שענדליכע, האָט ער שרעקליך געליטען, — געליטען ביז וואהנזין. ער האָט געפיהלט, אז זיין מארך צינדט זיך אָן פון דיעזער פארשטעלונג. איהם האָט זיך געדוכט, אז ווען זיא זאָל זיין דיא עהרליכע, ריינע נאטור, וויא ער האָט תמיד געגלויבט, דארף זיא זיך ליעבערשט אין ים אריינוואָרפען, וויא זיא שרייבט.

און וויא איהם איז ארויף אויפ'ן געדאנק, אז זיא דארף זיך אין ים אריינוואָרפען, פון דיא כוואליעס פערשלונגען ווערען, וויא ער אליין וואלט

זיא עפּעס פעראורטהיילען צום טויט, האָט איהם אָנגעהויבען צו שוידערען.
אָבער איז דען געווען רויזלען צו מאכען פארווירפע. א, ווען ער וואלט וויסען אויף וועלכען אופן זיא איז פערפיהרט געוואָרען!

צווייטער טהייל.

## רויזעל'ס פערפיהרונג.

### 1.

דער לעזער געדענקט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יאכנע איטע'ס הויז אין יענעם פארנאכט, נאָכדעם וויא רויזעל'ס חתן, מיט וועלכען מען האָט איהר חופּה געשטעלט, איז ארעסטירט געוואָרען. ער געדענקט וויא זיא איז ארויס פון הויז מיט דעם צוועק צו געהן אין אוטשאַסטאָק און אויסגעפי־נען דיא אורזאכע פון איהר חתן'ס אַרעסט.

מען דאַרף זיך פאָרשטעלען דעם גייסטיגען צושטאנד, אין וועלכען רויזעל האָט זיך איינגעפונען יענעם פארנאכט, און אין וואס פאר א שטימונג זיא איז געווען, ווען זיא איז ארויס פון הויז. זייענדיג פון אַ טרויערישע נאַ־טור און אזא וועמענס פאנטאזיע איז געווען אזוי צופלאַמט פון איהר צו־ריקגעהאלטענער, פארשטיקטער ליעבע צו זרחי'ן, איז אין איהר פארגעקומען נאָך א שטאַרקערע צופלאַקערונג פון דיעזער פאנטאַזיע, א צופלאַקערונג פון יונגער ליידענשאַפט, ווען זיא האָט דערזעהען, אז זרחי איז פאר איהר גע־וואָרען ניט צוגענגליך, אז דאָס וואָס איהר פאָרשטעלונג האָט זיא גערייצט פאר א לאנגער צייט בעהאלטענערהייד און וואס זיא האָט געהאפט, אז אין גיכען זאָל פערווירקליכט ווערען, איז פאר איהר געוואָרען אונמעגליך און אונעררייכבאר.

דאן האָט זיך איהר געהיימע צורייצטקייט ארויסגעריסען אין אַן אנדער ריכטונג, אלס א צו־להכעיס געגען זרחי'ן און אלס אַ בעפריעדיגונג פאר דער ליידענשאַפט, וועלכע האָט אין איהר געברויזט און האָט גערייצט איהר בלוט. זיא האָט אָנגעהויבען טרוימען וועגען דעם נייעם חתן און וויא ער וועט פארנעהמען זרחי'ס פּלאַץ. דאָס איז געווען אַ זעלבסט־נאַרעריי, וועלכע איז אָבער גאַנץ נאַטירליך, ווען אַ יונגע נאַטור ווערט פערכאַפּט פון דעם פלאם פון גערייצטער ליידענשאַפט. דיעזע געפיהלען איהרע האָבען ער־רייכט דעם העכסטען פּונקט, ווען איהר „אמעריקאַנער חתן" האָט איהר נאָך תנאים געגעבען א קוש מיט זיינע פולע, דיקע ליפּען.

מיט וואָס פאר א ברענענדער אונגעדולד האָט זיא ערווארט, ווען דער חתן וועט קומען צוריק פון קיעוו און זיא וועט שוין מיט מזל חתונה האָבען, און איהר פאנטאַזיע איז נאָך מעהר גערייצט געוואָרען פון דיא געהיימנים פון הייראטה. אך, וויא אפט נארט אונז אונזער גערייצטע ליידענשאַפט צו מיינען, אז דאָס איז וואהרע ליעבע. מיר כאַפּען זיך אפשר דערנאָך, אז מיר זיינען געווען אין טעות, אז דאָס איז ניט דיא ליעבע. רויזעל האָט אָבער

קיין צייט ניט געהאט, ווען צו כאפען זיך צום טעות. און וויא האט זיא גע־טרוימט אין דעם טאג פאר דער חופּה און אין דעם טאג פון דער חופּה. אמת, אין איהרע פאנטאסטישע פארשטעלונגען פלעגט זיך איהר מעהר דוכטען, אז דאס פיהלט זיא זרחי'ס אומארמונג, זיין ווארעמע הויך אויף איהר פּנים. אבער אין דער זעלבער צייט, אדער האנד אין האנד דערמיט איז גע־גאנגען דיא פארשטעלונג, אז דאס וועט זיין דער נייער חתן, ווי דאס וואלט געווען דער זעלבער זרחי, נור ער זעהט אנדערש אוים.

און וויא זיא וואלט זיך עפּעס פערוואנדעלט אין א ליבענטע, וועל־כע וואלט געקאנט צורייסען דיא גאנצע וועלט, שפּרינגען איבער בערג און איבער טהאלען, וועגד אייגברעכען אוים ברויזענדער וואוט, וואס אין דעם רעכטען מאמענט פון עררייכען דאס געווינשטע, איז איהר חתן פון איהר ארויסגעריסען געווארען. זיא איז ארויסגעלאפען פון שטוב מיט אימפּעט, און איהר ערשטע פארשטעלונג איז געווען, וויא זיא וועט זיך אומקעהרען צוריק מיט איהר חתן א טריאומפירענדע און וועט אויסשרייען: מאמע, זעהסט, אט האב איך איהם ארויסגענומען א פרייען!

זיא איז אבער געלאפען דורך א זייטיגען געסעל, ניט וועלענדיג בע־געגענען מענשען, וועלכע זאלען אויף איהר קוקען מיט רחמנות, וועלכע זא־לען זיא אבשטעלען און שטעלען איהר פראגען: „וואס הערט זיך? פאר וואס האט מען איהם ארעסטירט?" און וויא ערשטווינט איז זיא געווארען, ווען פארקעהרענדיג אין דעם ערשטען געסעל, וואו אין אזא פארנאכט האבען זיך געזעהען ווענינ מענשען אדער כמעט גאר קיין מענשען ניט, איז זיא אנגעיאגט געווארען פון א יונגען מאן, וועלכען זיא האט בלויז איין מאהל געזעהען אין איהר לעבען, און ערשט נעכטען צום ערשטען מאהל.

געזעהען האט זיא איהם נעכטען, ווען זיא איז אבענדס געגאנגען א ווײלע שפּאצירען מיט איהר חתן טאקע אין דעם זעלבען געסעל. דיזער יונגער מאן איז צו זיי צוגעגאנגען, און מאקס האט איהר איהם פארגע־שטעלט אלס זיין סעקרעטאר, דער פארשטעהער פון זיינע געשעפטען אין קיעוו, וועלכער איז דא בלויז אויף א פּאאר טעג געקומען וועגען זיינע געווי־סע געשעפטס־אנגעלעגענהייטען. זיא האט אפילו דעם נאמען ניט גוט גע־הערט, און האט זיך אין איהם אפילו ניט גוט איינגעקוקט. נאך בעסער, אין דער ערשטער מינוט, ווען מאקס האט איהם פארגעשטעלט, האט עס איהר זאגאר פערדראסען, פאר וואס מען שטערט זיי צו זיין איינער אויף איינעם. עפּעס האט איהר געקרענקט, וואס פאר דער גאנצער צייט, זינט עס איז צושטאנד געקומען זייער שידוך, האט זיא נאך אזוי וועניג געלע־גענהייט געהאט צו זיין מיט מאקס'ען אליין.

זיא האט אזוי באגעהרט צו בלייבען מיט איהם אליין, איז פריהער געווען טומעל און הו־הא פון ניט געבעטענע מחותנים און מחותנת'טעס, סתם בעקאנטע, וואס מישען זיך אין אלעם; דערנאך איז ער גאר אוועק־

געפּאַהרען, און ווען ער איז געקומען, איז דיא גאַנצע צייט דאָס קאַבעניש און לויפעניש פון צוגרייטען זיך צו דער חתונה, און אָט אז זיא געהט שוין ארוים אליין מיט איהם אויף א וויילע, דרעהט זיך וויא אויף צופּוקעניש עמיצער אונטער.

זיא האָט געפיהלט אזוי וויא צו זאגען: אָ, צו וואס דארפען מיר איצט פרעמדע מענשען? אבער עס האָט דאָך ניט גיפּאסט, און זיא האָט בלויז העפליך געענטפערט אויף דער פארשטעלונג: „מיר איז זעהר אנגע־נעהם אייער בעקאנטשאפט“. זיין פּנים האָט זיא אפילו ניט געזעהען, א בי־סעל איבער דער דונקעלהייט, א ביסעל איבער איהר צוטראָגענהייט און שעהמעדיגקייט, ווארום זיא האָט עפּעס דיא גאנצע צייט פון שפּאציער גע־האלטען דיא אויגען ארונטערגעלאָזען. אבער אויף וויפיעל זיא האָט זיין פּנים געזעהען, האָט ער אויף איהר געמאכט א גאַנץ אנגענעהמע ווירקונג, און איבערהויפּט נאָך זיין שטימע.

עפּעס אזא וויינכען קול האָט ער געהאט, אז עס איז צוגאנגען איבער אלע גליעדער — זיא האָט זיך אליין ניט ערלויבט מודה צו זיין, אז זיין שטימע איז עפּעס ניט דער ערך זאנפטער און ליעבליכער אלס איהר חתן'ס שטימע. זיא האָט דאן מיט איהם אויך ווייניג ווערטער גערעדט. זיא האָט נור אויף זיינע געוועהנליכע פראגען: „וויא פיהלען זיי, געעהרטע פרייליין?“ — „אן אנגענעהמער אבענד“ א. ז. וו., געענטפערט בלויז מיט אונבעדייי־טענדע קורצע ענטפערס: א דאַנק! זעהר א שעהנער אבענד, און אזוי ווייטער.

זיא איז דאן אזוי געווען צוטראָגען איבער דעם טומעל פון דער חתונה, אז זיא האָט זיך פיעל ניט אָבגעשטעלט צו טראַכטען וועגען איהם. מאקס האָט דאָך זעהר גרויסע געשעפטען — וואס ווייס זיא? „נאָך דער חתונה וועל איך שוין אלעס ווייסען“, האָט זיא זיך געטראַכט. דער סעקרע־טאַר, וויא ער האָט זיך גערופען, האָט דאן עפּעס גערעדט ניט פיעל מיט מאקס'ען, האָט זיך ענטשולדיגט דערנאָך, האָט זיך פערנייגט און האָט גע־נומען אזא גאלאנטען אבשיעד, וויא מען איז דאָס גאר אין ארשע ניט גע־וועהנט געווען צו זעהען. און זיא איז אין הארצען דאן גערן געווען וואס ער איז אוועק און האָט זיא מיט מאקס'ען איבערגעלאָזען שפּאציערען אליין.

— ער איז מיר א נויטיגער מענש דאָ ביי אייך אין רוסלאנד — האָט איהר מאקס דאן געזאגט, ווען דער סעקרעטאר איז אוועק — איך קאָן דאָך אייער רוסיש גאר ניט פערשטעהן, און ער איז א יונג מיט ביינער.

איהר איז דער אויסדרוק „א יונג מיט ביינער“ ניט געפעהלען געווען, וויא איהר זיינען עפּעס פיעלע פון מאקס'עס אויסדריקע געווען ניט גאָר אנגענעהם. עפּעס רעדט ער אזא איינפאכע שפּראך. נאָר פיעל וועגען האָט זיא קיין צייט ניט געהאט צו טראַכטען.

דאָס איז געווען אלעס וואָס זיא האָט געוואוסט פון דיעזען יונגען

מאַן, און איצט ווען ער איז מיט שנעלע טריט אונטערגעקומען צו איהר אין דעם שטילען געסעל, האָט זיא זיך דעם ערשטען אויגענבליק דערשראָקען, ניט דערקענענדיג דעם ערשטען אויגענבליק, ווער ער איז. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז איין אויגענבליק, און זיא האָט איהם דערקענט און דער־פרעהט זיך.

— גוטען אבענד און מזל טוב אייך! — האָט ער זיא בעגריסט — איך בין דאָס געלאָפען צו אייך אהיים, האָב איך דערזעהען, וויא איהר קומט ארויס. וויא געפעהלט אייך אזא דומע געשיכטע? אָבער מיין פּרינציפּאַל, אייער מאַן (איהר וועט מיר דאָך ערלויבען צו רופען איהם אייער מאַן?) וועט מאַכען א פּראָצעס, אז זיי וועלען אלע אויסגעריסען ווערען: דער פּריסטאַוו, דער איספּראַווניק און גאַנץ נאַטשאַלסטווא. מען קען אפילו דעם גובערנאַטאָר אראָבזעצען פאר אזא זאַך.

— דאָס געה איך איצט אין אוטשאַסטאָק; איך וויל אויסגעפינען, פאר וואָס מען האָט איהם ארעסטירט, — האָט זיא געענטפערט, און איהר איז גאר ניט אויפגעפאַלען, אז עס איז עפּעס צו גוזמא'דיג, וואס ער, א אי־דישער יונגערמאַנטשיק, שליידערט אזוי לייכט אראָב דעם פּריסטאַוו, דעם איספּראַווניק און אפילו דער גובערנאַטאָר. איהר איז אויך ניט אויפגעפאַלען א טראַכט צו טהאָן, צו איז אמת, אז ער איז דאָס געלאָפען צו איהר אהיים. פאר וואָס זאָל דאָס איהר אויפפאַלען? און פון וואַנען האָט זיא גאָר געקענט טרעפען, אז ער האָט זיך דאָ דיא גאַנצע צייט ארומגעדרעהט ארום זייער הויף און האָט געלויערט, ביז ער האָט זיא דערזעהען ארויסקומענדיג.

— דאָס איז אָן איבעריגע זאַך — האָט ער איהר אָנגעהויבען צו ער־קלעהרען אזוי געהענדיג — איך קום דאָך דאָס איצט פון דאָרט.

— איבער וואָס־זשע איז דאָס?

— איבער זיין אמעריקאַנעם פּאַספּאָרט. איהר ווייסט עס גאָרניט? איך האָב געמיינט, אז איהר ווייסט.

— ניין, איך ווייס ניט. מאַקס האָט מיר גאָרניט דערצעהלט, אז ער האָט אונאַנגענעהמליכקייטען איבער א פּאַספּאָרט.

— וואָס זאָל ער אייך דערצעהלען אזעלכע זאַכען. און ער האָט גאָר ביז היינט קיינע אונאַנגענעהמליכקייטען ניט געהאַט — האָט איהר דער סעקרעטאַר זאַנפט געגעבען צו פערשטעהן — אָבער דיא רוסישע פּאָריאַד־קעס. איהר הערט דאָך: זיין אמעריקאַנער פּאַספּאָרט ווערט ניט אָנערקענט פון דער רוסישע רעגיערונג, ווייל ער איז א איד. האָט איהר ניט געהערט, אז אמעריקאַ און רוסלאַנד זיינען אויף מעסערס איבער דעם? עס וועט נאָך קומען צו א מלחמה אויך.

— אָבער דערווייל זיצט ער דאָך — האָט מיט פערדרוס געזאָגט רויזעל, וועלכע האָט עפּעס יאָ געהערט אמאָל ריידען וועגען א פראַגע צווישען אמעריקאַ און רוסלאַנד וועגען פּאַספּאָרטען.

— דאָס איז גאָר נישט. זיי וועלען איהם פאַר אַלעס בעצאָהלען. דיא אַמעריקאַנער רעגיערונג וועט זיך פאַר איהם איינשטעלען און אויפמאַנען געגוג שאַדענערזאַץ. אַ רייכען איז באַשערט נאָך רייכער צו ווערען — האָט ער געזאָגט מיט אַ מונטערן שמייכעל.

— אָבער דערווייל זיצט ער דאָך — האָט ווידערהאָלט רויזעל, פאַר וועלכער פון דעם גאַנצען געשפּרעך איז נור געווען וויכטיג דאָס, וואָס ער זיצט איצט אין אַרעסטירטער.

— ער זיצט ? נאַטירליך, עס איז קיינעם אזוי ניט אונאַנגענעהם דיא געשיכטע, וויא איהם אליין. אָבער מען וועט איהם מאָרגען אין־דער־פריה אַרויסלאָזען אזוי גיך וויא עס קומט אן אַ דעפּעשע פון מיניסטער.

— פון מיניסטער ?

— יא. איך האָב דעפּעשירט דעם אמעריקאַנער געזאנדטען אין פּע־טערסבורג אין דער ערשטער מינוט גלייך וויא מען האָט איהם אַרעסטירט, און האָב בעקומען אַן ענטפער אין צוויי שטונדען ארום (ער האָט אָנגעהויבען שאַרען אין בוזים־קעשענע, וויא ער וואָלט איהר וועלען ווייזען דיא טעלעגראַ־מע פון'ם אמעריקאַנער געזאנדטען), אז ער האָט גלייך געלאָזט וויסען דעם מיניסטער ווגוטרעניך דיעל און הערר קאַרץ'ס בעפרייאונג וועט גלייך פאָלגען.

ביי רויזלען איז דאָס אלעס אויסגעקומען נאַטירליך און זיא האָט אפילו ניט אַ פרעג געטאָהן, וואו איז דיא טעלעגראַמע. זיין שאַרען זיך אין בוזים־קעשענע האָט עפּעס געמאַכט אויף איהר אַזאַ זיכערען איינדרוק, אז אַלעס איז אַזוי וויא ער האָט געזאָגט. ווארום נאָך אַלעמען איז זיא דאָך געווען בלויז אן ארשער יונגע, אונערפאהרענער מיידעל, וואָס האָט זיך אויס־געהאָדעוועט ביי אן ארעמער מאַמען אין הויז, און ווייטער האָט זיא קיין מאָהל דיא גרויסע וועלט ניט געזעהען.

— איך וויל איהם דאָך אָבער זעהן, איך מוז געהן אין אוטשאַסטאָק

— האָט זיא געזאָגט, נאָך אַלץ ניט קענענדיג זיך בערוהיגען.

— צו וואָס ? ער האָט מיך געבעטען, אַז איהר זאָלט ניט געהן. און מען וועט דאָך אייך גאָר ניט צולאָזען. מיר וועלען מוזען איבערקומען דיא אונאַנגענעהמליכקייט, און מאָרגען איז ער מיט אונז.

— פאַר וואָס דאַרף עס דויערען ביז מאָרגען ? — האָט זיא פער־דריסליך אַ זאָג געטאָהן.

— דאָס זיינען דאָך דיא רוסישע פּאָריאַדקעס. אָבער בערוהיגט זיך, דערפאַר וועט איהר זיין גליקליך, ווען ער וועט אַרויס. עס קרענקט איהם און מיך זעהר, וואָס איהר זיין טהייערסטע כלה, מוזט האָבען אזוי פיעל פערדרוס, וואָס ער איז אוועקגעריסען געוואָרן פון אייערע אָרעמס אַקוראַט אין דער סאַמע גליקליכסטער מינוט פון לעבען. אָ, ווען איהר זאָלט וויסען, וויא טהייער איהר זייט איהם. ביי איהם שפּיעלט דאָך געלד קיין ראָלע ניט, דיא

הויפטזאך איז דיא פערזאָן, און אין אייך האָט ער געפונען דיא בעסטע, דיא שעהנסטע, דיא ערהאבענסטע פערזאָן...

פאר איהר איז אפילו געוועזן א שטיקעל גענעזונג צו הערען דיא ווערטער; זיא האָט אָבער געפיהלט דערביי אביסעל אונאנגענעהם, וואָס א ווילד פרעמדע פערזאָן רעדט עס צו איהר. א פערדרוס האָט זיך אין איהר עפּעס ערוועקט פאר וואָס האָט מאקס אליין צו איהר ניט גערעדט אזוי ווייך, אזוי ליעבליך. אָבער דער איז דאָך איהר א ווילד פרעמדער, כמעט דאָס ערשטע מאָהל וואָס זיא רעדט מיט איהם.

זיא האָט איהם אָנגעקוקט און איז רויטליך געוואָרען.

— איהר.... — האָט זיא געוועלט אָנהויבען און האָט זיך אָבגעשטעלט. אָבער ער האָט זיך געוויזען אזוי קלוג, אז ער האָט איהר גלייך אויסגעהאָלפען און האָט א זאָג געטאָהן :

— ענטשולדיגט, איך גלויב אז איהר געדיינקט גאָר ניט מיין נאָמען; מיר האָבען זיך נעכטען באקענט דאָס ערשטע מאָהל, ווען מיין פרינציפּאל האָט מיך פאָרגעשטעלט פאר אייך.

רויזעל האָט זיך פארשעהמט. זיא האָט טאַקע ניט געדיינקט, ווארום מאקס האָט עפּעס אזוי ארויסגערעדט דעם נאָמען, אז זיא האָט איהם כמעט ניט געהערט. און עס איז איהר גאָר אין זינען ניט געלעגען צו געדענקען.

— איהר דארפט קיין פאראיבעל ניט האָבען. איך...

— פאראיבעל ? וואָס רעדט איהר ? איהר שטעלט מיך אין פערלעגענהייט. איהר זייט דאָך איצט מיין ווירטהין. מיין פרינציפּאל'ס פרוי.

ער האָט ארויסגענומען א וויזיט־קארט און האָט איהר דערלאנגט, זאָגענדיג דערביי.

— סאַמואיל רובּיניק איז מיין נאָמען. עס איז דאָ אזוי פינסטער, אז עס וועט אייך זיין שווער איבערצולייענען.

עס איז אין אמת'ן שוין געוועזן אָנגעקומען נאכט און עס איז געוועזן גאַנץ דונקעל. דעסטאָ מעהר, אז אזוי ריידענדיג, זיינען זיי שוין פערגאנגען ביז'ן עק געסעל, וועלכע פיהרט ארויס אויפ'ן וויטעבסקער טראקט.

רויזעל דאָט זיך ערשט איצט א כאפּ געמאָהן, אז עס ווערט שוין נאכט, האָט זיך א קעהר געטאָהן וויא צו געהן אויף צוריק און האָט געגענטפערט מיט א שמייכעל אויס העפליכקייט :

— איצט וועל איך שוין ניט פערגעסען, הערר רובּיניק. איהר וועט דאָך אריינקומען צו אונז און בערוהיגען מיין מוטער. איהר זאָגט, אז מאָרגען זייט איהר זיכער, ער זאָל ארויס פריי.

— געוויס זיכער, אָבער אהיים דארפט איהר איצט ניט געהן. איך מוז אייך ערקלעהרען, פאר וואָס, און הערר קארץ האָט מיך געבעטען אזוי אייך איבערצוגעבען. דאָס איז זיין וואונש. איהר ווייסט ניט אונזערע געשעפּטען. מיר פיהרען זעהר גרויסע געשעפטען. איך זיץ שטענדיג אין אונזער

קאנטאר אין קיעוו, ווייל הערר קארץ איז דאך געקומען אהער ניט בלויז צו־ליעב א שידוך. איהר פערשטעהט דאך, אז צוליעב א שידוך אליין קומט מען ניט צופאהרען פון אמעריקא קיין רוסלאנד. נאטירליך, ווען ער האט שוין דא פערבראכט זיינען איהם אונזערע רוסישע אידישקעס געפעלען געווארען בע־סער אלס דיא אמעריקאנישע, ווארום דארט איז דאך זעלטען צו געפינען אן עהרליכע טאכטער. דארט זיינען מיידלאך זעהר צולאזען.

— יא, ער האט עס מיר דערצעהלט.

— און דערצו האט ער זיך אין אייך פערליעבט. און עס איז גאר קיין וואונדער ניט. ווען איך האב אייך דערזעהען האב איך זיך גאר ניט געוואונדערט. איהר וועט מיר ענטשולדיגען, וואס איך לויב אייך אין דיא אויגען.

— דאס איז ניט נויטיג, איך דאנק אייך יעדענפאלס.

— אן אמת מעג מען זאגען אין דיא אויגען.

— איהר האט אנגעהויבען װעגען זיינע געשעפטען, הערר רובינסק.

— יא, איך וויל דאס אייך ערקלעהרען, אז אין אמעריקא איז ער דאך א גרויסער פאבריקאנט. דיא פירמא „מאקס קארץ און קאמפאניע" איז בעוואוסט אומעטום.

— דאס וויים איך, ער האט עס מיר געזאגט. איך וויים נור ניט, איך האב איהם פארגעסען צו פרעגען, וואס פאר א פאבריק זיינע איז.

— דיא הויפט־פאבריק זיינע איז פון פארפאר. אייך קען דוכטען, אז פארפארענע כלים איז א ביליגע זאך. אבער ווייסט איהר, אז דאס איז א געשעפט אויף הונדערטע טויזענדער! איך וויל ניט זאגען אויף מיליאנען וויא אנדערע מיינען. אבער עס איז טאקע ניט ווייט פון מיליאנען. דאס הייסט, מיט דער צייט וועט אייער מאן זיין א מיליאנער, גאר איינפאך א מיליאנער, בעזאנדערס מיט דער קאנטאר, וועלכע אונזער פירמא האט גע־עפענט אין קיעוו.

— דאס איז פון פארצעלאיענע כלים?

— יא, טעלער, טאסען, שיסלען, וואזעס, אונזער פירמא טראנס־פארטירט גאנצע אקרענטען פון אמעריקא מיט דיא סחורה. איז וויא מיר האבען געעפענט א קאנטאר אין קיעוו און האבען שוין געפלאנט צו עפענען אן אבטהיילונג אין אדעס, איז געווארען א מהומה צווישען דיא רוסישע גרויסע פאבריקאנטען. אונזער גרעסטער שונא איז מאלצעוו. האט איהר גע־הערט פון דעם גרויסען פאבריקאנט מאלצעוו?

— יא, מאלצעוו, א קריסט — האט געענטפערט רויזעל און האט זיך געשעהמט צו זאגען, אז זיא האט געהערט דעם נאמען, אבער זיא וויים ניט וואס מאלצעוו, ווען מאלצעוו, ווער מאלצעוו.

— געוויס א קריסט — האט צוגעשטימט ריבינסק — א פאניע חזיר, א מיליאנער און האט פיינד א אידען א שרעק. איך מוז אייך אויסזאגען, אז

פון איהם שטאמט עס, וואס מען האט הערר קארצען ארעטירט. ער זעהט, אז מיר וועלען פערכאפען דעם גאנצען פארצעלאי־האנדעל מיט דער צייט, ברענט דאס איהם וויא פייער, און ווען מיר זאלען זיך איצט ניט בעגעהן קלוג, קען דער מאלצעוו פארקאכען אזא קאשע, אז עס זאל אויסקומען שלעכט.

— איך פארשטעה ניט — האט איהם אנגעקוקט רויזעל.

— ווען איהר וועט זיך צוהערען מיט קאפ וועט איהר פארשטעהן.— דער מאלצעוו איז קאפאבעל איך וויים ניט וואס צו טאהן, נור צו בעגראבען אייער מאן.

רויזעל האט זיך אבגעשטעלט א דערשראקענע.

— איהר דארפט זיך ניט שרעקען. דער סוף וועט זיין, אז מיר וועלען פון איהם נעהמען א שטיק מיט געלד און מיר וועלען איהם נאך פארשיקען אויך. נור דערווייל דארפען מיר האנדלען קלוג. דא אין ארשע טאהר מיין פרינציפאל ניט בלייבען קיין איין טאג. ער מוז פאהרען גלייך קיין אמעריקא, אבער טאקי וואס שנעלער. ווארום מארגען וועט דער מיניסטער דעפעשירען מען זאל איהם בעפרייען און דער מאלצעווקע האט אבער זיינע פריינד אין סענאט, אין מיניסטערסטווא, אומעטום. וועט ער מסתמא געפינען א מיטעל מען זאל איהם ווידער ארעטירען. אי, וואס דערנאך וועט זיין, דערווייל דענקט ער, אז ער וועט אונז דערמיט אנשרעקען און מיר וועלען אויפגעבען צו פיהרען מיט איהם קאנקורענץ.

רויזעל האט געפיהלט, אז איהר מישט זיך אין קאפ פון דיא געשעפ־טען, וואס ער דערצעהלט איהר. עפעס אזוי וויא זיא. אן ארעם מיידעל וואלט פלוצלינג געווארען א גרויסע גבירתה און וואלט דארפען האבען צו פיהרען עסקים און משפטים מיט אזעלכע פאבריקאנטען וויא מאלצעוו.

— וואס־זשע קען מען דערצו טאהן ? — האט זיא א פרעג געטאהן.

— דאס בעסטע איז ביי אונז געבליעבען אויסצוזוהיטען זיך, ביז וואנען מיין הערר וועט אויספיהרען ביי דער אמעריקאנער רעגיערונג, אז זיא זאל פועל׳ען ביי דער רוסישער פראוויטעלסטווא, אז מען זאל ניט שטערען אונז אין דיא געשעפטען, ווארום אז ניט, וועט דיא אמעריקאנישע רעגיע־רונג האלטען דיא פראוויטאלסטווא פעראנטוואָרטליך פאר אונזער אנווערה. קוריץ, אייער מאן מוז אוועק פון דאנען מארגען גלייך וויא מען לאזט איהם ארויס, איהר מוזט גלייך צוזאמען פאהרען קיין אמעריקא, און דארט וועט ער שוין כאדאטאיסטיווען ביי דער אמעריקאנער רעגיערונג.

— שוין בעסער, דוכט זיך, גאר ניט צו פיהרען קיין עסקים מיט רוסלאנד — האט זיא ניט מיט קיין זיכערער שטימע א זאג געטאהן, מורא האבענדיג טאמער זאגט זיא א נארישקייט.

— א, איהר וועט מיך ענטשולדיגען, א פרויענצימער ווייס אזוי וועניג פון געשעפט, און נאך אזעלכע גרויסע געשעפטען. אבער אפשר וועט

אונזער פּיזמאַ לוינען מאַקע אויפצוגעבען, נור ניט אָהן אָבטריט געלד. אַ קלייניגקייט, עס זיינען שוין אריינגעלעגט געוואָרען דעריין צעהנדליגע טויזענדער. מען שמייסט דאָך ניט אזוי פיעל געלד אין דער בלאָטע!

און ביי רויזלען איז אויסגעקומען, אַז טאַקע מען קען דאָך אזוי פיעל געלד — צעהנדליגע טויזענדער! — ניט וואַרפען אין דער בלאָטע.

— איז וויא וועט זיין? — האָט זיא אַ פרעג געטאָהן, וויא איינער וואָס ווערט פּלוצלונג רייך און ווייס ניט וואָס צו טאָהן מיט'ן געלד.

— מיר האָבען שוין אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן און ער איז דער פערנינפטיגסטער, אויב איהר ווילט ראַטעווען אייער מאַן, זיינע געשעפטען און אויב איהר ווילט, אַז קיין זאַך זאָל מעהר ניט שטערען אייער גליק. איהר מוזט מיט מיר גלייך פאָהרען.

— וואוהין?

— קיין וויטעבסק.

— וואָס עפּעס קיין וויטעמסק? און ער?

— ער פאָהרט פון דאַנען מאָרגען גלייך נאָך אונז אויך קיין וויטעבסק. און פון דאָרט פאָהרט איהר אָב גלייך צום גרענעץ, קיין האַמבורג און קיין אמעריקאַ, דאָס הייסט, אַהיים.

— וויא גלייך? עס דאַרף דאָך דוירען איינצופּאַקען דיא זאַכען.

— דאָס איז אַן איבעריגע זאַך. אייערע זאַכען האָבען אין אמעריקאַ קיין ווערטה ניט. האָט אייך אייער מאַן ניט געזאָגט, אַז דאָרט וועט ער אייך אויסשטאַטען אַ פּרעכטיגע גאַרדעראָבע און גאָר נייע זאַכען. איהר וועט זיך אַליין ניט דערקענען. ער וועט פאַר אייך קיין געלד ניט זשאַלעווען.

— איך פערשטעהע ניט — האָט רויזעל זיך אָבגעשטעלט.

— קיין וואונדער ניט, אַז איהר קאָנט איצט ניט קלאָהר איינזעהן אַלעס וואָס איך זאָג אייך. דאָס האָט געטראָפען אזוי פּלוצלונג, אַז ביי אייך איז נעביך דער קאָפּ צוטומעלט. אָבער אין וועג וועלען מיר האָבען גענוג צייט וועגען דעם צו ריידען און איך וועל אייך אַלעס ערקלעהרען וועגען אייער מאַן'ס געשעפטען און פאַר וואָס דיעזער פּלאַן אין דער בעסטער.

— וועלכער פּלאַן?

— איהר זאָלט זיך מיט מיר גלייך זעצען אויף אַ פוהר, אָט אזוי וויא איהר שטעהט און געהט און צופאָהרען קיין זאַבלודאָווקע.

— קיין זאַבלודאָווקע? דאָס איז דאָך אַ דאָרף!

— יאַ, אַ דאָרף; דערפאַר טאַקע גוט, וואָס אַ דאָרף.

— און צו וואָס האָבען מיר אהין צו פאָהרען?

— מיר האָבען אהין צו פאָהרען איבער צוויי זאַכען. ערשטענס, מוזט איהר אַוועקפאָהרען פון דאַנען, כדי עס זאָל פאַר מיין פּרינציפּאַל, דאָס הייסט פאַר אייער מאַן, קיין אָבהאַלט ניט זיין דאָ אין אָרשע, אַז גלייך וויא ער געהט אַרויס, זאָל ער נאָר ערגעץ ניט אריינגעהן. זאָל זיך זעצען גלייך

און צופאָהרען צו אונז קיין זאַבלודאָווקע, און פון דאָרט וועלען מיר נעהמען גלייך אַלע צוזאַמען און אָבפאָהרען קיין וויטעבסק, אַז קיינער זאָל ניט וויסען.

— פאַר וואָס האָט מען זיך דאָס צו בעהאַלטען ? — האָט עפּעס וויא פּראָטעסטירט רויזעל.

— בעהאַלטען האָט מען זיך ניט פאַר וואָס. אָבער וואָלט אייך דען בעסער געווען, ווען מאַלצעווקע ימח שמו וועט ווידער עפּעס מאַכען אַ קונץ, אַז מען זאָל איהם אַרעסטירען און איהר זאָלט זיך ווידער דערשרע־קען און מיר זאָלען דאַרפען אָנהויבען פיהרען משפטים ? פאַרגעסט ניט, אַז ער איז אַ איד און אַן אמעריקאַנער, און מאַלצעוו איז אַ קריסט און אַ רוסע, אַ פאַבריקאַנט, אַ מליאָנער. וועט איהר זיך דאָ דאַרפען אַרומשלאָגען מיט משפטים, און אין אָרשע זיינען דאָך אפילו קיין רעכטע אַדוואָקאַטען ניטאָ. און ביי מיר איז קיין פראַגע ניט, אַז אויב ער פאָהרט ניט אָב דיעזעלבע מינוט, וואָס ער קומט אַרויס פריי. וועט מאַלצעווקע איהם ווידער אריינ־כאַפּען אין נעץ.

— אָבער וואָס רעדט איהר, וואָס הייסט נעהמען פון דאַנען און פאָהרען, ווען איך בין אַרויס פון הויז אויף אַ ווייל'ינקע. מען וועט דאָך מיי־נען, אַז איך בין פון זינען אַראָב. דיא מאַמע וועט זיך דאָך דערשרעקען, און וויא איז דאָס מעגליך, גאָר פּלוצלונג, ניט געזעגענען זיך מיט קיינעם...

רויזעל דאָט דאָס געזאָגט מיט כעס, מיט קריינקונג. אָבער רובּיניק האָט איהר איבערגעשלאָגען דיא רייד מיט זיין גלאַטינקען צינגעלע און מיט זיינע ווייכע מאַניערען.

— פערצייהעט מיר, איך מוז אייך איבערשלאָגען דיא רייד. אפנים אַז איהר פאַרשטעהט מיך ניט. וואָס מיינט איהר, איך בין אַ משוגענער, וואָס איך וועל אייך גאָר פאַרשלאָגען איהר זאָלט זיך אפילו ניט זעגענען מיט אייער מוטער ? וועגען פריינד און בעקאַנטע וועל איך ניט ריידען. אויף אזוי פיעל וועט איהר דאָך אָפּפערען פון אייער מאַן וועגען. איהר זייט דאָך ניט פון דיא נאַרישע, ענטשולדיגט מיר, קליינשטעדטעלדיגע מיידלעך אָדער ווייבלעך, וואָס אין אַזאַ צייט זאָל אייך ליעגען אין זינען סאָסיע, חאסיע און ברײנע. איהר זייט דאָך עפּעס אַ געבילדעט מענש און מיט שכל, און נישר קשה, דיא אַלע בריינעס זיינען אייך גענוג מקנא און וועלען נאָך אייך גענוג מקנא זיין. איך האָב דאָס געוועלט זאָגען וועגען אייער מוטער. גלויבט מיר אַז ער זאָרגט וועגען אייער מוטער נישט ווייניגער וויא איהר אליין. זיא וועט דאָך טאַקע גלייך אויך פאָהרען מיט אונז.

— ווען ? איצט ? — האָט זיא איהם אָנגעקוקט וויא טאַקע עפּעס משוגע — און מאַקס האָט דאָך געזאָגט, אַז נאָך דער מאַמען וועט ער שיקען ערשט, ווען מיר וועלען שוין זיין אין אמייריקא.

— יא, אָבער עס האָט זיך דאָך געענדערט די לאַגע, מאַדאַם קאַריץ.

דעם ערשטען מאָל, וואָס רויזעל האָט דערהערט זיך אָנרופען מיט דעם נייעם נאָמען און מאַדאַם. און וויא זאָנדערבאַר דאָס זאָל דעם לעזער ניט פאָרקומען, דער פאַקט איז אָבער געוועזן, אַז דיעזע קליינינקייט, וואָס ער האָט זיא אָנגערופען איצט „מאַדאַם קאַריץ," האָט עפּעס אין איהר אַריינגעגעבען מעהר זיכערהייט אין איהם. אָדער פיעלייכט איז דאָס געוועזן דערפאַר, ווייל איהרע געדאַנקען האָבען זיך איצט אַ קעהר געטאָהן אויף אַן אַנדער פּונקט.

ביי איהר האָט בליץ־שנעל אַ פלינק געטאָהן אין מח: „וויא זאָנדערבאַר, ערשט מיט עטליכע שטונדען צוריק געוועזן פרייליין... און איצט שוין מאַדאַם קאַריץ.

— איז וויא וועט דאָך זיין מיט דער מאַמען? — האָט זיא אַ פרעג געטאָהן, וויא עס וואָלט שוין קיין אַנדער מניעה ניט זיין וויא בלויז דאָס, וואָס זיא קאָן דאָך ניט אַוועקפאָהרען אפילו ניט געזעגענטערהייט מיט דער מאַמען.

— צו אייער מוטער וועל איך אליין צולויפען און וועל איהר אין צוויי ווערטער ערקלעהרען, אַז זיא זאָל שוין דינגען מענשען צו פּאַקען דיא זאַכען. מישטיינס געזאָגט, וויפיעל זאַכען. אָבערדיא אַלטע ווייבער זיינען דאָך אַזוי, זיי מיינען, אַז זיי וועלען ניט קענען לעבען אָהן אַן אַלטער שמאַטע, צו וועלכער זיי זיינען געוועהנט געוואָרען. אַלזאָ, דינגען וועמען צונויפּפּאַקען איהרע זאַכען און וואָס זיא געפינט פאַר נויטיג פון אייערע זאַכען, און פאָהרען גלייך קיין וויטעבסק. איך וועל איהר שוין זאָגען וואוהין. און אויב זיא וועט בעווייזען, זאָל זיא דאָס אליין ברייננען קיין זאַבלודאָווקע, נור קיינער זאָל ניט וויסען, און מיר וועלען פון זאַבלודאָווקע פאָהרען אַלע צוזאַמען קיין וויטעבסק.

— אַזוי איז טאַקע בעסער; קיין זאַבלודאָווקע זאָל זיא קומען און מיר וועלען פאָהרען צוזאַמען.

— נו, זעהט איהר, מאַדאַם קאַריץ, אָדער ערלויבט מיר צו רופען אייך בעסער „בעל־הבית'טע," איהר זייט דאָך מיין בעל־הבית'טע, און איך האָב צוגעזאָגט מיין פּרינציפּאַל, אַז איך וועל אייך פאָלגען אין פייער און אין וואַסער. איהר דאַרפט מיר בלויז הייסען.

— וואָס ווייס איך אייך צו הייסען? איך ווייס דאָך גאָרנישט פון דיא אַלע געשעפטען. איהר פערשטעהט דאָך מסתמא בעסער, וואָס מען דאַרף טהאָן. אַז איהר זאָגט, מען מוז אַזוי. אָבער...

— איך זעה ניט פאַרוואָס עס זאָל זיין אַן אָבהאַלט — האָט ער איהר ווידער איבערגעשלאָגען — איהר דאַרפט צוריק ניט געהן. איך וועל אַריבערלויפען צו אייער מוטער און וועל שוין אַלעס פאַרטיג מאַכען. מאָרגען אָדער

איבערמאַרגען וועט זיא זיין מיט אונז און הערר קאַרץ, אייער מאַן, וועט זיין מיט אונז, און אייער ביידענס גליקליכער לעבען וועט פון קיינעם ניט זיין געשטערט. הייסט עס, אז איהר פערשטעהט, אז אזוי מוזען מיר טהאָן?

— איך פארשטעה אָבער ניט, וויא איהר וועט דאָס אויספיהרען, וואו וועט איהר נעהמען איצט א פוהר קיין זאבלודאָוועק? דאָס איז דאָך וויים.

— זאבלודאָוועק איז אין גאַנצען פופצעהן וויאָרסט פון דאַנען, און א פוהר איז שוין אַנגעגרייט, שטעהט אן איינגעשפּאַנטע און וואַרט אויף אונז.

— וואו? — האָט א פרעג געטאָהן רויזעל און האָט זיך געוואונ־דערט אויף זיין בריה'שקייט — וויא האָט איהר זיך אזוי גיך געקענט ספּראווען?

— איך וואָלט ניט ווערטה געווען דאָס געהאַלט, וואָס אייער מאַן'ס פירמא צאָהלט מיר, ווען איך וואָלט געווען א שלאָפמיצקע. דאָס פוהרעל איז ניט וויים פון דאַנען און מיר קאָנען באַלד צוגעהן.

— פאַרוואָס אָבער עפּעס דוקא קיין זאבלודאָוועק?

— ערשטענס, איז דאָס אָן א זייט. און מאָמער וואָס, וועט קיינער ניט זוכען אונז דאָרט; צווייטענס, האָב איך אייך נאָך ניט געזאָגט. איך האָב דאָרט בעשטעלט א דיענסט פאר אייך אויף מיטצונעהמען קיין אמערי־קאַ. א דאָרפישע שעהנע, יונגע שיקסע. איהר זעהט וויא אייער מאַן זאָרגט פאר אייך. אָהן א דיענסט פאָהרען קאַנט איהר ניט, און א היגע דיענסט איז אין אמעריקא א גרויסע זאַך. איהר דאַרפט דאָך האָבען אזא דיענסט, וואָס זאָל פערשטעהען וואָס איהר הייסט איהר טאָהן. נעהמען מיר דערווייל שוין פאר איינע הוצאות דאָרט דיא דיענסט אויך.

— אָבער איהר געהט דאָך צו דער מאַמען, וואו וועל איך דערווייל בלייבען? — האָט זיא א פרעג געטאָהן, און זיא האָט עפּעס דערפיהלט, אז מיט איהם, מיט אזא טיכטיגען, קלוגען, בריה'שדיגען יונג, וואָלט זיא גע־גאַנגען מיט זיכערהייט וואוהין ער זאָל ניט הייסען, אָבער אליין האָט זיא עפּעס מורא.

— אך, מיין געעהרטער מאַדאַם קאַרץ, — האָט ער א לאַך געטאָהן אזוי מונטער, אז זיא האָט אליין אויך א שמייכעל געטאָהן — איהר אונטער־נעהמט א רייזע, פון דאַנען אזש אויף יענעם זייט אטלאַנטישען מעער און וויא עס קומט צום ערשטען שריט, האָט איהר מורא א ווײלע צו בלייבען אליין אָהן מיר.

— איך מיין גאָר ניט אָהן אייך — האָט זיא געענטפערט צוריק מיט א שמייכעל — איך מיין צו זאָגען, אז איינע אליין אין דער פינסטער, דאָ, מיר זיינען דאָך אויסען שטאָדט...

— וואָס מיינט איהר, איך וועל זיין אזא פרעכער יונג, אז איך וועל

איך איבערלאָזען אַט דאָ, אין מיטען וועג איינע אליין ביי׳ם ברעג שטאָדט ?

— וואָס־זשע דען האָט איהר געזאָגט ?

— וואָס אַארט איך, פערלאָזט זיך אויף מיר און קומט, אין פינף מינוטען ארום זיינען מיר לעבען דעם הויף, וואו עס שטעלען זיך אָב דיא מאָהליווער דעליזשאַנסען, און פאר צעהן טריט פון דאָרט וואַרט אויף אונז א פוהר פון זאַבלודאָווקע, וועט איהר זיך ניט זשענירען צו נעהמען מיך געד ארעמט ? איהר מוזט זיין אביסעל מיעד.

רויזעל האָט איהם גענומען געארעמט. זיא איז טאַקע געוועזען מיעד. זיא האָט דערפיהלט אזא בעקוועמליכקייט אין געהן מיט איהם געארעמט, אז זיא האָט א טראַכט געטאָהן: „מאַנכע מאַנסלייט איז אזוי בעקוועם צו האַלטען געארעמט, עפּעס ווייסען זיי וויא צו האַלטען דעם ארעם און שטע־לען אזעלכע טריט, אז עס איז גאָר לייכטער צו געהען.“

— און דערנאָך וועט איהר אוועק צוריק צו מיין מאַמען און איך זאָל דאָרט בלייבען מיט דעם בעל־עגלה ? — האָט זיא א פרעג געטאָהן און איהר איז שוין מעהר ניט פאַרגעקומען זאָנדערבאַר דער גאַנצער פּלאַן, וועלכער האָט זיך מיט איין וויילע צוריק איהר פאָרגעשטעלט אלס אזוי זאָנדערבאַר ווילד. נאַטירליך, ווען זיא וואָלט ניט געוועזען אביסעל א לייכטזיניגע, אַן אונ־ערפאהרענע און ווען דאָס וואָלט ניט געוועזען בלויז א ווייטערער שריט פון דיא אַלע זאָנדערבאַרקייטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם טאָג, וואָלט זיא אפשר געשטעלט זיך קשיות.

— דאָס וועט ביי מיר נעהמען העכסטענס א האַלבע שטונדע — האָט ער זיא פארזיכערט — איהר מיינט, אז געוועהנליך געה איך אזוי לאַנגזאַם ווי ווען איך געה מיט א דאַמע ? איך גיב א שפּרונג איינס, צוויי און דריי און איך בין שוין דאָרט.

— אָבער איך ווייס ניט אויב דיא מאַמע וועט פערשטעהען — האָט נאָך אַלץ געקווינקעלט זיך רויזעל.

— צו וועט זיא פערשטעהען ? וואָס רעדט איהר, איך וועל איהר ערקלעהרען אזוי, אז אפילו א קינד זאָל קאָנען פאַרשטעהען, און געלד וועל איך איהר איבערלאָזען גענוג. וויא רעכענט איהר געבען איהר דיא גאַנצע הונדערט רובעל אָדער פונפציג וועט אפשר זיין גענוג ? הערר קאַרץ האָט מיר געהייסען איבערלאָזען אייער מוטער הונדערט רובעל.

— זיא וועט דאָך מאַרגען אָדער איבערמאָרגען זיין שוין מיט אונז ?

— האָט רויזעל געזאָגט איהר מיינונג.

— איהר זייט גערעכט, הייסט עס אז א פופציגער וועט זיין גענוג — האָט אונטערגעכאַפּט רוביניק מיט א טאָן פון א געשעפטס־מענש. — זאָל זיא ניט פיהלען ענג אין א רובעל, טאָמער א חוב, א מעשה, א זאַך, אָדער אפשר וויל זיא געבען א פּאָאר רובעל אַן אָרעמע קרובה.

אויב עס האָט נאָך געפעהלט וואָס צו איבערצייגען רויזלען, אַז אַלעס איז וויא עס דאַרף צו זיין און ניט צו דערוועקען אין איהר קיין אונ־צופריעדענהייט פון דעם גאַנצען זאָנדערבאַרען פּלאַן, האָט דאָס געהאָלפען. וויא האָט איהר גאָר געקענט אויפפאַלען, אַז דאָס איז ליעגען, פאַלשקייט און אינטריגע פון אָנהויב ביז'ן סוף! רובּיניק וועט ניט געהן צו איהר מוטער, וועט ניט געבען איהר קיין געלד, אפילו קיין קאָפּיקע ניט און עס איז אין גאַנצען נור אַ כיטרע צונויפגעוועבטער מיטעל וויא ארויסצונאַרען זיא פון דער היים.

זיי זיינען אַזוי ריידענדיג צוגעקומען צום דעליזשאַנסען הויף, וואו רובּיניק האָט אָנגעהויבען צו געהן שנעלער און ציהען זיא אויך מיט זיך צו שטעלען שנעלערע שריט. פון ווייטען האָבען זיי דערזעהען אָן אָנגעגרייטע פוהרעל ביים זייט פון וועג.

— דאָס איז דאָך אַ גוי'אישע פוהר! — האָט זיך רויזעל אָבגערופען.

— אַלע מאָהל בעסער — האָט געענטפערט רובּיניק — ווארום הויב זיך אָן מיט אונזערע אידעלעך בעט ער אייך גלייך אָן אַ שמעקטאַבאַק און הויבט אָן אויספרעגען: וואוהין? צו וואָס? און צי וועמען?

— און איך זאָל דאָ בלייבען מיט דעם גוי אַליין?

— איהר זעצט זיך אריין אין פוהרעל, און זיצט דאָ אַ האַלבע שטענדע אָדער העכסטענס דריי פערטעל שטונדע. און איך וועל אַליין באַלד זיין צוריק. איך האָב אָנגעגרייט אַ פונטעלע קאָנפעקטען און עטליכע פּיראָזשקעס, אייך זאָל דאָ ניט זיין אומעטיג און אייך הונגערט דאָך אפשר.

און איידער זיא האָט נאָך צייט געהאַט צו אויסערן נאָך אַ וואָרט איז ער שוין שנעל אָבגעלאָפען צושרייענדיג פון ווייטען:

— איך בין באַלד דאָ צוריק.

2.

ווען רויזעל וואָלט געווען זעהר ווייט־זעהענדיג, ניט נור אין גייסט, ניט נור מיט'ן שכל, נור פּשוט מיט דיא אויגען קאָנען ווייט זעהען, וואָלט זיא געמערקט וויא רובּיניק איז אָבגעלאָפען ניט ווייטער וויא דיא שטרעקע וואו פון וויטעבסקער טראַקט פאַרקעהרט זיך דאָס געסעל צו דער שטאָדט, און אַז דאָרט האָט ער זיך פאַרשטעקט הינטערן פּאַרקאַן פון הויף, וואו עס שטעלען זיך אָב דיא דעליזשאַנסען. דאָרט איז ער געשטאַנען אַ מינוט פערציג, וועלכע האָבען זיך פאַר רויזלען געצויגען זעהר לאַנג, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דער פויער פון פוהרעל האָט צו איהר דערווייל געפּלוידערט.

דאָס געשפּרעך, וואָס דער פויער מיט'ן פוהרעל האָט מיט איהר געהאַט האָט געדיענט צו פאַרפעסטיגערען דיא איבערצייגונג, אַז אַלעס איז אַזוי וויא רובּיניק האָט איהר געזאָגט. זייער שמועס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ פראַגע, וואָס זיא האָט געשטעלט דעם פויער אַזוי זיך אויס לאַנג־ווייליגקייט.

— וויעפיעל וועט נעהמען פאָהרען קיין זאבלודאָווקע?

— ניט מעהר וויא צוויי שטונדען און אפשרי דריי — האָט דער פויער איהר געענטפערט — א פערד איז ביי מיר א גוטער.

און דער פויער האָט איהר אָנגעהויבען דערצעהלען, אז ער האָט צוויי קיה, פיער חזרים, אזוי פיעל דעסיאַטינעס ערד און צוויי זיהן און דריי טעכטער. נור פון טעכטער האָט מען גאָרנישט. זיי האָבען חתונה און געהען אוועק אין אן אַנדער פאַמיליע — דאָס איז אַלעס וואָס מען האָט פון זיי. איז שוין בעסער, וואָס דיא איינגערע טאָכטער פאָהרט גאָר קיין אמע־ריקאַ, אָדער וויא דער פויער האָט עס אָנגערופען „אמעריצא.“

— דיינע א טאָכטער פאָהרט קיין אמעריקא?

— יאָ, פריצתה, זיי האָבען זיך דאָך איצט אַלע צובונטעוועט, אז זיי ווילען קיין „אמעריצא“. דאָרט פאַרדיענט מען גוט און אז זיא פאָהרט מיט גוטע מענשען איז דאָך געוויס גוט.

און ער האָט אָנגעהויבען לויבען וואָס פאַר א בריה א מיידעל דאָס איז. רויזעל האָט ניט געוואוסט, אז דאָס איז זיין יונגערע טאָכטער טאַקע דאָס מיידעל, וועלכע רוביניק האָט געדונגען אלס א דיענסט פאַר איהר און זיא האָט א פרעג געטהאָן:

— מיט וועלכע גוט מענשען פאָהרט זיא דאָס?

— מיט אייך, פריצתה. זיא איז א שטילע, זעהר א געהאָרכזאמע; זיא וועט אייך פאָלגען אין פייער און אין וואַסער. שכירות וועט זיא קריעגען ביי אייך גוטע, וואָס איז צו ריידען, און אויפגאָב צעהן רובעל האָט אייער פריקאַזטשיק מיר געגעבען. אָבער איך וואָלט זיא ניט אוועקגעלאָזען פון דער היים. נור זיא האָט צוגעזאָגט, אַז זיא וועט מיר צושיקען אהיים אַלעס וואָס זיא וועט אָבשפּאָרען, וועט עס זיין א גוטע הילף, וועלען מיר קאָנען קויפען א בהמה׳לע. איהר גיט נור דאָרט אכטונג, זיא זאָל ניט צולאָזען ווערען. א שעהנע איז זיא — אַלע דאָרפישע בחורים׳לעך לויפען נאָך איהר נאָך. אָבער זיא, גאָט בעהיט! עהרליך זיינען זיי ביי מיר, וויא גאָט הייסט.

אָבער וויא רויזעל האָט זיך ניט פעראינטערעסירט מיט דעם פויערס געשפּרעך און וויא אין איהר האָט זיך ניט ערוועקט עפּעס א מין גדלות, וואָס זיא ווערט א גאַנצע פריצתה ביי איהר מאַן, אז ער האָט איהר שוין בעזאָרגט מיט א דיענסט דורך זיין סעקרעטאר, פון דעסטוועגען האָט זיא באַלד אָנגעהויבען צו פיהלען אונרוהיג און איהר האָט זיך אָנגעהויבען אויס־ווייזען אז עס איז שוין אריבער א סך מעהר וויא א האַלבע שטונדע, זינט רוביניק איז אוועק.

עס קען זיין, אַז ווען עס וואָלט נאָך זעהר לאַנג דויערן וואָלט איהר אונרוהיגקייט געפיהרט צו וואָס. אָבער דאָ האָט שוין דער פויער א זאָג געטהאָן:

— דוכט זיך, איך זעה אז ער קומט שוין. וויא שנעל ער לויפט. דאָס איז אַ פלינקער יונג און אַ קלוגער איז ער.

רויזעל האָט זיך אומגעקוקט. יאָ, ער לויפט. איהר הארץ האָט אָנ־געהויבען שטארק צו קלאַפּען, און זיא וואָלט אליין ניט געקענט ענטפערן צו קלאַפּט עס איהר הארץ פון שרעק אָדער פון שמחה. ווייל אין אמת׳ן האָט זיא זיך אי געשראָקען אי געפרעהט.

— אָט האָט איהר מיך שוין דאָ! גיך ספּראַוועט זיך, וואָס?

ער איז שנעל אריינגעשפּרונגען אין דער פויערשער קיביטקע, האָט זיך אַ זעץ געטהאָן הארט לעבען רויזלען און האָט אַ זאָג געטהאָן צום פויער:

— געפאָהרען! און ניט געזשאַלעוועט דיא בייטש, סטעפּאַן!

— וויא איז מיט דער מאַמען? — האָט רויזעל אַ פרעג געטהאָן דיינקענדיג, אז ער האָט דאָך איהר פריהער געדאַרפט דערצעהלען וואָס ער האָט אויפגעטהאָן איידער ער הייסט פאָהרען.

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז אייער מוטער איז אזא קלוגע פרוי, איך האָב מיט איהר גאָר פיעל ניט געדאַרפט ריידען. וויא איך האָב איהר נור ערקלעהרט אונזער פּלאַן, האָט זיא גלייך אַלעס פערשטאַנען און האָט געענטפערט זאָל זיין מיט גליק און מיר זאָלען שוין קיין אומזיסטע יסורים ניט האָבען.

— און מעהר איז ביי אונז קיינער אין שטיב ניט געווען?

— יאָ, געווען! — האָט רובּיניק געענטפערט און האָט אַ טראַכט געטהאָן זיא זאָל איהם נור ניט בעטען שילדערן וויא עס זעהען אויס דיא מענשען וועלכע ער האָט געזעהען ביי איהר מוטער אין הויז אום צו וויסען ווער עס איז דאָרט געווען — געווען דאָרט אי ווייבער, אי מאַנסלייט אַ פּאָר. אָבער פרעגט מיך בחרם וויא זיי זעהען אויס, איך האָב ניט צייט געהאַט צוצוקוקען זיך. איך האָב אָבגערופען אייער מוטער; מיר זיינען ארויסגעגאַנגען דרויסען און איך האָב איהר ערקלעהרט. זיא האָט גלייך פערשטאַנען און האָט גאָר קיין רייד ניט געמאַכט. עס איז אַפּילו אַ שטיקעל עולה, האָט זיא געזאָגט, וואָס איהר זייט ניט אריין צוריק אין שטוב פריהער און צונויפגערייידען זיך מיט איהר, וועלכע פון אייערע זאַכען זיא זאָל איינ־פּאַקען. אָבער איך האָב געגומען דיא שולד אויף זיך און זיא דאָט גאַנץ גוט פערשטאַנען אז דאָס וואָלט אייך אָבהאַלטען דאָרט: דאָס אַ וואָרט מיט דעם, דאָס מיט יענעם, פרעגען, ענטפערען. און דאָ שטעהט אַ געשפּאַנטע פוהר און וואַרט. וויא איך האָב איהר דאָס ערקלעהרט, האָט זיא זיך זאָגאַר דערפרעהט, וואָס עס האָט זיך אזוי געמאַכט; זיא וואָלט, זאָגט זיא, שוין אליין וועלען פּטור ווערען פון דיא אָרשער יענטעס. אַ, אייער מוטער איז זעהר אַ קלוגע פרוי, און אזא וואונדערבאַר עהרליכע. איהר הערט דאָך, איך וויל איהר געבען דיא גאַנצע הונדערט רובעל, זאָגט זיא מיר: „צו וואָס? דאָס איז דאָך מיין טאָכטער׳ס געלד, וואָס זאָל איך זיך מיט זיי ארומ־

וואַרפען? מיר וועלען דאָך איבערמאָרגען שוין זעהען זיך. גיט מיר דער־
וויל וויעפיעל עס איז."

— איז וויעפיעל האָט איהר פאַר איהר געלאָזען?

— איך האָב זיך קוים איינגעבעטען, זיא זאָל נעהמען פופציג רובעל.
זיא דאַרף גאָר אַזוי פיעל ניט, זאָגט זיא. נו, וואָס מאַכט עס אויס, וועט זיא
זיי ברייגנען מיט זיך.

— איבערמאָרגען האָט זיא געזאָגט? — האָט א פרעג געטהאָן
רויזעל, פאַר וועלכער עס האָט זיך אויסגעוויעזען, אז עס וועט איהר זיין
צו לאַנג צו וואַרטען אויף דער מוטער ביז איבערמאָרגען.

— נו, מען קען דאָך אמאָהל ניט זיכער זיין מיט דער שטונדע.
ביז זיא וועט זיך איינפּאַקען, ביז זיא וועט זיך ספּראַווען, ביז זיא וועט
בעשטעלען א פוהר און ביז זיא וועט קומען, קען דאָס דויערן איבער א טאָג.
איך האָב איהר געזאָגט, זיא זאָל ניט זשאַלעווען א פּאָר רובעל און זאָל
איהר אימיצער העלפען — האָט ערקלעהרט רובינִיק.

— אז עס קאָסט שוין אזוי פיעל, וועט קאָסטען נאָך עטליכע רובעל
— האָט בעמערקט רויזעל מיט א מין פריייגיביגקייט, וועהרענד סטעפּאַן
האָט אָנגעטריעבען אַלץ שנעלער — ער פאָהרט גאַנץ שנעל.

— א, ווען מען גיט אונזערען א פויער אויף א שנאַפּס, דאַן זשאַ־
לעוועט ער ניט דיא בייטש — האָט א לאַך געטהאָן רובינִיק, און ער האָט
דאָ אָנגעהויבען צו דערצעהלען רויזלען געשיכטעס פון זיינע רייזען, וועלכע
אינטערעסאַנטע צופעלע עס מאַכען זיך אויפ'ן וועג.

דאָס זיינען געווען דיא געוויינליכע אויסגעטראַכטע מעשיות, וועל־
כע מען קען הערען פון יעדען וואָיאַזשאָר, דורכגעפלאָכטענע מיט פּיקאַנטע
צופעלע: וויא פאָהרענדיג אמאָל פון קיעוו קיין שוואַרצע טומאַה א ווינטער
ביינאַכט, האָט זיך אָנגעהויבען פּלוצלינג א שרעקליכע זאַוואַרוכע און דער
שליטען איז געבליעבען שטעקען אין שנעע, ניט אהין ניט אהער; פּלוצלינג
איז אָנגעפאָהרען א רייכע קאַרעטע־שליטען מיט א טראָיקע. א פרויען־קאָפּ
האָט א קוק געטהאָן דורך דעם געעפענטען טהירעל פון דער פערמאַכטער
קאַרעטע. דער פּנים איז געווען פערשלייערט. אפּנים אָן אַלטע פּריצתה, וואָס
פאָהרט אין איהר אימעניע. אָנפאַנגס האָט זיא געהייסען דעם קוטשער א
שמייץ טהאָן דיא פערד און פאָהרען ווייטער. קורץ, דער סוף איז געווען,
אַז זיא האָט איהם אריינגענומען אין איהר קאַרעטע און האָט איהם גע־
פיהרט אין איהר אימעניע. ווען זיי זיינען ארויס פון קאַרעטע און זיא
האָט איהם געזאָגט אז ער קען אריינגעהן אין שטוב און דערוואַרעמען זיך,
האָט ער ערשט דערזעהען ווען זיא האָט אויפגעצויגען איהר שלייער, אז
דאָס איז א יונגע שעהנהייט. קיין מאַן איז ניט געווען אין דער היים...
ער האָט דאָרט פערבראַכט עטליכע טעג און זיא האָט שיער ניט געוויינט,
ווען ער האָט ענדליך געדאַרפט אוועקפאָהרען.

— און שטעלט אייך פאר ווער דאס איז געווען? — האט ער איהר א פרעג געטהאן, אננעהמענדיג איהר האנד וויא צופעליג.

— ווער? — האט רויזעל א פרעג געטהאן נייגעריג, ווייל דיא פיקאנטע געשיכטע האט איהר אמוזירט, אזוי שעהן־ריידעוודיג האט ער עס דערציילט.

— קיין אנדערע וויא דיא גרעפין בעקלעמישאווא.

— אי, מוזט איהר זיין א יונג מיט ביינער! — האט זיך ביי רויזלען עפעס אליין ניט ווילענדיג ארויסגעריסען. א פראזע און זיא האט באלד אליין חרטה געהאט, ווייל איהר האט זיך אליין געדוכט, אז זיא האט עס עפעס געזאגט מיט א מין קאקעטסטווא.

איהר האבען איהרע ווערטער אזוי פערדראסען, אז זיא האט ארויס־געצויגען איהר האנד פון זיינער און האט זיך אליין געמיהט צו ווערען ערנסטער. אבער רוביניק האט ניט אויפגעהערט צו דערצעהלען אלע מעשיות, וועלכע האבען זיא געמוזט אמוזירען.

עטליכע מאהל האט זיך דאס פוהרעל אזוי שטארק א קעהר גע־טהאן, אז זיי זיינען שיער ארויסגעפאלען און רוביניק פלעגט זיא ארומ־כאפען ארום טאליע אום צוצוהאלטען זיא כלומרשט און האט זיא דערווייל נעהנטער צוגערוקט צו זיך. זיא האט זיך שטארק געשעהמט, אבער איהר איז דאס ניט געווען אונאנגענעהם.

ווען זיי זיינען ענדליך אנגעקומען קיין זאבלודאווקע, איז שוין אין גאנצען דארף געווען פינסטער. עס איז שוין געווען נאך האלבע נאכט. סטעפאן האט זיך אבגעשטעלט מיט זיין פוהרעל לעבען זיין הויז.

און דא ערשט האט רויזעל א פרעג געטהאן:

— וואהין וועלען מיר פארפאהרען, הערר רוביניק? — און זיא האט עפעס א שוידער געטהאן.

— נעכטיגען קענען מיר דאך דא דערווייל, און אין דער פריה וועלען מיר זעהען — האט ער איהר געזאגט שוין גאר אזוי פאמיליאר, וויא זיי וואלטען זיך געקענט פון יאהרען.

ער האט איהר געהאלפען ארויסשטייגען פון פוהרעל און האט דער ערשטער פערכאפט דעם וועג, זאגענדיג:

— פאר אייך וועט זיין א בעזונדער צימער. איהר וועט שלאפען אין דער „סוועטליצע“ (דיא בעסערע העלפט פון שטוב ביי דיא פויערן) און איך קען שלאפען מיט דיא גוים אויף דיא פאלאטיעס.

רויזעל האט דערפיהלט לייכטער, ווארום זיא האט שוין געווען אנגעהויבען פיהלען עפעס אונרוהיג, וואס איהר וועט אויסקומען צו נעכטיגען מיט א פרעמדען יונגען מאן אין איין צימער אין א פרעמדע שטוב אין א דארף.

און איהר איז באלד ווידער אויסגעקומען צו בעוואונדערען רוביניק'ס

פלינקקייט און פעהיגקייט. מען האט זיא אריינגעפיהרט אין דער בעסערער העלפט פון דעם פויער׳ס שטוב, וואו איהר האט אויסגעוויעזען אלעס עפעס וויא יום טוב׳דיג. רוביניק איז אריינגעלאפען, ארויסגעלאפען, וויא ער וואלט דא געווען א פאלנער בעל הבית, און געפאלגט האבען איהם דא אלע, וויא ער וואלט געווען זייער פריץ. ער האט אריינגעטראגען זיינע פאאר טשעמאדאנעס, וועלכע זיא האט שוין פריהער געזעהען ליעגענדיג אויפ׳ן פוהרעל, און מאשקא האט אריינגעטראגען א קאכענדיגען, זידענדען סאַ־מאוואר.

— דאס איז אייער דיענסט — האט רוביניק אנגעצייגט רויזלען אויף איהר, און רויזלען איז געווען אנגענעהם א קוק צו טהאן אויף איהר. א געזונ־טע, ווייס־לייביגע דארפישע פויערטעלע מיט בליהענדע רויטע באקען, וויא יונגע רויזען.

— א שעהנע בעל־הבית׳טע דארף האבען א שעהן דיענסטמיידעל — האט זיך א וויצעל געטהאן רוביניק און האט עפעס אזוי א קוק געטהאן אויף זיי ביידען, אז רויזעל האט ניט ווילענדיג אראבגעלאזען דיא אויגען. עפעס האט זיא געפיהלט וויא ער וואלט מיט זיינע אויגען אויסגעטהאן זיא א נאַ־קעטע און בעקוקען.

איהר האט אויך עפעס א צופ געטהאן אביסעל ביים הארצען, וואכ ער מאכט א פערגלייך און האט זיך פארגעשטעלט, אז מאקס וועט קומען וועט ער דאך אויך קוקען אויף מאשקאן, אז זיא איז א שעהנע.

— זעהט איהר, איך פארגעס קיין זאך ניט — האט איבערגעשלאגען איהרע געדאנקען רוביניק און האט אנגעהויבען ארויסנעהמען ווייס־ברויט־לעך, א פאאר הערינג און פון א בעזונדער בלעכענער קעסטעל א געבראטענע הוהן.

— טאקע וויא פון א חתונה — האט געזאגט רויזעל און האט א לאך געטהאן.

— נו, ערשטענס פון א חתונה, און צווייטענס, מיר וועלען דאך ניט עסען ביים גוי. וויא איהר זעהט מיך, בין איך ניט קיין פרומער, אבער טרפה עסען, ווען איהר זאלט מיך אבשיטען מיט גאלד.

— און ווער וואלט עס יא עסען טריפה ביי א פויער אין הויז? — האט זיך אבגערופען רויזעל.

— דערפאר האב איך טאקע אנגעגרייט אי אויף היינט, אי אויף מארגען. איך האב אייער מאמען אויך אנגעזאגט, אז זיא זאל ניט זשאלעווען מיטצובריינגען א פאאר געבראטענע היהנער און פיעלייכט טאקע א גאנצע גענזעל.

— מאלט אייך, פון הונגער וואלטען מיר ניט געליטען אזוי אויך — האט רויזעל א זאג געטהאן — פרישע אייער קאן מען אלע מאהל קריגען אין א דארף.

— דאָס איז גוט אויף אָנבייסען, און מיטאָג און וועטשערע דאַרף מען עסען עפּעס סאָלידערעס.

אין רויזלען האָט זיך ערוועקט איצט דיא בריה'שקייט פון אַ פרויענ־צימער, ווען מען דערלאַנגט אַ סאַמאָוואַר און מען דאַרף זיך עסק'ען וועגען מאכלים. זיא האָט צוגאָסען טהעע, האָט צורעכט געמאַכט אַ הערינג, האָט צושטעלט אַלעס אין אָרדנונג און האָט כמעט שוין גאָר ניט געטראַכט וועגען אַלעס, וואָס איז פאָרגעפאַלען.

נור ווען רוביניק האָט פון איהר גענומען אַבשיעד און האָט איהר געוואונשען אַ גוטע נאַכט און גוטע חלומות און איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, איבערלאָזענדיג זיא מיט מאַשקאַן, איז זיא שטאַרק אומעטיג געוואָרען.

מאַשקאַ האָט אָנגעהויבען אויסבעטען פאַר איהר צום שלאָפען, און זיא איז צוגעגאַנגען צום פענסטער — אַ קליינער פענסטער, אין וועלכען איין פערטעל איז נור געווען אָפען. אַ שטילע, קיהלע, אָבער לחלוטין רוהיגע נאַכט פון פריהען הערבסט; פון דיא פעלדער האָבען זיך צוגעטראָגען קרעפּ־טיגענדע ריחות פון דיא אָבגעשניטענע תבואה־פעלדער, און נור פון ווײלע צו ווײלע פלעגט זיך דערהערען אַ תנועה פון אַ ווילדען פויגעל אָדער פון עפּעס אַ קליין חיה'לע. און אַ צופּענדער, בייִנקענדער אומעט האָט פערכאַפּט איהר האַרץ. טרעהרען זיינען אָנגעלאָפען אין דיא אויגען און זיא האָט אַ טראַכט געטהאָן: „אָט דאָס איז מיין חופה־נאַכט, וויא משונהדיג איז עפּעס מיט מיר אַלץ פאָרגעקומען.“

— דיא פּאַניא קאָן געהן שלאָפען — האָט איהרע געדאַנקען איבער־געריסען מאַשקאַ.

— און וואו וועסט דוא שלאָפען? — האָט רויזעל אַ פרעג געטהאָן.

— איך וועל שלאָפען דאָ אויפ'ן אויווען — האָט געענטפערט מאַשקאַ און האָט פערשפּאַרט דיא טהיר.

„דעם ערשטען מאָהל וויא אַ דיענסט בעט פאַר מיר אויס דיא בעט“ — איז דורכגעלאָפען ביי איהר אין קאָפּ, וועהרענד זיא האָט פון זיך אַראָבגעצויגען איהרע זאַכען.

און אַ מיעדע, וויא זיא וואָלט עפּעס גאַנצע בערג איבערגעקעהרט אין דעם טאָג, האָט זיא זיך אַוועקגעלעגט אין בעט און איז גלייך איינגע־שלאָפען. אָבער ניט אויף לאַנג.

זיא האָט זי אויפגעכאַפּט אין אַ גאַנץ קורצער ווײלע אַרום און עפּעס אַזאַ צוטומעלטע, אַז זיא האָט עטליכע מינוטען ניט געקאָנט קלאָהר אָב־געבען זיך אַ רעכנונג וואו זיא איז און וואָס מיט איהר איז. אַן אונבעוואוסטער שרעק האָט זיא אָנגעכאַפּט און זיא האָט זאָגאָר געוואָלט אַ געשריי טהאָן. אָבער וויא זיא האָט געוואָלט אַ געשריי טהאָן, האָט זיא זיך גלייך דערמאָנט אַלעס, אַז זיא איז דאָס אין בעט, אין אַ פּויער'ס הויז, אין דאָרף זאַבלודאָווקע, וואוהין זיא איז געקומען צופאָהרען מיט רוביניקען, און רוביניק איז דאָס

מאַקס'עס סעקרעטאַר, און מאַקס איז איהר חתן און מען האָט עס איהם אַרעסטירט און רובּיניק האָט געבּראַכט אַהער.

און איהר האָט זיך ערשט אָנגעהויבּען צו טומלען אין די גדאַנקען, וויא מאָדנע אונגלויבּיג דאָס אַלעס איז. איהרע גדאַנקען האָבּען זיך אויפגע־בּלעטערט וויא אַ בּוך אויף צוריק: אַמאָל, נאָך גאָר דאָ ניט לאַנג צוריק, האָט זיא אַלץ געטרוימט וועגען אַ חופּה־נאַכט, אָבער ניט מיט קיין אַנדערען וויא מיט זרחי'ן. אָ, וויא זיא האָט איהם געליעבּט! און ליעבּט זיא איהם דען נאָך איצט ניט?

און ווידער האָבּען בּולט איהר זיך פאַרגעשטעלט אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען זינט זרחי איז זיך מיט איהר צוגאַנגען. משונה! אונגלויבּליך! וואָס האָט זיך דאָס מיט איהר געטהאָן? וואָס איז זיא משוגע? ער איז אַרעסטירט און זיא בּעדאַרף אַנטלויפען בּיינאַכט ניט געזעגענטערהייט מיט קיינעם.

זיא האָט צונומען רובּיניק'ס פּלענער, זיינע געשיכטעס מיט מאַל־צעוו'ן, וואָס ער האָט איהר דערצעהלט: עפּעס וויא אַ בּבא מעשה וואָלט עס געווען, וויא טויזענד און איין נאַכט. עפּעס לאָזט זיך דאָס ניט גלויבּען און פיעלעס לאָזט זיך ניט שיקען — סיידען דאָס איז אַ חלום.

הונדערטע קשיות האָבּען זיך איהר געטומעלט, וועלכע זיא מוז פרעגען דעם רובּיניקען. וויא האָט זיא דאָס גאָר בּיי איהם פריהער ניט געפרעגט אַלעס וואָס זיא וויל איצט פרעגען.

און מיט די גדאַנקען איז זיא ענדליך איינגעשלאָפען.

אויפגעכאַפּט האָט זיא זיך שפּעט; אַלעס אין הויז און אַרום הויז איז שוין געווען אין בּעוועגונג. דער סאַמאָוואַר איז שוין געשטאַנען אויפ'ן טיש און האָט געזאָטען; די רעדער פון וועגען האָבּען שוין געסקריפּעט פערבּיי די פענסטער; די היהנער האָבּען געקוואָקטשעט אין הויף; די פויערטע האָט געשריען אויף די קינדער. מאַשקאַ האָט אריינגעטראָגען פרישע אייער, זאָגענדיג:

— דער פּאַן האָט געזאָגט, אַז די פּאַנאַ וויל האָבּען אייער צו אָנבּייסען.

וואו זיינען אַהינגעקומען אַלע קשיות, וועלכע איהר האָבּען זיך גע־שטעלט בּיינאַכט און האָבּען זיא געשראָקען און געמאַטערט? וויא שאַטענס פערשווינדען, ווען טאָג קומט אָן אַזוי זיינען זיי אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען פון איהר געדעכניס, און איהר איז קיין זאַך ניט אויסגעקומען קשה'דיג. זיא האָט נור געפיהלט וויא צו זעהען רובּיניקען און הערען איהם ריידענדיג צו איהר.

זיא האָט זיך איינגעוואַשען מיט פרישקלאָהרע וואַסער פון בּרונען און האָט זיך געפיהלט עפּעס פרישער, רוהיגער, מונטערער. און בּאַלד האָט זיך אויך געוויזען רובּיניק.

— ווי גוט עס איז אין דארף ! — איז געווען זיין ערשטע בעגריס־סונג, ווען ער איז אריינגעקומען — וויא האט איהר געשלאפען ?

— א דאנק אייך — האט זיא געענטפערט.

— ווייסט איהר וואס עס וואלט געווען גוט ? — האט ער געזאגט ביים טהעע־טרינקען.

— וואס ?

— דורכצושפאציערען זיך נאך'ן עסען. עס איז אזוי גוט דא אין דיא פעלדער.

זיא האט געשוויעגען. קיין איין ווארט האט ער ניט געזאגט און קיין איין ווארט איז ביי איהר ניט אויפגעקומען צו פרעגען וועגען איהר ארעסטירטען מאקס, וועגען דער מאמען וואס דארף קומען צופאהרען — עפעס וויא אלעס וואלט געווען אזוי וויא עס דארף צו זיין.

ער האט איהר גאר נאך אמאל ניט געדארפט דערמאנען וועגען שפאציערען געהען. באלד נאך'ן עסען האט זיא אנגעטהאן איהר היטעלע, האט זיך חן'עוודיג צורעכט געמאכט און האט גאנץ מונטער א זאג געטהאן :

— געהען מיר ?

לאנג האבען זיי געשפאציערט, אזוי לאנג, אז זיא האט שוין דערפיהלט הונגער, און דיא צייט איז אריעבער אזוי שנעל, אז זיא האט עס גאר אפילו ניט געשפירט. רוביניק האט איהר דערצעהלט אזוי פיעל זאכען, אבער קיין איינע פון דיא פיקאנטע און צוויי־דייטיגע געשיכטעס, וואס ער האט איהר נעכטען דערצעהלט פון זיינע רייזעס.

און דא האט זיך איהר ערשט געווארפען אין דיא אויגען א פערגלייך צווישען איהם און דעם, מיט וועלכען זיא האט חתונה געהאט. יענער איז עפעס ניט דאס. מאקסען קאן זיא נאך ניט, אבוואהל זיא האט מיט איהם מעהר פערבראכט וויא מיט רוביניק'ן ; זיא איז דאך ערשט נעכטען מיט איהם בעקאנט געווארען און זיא קאן איהם שוין. פאר מאקסען שרעקט זיא זיך נאך עפעס א ביסעל וויא פאר א פרעמדען, אבוואהל ער איז דאך שוין איהרער, און פאר איהם — מיט איהם וואלט זיא קיין מורא געהאט צו געהן עק וועלט. ער איז אזא קלוגער יונג, מיט איהם קאן מען שוין ניט פערפאלען ווערען, וויא דאס ווערטעל זאגט.

— ווייסט איהר ? — האט ער איהר געזאגט, ווען עס איז שוין גאנץ דונקעל געווארען — לאמיר גאר פרופען געהן זיי אנטקעגען. עמיצער פון זיי דארף דאך בעוויזען צו קומען היינט, אבוואהל איך רעכען אז אייער מאמע וועט זיך אזוי גיך ניט ספראווען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען, מאכענדיג איהם דיא בעמערקונג :

— אהא, איהר זעהט, איהר ווערט אליין אויך אונגעדולדיג.

— ווער? איך? — האָט ער איהר געענטפערט — קיין מאָל אין לעבען ניט. שעהנע געשעפטען וואָלט איך געקאָנט פיהרען.

און ער האָט איהר אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען אַ געשעפטס־פאַל, וויא ער האָט איין מאָל געדאַרפט ערהאַלטען אַ דעפּעשע פון אַמעריקאַ, וואָס פון דער דעפּעשע איז אָבגעהאָנגען ענטוועדער צו געווינען אָדער צו פערליערען אַ מאַסע מיט געלד.

— וואָס רייד איך אַ מאַסע מיט געלד, אַלץ וואָלט געקאָנט געהן קאַפּוט, ווען עס וואָלט דויערען נאָך איין שטונדע און איך וואָלט דיא טעלע־גראַמע ניט קריגען, און וואָס מיינט איהר — איך בין מיר געבליעבען קאַלט וויא אַ פיש. וואָס גאָט וועט געבען דאָס וועט זיין. אַ, איך בין אַן אַנדער מענש, מען טאָר קיין מאָל דעם קאָפּ ניט פערליערען.

— אַזאַ קאַלטבלוטיגער זייט איהר דאָס? — האָט זיא צו איהם אויפגעהויבען דיא אויגען, ווארום ער איז געווען העכער פון איהר אין געוואוקס.

זיא האָט געמיינט און האָט ערוואַרט, אַז ער וועט ענטפערען אויף דיעזער פראַגע ניט מיט דעם געשעפטס־טאָן וויא ער רעדט מיט איהר איצט, נור מיט עפּעס אַ וויץ. אָבער אַזוי וויא ער וואָלט געווען בלויז געשעפטס־מאַן פון קאָפּ ביז דיא פיס, האָט ער זיך אַפילו ניט אַ קעהר געטהאָן צו ענטפערען איהר מיט אַ בליק אָדער אַ וויץ און האָט געענטפערט קאַלט גע־שעפטליך:

— אַזאַ דאַרף מען זיין, ווען מען וויל זיין ערפאָלגרייך אין געשעפט. נעהמט נעכטען דעם פאַל מיט מיין פרינציפּאַאַל, מיט אייער מאַן; איהר האָט זיך מסתמא דערשראָקען אויף טויט, האָט געמיינט, אַז גאָט ווייס וואָס דאָס מיינט. זאָגט דעם אמת: אייך איז מסתמא ארויף אויפ'ן זינען, צו האָט איהר ניט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַ פערד־גנב, אַ זשוליק.

— ניין, וואָס רעדט איהר! — האָט זיא פּראָטעסטירט.

— איך מיין ניט דוקא אַזוי, אָבער דערשראָקען האָט איהר זיך. און איך זעהט איהר, בין גאָר ניט נתפעל געוואָרען. איך ווייס, מאַלצעווקע גראָבט אונז, האָב איך גלייך פערשטאַנען וואָס דאָס איז און אַנשטאַט צו לויפען אַהין און אַהער בין איך גלייך געלאָפען און געקלאָפּט אַ טעלעגראַמע צום אַמעריקאַנער געזאַנדטען.

— ווער האָט דאָס געזאָלט וויסען? — האָט זיא זיך פאַרענט־פערדט — איז דאָך גוט אַז איהר ווייסט. אָבער מיר האָבען דאָך פון קיין זאַך ניט געוואוסט, ניט איך און ניט דיא מאַמע.

— מען האָט חלילה צו אייך גאָר נישט. הערר קאַרץ האָט אויף אייך קיין פאַראיבעל ניט. אָבער איהר זעהט שוין, אַז מען דאַרף ניט זיין אַזוי אונגעדולדיג, גלייך צושרעקען זיך. שטעלט זיך פאָר: אָט ערוואַרטען מיר איהם היינט ביינאַכט, און איך בין זיכער, אַז ווען ער זאָל זיך חלילה מאַכען,

אַז ער קומט נאָך ניט, וועט זיך איך שוין דוכטען גאָט ווייס וואָס.

— וואָס קען זיך מיר דוכטען?

— איך ווייס, אַז מען האָט איהם אויפגעגעסען שוין אַ לעבעדיגען, און איך זאָג אייך, אַז דאָס איז גאָרנישט.

— וואָס מיינט איהר גאָרנישט. עס מוז דאָך זיין אַן אורזאַכע.

— איך זאָג גאָרנישט. מען וועט נור דאַרפען פּאָרזיכטיג ערקונדיגען זיך וואָס דיא אורזאַכע איז. דאָס איז אַלעס.

זייער געהען אַנטקעגען איז טאַקע געוועזען אומזיסט; קיינער איז ניט אָנגעקומען, אָבער רויזעל האָט זיך גאָר ניט אַזוי שטאַרק בעאונרוהיגט. רובּיניקס איינפלוס איז געוועזען אַזוי גרויס אויף איהר, אַז זיא האָט גערעכענט: מסתמא וועלען זיי קומען מאָרגען.

זיי זיינען געגאַנגען צוריק אין דאָרף און רובּיניק האָט אויסגעשפּראָכען זיין מיינונג וויא וועגען אַ גאַנץ געוויינליכע זאַך, אַז עס איז נאָך בעסער וואָס זיי וועלען קומען מאָרגען.

— ער איז מסתמא ארוים שפּעט פאַרנאַכט. היינט גאַהען דינגען אַ פוהר קיין זאַבלודאָווקאַ, האָט ער דאָס מסתמא אָבגעלעגט אויף מאָרגען, און זיי וועלען אפּנים שוין קומען צוזאַמען.

קיין שטאַרקע אונרוהיגקייט האָט רויזעל ניט געפיהלט דיא נאַכט, ווען זיא האָט זיך געלייגט שלאָפען, נור געוואונשען, האָט זיא, עס זאָל שוין קומען דער מאָרגען.

## 2.

אָבער דער מאָרגען איז געקומען און קיין צייכען. עס איז אַריבּער אַ האַלבער טאָג און זיא האָט אָנגעהויבּען צו זיין שטאַרק אונרוהיג. בעזאָנדערס אונרוהיג נאָך דערפאַר, ווייל רובּיניק האָט געוויעזען אונרוהיגקייט, אַנשטאַט וואָס ביז איצט האָט ער געזוכט זיא צו בערוהיגען.

— שרעקען זיך איז ניטאָ פאַר וואָס — האָט ער איהר געזאָגט — נור וואָס דאָס איז פאַרשטעה איך ניט.

— אפשר זיצט ער נאָך, אפשר איז ניט אָנגעקומען דיא טעלעגראַמע וואָס איהר האָט ערוואַרט פון פּעטערבּורג.

— דאָס קען ניט זיין. איך האָב מורא, צו האָט מאַלצעווקע ווידער ניט אויסגעשפּרייט עפּעס אַ נעץ.

— זאָלען מיר פאָהרען צוריק? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— וואָס פאַלט אייך איין! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן גאַנץ בייזלעך, אַז זיא איז אַראָבגעפאַלען ביי זיך, וויא ער וואָלט געוועזען איהר בעל הבית — וואָס הייסט, איהר וועט פאָהרען צוריק? איהר ווילט איהם אונגליקליך מאַכען.

זיא האָט אפילו ניט פערשטאַנען מיט וואָס זיא וועט דאָס מאַקס׳ן אונגליקליך מאַכען, ווען זיא וועט פאָהרען צוריק פון זיינעטוועגען, אָבער זיא האָט געשוויעגען. זיא האָט נור אין א ווייל ארום א פרעג געטהאָן:

— וויא דען וועט זיין?

— עס וועט זיין דאָסזעלביגע וואָס געווען — האָט ער איהר געענטפערט מיט דעם טאָן פון א בעפעהל — נור מיר וועלען וואַרטען נאָך א פאָר שטונדען און אויב מיר וועלען ניט האָבען פון אָרשע קיין ידיעה, וועל איך זיך ארויפכאַפּען אויף א פערד רייטענדיג און פאָהר אריעבער אהין. אין צייט פון פינף — זעקס שטונדען בין איך דאָ צוריק אפשר טאַקע מיט זיי צוזאַמען.

— און איך?

— איהר וועט מוזען האָבען געדולד דאָ צו וואַרטען — האָט ער איהר געזאָגט מיט דעמזעלבען טאָן.

רויזעל איז געבליעבען זיצען, וויא א פערטרוגז׳טע. זיין טאָן האָט עפּעס זיא אַזוי ענטמוטיגט, אַז זיא איז געזעסען און האָט נור געטראַכט וועגען דעם: פאַר וואָס איז ער עפּעס געוואָרען אַזאַ כעס׳ן, וואָס פאַר א נאַרישקייט האָט זיא דאָ אַזוינס געזאָגט, וואָס ער האָט אויף איהר אַזוי אָנגעשריען, וויא זיא וואָלט געוועזען זיינע א דיענסט. ער דאַרף ניט פערגעסען, אַז פון דעסטוועגען דיענט ער דאָך ביי איהר מאַקס׳ן און ניט זיא ביי איהם.

עס זיינען אריבער נאָך א פאָר שטונדען; עס איז געווען שוין ווייט נאָך מיטאָג רוביניק איז צו איהר צוגעגאַנגען און האָט איהר אָנגעהויבען ריידען אַזוי צאַרט, אַזוי ווייך, אַז זיא האָט שוין איהם געוואָלט מוחל זיין וואָס ער האָט פריהער צו איהר ניט אַזוי גערעדט.

— איהר זייט טאַקע אַזוי אונרוהיג? — האָט ער איהר געזאָגט — איך וואונדער זיך ניט. עס איז א פערדרוס, ווען איך דערמאָן זיך אַז איהר דאַרפט אַזוי אָבקומען איבער אונזערע געשעפטען. איך זעץ זיך גלייך רייטענדיג און פאָהר קיין אָרשע. און גלויבט מיר, איך טהו דאָס מעהר ניט וויא פון אייער רוהיגקייט וועגען. אָבער וויא וועלען מיר דאָס א לעב טהאָן גלייך וויא מאַקס און אייער מוטער קומט צופאָהרען! פאַר אַלע יסורים וועט דאָס זיין א בעלוינונג...

און ער האָט פיעלדייטיג און וויציג א ווינק געטהאָן מיט דיא אויגען, אַז זיא איז גאָר פערשעהמט געוואָרען.

דער פויער האָט פאַר רוביניקען אָנגעזאָטעלט דעם פערד און ווען רוביניק איז ארויסגעגאַנגען פון הויז צו זעצען זיך רייטענדיג איז זיא אויך ארויס מיט איהם.

— איהר זאָלט דאָ נור ניט אָבעסען זיך דאָס האַרץ — האָט ער איהר

א זאָג געטהאָן מיט א ברידערליכען טאָן — גלויבט איהר אַז אייער מאַקס האָט א בעסערען גוטען פריינד וויא איך, און ווען איהר וואָלט ניט רע־בענען דאָס פאַר א קאָמפּלימענט וואָלט איך זיך ערלויבט אייך צו זאָגען, אַז אסור אויב איהר אַליין אפילו האָט א בעסערען גוטען פריינד פאַר זיך וויא איך. איך קען ניט זעהען וויא איהר נעהמט זיך יעדע קליינינגקייט אזוי צום הארצען.

— דאָס איז דאָך ניט קיין קליינינגקייט! — האָט זיא נור געקענט ענטפערען, ווארום פון זיינע גוטע ווערטער האָבען זיך עפּעס טרעהרען א שטעל געטהאָן אין איהר האלז, און זיא האָט גאָרנישט געקענט זאָגען ווייטער.

— נו, בערוהיג זיך, איך בעט אייך — האָט ער געזאָגט, האָט גענומען איהר האנד און האָט א קוש געטהאָן וויא מען גיט א קוש דיא האנד פון א פּריצתה, אזוי גאלאנט, וויא קאוואלער־מעסיג.

און ער איז ארויפגעשפּרונגען אויפ'ן פערד אזוי פלינק, וויא ער וואָלט געווען א געבאָרענער רייטער.

— דאָ אויף דער זאוואלינקע ווארט פארנאַכט און איידער עס ווערט נאָך פינסטער ווערען וועל איך זיין צוריק.

— און טאָמער וועט אייך אויסקומען דאָרט צו פארשפּעטיגען זיך?

— האָט זיא איהם א פרעג געטהאָן.

— וואָס דאָרט זאָל ניט זיין, זייט זיכער אַז דיא ערשטע זאַך, קום איך גלייך אהער און דערצעהל אייך. זאָגט איהר מיר צו ניט צו נעהמען זיך דאָ אזוי צום הארצען? — האָט ער איהר א פרעג געטהאָן, אויסשטרעקענדיג איהר זיין האנד.

זיא האָט איהם געגעבען דיא האנד און האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ מיט א מין דאנקבארקייט פאַר זיין פריינדשאַפט. און ער האָט אוועקגאלאָפּירט.

— יאַאקי פּריחאָזשי פּאַניטש! (וואָס פאַר א שעהנער יונגער פּריץ!) האָט צו איהר געזאָגט מאַשקא, נאָך דעם וויא רוביניק האָט אוועקגאלאָפּירט — אי יאַקי דאברי! (און וואָס פאַר א גוטער.)

און מאַשקאַ האָט פון איהר ניט אָבגעטראָטען אויף קיין טריט, וויא זיא וואָלט געווען איהרער א שומר. רויזעל האָט פערשטאנען אַז דאָס האָט רוביניק מסתמא אָנגעזאָגט מאַשקאַ'ן, זיא זאָל זיין דורכאויס לעבען איהר. זיא האָט אָבער דאָס אָנגענומען גראָד פון דער גוטער זייט. ער זאָרגט זיך וועגען איהר, אַז איהר זאָל ניט זיין לאנגווייליג, זיא זאָל ניט אומעטיג ווערען, און זיא האָט נור געפיהלט דאנקבארקייט צו איהם.

און מאַשקאַ איז געווען א קלוגע, האָט געפונען אַלץ, מיט וואָס צו פאַראינטערעסירען זיא — האָט איהר געוויעזען וויא זיא מעלקט דיא קיה און האָט מיט איהר אַלץ גערעדט וועגען „אמעריצא". מען זאָגט, אַז אין „אמעריצא" מעלקען דיא קיה דוקא מאַנסלייט. וואָס פאַר א מאָדנע מדינה

דאָס מוז זיין! און נאָך פיעל זאכען האָט זיך געפונען ביי מאשקאָן וועגען וואָס צו ריידען מיט דיא פאַניא.

ווען עס איז אָנגעקומען דער פאַרנאַכט, האָט רויזעל זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן זאוואלינקע, וויא רוביניק האָט איהר אָנגעזאָגט, און האָט מיט אונגעדולד געקוקט אויפ'ן ווייטען וועג. זיא האָט גאָר אליין ניט געמערקט, וויא זיא האָט אָנגעהויבען זיין אונטער רוביניקס איינפלוס.

וויא האָט אָנגעהויבען צו פּאָכען איהר האַרץ, ווען זיא האָט ענדליך דערהערט דאָס טופּען פון קאָפּיטעס איבער'ן וועג און האָט אין גיכען דערזעהען אין דער דונקעלהייט פון אָנהויב אָבענד וויא עס קומט אַ רייטער. אין איהר האָט זיך ערוועקט אי פרייד אי שרעק: ענדליך קומט ער, אָבער גאָט וויים, וואָס פאַר נייעס ער ברייננגט איהר.

ער איז ענדליך לעבען איהר, שפּרינגט אַראָב פון פערד אַ מיעדער, אָטהעמט זיך שווער אָב און מיט אַ פאַמילאַריטעט, וויא ער וואָלט געווען איהרער אַ געליעבטער, האָט ער זיא ארומגעכאַפּט מיט זיינע ביידע אָרעמס, זאָגענדיג:

— שרעקט זיך ניט! שרעקט זיך ניט! איך וואָלט אייך וועלען אַ קוש טאָהן פאַר שמחה, אָבער איהר וועט מיינען, אַז איך בין צו פרעך!

— וואו איז...

— ווער, מאָקס? — האָט ער איהר איבערגעשלאָגען איידער זיא האָט צייט געהאַט ארויסצוריידען אַ וואָרט ווייטער — קומט, וועל איך אייך דערצעהלען.

ער האָט דערלאַנגט דעם פויער דעם פערד און האָט אַ נעהם געטהאָן רויזלען אונטער'ן ארעם, עפּעס מיט אַזאַ מונטערקייט, מיט אַזאַ פרייד, וויא עס וואָלט איהם דער גרעסטער גליק געטראָפען.

— מאַדאַם קאַריץ — האָט ער אַ זאָג געטהאָן — עס איז נאָך בעסער וויא מיר האָבען ערוואַרט. מיר פאָהרען גלייך קיין וויטעבסק.

— און ער? — האָט זיא איהם אָנגעקוקט.

—ער איז שוין אין וויטעבסק. אביסעל איז דאָס מיין שולד, עס איז אָבער אויסגעקומען בעסער, ניט מעהר מיך פערדריסט, וואָס ער וועט דאָ ניט זיין און איהר וואָלט דאָך שוין וועלען איהם זעהען. ניט וואהר?

— פאַר וואָס איז ער געפאָהרען קיין וויטעבסק און איז ניט געפאָהרען אהער?

— ווייל ער האָט געמיינט, אַז מיר זיינען שוין אין וויטעבסק. איך האָב דאָך מיט איהם אָבגערעדט, אַז אויב מען וועט איהם ארויסלאָזען היינט אין דער פריה, זאָל ער פאָהרען גלייך קיין זאבלודאָווקע, ווארום מיר וועלען נעכטיגען אין זאבלודאָווקע און וועלען ערשט פאַרנאַכט אָבפאָהרען קיין וויטעבסק. אָבער רוסישע פאַראַדקעס: דיא טעלעגראַמע פון מיניסטער איז טאַקע אָנגעקומען גאַנץ פריה. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבען אַ מעשה מיט

שרייבעניש און איבערשרייבעניש, און ער איז ארוים ערשט צוויי א זייגער נאָכמיטאָג. ער האָט גלייך געדונגען א ספּעציעלע פוהר פאַר זיך אליין און איז געפאָהרען קיין וויטעבסק.

— און דיא מאַמע?

— דאָס האָט דאָך מיר אייער מאַמע דערצעהלט. פון וואַנען דען וויים איך דאָס?

— און ווען וועט דיא מאַמע קומען?

— אָי, ביז זיא וועט זיך נאָך ספּראַווען מיט איינפּאַקען איהרע זאַכען. הערר קאַרע, זאָגט זיא, איז נאָך אַלץ דער מיינונג, אַז זיא דאַרף ניט פאָהרען גלייך מיט אייך קיין אַמעריקאַ.

— איהר האָט דאָך אָבער געזאָגט, אַז ער האָט מיט אייך אָבגערעדט, זיא זאָל פאָהרען גלייך מיט אונז?

— האָט ער מסתמא אויסגערעכענט, אַז דאָס קאָן אָבלייגען דיא רייזע און אפשר רעכענט ער נאָך אַזוי וויא פריהער, אַז ער וועט מיט אייך פערברייגגען אין לאָנדאָן און אין פּאַריז. עס וואָלט טאַקע געווען ניט מעהר וויא רעכט, נאָך דעם וויא איהר האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעליטען איידער איהר האָט נאָך פון איהם הנאה געהאַט — האָט ער איהר געזאָגט און האָט לאַכענדיג ארומגענומען איהר טאַליע, וויא ער וואָלט וועלען אילוסטרירען וויא זיא האָט געדאַרפט הנאה האָבען פון איהר הייראַט.

— הערט אויף! — האָט זיא איהם אַ זאָג געטהאָן, אָבער ניט מיט כעס, נור אויף אַ פריינדליכען אופן.

— וועל איך זיך מיט דער מאַמען גאָר ניט זעהען?

— וואָס מיינט איהר?

— איך זאָל זיך מיט איהר גאָר ניט זעגענען?

— וויעפיעל מיינט איהר וועט עס אין גאַנצען נעהמען ביז איהר וועט זיך מיט איהר זעהען? יעדענפאַלס דאַרף דאָך דאָס איצט ביי אייך ניט זיין דיא פראַגע. דאָס ערשטע דאַרפט איהר דאָך וועלען ענדליך פעראייניגען זיך מיט אייער מאַן.

— איז ווען פאָהרען מיר?

— גלייך, גלייך, טאַקע

— שוין?

— אַזוי גיך וויא דער פוהער וועט פאַרטיג זיין צו שפּאַנען דעם פערד. און מאָרגען ענדליך וועט איהר שוין זיין מיט אייער מאַן. ערשט מאָרגען וועט זיין אייער חופּה־נאַכט — האָט ער אַ לאַך געטהאָן.

— הערט אויף — האָט זיא ווידער געזאָגט שוין ערנסטער און זיא האָט געפיהלט וויא איהר גאַנצער קערפּער האָט זיך אָנגעצונדען.

זיי זיינען ארײן אין הויז. דער סאַמאָוואַר איז שוין ווידער געווען פאַרטיג. ער האָט מיט זיך ווידער געבראַכט פון אָרשע וואָס צו עסען.

עס האָט זיך דערנאָך ארויסגעשטעלט, אז מען קאָן דעם פערד גלייך ניט שפּאַנען. דער פערד איז אויסגעמאַטערט פון רייטען און מוז אויסרוהען איבער אַ נאַכט. רובּיניק האָט זיך עטליכע מאָהל ערלויבט צו זאָגען צוויי־דייטיגע וויצלעך וויא זיא וועט ענדליך מאָרגען שוין זיין אין איינעם מיט איהר מאַן.

אַן אונרוהיגע נאַכט האָט זיא פערבראַכט, האָט כמעט מיט אַן אויג ניט געקאָנט צו מאַכען, האָט שוין געוואָלט דערלעבען מאָרגענדיגען טאָג און זיין אין וויטעבסק. איהר האָט זיך געדוכט, אז עפּעס אַלץ ווייס זיא ניט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיא איז.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָבען זיך אָנגעהויבען פּאָרבערייטונגען צו דער רייזע קיין וויטעבסק. וויא יאָהרען האָבען זיך אויסגעוויעזען פאַר רויזלען דיא שטונדען. אָבער מען האָט זיך קוים ארויסגעקליעבען פאַרנאַכט. עס זיינען עפּעס אַלץ געווען מניעות, נור אַלץ אַזעלכע מניעות אז עס האָט ניט אויסגעזעהען וויא זיי וואָלטען אָבגעהאַנגען פון רובּיניק'ן, נור ענטוועדער פון דעם פויער אָדער פון מאַשקאַן. אַזוי וויא מאַשקאַ האָט אויך געדאַרפט פאָהרען מיט זיי קיין „אמעריצא" האָט ביי איהר געגומען לאַנג צו פּאַקען איהר קלומעקיל, אָבוואָהל דאָרט זיינען געווען ווייניג זאַכען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה מיט דער פוהר. עס דאַרפען זיך אויסזעצען פיער מענשען — דער פויער, זיין טאָכטער, רובּיניק און זיא — איז קיין פּלאַץ ניטאָ פאַר אַלעמען. עס איז געבליעבען אז מאַשקאַ זאָל געהען צו פוס און פאָהרען זאָל מען לאַנגזאַם כדי זיא זאָל ניט זעהר ווייט אָבשטעהען פון וואָגען.

און אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז לעבען יאַנקעל אָרשערס קרעטשמע זיינען זיי ערשט אויסגעקומען צו זיין אויף דעם דריטען טאָג נאָך דער חופּה. אָנגעקומען זיינען זיי אין וויטעבסק ערשט אויף דעם פיערטען טאָג פאַרנאַכט, און זיינען אריינגעפאָהרען אין דרעזדנער „גאַסטיניצע", וואו לויט רובּיניקס ווערטער האָבען זיי געדאַרפט געפינען איהר מאַן איהר מאַקס'ן.

וואָס פאַר אַ פערוואונדערטען, איבערראַשטען און כמעט צושראָקענעם פּנים רובּיניק האָט אויסגעשטעלט, ווען דער פּאָקטער פון דער גאַסטיניצע האָט איהם דערלאַנגט אַ בריעף, וועלכען וויא דער פּאָקטער האָט ערקלעהרט איז איבערגעלאָזען געוואָרען פון הערר'ן מאַקס קאַרץ.

דער פּאָקטער האָט מיט אַן ערנסטען פּנים, און אַזוי וויא ער וואָלט גאָר נישט וויסען פון וואָס צו זאָגען, זיי ערקלעהרט, אַז עס איז איינגעשטאַנען ביי זיי דער הערר קאַרץ, וועלכער האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויב אַזאַ יונגער מאַן מיט'ן נאָמען רובּיניק און אַזאַ און אַזאַ דאַמע וועלכע איז מאַדאַם קאַרץ זיינען ניט פערפאָהרען אַהער.

דער הערר קאַרץ איז געווען זעהר פערוואונדערט — האָט דער פּאָקטער דערצעהלט — וואָס ער האָט אייך דאָ ניט געפונען און ער פלעגט יעדע ווײַלע

לויפען צום וואקזאל. ער האט דערנאך, ערשט היינט אין דער פריה, הייסט עס, געהייסען מיר רופען אן איזוואשטשיק און האט ערקלעהרט, אז ער פאהרט אב און אויב עס וועט פאסירען דאס דיא לייטע וועלכע ער האט ערווארט דא צו טרעפען, וועלען קומען צו פאהרען, זאל איך זיי איבערגעבען דיעזען בריעף. זייט איהר הייסט עס דיא לייטע.

רובּיניק האט פערקרימט אן אונצופריעדענעם פנים און האט וויא אן ענטוישטער אנגעקוקט רויזלען, וויא זיין בליק וואלט זאגען: „וויא געפעלט איך אזא אונגליק?" און ער האט איהר דערלאנגט דעם בריעף, וועלכען ער האט ניט צועפענט. רויזעל איז געבליעבען שטעהען א מטושטשע, איהרע קנעכלעך האבען זיך א בויג געטהאן. וויא אנידערצופאלען. רובּיניק האט אונטערגעכאפט איהר ארעם און האט א זאג געטהאן:

— מאדאם, פון דעסטוועגען דארף מען זיך דאך ניט פערליערען. עפענט אקארשט אויף דעם בריעף, לאמיר זעהן וואס ער שרייבט. דא מוז דאך עפעס זיין א טעות.

ער האט געזאגט דעם פאקטער גאנץ שטריינג:

— איהר זייט אזוי גוט, איהר קענט געהן. מיר דארפען צוויי צימערן. דיעזען צימער און נאך איינעם. וויא לאנג מיר וועלען דא איינשטעהען, ווייסען מיר נאך ניט, יעדענפאלס וועט איהר אונז רעכענען פער טאג.

דער פאקטער האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. רויזעל האט אין דער צייט שוין געעפענט דעם בריעף מיט ציטערדיגע הענד און האט געלייענט:

„מיין טהייערע, ליעבע, האכגעשעצטע ווייבעלע, רויזעל, לעבע וואהל.

„וויא א דונער האט מיך געטראפען ווען איך בין געקומען צופאהרען אהער און האב דיך מיט רובּיניק'ן ניט געפונען. איך האב זיך אזוי געפרעהט ווען עס איז אנגעקומען פון פעטערבורג דיא טעלעגראמע און מען האט מיר ערקלעהרט אז איך בין פריי. מיט דער גרעסטער אונגעדולד האב איך געווארט ווען איך וועל דיך אומארמען און צו מיין שמאכטענדער ברוסט דריקען. אבער במעט א גאנצען טאג האט עס ביי אייער רוסישער פערפלוכטער פאליציי גע־נומען ביז מיינע פאפיערען זיינען פארטיג געווארען און דיא טהירען פון מיין געפענגניס האבען זיך געעפענט. איך בין מיט דער ברענענדסטער אונגעדולד געלאפען צו דיין ליעבסטע מוטער, א, ווען איך האב דערזעהען דאס הויז, דעם צימער וואו מיין טהייערע רויזעלע האט זיך אויפגעהאדעוועט, וויא האט געקלאפט מיין הארץ. דיא גוטע מוטער האט מיר דערציילט אז אלעס איז געטהאן געווארען וויא איך האב מיין סעקרעטאר, הערר רובּיניק'ן, געהייסען. איהר זייט אבגעפאהרען ביידע קיין זאבלודאווקע און פון דארט מיט מיר צוזאמען צו פאהרען קיין וויטעבסק. זיא האט מיר געזאגט אז איהר ערווארט גלייך אין דער פריה זאל איך קומען, וויל מיר טארען קיין צייט ניט צורייבען, איך מוז זיך פון מיינע שונאים אויסהיטען. איך האב

אנדערש ניט גערעכענט, אז איהר האט מסתמא אין זאבלודאווקע געווארט ביז נאכמיטאג און זעהענדיג אז איך בין נאך ניטא, האט איהר געהייסען שפאנען און אבפאהרען קיין וויטעבסק אהער אין דער דרעזדנער גאסטיניצע וויא איך האב מיט מיין סעקרעטאר אבגעמאכט. און איילענדיג זיך צו זיין וואס שנעלער לעבען דיר, בין איך געפאהרען גלייך אהער. וויא פינסטער איז מיר געווארען אין דיא אויגען ווען איך בין געקומען און איהר זייט נאך דא ניטא. אנפאנגס האב איך גערעכענט צו פאהרען צוריק קיין זאבלודאווקע. אבער איך האב מורא געהאט אז מיר וועלען זיך ווידער פערפלאנטערען אין אונזערע וועגען, האב איך בעשלאסען צו ווארטען. דערצו האב איך געווארט דא אויף געשעפטס־טעלעגראמען.

„און ערשט עבען האב איך ערהאלטען א טעלעגראמע פון אונזער צווייג־קאנטאר אין לאנדאן, אז איך זאל קומען וואס שנעלער. עס איז אין אלגעמיין ראטהזאמער, איך זאל וואס גיכער זיין איבער'ן גרעניץ, ווייל אין רוסלאנד קען איך אלע אונאנגענעהמליקייטען ערווארטען פון מיינע הערען קאנקורענטען, וועלכע געברויכען נידערטרעכטיגע און מערדערישע מיטלען אין קאמפף מיט מיין פירמאא. וואהרשיינליך האט דיר מיין סעקרעטאר דער־צעהלט דיא גאנצע אנגעלעגענהייט, וויא איך האב איהם בעאויפטראגט.

„א, וויא קריינגט עס מיך, מיין טהייערע טייבעלע, מיין בליהענדע רויזעלע, וואס דער שיקזאל צורייסט אונז ווידער, אבער ניט אויף לאנג. איך מוז אבפאהרען. עס פארדריעסט מיך שוין איצט וואס איך האב מיט דיין ליעבער מוטער אבגערעדט און ביי אונז איז געבליעבען, זיא זאל ניט פאהרען נאך איצט אוןווארטען ביז זיא וועט בעקומען דעם ערשטען בריעף פון אונז, אז מיר זיינען שוין אויף אן ארט. א האלבען פערמעגען וואלט איך געשענקט, אז מיר זאלען שוין ענדליך זיין צוזאמען. אבער ליידער, לאזט זיך דער שיקזאל ניט אונטערקויפען מיט געלד. איך מוז פאהרען און איך וועל ווארטען אויף דיר אין לאנדאן מיט אונגעדולד. קיין לאנדאן איז ניט מעהר וויא א פאר טעג רייזע, און דארט וועלען שוין דיא הענד פון מיינע שונאים אונז ניט קענען דערגרייכען.

„איך האב געלאזט וויסען אין מיין קיעווער קאנטאר, אז מען זאל אייך פער טעלעגראמע ארויסשיקען אזוי פיעל געלד וויעפיעל נור דו ווינשסט. איך וועל דיר אבער ראטהען אז דוא זאלסט דאס געלד ביי זיך ניט האלטען. אין וועג דארף מען זעהר פארזיכטיג זיין מיט געלד. עס פאהרען אויף דיא שיפען פערשיעדענע סארטען מענשען: קארטיאזשניקעס, מערדער, באנדי־טען, רויבער, מעדכען־הענדלער און אלערליי מיאוסע מענשען. זאל דאס געלד האלטען מיין סעקרעטאר. ער איז אן עהרליכער מאן און איך פערטרוי איהם מיינע אלע אנגעלעגנהייטען. איך וועל דיר בלויז ראטהען געשעפטליך צו זיין און נעהמען פון איהם רעכנונג פון אלע אויסגאבען, ווארום דאס געלד איז דיינס.

„ליעב ווייבעלע מיינס! פערוויייל ניט צו לאנג אין וויטעבסק און זעה,

אַז רוביניק זאָל ניט זיין קיין שלימזלניק און וואָס שנעלער אַבפאָהרען מיט דיר און מיט דער דיענסט, אויב ער האָט אַזאַ געקראָגען פאַר דיר, קיין האַמבורג און פון דאָרט גלייך קיין לאָנדאָן כדי עס זאָל נעהמען וואָס ווייניגער צייט און זאָלסט שוין זיין ענדליך אין מיינע אָרעמס, פאַר וואָס איך וואָלט אַ האַלבען לעבען געאָפּפערט.

„יאָ פאַרגעס ניט וואָס שנעלער צו שרייבען דער ליעבער מוטער אַ בריעף און ערקלעהר איהר די גאַנצע אַנגעלעגנהייט, זיא זאָל זיך נעביך ניט אַבעסען דאָס האַרץ, און שיק איהר צו נאָך געלד אויב דוא געפינסט עס פאַר נויטיג. איך וואָלט דיך בעטען אויך צו קויפען פאַר זיך שעהנע קליידער און קומען צו פאָהרען קיין לאָנדאָן זעהר אַנשטענדיג געקליידעט, און אויך דיא דיענסט שעהנער אויסקליידען. און אַלעס איבעריגע פערלאָז זיך אויף מיין טרייען רוביניק.

„איך קוש דיך און אומאַרם דיך טויזענדער מאָהל, דיין דיך ליעבענדער וויא זיין לעבען,

מאַקס קאַרץ.“

זיא האָט אָנגעהויבען לעזען דעם בריעף נאָך אַמאָל. עפּעס האָט ער צונומען איהר האַרץ און האָט איהר אין דערזעלביגער צייט געגעבען אויך אַ בעפריעדיגונג. אַזעלכע וואַרעמע ווערטער און אַזוי פיעל ליעבע האָט זיך איהר געדוכט, זיינען אויסגעגאָסען אין דעם בריעף.

— מעגט איהר מיר זאָגען, וואָס ער שרייבט אייך? האָט רוביניק אַ פרעג געטאָהן מיט אַ טאָן פון אונצופריעדענהייט — אפשר זיינען דאָרט פאַראַן אַ פּאָאָר ווערטער אויך צו מיר?

— איך האָב גאָר נישט געגען דעם, אַז איהר זאָלט עס לייענען — האָט זיא איהם געענטפערט, אָבוואָהל ניט גערען.

— ניין, איך מיין ניט צו לייענען אייער בריעף, אָבער מיר דאַרפען דאָך וויסען וואָס צו טאָהן. שרייבט ער מיר גאָר נישט?

רויזעל האָט איינגעזעהען, אַז עס איז טאַקע עפּעס ניט גלייך וואָס איהר מאַקס האָט גאָר ניט געשריעבען רוביניק׳ען. וואָס ווייס זיא אָהן איהם וואָס צו טאָהן. זיא ווייס דאָך ניט דעם ערשטען שריט וויא צו טאָהן.

— ער שרייבט, אַז ער איז אָבגעפאָהרען קיין לאָנדאָן — האָט זיא שוין איהם פאַרענטפערט, — מסתמא האָט ער פון איילעניש פערגעסען צו שרייבען אייך בעזונדער. איהר זעהט דאָך, אַז עפּעס איז באַשערט צו יאָגען זיך און יאָגען זיך און ניט וויסען איינער פון אַנדערן.

רוביניק האָט גענומען דעם בריעף און האָט איהם שנעל דורכגעלעזען. רויזעל האָט זיך געוואונדערט וויא פלינק ער לעזט עס. פון וואַנען האָט איהר נעבאַך געזאָלט אויפפאַלען, אַז ער איז קלאָהר אין דעם אויסווייניג?

ווען רוביניק האָט איבערגעלעזען דעם בריעף, האָט ער נאָך אַלץ געהאַט אַן אונצופריעדענעם פּנים.

— פון דעסטוועגען איז דאָס אַ שעהנע בעהאַנדלונג פון אַ מענשען — האָט ער אַ זאָג געטהאָן. — איז גאָר איהם ניט איינגעפאַלען, אַז איך בין דאָך אויך אַ מענש און דאַרף דאָך אויך וויסען, וואָס, ווען, ווער, וועמען. און אַז ער וועט אייך טויזענד מאָהל שרייבען, וואָס וועט איהר וויסען וויא צו טהאָן. דאָס איז דיא דאַנקבאַרקייט פון בעלי בתים; דיען ביי זיי, לויף, טהו, און צום סוף בעהאַנדעלט מען דיך וויא אַ הונד!

— דאָ שרייבט ער דאָך וויא מען זאָל טהאָן. איהר זעהט דאָך, אַז ער האָט ניט געקאָנט בלייבען — האָט זיא שוין איהם פערענטפערט.

— נו, מילא, פערפאַלען. דאַרף מען הייסט עס נעהמען און גרייטען זיך ווייטער צו דער רייזע. דאָס הייסט אַזוי גיך, וויא מיר וועלען ערהאַלטען דאָס געלד פון דער קיעווער קאָנטאָר.

— דאָס וועט דאָך ווייטער לאַנג נעהמען.

— ניין דאָס קען ניט נעהמען לאַנג, ווייל דאָס וועט דאָך אָנקומען פער טעלעגראַף.

— כאַ־כאַ־כאַ, אַ וואָס פאַר אַ קליין־שטעטעלדיגע איהר זייט, ענט־שולדיגט מיר, איהר ווייסט אַזוי ווייניג פון געשעפטן, אַז איהר ווייסט אפילו ניט, אַז מען קאָן שיקען געלד פער טעלעגראַמע.

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך האָב קיין מאָהל קיין געשעפטען ניט געפיהרט — האָט זיא גאַנץ בייזלאַך אויף איהם אַ קוק געטהאָן — יעדענפאַלס דאַרפט איהר ניט לאַכען. איהר דאַרפט דאָך מיר ערקלעהרען.

— ענטשולדיגט, איך האָב ניט געמיינט אייך צו בעליידיגען. מען טהוט עס גאַנץ איינפאַך. מען טעלעגראַפירט אַן אַנווייזונג אין באַנק אהער, אַז מען זאָל מיר אויסצאָהלען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל, און איך קריעג אַ טעלעגראַמע, וועלכע, איך דאַרף צייגען אין באַנק ווייסען זיי, אַז איך בין דער, וואָס דאַרף דאָס בעקומען. דאָס איז אויב ער וועט שיקען אויף מיין נאָמען, און אויב אויף אייער נאָמען וועט איהר מוזען אונטערשרייבען אַז איהר פערטרויט מיר אַבצונעהמען דאָס געלד, אויב איהר פערטרויעט מיר.

— געוויס טרוי איך אייך; ער שרייבט דאָך מיר אַזוי, אַז דאָס געלד זאָלט איהר האַלטען. איך האָב טאַקע מורא ביי זיך צו האַלטען. איז ווען קאָן דאָס אָנקומען?

— עס קאָן זיין אַז נאָך היינט און אפשר מאָרגען.

— אָי, דאָס וואַרטען נעהמט מיר ארויס מיין געזונד — האָט זיא זיך אָבגעזיפצט.

— נו, פערפאַלען, אַז עס מאַכט זיך ניט וויא מען וויל דאַרף מען וועלען וויא עס מאַכט זיך — האָט ער זיא געטרייסט. — דערווייל דאַרף מען זיך דאָ אויסרוהען און זייט וויא ביי זיך אין דער היים. אַ שעהנער צימער איז דאָ. דאָס וועט זיין אַ צימער פאַר אייך מיט מאַשקאָן.

רויזעל האָט זיך ארומגעקוקט. טאַקע אַ שעהנער צימער. זיא האָט נאָך קיין מאָל אין אַזאַ צימער ניט געוואָהנט.

— אַך וואָלט שוין גערען וויסען, ווען מיר וועלען קאָנען פאָהרען. עס איז מיר עפּעס אַזוי סטראַשנע; איך בין דאָך קיין מאָהל פון אָרשע ניט ארויסגעפאָהרען.

— און מיט איין מאָהל קיין אויסלאַנד — האָט ער זיך אָבגערופען — עס איז דאָך נאָך אָבער גוט, וואָס איהר האָט מיך לעבען זיך. וואָס וואָלט איהר טאַקע טאָהן, ווען איהר וואָלט דאַרפען פאָהרען אַליין.

— איך וואָלט קיין מאָל ניט געפאָהרען אַליין, איך זאָגט אייך דעם אמת, ווען מען זאָל מיר אפילו צוזאָגען בערג מיט גאָלד.

— און אפילו ניט צו אַן אייגענעם מאַן? — האָט ער אַ לאַך געטאָהן — אָ, דאָס זאָגט איהר נור אַזוי; אָי, וואָלט איהר געלאָפען. איך זעה דאָך וויא אונגעדולדיג איהר זייט. עס ווילט זיך גיכער זיין לעבען איהם... כאַ־כאַ־כאַ...

— געהט, הערט אויף! — האָט זיא אַ זאָג געטהאָן מיט פאַראיבעל.

— נור איהר האָט ליעב צו זאָגען חכמות.

— ענטשולדיגט, וואָס האָב איך דאָ אַזוינס געזאָגט. אָבער הערט מאַדאַם. איהר דאָט זיך פאַרגעסען אַז איהר דאַרפט אָנשרייבען אַ בריעף אייער מוטער. זיא וועט דאָך דאַרט ניט וויסען וואָס איבערצוטראַכטען. איך וועל הייסען גלייך ברייננגען טינט און פעדער און פּאַפּיער. זעצט זיך און שרייבט איהר, אַז מיר פאָהרען אָב קיין לאָנדאָן, און אַז זיא זאָל זיך ניט אָבעסען דאָס הארץ, אויב זיא וועט ניט אַזוי גיך קריעגען אַ בריעף, וואָרום פון וועג קען מען קיין מאָהל ניט זיכער זיין מיט בריעף.

איהר איז דאָס געפעלען געוואָרען, וואָס ער איז אַזוי טריי און מענש־ליך, אַז ער דערמאָנט זיא טאַקע וועגען אַ בריעף דער מוטער. ער איז ארויסגעגאַנגען און אין אַ ווייל ארום איז ער ווידער געקומען. נאָך איהם איז געקומען דער פאַקטאָר און האָט געבראַכט טינט, פעדער און פּאַפּיער..

— איך וועל הייסען שטעלען דעם סאַמאָוואַר און אריינטראָגען עסען — האָט ער איהר געזאָגט — און איהר שרייבט דערווייל. איהר ווילט דאָך מסתמא ניט, מען זאָל אייך שטערען. גריסט שוין דער מוטער פון מיינעטוועגען אויך. און שרייבט איהר, אַז ביי מיר אין דיא הענד וועט איהר שוין ניט פערלאָרען געהען.

— זיא קען דען אייך, זיא האָט אייך בלויז איין מאָהל געזעהען, — האָט זיך רויזעל אָבגערופען.

— אָבער זיא האָט מיך גלייך ליעב געקראָגען. איך האָב געזעהען, אַז איך בין איהר געפעלען געוואָרען און זיא האָט מיך געבעטען, איך זאָל אייך למה"ש אָבהיטען. איהר מיינט איך וויים ניט, וואָס דאָס איז, ווען מען פאָהרט ארויס דאָס ערשטע מאָהל אין דער ווייטער וועלט. גריסט איהר.

— אַ דאַנק אייך — האָט רויזעל געענטפערט און האָט זיך גענו־מען שרייבען.

ערשט ווען ער איז ארויס און רויזעל האָט אויפגעשריעבען דיא ערשטע עטליכע ווערטער: „מיין ליעבע, טהייערע מאַמע!" האָבען טרעהרען אָנגעהויבען צו טריפען פון איהרע אויגען. זיא איז נאָך קיין מאָהל פון דער מאַמען אויף אַ טאָג ניט אָוועקגעגאַנגען, דאָס איז דאָס ערשטע מאָהל, וואָס זיא שרייבט אַהיים אַ בריעף. און איהר האָט זיך איצט געדוכט, אַז זיא איז שוין ערגעץ עק וועלט צווישען פרעמדע מענשען, אָבוואָהל רובּיניק איז איהר שוין געוואָרען וויא אַן אייגענער, וויא אַ פריינד.

4.

זיא האָט ניט פיעל געשריעבען דער מוטער, אָבער גענומען האָט איהר אַ לאַנגע צייט צו שרייבען. עפּעס פּלעגט זיא זיך ביי יעדער זאַך אָב־שטעלען און לאַנג טראַכטען און איהר האָט זיך געדוכט, אַז אין יעדער וואָרט שרייבט זיא ארויס אַ שטיק האַרץ.

זיא האָט אַ פּאָאָר מאָל אַ קוק געטהאָן אויף דעם צווייטען טישעל אין צימער, אויף וועלכען עס איז שוין לאַנג געשטאַנען אַ סאַמאָוואַר און רובּיניק האָט געלערנט מאַשקאַ'ן וויא פונאַנדערצוגיסען טהעע. זיא האָט זאָגאַר אייניגע מאָל אויפהויבענדיג דיא אויגען פון פּאַפּיער געמערקט וויא רובּיניק גיט זיך אַ שפּיעל מיט מאַשקאַ'ן און וויא מאַשקאַ ניט נור פּראָטעס־טירט ניט, נור וויא זיא וואָלט געזוכט אַ געלעגענהייט צו זיין לעבען איהם.

ווען זיא איז געווען פאַרטיג, האָט זיא געפיהלט געפעהרליך מיעד, וויא זיא וואָלט מויערן איבערגעקערט און זיא איז געבליעבען זיצען. רובּי־ניק האָט איהר דיא גאַנצע צייט ניט געשטערט מיט קיין וואָרט ניט. און איצט, ווען ער האָט דערזעהען, אַז זיא איז שוין פאַרטיג מיט'ן בריעף, האָט ער אַ זאָג געטהאָן צו מאַשקאַ'ן, אָבער אַזוי אַז רויזעל זאָל הערען:

— זאָג דער כאַזאַיקאַ (בעל הבית'טע), אַז טהעע איז שוין אויפ'ן טיש און עסען טראָגט מען אויך גלייך אריין.

רויזעל האָט עס געהערט און זיא האָט ניט געוואַרט ביז מאַשקאַ וועט איהר זאָגען, זאָנדערן האָט זיך אליין אָבגערופען:

— איך בין שוין פאַרטיג מיט מיין בריעף; מען דאַרף נור אַ מאַרקע צוקלעפּען. האָט איהר ביי זיך מאַרקעס, הערר רובּיניק?

— גוט, איך שיק איהם גלייך אַוועק, און זייט זיכער, אַז מאָרגען קריעגט זיא איהם. ביי מיר איז אַ געזעץ: אַ בריעף, גלייך וויא ער ווערט אָנגעשריעבען.

— אָי הלואי כאָטש ניט שפּעטער פון מאָרגען. שוין דאָך דער פער־טער טאָג וויא זיא האָט מיך ניט געזעהען.

זיא האָט געזעהען וויא ער האָט ארויסגענומען דעם טייסטער און האָט פון אַ בעזונדער טהייל טייסטער ארויסגענומען אַ גאַנצען בויגעלע

מארקעס, האָט אָבגעריסען איינע, צוגעקלעפּט און איז ארויסגעגאַנגען ארייג־וואַרפען דעם בריעף.

„עס איז גוט ווען מען האָט לעבען זיך אַזאַ מענשען" — איז דורכ־געלאָפען ביי רויזלען אין דיא געדאַנקען. און זיא האָט זיך שוין צוגעוואָהנט צו קוקען אויף דער סיטואַציאָן וויא אויף אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך. עפּעס דאָס וואָס איהר מאַן איז פּלוצלונג אַוועקגעפאָהרען קיין לאָנדאָן, האָט איהר גאָר ניט אַזוי בעאונרוהיגט. זיא האָט נור געוואָלט וואָס שנעלער זיין דאָרט לעבען איהם.

פיעל האָט מיטגעהאָלפען צו איהר בערוהיגונג דאָס, וואָס מאַקס איז פריי, הייסט עס, אַז עס איז געווען אומזיסט איהר שרעק ווענען זיין אַרעסט. איין מאָל איז ער פריי און פאָהרט קיין לאָנדאָן, וואו ער האָט שוין ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר זיינע שונא, דעם פאַבריקאַנט מאַלצעוו, איז דאָך ניטאָ ווענען וואָס צו שרעקען זיך. דער נאָמען מאַלצעוו האָט זיך בע־זונדער איינגעשניטען אין איהר געדאַנקען. רובינניק האָט זיא אַזוי אָפּט אָנ־געשראָקען, אַז מען דאַרף מורא האָבען פאַר מאַלצעווקען, אַז זיא איז טהייל־ווייז נערען געווען, וואָס זיא ווייס, אַז מאַקס איז שוין אויסער געפאַהר.

און וואָס וויימער האָט זיא זיך שוין אויסגעלערנט צו זיין געדולדיגער אויך מיט דעם פאָהרען שנעלער צו מאַקסען. דער ערשטער ברען פון אונ־געדולד איז אריבער און איהר האָט איצט אָנגעהויבען צו אינטערעסירען דיא רייזע. זיא האָט געבעטען אַליין רובינניקען, ער זאָל זיך מיט איהר דורכ־געהען זעהען וויטעבסק.

— אַז מיר זיינען שוין דאָ, וועלען מיר ניט נור שפּאַציערען צו זעהען וויטעבסק, זאָנדערן מיר וועלען אויך געהען היינט אבענד אין טהעאַטער.

— אין טהעאַטער?

ביי רויזלען האָבען זיך דיא אויגען צופינקעלט. פאַר איהר איז ווי־טעבסק געווען אַ גרויסע שטאָדט, דאָך אַ גובערנסקע שטאָדט און זעהען טהעאַטער אין אַ גרויסער שטאָדט איז פאַר איהר אַלע מאָל געווען עפּעס אַ מין הויכער אידעאַל, וועגען וועלכע זיא פלעגט ווען ניט טרוימען. און אָט איז דער טרוים פערווירקליכט געוואָרען.

— איך האָב זיך ערשט געכאַפּט, אַז איך געה דאָך נאָך אַלץ אין מיין חופּה־קלייד — האָט רויזעל געזאָגט.

— נו, איהר זשאַלעוועט זיא? מאָלט אייך, אַז אייער חופּה־קלייד איז אַקוראַט פּאַסענד אויף צו געהן אַלע טאָג. נור גוט וואָס איהר האָט ניט געהאַט אַזאַ רייכע חופּה־קלייד פון ווייסען אַטלאַס מיט שפּיצען, וואָס עס פּאַסט טאַקע ניט צו טראָגען סתם אַזוי אין מיטען מיטוואָך. אָבער אַזאַ גרויע וואָלען־קלייד, וויא איהר טראָגט, איז גאַנץ שעהן. ביי אייך אין אָרשע איז דאָס אַ שעהן חופּה־קלייד פאַר אַ כלה פון אייער שטאַנד, אָבוואָהל ניט

פאַר מאַקס קאַרץ'ס אַ כלה. נור דאָ אין אַ גרויסער שטאָדט און נאָך פאַר געהען אין טהעאַטער, איז דאָס גאַנץ פּאַסיג.

— מאַקס שרייבט אָבער, אַז איך זאָל זיך דאָ אויסקליידען — האָט זיא אַ זאָג געטהאָן, ווארום איהר האָט זעהר געשמייכעלט יענער פּלאַץ אין מאַקס'עס בריעף, וואו ער שרייבט וועגען דעם.

— דאָס איז דאָך אייער זאַך, דאָס איז אייער געלד. איהר קאָנט אויסגעבען וויעפיעל איהר ווילט. נור זאָגען זאָג איך אייך, אַז איהר זאָלט נור קויפען אַ פּאָר פּארטיגע אַנשטענדיגע פּלאַטיעס, און ווייטער, ווען מיר וועלען זיין אין לאָנדאָן, זייט זיכער, אַז ער וועט שוין מיט אייך ארומפאָהרען אין אַ קאַרעטע איבער דיא גרויסע מאַגאַזינען און איהר וועט זיך אויסקליידען וויא אַ פּרינצעסין.

— וויא אַ פּרינצעסין דאַרף איך גאָר ניט. איך בין ניט אַזאַ פּראַנ־טיכע, און אויסגעבען זיינע געלד אויף גאַרנישט וויל איך אויך ניט. נור עס זיינען דאָ עטליכע זאַכען, וואָס איך וועל מוזען קויפען. ער האָט דאָך איינגערעדט דיא מאַמען, אַז מען דאַרף מיר גאַרנישט מאַכען פאַר דער חתונה, ווארום מיר וועלען סיי־וויא־סיי דאַרפען קויפען אַנדערע.

— איהר האָט רעכט, וואָס מען מוז אָבער מוז מען — האָט רובינזאָן איהר געשעפּטליך געענטפערט — און מאָרגען וועלען מיר דאָס אַלעס בעזאָר־גען איך פערשטעה דאָך, וואָס איהר מיינט: אונטערקליידלעך, אונטערוועש מסתמא.

רויזעל איז רויט געוואָרען.

— איהר זייט נאָך גאָר אַזוי שעהמעוודיג, וויא איהר וואָלט נאָך גאָרניט חתונה געהאַט — האָט ער איהר אַ זאָג געטהאָן, קוקענדיג אויף איהר עפּעס ווידער מיט אַ ציניש'ען בליק, אַז איהר האָט זיך שוין צום צווייטען מאָל געדוכט, וויא ער וואָלט פון איהר מיט זיין בליק אַראָבגעריסען דיא קליידער און בעקוקען איהר נאַקעטען קערפּער.

— מאַלע וואָס פאַר זאַכען מען דאַרף — האָט זיא זיך פאַרענטפערט און האָט געפּרופט האָבען דיא שטאַרקייט צו ענטפערען איהם צוריק אויך מיט אַ פרעכען בליק — מיך פאַרדריסט נור, וואָס איך האָב אייך ניט גע־בעטען, ווען איהר זייט געפאָהרען רייטענדיג פון זאַבלודאָווקע צוריק קיין אָרשע, איהר זאָלט זאָגען דער מאַמען זיא זאָל פאַר אייך איינפּאַקען איי־ניגע זאַכען.

— פאַר וואָס האָט איהר מיר טאַקע דאָס ניט געזאָגט? ווען איהר וואָלט מיר זאָגען, איך זאָל נעהמען אייערע אונטערוועש און אונטערקלייד־לעך און איך וויים דאָרט וועלכע נאָך ווייבערשע זאַכען, וואָס מיינט איהר, איך וואָלט זיך אפשר געשעהמט?

— דאָס זעה איך שוין, אַז איהר וואָלט זיך ניט געשעהמט.

— פון וואַנען זעהט איהר דאָס? — האָט ער אַ וויצעל געטהאָן זיך.

— ווייל איהר זייט שוין גאָר ניט פון דיא שעהמעווודיגע.

— אפנים אז ניט! און לאָמיך אייך זאָגען, אז פאר אייך שעהם איך זיך מעהר איידער פאר אלע דאַמען, מיט וועלכע מיר איז ווען ניט איז אויס־געקומען צו פיהרען געשעפטען.

— וואָס פאר א געשעפטען האָט איהר געהאט צו פיהרען מיט דאַמען?

איהר וואונש צו זעהען טהעאטער איז געווען אזוי גרויס, אז זיא האָט דערמאָנט רוביניק'ען וועגען דעם איינינג מאָל. און ווען זיא האָט ענדליך דערזעהען דעם טהעאטער, איז איהר עפּעס געוואָרען קאַלאַמוטנע אויפ'ן הארצען.

זיא האָט ניט געוואוסט, אז רוביניק האָט זיא ניט געפיהרט אין קיין טהעאטער, נור האָט עפּעס אויסגעזוכט א ביליגען פּלאַץ, א ביער האַלע, וואו עס טאַנצען אויסגעלאַסענע טענץ אָנגעפּודערטע און אָנגעפארבטע טייטשקעס און וואו מען מאַכט עפּעס אזעלכע ציניזשע שטיק, אז רויזעל האָט עטליכע מאָל אָבגעקעהרט דעם קאָפּ.

רוביניק האָט שטאַרק געלאַכט:

— וואָס פאר א שעהמעדיגע איהר זייט נאָך! — האָט ער א לאַך געטהאָן, ווען זיי זיינען געגאַנגען צוריק אויף זייער קוואַרטיר — און איך האָב געמיינט, אז איהר וועט דערפון הנאה האָבען.

— פון וואָס איז דאָ פאַרהאַן הנאה צו האָבען? איך ווייס ניט, וויא אזוי מיידלעך זיצען דאָ און קוקען.

— אָ, איהר וועט זיין אין גרויסע שטעדט, וועט איהר ווערען אביסעל אנדערש. איהר זייט נאָך גאָר קליינשטעטעלדיג.

דער מאָרגענדיגער טאָג איז ווידער אוועקגעגאַנגען אין וואַרטען. רוביניק האָט איהר געזאָגט, אז א טעלעגראַמע אלס אַן אָנווייזונג אויף געלד איז שוין אָנגעקומען, נור מען מוז וואַרטען אויף מאָרגען צו געהען אָבנעה־מען דאָסגעלד.

— וואוהין איז דיא טעלעגראַמע אָנגעקומען? — האָט זיא א פרעג געטהאָן און האָט זיך געוואונדערט. ווארום זיא האָט געמיינט, אז אויב עס וועט אָנקומען עפּעס, וועט עס זיין אויף איהר נאָמען.

— אָנגעקומען אהער אין גאַסטיניצע אויף מיין נאָמען. דער פאַקטער האָט עס מיר איבערגעגעבען אין מיין צימער. וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי?

— גאָרנישט, איך פרעג סתם אזוי.

ווען זיא האָט שוין איבערגעוואַרט דעם טאָג און האָט ערקלערט, אז אין טהעאטער וויל זיא שוין מעהר ניט געהען, נור וואָלט שוין וועלען עס זאָל זיין א סוף, האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה מיט איינקויפען זאַכען. רוביניק האָט זיא געפיהרט, האָט איהר אָבער געזאָגט:

— איך ראַטה אייך אויסגעבען וואָס ווענינער, ווארום איך וועל דאָך דארפען ווייזען א חשבון.

זיא האָט ווירקליך וויינינג אויסגעגעבען, אָבוואָהל איהר איז ניט געפעלען געוואָרען, וואָס רוביניק ווייזט איהר אָן אויף איהרע געלד וויפיעל זיא זאָל אויסגעבען. אָבער זיא האָט דאָך הנאה געהאט פון דיא זאַכען, וואָס זיא האָט אָנגעקויפט.

דיעזען אויף־דער־נאַכט האָט איהר רוביניק ערקלעהרט, אז מאָרגען פאָהרען זיי שוין אָב זיכער.

— אַלעס איז שוין אויסגעפיהרט און מיר האָבען דאָ מעהר ניט וואָס צו וואַרטען. מיר פאָהרען מאָרגען אָב.

אַביסעל פערדרוס האָט זיא געהאט און דאָס איז געוועזען דערפון, וואָס רוביניק האָט געקויפט פאַר מאַשקאַ'ן אויך וועש און אַ פּאָאַר קליידלעך, אָבוואָהל ניט אַזעלכע וויא איהרע. אָבער אויך כמעט אַזעלכע.

אָבער דיא ערוואַרטעטע רייזע ענדליך האָט איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פאַרשלונגען. זיא איז אויפגעשטאַנען אין דעם טאָג פון דער רייזע גאַנץ פריה און האָט גענומען וואַרטען מיט אונגעדולד ביז רוביניק וועט אריינקומען פון זיין צימער אום צו מאַכען דיא לעצטע פּאַרבערייטונגען. אָבער זיא האָט געוואַרט, געוואַרט און זיך ניט געקאָנט דערוואַרטען. זיא האָט געוואָלט שיקען מאַשקאַ'ן רופען איהם. אָבער עפּעס האָט איהר געצויגען אַליין צו געהן אין זיין צימער — זיא וויל זעהען וואָס טהוט ער.

זיא האָט אָן עפען געטהאָן דיא טהיר, ניט זייענדיג געוואָהנט אָנצוקלאַפּען. זיא האָט געזעהען, וויא רוביניק זיצט און שרייבט, און ווען ער האָט דערזעהען, אַז זיא איז אריין, איז ער עפּעס שטאַרק איבערראַשט געוואָרען און האָט גענומען שנעל און צונויפגעלעגט דאָס געשריעבענע און בעהאַלטען אין קעשינע.

זיא איז געבליעבען שטעהן. אָבער ער האָט זיך באַלד געפונען און האָט אַ לאַך געטהאָן.

— דאָס האָב איך געשריעבען אַ בריעפעלע מיין געליעבטער — האָט ער געזאָגט — און איך שעהם זיך אַלע מאָל אָן אַנדערער זאָל דאָס לעזען.

— ווער וויל דאָס לעזען אייערע בריעף? — האָט זיא פערדריעסליך אַ זאָג געטהאָן. אָבער איהר האָט עפּעס אַ צופּ געטהאָן אין הארצען, זעהענדיג וויא ער האָט זיך עפּעס וויא דערשראָקען, וויא זיא וואָלט איהם געכאַפּט ביי אַ גנבה.

— איהר האָט מיר עפּעס געוואָלט זאָגען? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ניין, איך האָב נור געוואונדערט זיך, וואָס איהר זייט נאָך ניטאָ. איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז מיר וועלען היינט פריה פאָהרען.

— ניט אין דער פריה האָב איך געזאָגט, נור מיר וועלען טאַקע אין עטליכע שטונדען ארום פאָהרען. דער צוג געהט אָב האַלב צוויי. מיר האָבען נאָך גענוג צייט. האָט שוין דער פּאַקטער אריינגעטראָגען דעם סאַמאָוואַר?

— ניין נאָך.

— וועל איך איהם טאַקע שוין הייסען אריינטראָגען! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן וויא וועלענדיג אַלץ פערדעקען זיין פערלעגענהייט, וואָס ער האָט זיך דערשראָקען, ווען זיא איז אריין, וויא זיא וואָלט איהם עפּעס כאַפּען ביי אַ גנבה. און זאָגענדיג דאָס, איז ער שנעל ארויסגעגאַנגען.

אין איילעניש פון צונויפקנייטשען דאָס פּאַפּיער און אריינשפּארען אין בוזים־קעשינע, האָט ער ניט בעמערקט וויא איין שטיק פּאַפּיער איז אראָפּגעפאַלען אויף דער ערד. וויא ער איז ארויס, האָט זיא ניט געקאָנט צוריקהאַלטען דיא נייגעריגקייט און האָט אויפגעהויבען דאָס שטיק פּאַפּיער. דאָס איז געווען אַ רעכנונג. נור אויבען איז געווען אָנגעשריעבען:

„רעכנונג פון׳ם אָרשער אַנטיקעל.“

און אונטען זיינען געשטאַנען ציפערען און אויף וואָס אויסגעגעבען.

„רעכענונג פון זאַבלודאָווקער גראָבען אַרטיקעל.“

און ווידער ציפערען און אויף וואָס אויסגאַבען. זיא האָט פערשטאַנען, אַז דאָס זיינען דיא הוצאות פאַר איהר און פאַר דער דיענסט. אָבער וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ מין בעצייכענונג „אָרשער אַנטיקעל“ און „זאַבלודאָווקער גראָבער אַנטיקעל“. הייננט איז דאָך דאָס עפּעס אַזאַ גראָבקייט אין בעצוג צו איהר. וואָס הייסט עס? זיא איז פאַר איהם עפּעס אַן ארטיקעל? אַזוי לויבט מען דאָך אַ שטיקעל סחורה.

קיין פערדאַכט האָט דאָס אפילו ביי איהר ניט ערוועקט. זיא האָט אָבער שוין דיא גאַנצע צייט בעת זיי האָבען זיך שוין געזעצט אויפ׳ן איז־וואָזטשיק געקוקט אויף איהם קרום, גערעדט מיט איהם מיט אַ האַלבען הארצען. עס איז אויסגעקומען צו נעהמען צוויי איזוואָזטשיקעס. ווארום איצט זיינען דאָך שוין אַזוי פיעל זאַכען און דריי זייערע דארפען פאָהרען. דער פאַקטער האָט געהאָלפען, און אָוועקגעפאָהרען מיט מאַשקאַ׳ן פאַראויס אויף איין איזוואָזטשיק און באַלד נאָך דעם ערשטען רוביניק מיט איהר אויף דעם אַנדער איזוואָזטשיק.

איהר איז עפּעס אויך פאַרגעקומען זאָנדערבאר, וואָס רוביניק האָט זיך איבערגעוואונקען מיט׳ן פאַקטער ווען מען האָט זיך געזעצט פאָהרען, און וויא זיא האָט פערשטאַנען, האָט דער פאַקטער עפּעס צוגעשטימט, אַז ער וועט געבען אַ צייכען, פאַר וואָס שיקט איהם רוביניק פאָראויס מיט מאַשקאַ׳ן און פארוואָס דער פאַקטער דארף געבען אַ צייכען, איז איהר עפּעס אויסגעקומען משונה׳דיג.

— וואָס איז דאָס? — האָט זיא אַ פרעג געטאָהן.

— גאָרנישט, דאָס איז וויא ניט צו פערשפּעטיגען דעם צוג.

און צו דער פערדרוס און קריינקונג, וואָס זיא האָט עפּעס איצט גע־פיהלט געגען רוביניק׳ען, איז נאָך צוגעקומען דער זאָנדערבארער פאַל, וואָס פאָהרענדיג צום וואָקזאַל, האָט איהר אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגען אַ פאַר־

טיע ארעסטאנטען, אין זייערע גרויסע כאלאטען, מאנכע מיט געלע לאטעס אויפ׳ן רוקען. זיא האט דיא אויגען ניט געקענט אבורייסען.

נור אט פאהרען זיי צו נעהענטער. וואס איז דאס? עס ווארפט זיך איהר אין דיא אויגען עפעס א בעקאנטער פנים, אבער איבער דער ארעס־טאנטסקער קליידונג איז דער פנים געווען אזוי פארענדערט, אז זיא האט גע־מיינט דאס ווייזט זיך איהר נור אוים דער פנים און דיא פיגור אלס עהנליך צו זרחי׳ס. וויא דער איזוואזטשיק האט זיך אבער אויסגעגלייכט אקוראט פערביי דעם ארעסטאנט, האט זיא שוין דערקענט אויף זיכער, אז דאס איז זרחי. זי איז אויפגעשפרונגען און האט געגעבען א געשריי: „וועה מיר, זרחי!"

זיא האט געוואלט אבשטעלען דעם איזוואזטשיק און ארונשפרינגען; דער איזוואזטשיק האט טאקע פון איהר געשריי אבגעשטעלט דעם פערד; זיא איז שוין געווען מיט איין פוס אויף דעם טרעפעל פון דער קארעטקע, אבער דא האט רוביניק זיא א נעהם געטהאן ביים ארעם און האט זיא גאנץ גראב א ציה געטהאן:

— וואס איז אייך געשעהן? — האט ער א זאג געטהאן.

זיא איז געווען אזוי איבערראשט פון דער בעגעגעניש, אז זי האט קיין ווערטער ניט געפונען און האט נור צוטומעלמערהייט אנגעהויבען צו בעטען איהם, אבער קריינקליך, בייזליך:

— א בעקאנטער מיינער... שטעלט זיך אב א וויילע... וואס שלעפט איהר מיך אזוי? וואס בין איך אייערע?... וועה מיר, זרחי אן ארעסטאנט....

איהר האט זיך געדוכט, אז זיא הערט נאך זרחי׳ס שטימע א הינטער זיך. אבער רוביניק האט גראב א זאג געטהאן:

— מיר וועלען נאך איבער אייך דעם צוג פארשפעטיגען! הויבט זיך אן מיט קליינשטעטעלדיגע יענטעס! וואס איז אויף אייך אזא שמחה, וואס איהר האט דערזעהן א קרוב אן ארעסטאנט! עפעס א גרויסער יחוס ביי אייך!

— שרייט אויף מיר ניט! — האט זיך שיין ביי איהר גענומען דער מוטה איהם א זאג צו טהאן — פארגעסט ניט, אז איך בין ניט אייערע קיין דיענסט, וויא געפעלט ער דיר!

און זיא האט זיך צוואוואינט זיצענדיג אויפ׳ן איזוואזטשיק. זיא האט זיך אזוי צוואוואינט, אז זיא האט געדארפט פארשטעלען איהר פנים, ווען זיא איז ארייין אין וואקזאל.

אבער דא איז עפעס רוביניק געווארען אזוי גוט צו איהר, האט איהר גענומען אונטערן ארעם; זיא האט ארויסגעריסען איהר האנד ניט זאגענדיג א ווארט. איהר איז געווען אזוי פערדריקט דאס הארץ, אז זיא האט ניט גע־קענט ריידען.

פאר רוביניק׳ען איז דאס געווען וויא א געווינשטער צופאל, וואס

זיא איז געווען אזוי פערביטערט און צוטראָגען, אז זיא האט ניט בעמערקט, וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען רוביניק'ען און דעם פאַקטער, וועלכער איז געפאהרען פאַראויס מיט מאַשקאַ'ן און מיט דיא זאכען צום וואָקזאַל.

רוביניק האָט צו איהר צוגעשיקט מאַשקאַ'ן, וועלכע האט צו איהר אָנגעהויבען ווייך צו ריידען און בעטען זיך, אז די „דאָברא פאַניא" זאָל ניט וויינען, ווארום דער יונגער מאַן זאָגט, אז עס פאַסט ניט, אַלע קוקען.

— לאָז מיך, געה אַוועק פון מיר! — האָט אויף איהר שוין גאַנץ בייז א געשריי געטהאָן רויזעל, וועלכע האט שוין צו איהר אויסגעלאָזען דעם כעס, פאַר וואָס זיא לאָזט רוביניק'ען שפּיעלען מיט זיך, וויא זיא האָט בעמערקט א פּאָאַר מאָל — געה צו דיין „פּריהאָזשי פּאַן."

— און ער שיקט מיך אַהער. ער קריגט זיך דאָרט מיט דעם זשידאָק דעם פאַקטער.

— וואס קריעגט ער זיך מיט איהם?

— וואס ווייס איך? עפּעס איבער געלד. רוביניק גיט איהם געלד און ער שטופּט צוריק.

ווען רויזעל וואָלט געקענט הערען פון ווייטען, וואס עס קומט פאָר צווישען פאַקטער און רוביניק'ען, וועלכע זיינען איצט ארויסגעגאַנגען פון וואָקזאַל, ווייל דער זשאַנדאַר האָט זיך עפּעס צו נאָהענט ארומגעדרעהט, וואָלט זיא זיך אפשר אָנגעשטויסען אדער וואָלט יעדענפאַלס שוין אָנגעהויבען צו פארדעכטיגען, אז זיא איז דאָ עפּעס אריינגעכאַפּט געווארען אין א נעץ.

— קאָן דאס דיא כאָלערע כאַפּען! — האָט זיך געצאַפּעלט דער פאַקטער — אז איך זאָל ניט אָבלעקען א ביינדעל פון אזא שטיקעל משא־מתן, וועל איך בעסער געהן אין אָסטראָג און זאלען אלע שטעקען אין גרויען כאַלאַט מיט א געלער לאַטע, וואס בין איך א יאָלד?

— מאַכסט צוויי רויטינקע און פערשטאָפּ דיין גלאָטקע — האָט איהם געשפּארט צוויי צעהנערלאך רוביניק.

— צוויי רויטינקע מאך איך ביי דער מוהמע ביילקען פאַר אַן אלטער קלאָטשע! — האָט זיך געוואָרפען דער פאַקטער, — און פאַר פּרישינקע.... (ער האָט דאָ געברויכט אַן אונדרוקבארען וואָרט) פאר אמעריקא, פערשטעסטו מיך אַכוואַטניקעל, בין איך אויך אַן אַלטער יאַט, און — האָט ער אויסגעלאָזען דאָ מיט דעם קאַצאַפּסקען גראָבען וואָרט.

— זיי ניט קיין טאָדרעס און נעהם געלד, ווארום אז ניט, קריגסטו א קאָפּיקע ניט! דיא צוויי אַנטיקלעך קאָסטען אָב שעהנע עטליכע הונדערט קנאַקערס, יאָלד!

— וועל איך ניט קריגען דארף מען ניט. איך ווייס אויך אַן עסק, און וואו עס זיינען דיא רויטע פּאַסקעס ווייסען מיר אויך.

— הויב זיך אָן, וועסטו זיך דערדיענען, וואס מאַשקע צופּער, וועסט נאָך קריגען אַ שטעכער אין זייט אויך.

— און קאַטאָרגע ? — האָט מיט בלוט־אָנגעלאָפענע אויגען אַ זאָג געטהאָן דער פּאַקטער, האט פיינע־בריה'שדיג אַ ציה געטהאָן דעם דאַשעק פון היטעל און האט זיך געגעבען אַ פּאַטש אין פּאַטילניצע.

רוביניק איז בלייך געווארען.

און ווער וויים ווי לאנג עס וואלט צווישען דיעזע צוויי אָנגעגאנגען דיא קריעגעריי, ווען דער פּאַקטער וואָלט ניט געמאכט שנעל אַ טריט צו דער טהיר פון וואָקזאל, אין וועלכער עס האט זיך געוויזען רויזעל.

איהר איז געווארען עפּעס אויפפּאלענד, וואס עס דויערט אזוי לאנג צווישען זיי און זיא האט געוואלט ארויסגעהן דרויכען אַ קוק טהאָן אום וואס עס האנדעלט זיך. דעם פּאַקטער'ס לויפען צו דער טהיר איז געווען איבערצו־שרעקען רוביניק'ען, וועלכער איז שוין אזוי אויך צושראָקען געווארען פון דעם סטראַשונאָק־צייכען, וועלכען ער האט געוויעזען, וואס האט בעדייי־טעט, אז ער וועט גלייך צוברעכען זיין גאנצען געשעפט.

רוביניק איז איצט צוגעלאָפען צום פּאַקטער, האט איהם אָנגעכאַפּט פּאר'ן קאָלנער און געגעבען אזא שלעפּ אויף צוריק, אז רויזעל, שטעהענדיג אין טהיר, איז אַ פארציטערטע געווארען. עפּעס אזא ווילדע רציחה האָט זיך געזעהן אין זיינע אויגען.

זיא איז צוגעלאָפען און האט נאָר געוואלט אַן עפען טהאָן איהר מויל, האָט געוואלט אַ זאָג טהון : וואס טהוט איהר, רוביניק ? אָבער רוביניק איז צו איהר צוגעגאנגען, האָט אַן עפען געטהאָן דיא טהיר און האָט איהר מיט אַן אייגעהאלטענעם כעס אַ זאָג געטאָהן :

— ענטשולדיגט, מאדאם, דאס איז ניט אייער זאַך, איך וועל ניט לאָזען, אז ער זאל בעראבעווען אייער מאן'ס געלד — און ער האט איהר בעזאָכט אַ שטויס געטהאָן אין וואָקזאל — איך בעט אייך, געהט זעצט זיך לעבען מאשקא'ן.

און ער איז אליין ארויס צוריק. ער האָט זיך שוין מעהר ניט גע קריעגט מיט'ן פּאַקטער, זאָנדערן האט איהם אָבגעצעהלט פינף צעהנערלאַך, זאָגענדיג :

— מעהר וואָלט דיר ניט פעהלען, דו זאָלסט עפענען דיין חזיר'שען פּיסק.

דער פּאַקטער האָט זיך אַפּנים בעדענקט, האט גענומען דאס געלד און האט זיך גענומען פערענטפערן.

— ווען קומט מיר אוים ביי אייערע יאַטעס צו פערדיענען די פּאָאַר רובעל ? אמאָל אין אַ שמיטה און דערפון דארף איך דאָך נאָך אויך געבען דער קאָקארדע צעהן קנאַקערס.

— נו, האלט שוין דעם פיסק און פארגעס ניט אָנשטעלען דיינע קו־

קערם אויפ'ן קנעפעל — האט איהם שוין גאנץ איינגעשטילט געזאגט רו־ביניק — מיר געפעלט ניט וויא דער קנעפעל דרעהט זיך ארום און קוקט זיך צי צו די אנטיקלעך.

— פאר איהם האב קיין מורא ניט. מיט א דרייערל פוץ איך איהם אב.

א זייטיגער מענש וואלט אפשר ניט פארשטעהן וואס צווישען דיא צוויי חברה־לייט איז דא גערעדט געווארען. אבער ווען ער וואלט זעהן, וויא רוביניק האט ארויסגענומען א בעזונדער דריי־רובעלדיגען און געגעבען דעם פאקטער, און וויא דער פאקטער איז ארויס אויף דער פלאטפארם פון וואק־זאל און האט אנגעהויבען עפעס ריידען מיט'ן זשאנדארם, וואלט ער פער־שטאנען, אז „פוצען דעם קנעפעל" האט בעדייטעט אונטערשמירען דעם זשאנדארם.

רויזעל איז אלץ געזעסען און האט געטראכט וועגען זרחי'ן, וואס פאר אן אונגליק האט עס איהם געקענט טרעפען און אויך וועגען דער וויל־דער רציחה וואס זיא האט בעמערקט אויף רוביניק'ען. ער האט זיך איהר איצט פארגעשטעלט עפעס אלס א שוידערליכער מענש: וויא זיינע אויגען האבען זיך דאס אויסגעקאטשעט און אנגעגאסען זיך מיט בלוט, וועהרענד זיין פנים איז געווען בלייך, נור אין פלעצער־ווייז זיינען אויף זיינע באקען און אויף זיין האלז ארויסגעטראטען בונט־רויטע פלעקען, ווי דאס וואלטען געווען בלוט־פלעקען אויף א ווייסען לייווענט.

אבער באלד האט זיך איהר מיינונג געענדערט אדער יעדענפאלס האט זיא איהם באלד דערזעהן אין א גאנץ אנדער ליכט. ער איז צו איהר צוגעגאנגען מיט אזא גאלאנטען, זאנפטיגען גאנג און מיט אזא מילדקייט און ווייכקייט אין זיין בליק, וויא אין יענעם אבענד נאך דער חופה, ווען ער האט צו איהר אנגעהויבען ריידען וועגען דעם אונגליק וואס האט איהר גע־טראפען. און ווען ער האט צו איהר אנגעהויבען ריידען, האט ער אויך אזוי אומעטיגלעך א שמייכעל געטהאן, אז עס איז אין דעם שמייכעל געווען עפעס וואס האט איהר געריהרט. וויא פריינדשאפט און רחמנות.

— גוטע מאדאם קארץ — האט ער אנגעהויבען מיט זיין ווייכע שטימע — איהר האט מיך אנגעקוקט וואס איך בין אזוי אויפגערעגט גע־ווארען, אז איך האב דעם הונד געקענט דערווערגען. אבער מיינט ניט, אז איך בין אזא שלעכטער, אז איך וועל זשאלעווען אן ארעמען פאקטער, וועלכער האט אונז אזוי בעדיענט דיא גאנצע צייט, א פאאר רובעל אטיעזדנע, אבער איך האב פיינד, אז מען נעהמט מיך אויף זיכער. שטעלט זיך פאר, איך גיב איהם צוויי רובעל, פאר אזא קבצוליע, איז איהם נאך וויניג, גיב איך איהם א דריטען. ערשט ער צאפעלט זיך.

— וואס האט ער געוואלט ? — האט א פרעג געטהאן רויזעל.

— איהר הערט דאך, פאר וואס ער האט געהאלטען דעם בריעף,

וואס הערר קארץ האט איהם איבערגעלאזען אונז איבערצוגעבען, פאר וואס ער האט געבראכט דעם איזוואזטשיק און געהאלפען אונז פיהרען דיא זאכען, פאר וואס ער האט ניט געמאלדען אין אוטשאסטאק, אז איהר שטעהט איין ביי זיי אין גאסטיניצע, פאר דאס אלעס, זאגט ער, דארף מען איהם בע־צאהלען בעזונדער.

— וואס הייסט ער האט געדארפט מעלדען ? — האט ניט פער־שטאנען רויזעל — וואס האב איך מורא ? איך האב קיינעם ניט בעגנב'עט.

רוביניק האט פריינדליך א לאך געטאהן.

— אי וואלט איהר געהאט צרות, ווען איהר וואלט געדארפט אליין פאהרען אין וועג אהן מיר.

— איך פארשטעה ניט.

— ווייסט איהר ניט, אז מען דארף האבען א פאספאסט, ווען מען פאהרט און אז דעם פאספארט דארף מען יאווען אין אוטשאסטאק ?

— איך ווייס, אבער....

און זיא האט אליין ניט געוואוסט, וויא אויסדריקען וואס זיא מיינט, און געמיינט האט זיא צו וואונדערען זיך, וואס זיא איז עפעס אריינ־געפאלען אין אזא לאגע, אז זי, אן אונשולדיגע, צו וועלכער מען קען קיין זאך ניט האבען, האט קיינעם קיין מאהל קיין שלעכטעס ניט געטאהן, דארף גאר זיך עפעס פיהלען וויא א פארברעכערין, וועלכע וואהנט בשתיקה, און מען דארף אונטערקויפען, אז מען זאל וועגען איהר ניט מעלדען דער פאליציי.

און וויא רוביניק וואלט טרעפען איהרע געדאנקען האט ער זיא אי־בער־געשלאגען זאגענדיג :

— איהר זעהט דאך, דאס זיינען אונזערע רוסישע פאריאדקעס. אין אמעריקא ווייס מען ניט פון אזעלכע זאכען. אבער מיך האט דאס אויפגע־בראכט ; איך האב פיינד ווען אזא אידליק מיינט, אז מען דארף איהם אבשי־טען מיט גאלד, פאר וואס ? האט ער געזאלט מעלדען, וואס וואלטען זיי אייך געטאהן ?

— דארף מען דאס אבער אזוי... אזוי... אין כעס ווערען ? — האט זיא א פרעג געטאהן.

— מען קען זיך אמאל ניט העלפען — האט ער זיך פארענטפערט— ווען אויפ'ן הארצען איז אזוי אויך דער טייפעל ווייס וויא...

זיא האט איהם אנגעקוקט.

— איהר מיינט עס איז מיר גוט געווען און לייכט געווען צו זעהען, וויא אייערער א בעקאנטער אדער אפשר א קרוב, איך ווייס ניט ווער ער איז, איז אין אזא'ן אונגליק...

— אין וועלכען אונגליק ?

— אט דער דארטען אלס ארעסטאנט. עס מוז דאך מסתמא זיין

עפּעס אַן אונגליק, אפשר אַ רעוואָלוציאָנער, פון דיא פּאָליטישע, און מען וועט איהם נאָך אפשר שמייסען אויך און אפשר פארשיקען אדער הענגען.

— וואס רעדט איהר? ער איז מיינער אַ לעהרער...

— איך ווייס ניט ווער, וואס, אָבער איך האב געזעהען וויא איהר זייט נעביך צושראָקען געווארען און געהערט וויא ער שרייט „רויזעל!"

— פאר וואס זשע האָט איהר?... — האט זיא ניט דערערדט.

— פארוואס האָב איך וואס? פאר וואס האב איך זיך ערלויבט אייך ניט צו דערלאָזען אָבשטעלען זיך? האָב איך דאס אפשר ניט גע־דארפט טאָהן פון אייערט וועגען? איך בין אַ טרייער מענש און איך מוז אייך אָבהיטען וויא מיינע אויגען אין קאָפּ. ווער ווייס אין וואס פאר אַן אונגליק איהר וואָלט געקענט אריינפאַלען.

זייענדיג פון זעהר אַ ווייכער נאטור, אונערפאהרען און לייכטגלויביג, האט זיך ביי רויזל'ען שוין ווידער געביטען דיא מיינונג וועגען רוביניק'ען. ער איז דאָך אפשר טאַקע גערעכט. אמת, זיא פיהלט, אז איהר וואָלט ניט אויסמאכען וואס פאר אַן אונגליק עס זאָל איהר ניט טרעפען. דאס וואָלט איהר ניט אָבגעהאלטען ניט אָבצושטעלען זיך ריידען מיט זרחי'ן, אויסגעפינען וואס דאָ טהוט זיך מיט איהם. וויא אזוי קומט ער אַן ארעס־טאַנט צו זיין. אָבער פון זיין זייט האָט טאַקע רוביניק געדארפט רעכענען פאר זיין פּליכט, ניט צו דערלאָזען, אַז זיא זאָל עפּעס אריינפאַלען אין אַן אונגליק, אָבוואָהל זיא ווייס ניט וואָס פאר אַן אונגליק דאס קען זיין.

נאָך אַלעם דעם, וואס עס האט אין צייט פון איין וואָך מיט איהר און ארום איהר פּאסירט, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען, אין וואס פאר אַ טומעל רויזעל איז געווען ווייטער אין דער גאנצער צייט פון איהר רייזע.

עס איז גענוג, אז ווען אַן אונערפאהרענע מיידעל פון אַ קליינער שטאָדט, זאָל פּלוצלינג ארויספאהרען אין דער גרויסער וועלט, דארפען דורכמאכען אַ לאַנגע רייזע, זעהען אַלערליי מענשען, שטעדט, אייזענבאהנען, שיפען, אז זיא זאָל זיין צוטומעלט און געפינען זיך עפּעס אין אַ מין הו־האַ, אין אַ מין הין־הער־פּלעט, וויא אַ פערבלאָנדזשעטע שיף געווארפען פון דיא כוואַליעס.

היינט בפרט אז אויסער דער רייזע האָט דאָך מיט איהר אַליין עפּעס פּאסירט אזוי פיעל, אזוי פיעל אין אַזאַ קורצען משך פון צייט, איינס נאָך דאס אַנדערע. ניט צייט געהאַט צו ערהאָלען זיך פון ענטטוישטער ליעבע, און שוין געטאָהן אַ שידוך, און ניט עפּעס אַ געוועהנליכען, גלאַטען שידוך, נור אויף אַ פּלוצלינגען אופן מיט אַ רייכען חתן אַזש פון אמעריקא; ניט צייט געהאט צו בעדענקען זיך וועגען דיעזען שריט שוין חתונה, און חתונה אַליין איז דאָך אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין לעבען, זייענדיג אין'ם טשאַד פון חתונה, גלייך פון אונטער דער חופּה ארעסטירט דעם חתן, ניט צייט געהאט צו ערהאָלען זיך פון דעם קלאַפּ — אָנגעפאנגען אַ רייזע, עפּעס

אזוי וויא יאָגען זיך נאָך וואס. און ניט האָבענדיג קיין רוהיגע שעה צו בע־
טראכטען דאס פּאַרגעקומענע ,דערזעהען דעם אמאָליגען היים־געליעבטען
אלס ארעסטאנט אין מיטען גאס אין וויטעבסק.

זאָל מען זיך פּרובען דאס אלץ פאָרשטעלען און דאן קען מען ערש[ט]
האבען א שטיקעל בעגריעף, וויא אזוי רויזעל האָט ווייטער אין דער גאנצע[ר]
צייט פון דער רייזע ניט געוואוסט אויף וואס פאר א וועלט זיא איז. וויא א
שוואך פויגעלע, געטריבען פון שטארקע געגען־געזעצטע ווינטען, ווערט
פערטראָגען ערגעץ ווייט פון דער מחנה, מיט וועלכע צוזאמען עס איז גע־
פלויגען, ציטערט און פלאטערט, אזוי האָט זי עפּעס געציטערט און גע־
פלאטערט דיא גאנצע צייט, און פאר איהר איז רובּיניק געווארען וויא א
מין בעשיצונגס־פּלאץ צוצוטוליען זיך פון אונגעוויטער.

זיא האט קיין קשיות ניט געפרעגט ווען ער האט איהר געזאָגט ביים
גרעניץ, אז זיי וועלען אנדערש ניט קענען דורכגעהן דעם גרענעץ, סיידען
זיא זאָל זיך אָנגעבען פאר זיינע א פרוי.

— אָבער וויא קען איך דאס ? — האָט זיך ביי איהר אָנגעצונדען
דער פּנים — איך האב מורא.

— וואס האט איהר מורא ? — האָט ער א לאַך געטאָהן — איהר
מיינט אז איהר זאגט, איז דאס שוין. מען טהוט אמאָל ערגערע זאַכען, אום
אריבערצוגעהען דעם גרענעץ, פון זאָגען קומט קיין זאך ניט אָב.

— אָבער...

זיא האט געוואלט ערקלעהרען, אז דאס איז איהר שווער צו זאגען,
נור רובּיניק האָט פערכאפּט דעם וועג.

— איהר האט גאָר נישט צו זאגען, נור אז מען וועט ביי אייך פרע־
גען צו בין איך אייער מאן, זאָלט איהר ענטפערן „יא“ — בלויז איין וואָרט
„יא“ — איז דאס אזוי שווער, ווען מען קען אנדערש ניט אריבערגעהען ?
און אז איהר ווילט דארפט איהר גאָר “יא„ אויך ניט זאָגען. איהר וועט נור
צושאָקלען מיט'ן קאָפּ, אז עס איז אזוי.

— נו, און פּאפּיערען ? — האָט זיא א פרעג געטאָהן.

— וועלכע פּאפּיערען ? איהר מיינט חופּה־וקדושין פּאפּירען.
זעהט, וויא איהר זייט עס געווארען גאָר א גאנצע האדאטאיקע.

— — נישקשה, זאָרגט ניט, רובּיניק ווייס שוין וויא דאס דורכצור־
מאכען. דארף מען פּאפּיערען, זיינען דאָ פּאפּיערען.

— נו, און מאשקא ? — האט זיא א פרעג געטהאָן.

— כא־כא־כא — האָט ער זיך צולאכט, אז רויזלען איז ווידער
אריין דאס בלוט אין פּנים — איהר מיינט, אז איך וועל דארפען מאשקא'ן
אויך מאכען פאר מיינס א ווייב. דאָס איז גאָר ניט אָזוי שווער. אָבער מאכט
זיך ניט קינדעריש. ווען איך מיט אייך זאָל ניט זיין מאן און ווייב, וואָלט
טאקע געווען אונמעגליך מאָשקא'ן אריבערצונעהמען. אָבער אז מיר זיינען

מאַן און ווייב איז שוין אַלעס רעכט, אַ פאַרמעגליכע פּאָאַר פּאַלק מעג פיה־
רען מיט זיך אַ דיענסט.

און ביי רויזלען איז רעכט געוואָרען, אַז רוביניק זאָל ווייזען אויפ׳ן
גרענעץ פּאַפּיערען, דאָס ער מיט איהר זיינען מאַן און ווייב, און גאָר ניט
פון אָרשע, נור פון שוואַרצע־טומאה, אָדער ווי מען רופט דיא שטאָדט לע־
בען קיעוו, בעלא־צערקאָוו. ביי איהר איז רעכט געוואָרען, אָבער דאָס האָט
איהר ניט געלאָזט רוהען, בעזאָנדערס נאָך דערפאַר, ווייל ער פלעגט זיך
דערנאָך עפּעס חכמה׳נען, זאָגען אַזעלכע ווערטלעך אויף דער רעכנונג, וואָס
זיא האָט זיך אָנגעגעבען אַלס זיין פרוי, אַז זיא פלעגט זיך שעהמען צו קוקען
איהם גלייך אין דיא אויגען.

זאָל מען ניט געפּרופט ווערען, זאָגט מען, צו וואָס מען קען געוועהנט
ווערען. זאָנדערבאַר וויא עס זאָל ניט זיין, נור ביסלעכווייז האָט זיך רויזעל
צוגעוועהנט צו הערען זיינע חכמות און פלעגט שוין אויך אַ לאַך טאָהן דער־
ביי. אַזוי וויט, אַז קומענדיג קיין האַמבורג האָט ער איהר אַ זאָג געטאָהן:

— דאָ איז אַמאָל זעהר שטרענג. דיא דייטשע פּאָליציי ווייס קיין
חכמות ניט, אַז מען איז מאַן און ווייב דאַרף מען שלאָפען אין איין צימער.

זיא האָט זיך דערשראָקען.

— אָ, הערט שוין אויף מיט אייערע חכמות.

— אין שפּאַס מעג מען דאָך — האָט ער זיך גלייך פערענטפערט,
אָבער אויך מיט אַ ציניש׳ען געלעכטער, עפּעס וויא אַ קאַץ שפּיעלט מיט אַ
מייזעל — און דאָס איז דאָך אַ שפּאַס. זעהט איהר, מיט אַ טייטשוק מאַכט
נאָך ניט אויס. זאָג איהם מאַן און ווייב גלויבט ער, נור מיט פּאַניע קען
אַמאָל טרעפען ער זאָל פאָדערען בעווייזע.

און דאָ האָט ער איהר אָנגעהויבען צו דערצעהלען זעהר אַ שמוציגען
וויץ פון אַ פּאָאַר, וועלכע האָבען זיך געמוזט אָנגעבען אַלס מאַן און ווייב
ביי׳ם אריבערגעהען דעם גרעניץ.

— געהט ! — האָט זיא אַ זאָג געטאָהן — ווער בעט אייך מיט מיר
חכמה׳נען זיך. איך האָב פיינד צו הערען אַזעלכע זאַכען.

ער האָט זיך אָבער גלייך גענומען פאַרענטפערען.

— נו, וואָס ווערט איהר אין כעס פאַר אַ נאַרישקייט. מען איז דאָך
אין וועג. עס ווערט אומעטיג, ווילט זיך דערצעהלען מעשה׳לעך. אַז איהר
דערצעהלט מיר גאָרנישט, דערצעהל איך אייך. אָבער איך בין ניט אַזאַ גראָ־
בער יונג וויא איהר מיינט.

און ער האָט אָנגעהויבען ווידער ריידען זאַנפט, איידעל, און האָט
זיא אָנגעהויבען בעדיענען וויא אַ טרייער פריינד, וויא אַן איבערגעבענער
מענש.

זיי האָבען זיך ענדליך געזעצט שוין אויפ׳ן שיף אין האַמבורג און איהר
איז געפעלען געוואָרען פון איהם : ווען ער האָט איהר אַ זאָג געטהאָן : זעהט

איהר, ניט קוקענדיג דערויף וואס מיר זיינען מאַן און ווייב כלומר'שט, פון דעסטוועגען וועלען מיר נעהמען בעזונדערע קאיוטעס, אַבוואָהל עס קען אויסקומען אַמאָל, מען זאָל אויף אונז קוקען קרום דערפאַר.

— פאַר וואס קוקען קרום ? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן — דאָ דאַרף מען דאָך ניט אַריבער קיין רוסישע גרענעץ.

— אָ, מיין טהייערע מאַדאַם קאַרין, דאָ איז נאָך ערגער איידער ביים רוסישען גרענעץ. נור מיר וועלען דאָס וויסען וויא צו פעררי̇כטען. איין זאַך דאַרפט איהר בלויז געדענקען, אַז כאָטש מיר זיינען שוין ניט אין רוסלאַנד, און ווייט פון גרענעץ, נור ביז מיר וועלען אַראָב פון שיף איז אייער נאָמען מאַדאַם רוביניק.

— פאַרוואס עפּעס ? — האָט זיא ווידער געפרעגט — צו וואס דאַרף איך דאָ ווייטער זאָגען אַ ליגען ?

— איהר זייט דאָך נאָך גאָר אַ קינד בנאמנות. וויא פערשטעהט איהר דאָס ניט ? אַז אויב מיר האָבען זיך אויפ'ן גרענעץ אָנגעגעבען אַלס מאַן און ווייב, זייט איהר דאָך שוין פערשריעבען געוואָרען אַלס מאַדאַם רוביניק. היינט ווי באַלד איהר זייט שוין אַזוי פערשריעבען געוואָרען, האָב איך דאָך שוין אין דיא בילעטען אויפ'ן שיף אויך געמוזט אַזוי אָנגעבען.

— און וואס וואָלטען זיי אונז טהאָן, אַז ניט ? דאַרפען זיי דען וויסען מיט וועלכען נאָמען מיר זיינען אַריבער דעם גרענעץ ? — האָט זיא געשטעלט נאַאיווע פראַגען.

— איך וויים ניט, פאַרוואָס זיי דאַרפען וויסען, נור איך וויים גאַנץ גוט אַז זיי ווייסען. ווארום מען שיקט דאָך פ'ן גרענעץ צו דיא פאַפּיע־רען מיט דיא נעמען אין קאַנטאָר פון דיא שיפס־קאָמפּאַניעס און אַז מען באַפּט וועמען ביי אַ ליגען, פאַלט אַ פערדאַכט אויף איהם, אַז מען קען נאָך אָבשיקען צוריק.

— וואס פאַר אַ פערדאַכט קען פאַלען, פאַרשטעה איך ניט. דאָ איז דאָך ניט רוסלאַנד. זיי האָבען דאָך דאָ קיין מורא ניט טאָמער איז מען אַ רעוואָלוציאָנערקע אָדער עפּעס אַזעלכעס.

— דערפאַר האָבען זיי קיין מורא ניט, אָבער זיי קענען מיינען, איך וויים וואס ? אַז טאָמער האָבען מיר וועמען בע'גנב'עט ?

— נו, און אַז מיר זיינען מיט'ן זעלבען נאָמען קען ניט זיין קיין חשד, אַז מען האָט וועמען בע'גנב'עט ? וואס האָט עס צו טהאָן ? — האָט זיא אַלץ ניט בערשטאַנען.

— איהר האָט טאַקע רעכט. אָבער מאָלע וואס זיי קען אַרויף אויפ'ן זינען. איהר ווייסט ניט, עס קען אַמאָל פּאַסירען, זיי זאָל אַרויף אויפ'ן זי־נען : וואס איז דאָרט עפּעס וואס אַ יונגערמאַן פאָהרט מיט צוויי פרעמדע מיידלעך, אפשר איז דאס איך וויים וואס.

— וואס זאָל דאס זיין ? — האָט זיא איהם אָנגעקוקט — טאָרען

בעקאנטע מענשען ניט פאהרען צוזאמען, און דערצו קאָן מען דאָך זאָגען, אז איך פאָהר צו מיין מאן, מיט וועלכען איך האב חתונה געהאט.

— און בעווייזע?

— אָבער צו וואס דארפען זיי דאס?

— זאָג איך דאָך אייך, אז זיי קאָנען מיינען, אז דאָ איז עפּעס דאָ מיאוס'ע זאכען. וואס? איהר פערשטעהט גאָרניט?

זיא האט אויף איהם אויסגעשטעלט איהרע גרויסע אויגען. עפּעס האט איהר טומאנע פאָרגעשוועבט וואס ער קאָן אפשר מיינען, נור זיא האט דאָך ניט פערשטאַנען.

— איהר ווייסט ניט, אז עס זיינען פאראן נקבות? איהר האט קיין מאָהל ניט געהערט? — האט ער איהר א זאָג געטהאָן שטילערהייט.

— פּע, הערט אויף! וויא שעהמט איהר זיך ניט!

— נו, זעהט איהר דאָך, אז מען ערקלעהרט אייך ניט, פרעגט איהר אלץ און פארשטעהט ניט, מוז מען דאָך אייך זאָגען. און וויא מען זאָגט אייך, ווערט איהר אין כעס.

זיא האט שוין געשוויגען און האט איינגעזעהן, אז ער איז גערעכט, א געניטער מענש, ער ווייס פון דיא אלע זאכען און ווייס וויא מען דארף טהאָן, אז מען זאל קיין צרות ניט האבען אין וועג, ווארום געהערט האט זי וויפיעל מאָהל, אז עס טרעפט טאקע אז מען ווערט אויסגעריסען אמאָל אויפ'ן וועג איבער פערשיעדענע זאכען.

— היינט זעהט איהר, אז געדארפט האָבען מיר אלס מאן און ווייב נעהמען איין קאיוטע, נור איך ווייס, אז אייך קען דאס אויסקומען אונאנגענעהם. איך ווייס, דאָס דארפט איהר אויסטאָהן, דאָס דארפט איהר זיך אָנטהאָן...

— אָ, הערט אויף, שוין ווידער מיט אייערע חכמות — איז זיא פארשעהמט געווארען פון זיינע ווערטער.

— איך מיין גאָר ניט קיין חכמות. איהר זעהט דאָך, נו, וועט איהר מיט אייער דיענסט זיין אין א בעזונדער קאיוטע און איך אין א בעזונדערער.

— און אז זיי וועלען דאָ פרעגען פאר וואס זייט איהר אין א בעזונדער קאיוטע, וואס וועט איהר זיי ענטפערען? — איז זיא געוועזן נייגיעריג צו וויסען.

ער האט א לאָך געטהאָן:

— דער קאָפּ האט נאָך ביי מיר ניט אויסגעדארט. דערפאר האב איך דאָך גענומען א קאיוטע פאר זיך נאָהענט פון אייערער. מיר זיינען אזעלכע רייכע מענשען, אז מיר קענען זיך ערלויבען צוויי קאיוטעס.

איהר איז דאס פון איהם זעהר געפעלען געווארען און זיא האט טאַקע געפיהלט דאנקבאר, וואס ער האט דאס אזוי גוט צוגעטראכט. אָבער זי

האט שוין איצט געטראכט: וואס קאן דאס זיין פאר א סוד, וואס עס האט איהר ניט געוואלט איצט זאגען? איז דען ניט גענוג אורזאכע, וואס זיי זיינען פרעמדע מענשען, אז עס דארף זיין נאך עפעס אן אורזאכע, פאר וואס זיי זיינען אין בעזונדערע קאיוטעס? און זיא האט אזוי לאנג געטראכט וועגען דעם, ביז איהר האט זיך געדוכט, אז זיא האט געטראפען און זיא האט פאר זיך אליין מיט א מין הנאה זיך פארשעהמט.

איהר האט זיך געדוכט, אז זיא טרעפט, דאס דער סוד בעשטעהט דעריין, אז ער טאר מיט איהר ניט זיין אין איין קאיוטע איבער איהר מאן, איבער מאקסען, וועלכער איז זיין פרינציפאל. ער האט מסתמא מורא, אז מאקס זאל ניט ברוגז ווערען וואס ער ערלויבט זיך צו זיין מיט זיין פרוי אין איין קאיוטע און מאקס זאל אויף איהר — ניט קוקען קרום דערפאר, ווארום דיא מענער זיינען דאך אזוי אייפערזיכטיג.

— זי האט דעריבער געפיהלט נאך מעהר דאנקבארקייט וואס ער האט אזוי איינגעאָרדענט, זיא האט פאר זיך א לאך געטהאן, דענקענדיג: ער וויל איהר ניט זאגען דעם סוד, מיינענדיג אז זי וועט עס אליין ניט טרעפען, נישט קשה, איך בין גאר ניט אזא קינד, איך זאל דאס ניט פערשטעהען.

פאר דער גאנצער צייט פון זייער פאהרען, וויא שוין איינמאהל ערקלערט, האט ער איהר קיין מאל ניט געלאזען צונויפרעדען זיך מיט קיינע אנדערע מענשען; ער פלעגט עפעס אימער געפינען א מיטעל, וויא צו זיין לעבען איהר, און ווען ער איז ניט געווען, איז געוועזן לעבען איהר מאשקא: זיא האט זאגאר פערשטאנען פון מאשקא׳ס ארומדרעהען זיך ארום איהר אין דער צייט, וואס רוביניק איז פערנומען מיט עפעס און איז ניט לעבען איהר, אז דאס איז זיין קאפ. דאס האט ער אנגעזאגט מאשקא׳ן, אז זיא זאל פון איהר ניט אבטרעטען.

אנפאנגס האט זיך איהר געדוכט, אז דאס איז פון טריישאפט־וועגען, אמאל פלעגט זיא מיינען, אז דאס איז כדי אלע זאלען זעהען, אז מאשקא בעדיענט זיא. אבער ווען דאס האט זיך איהר אנגעהויבען צו ווארפען צופיעל אין דיא אויגען, האט רוביניק געפונען א מיטעל, וויא צו פארענטפערן עס.

— איהר דארפט זיך זעהר היטען פון שליסען בעקאנטשאפט אויפ׳ן שיף. דאס בעסטע איז צו האלטען זיך פון אלעמען פון דער ווייטען.

— פאר וואס?

— דערפאר וואס מען קען אמאל אונגליקליך ווערן. אויף די שיפען פאהרען אזוי פיעל זשוליקעס, קעשעניקעס, אז ווען איהר זאלט זיין אפילו מיט צעהן קעפ, וועלען זיי אייך באנעהמען פון קאפ ביז דיא פיס.

— דא, אין צווייטער קלאסע? דא זיינען דוכט זיך אלע אזעלכע שעהנע מענשען.

— יא, שעהנע מענשען, און איהר קענט וויסען, ווער און וואס זיי

זיינען. אַן זעהט איהר דאָרט אַן עלטערען מענשען, זעהט אויס אַ גאַנצער פריץ און אין אמת'ן איז דאס פיעללייכט אַ קעשענע גנב.

— איך וועל דאָך ניט געהן פאַרפיהרען אַ געשפרעך מיט פריצים— האָט זיא געהאַמפּערט זיך מיט איהם — וואס האב איך מיט פרעמדע מאַנס־לייט וועגען וואס צו ריידען?

— און מיט ווייבער אודאי ניט. דאס רוב פאַרשטעלען זיך דאָך דיא פּרויענצימער. זיי רעכענען, אז מען וועט מיינען, אז אַ פרויענצימער איז גאָר ניט פעהיג אויף אַזעלכע זאַכען, און דערמיט בענוצען זיי זיך, ווען זיי טרעפען אַזעלכע וויא איהר זייט.

און זיא האט טאַקע אליין אָנגעהויבען צו ציטערען, אָבוואָהל זיא האט זיך אליין געטראכט: וואס קאָנען זיי ביי איהר אַזוינס גנב'ענען? קיין געלד האלט זיא דאָך ביי זיך ניט. ער האלט דאָך דאס געלד, סיידען די בראָשקע, וואס מאַקס האָט איהר געגעבען אַ מתנה, ווארום דיא צוויי פינ־גערלעך, וואס ער האט איהר אויך געשענקט אַ מתנה, און דעם טבעת קדושין וועלען זיי דאָך ביי איהר פון פינגער ניט קענען אַראָבנעהמען, וואס פאר אַ פעהיגע גנבים זיי זאָלען זיך ניט זיין.

אויף דעם צווייטען טאָג פאָהרען אויפ'ן שיף האָט זיא אָנגעהויבען צו פיהלען דיא זעע־קראַנקהייט, און נאָך גוט וואס מאַשקאַ און רוביניק האָ־בען דאָס ניט געפיהלט אזוי וויא זי, פלעגען זיי זיין לעבען איהר און אָבהיטען זיא. איהר האָט זיך געדוכט, אז זיא וועט שוין גאָר ניט דערפאָהרען.

אָבער אויף דעם דריטען טאָג האָט זיא זיך אָנגעהויבען וואונדערן, פאַרוואס נעהמט עס אַזוי לאַנג דיא רייזע? ביז לאָנדאָן דאַרף דאָך דויערן בלויז אייניגע טעג פון רוסלאַנד — האָט זיא געהערט — און דאָ פאָהרט זיא און פאָהרט. עפּעס גאָר אַ מעשה אָהן אַ סוף.

— ווען וועלען מיר שוין קומען? — האט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— נו, דאס איז דאָך ניט קיין בעל־עגלה מיט קיין פּאָאַר פערד — האָט איהר מיט אַ פריינדליכער ווייכקייט ערקלערט רוביניק — אָנטרייבען קען מען דאָך ניט.

נור אָט האט זיא אָנגעהויבען צו פיהלען זיך שוין גאָר געזונד; עס קעהרט איהר שוין מעהר אזוי ניט צו ברעכען גרין־און־געל. זיא וויל שוין עסען, זאָגאר אזא אַפּעטיט האָט זיך ביי איהר ערוועקט, אז זיא האָט שוין לאַנג אזוי ניט געוואָלט עסען. און דער גערדאנק פאר וואס דויערט עפּעס אזוי לאנג צו פאָהרען קיין לאָנדאָן — האט איהר איצט קיין רוה ניט געגעבען.

און דאָ האָט זיא זיך שוין אָנגעשטויסען אויף אַ פאַל, וואס האָט איהר געגעבען ווי מיט אַ דובינע איבער'ן קאָפּ. זיצענדיג אין רעסטאָראַן פון צווייטען קלאַס, איז אנטקעגען איהר געזעסען אַן עלטערע פרוי מיט אַ זוהן; זיי פלעגען אַלץ ריידען אויף ענגליש, וואס זיא האט ניט אָנגעהויבען

צו פערשטעהען. נור זיא האָט געטראכט אז דאס זיינען אידען און האט עטליכע מאָהל זאָגאר געמאכט רוביניקען דיא בעמערקונג:

— איך וואלט שווערען, אז דאס זיינען אידען.

— וואס חלומ'ט זיך אייך? — האָט איהר רוביניק געענטפערט — נור פרעגט זיך ניט נאָך, ווארום זיי וועלען לאַכען פון אייך.

און זיא האָט זיך טאַקע ניט נאָכגעפרעגט. אָבער אָט האט זיך צו איהר דיא פרוי זיך א ווענד געטהאָן טאַקע פאר רוביניקען אין דיא אויגען.

— זיי פיהלען שוין בעסער, יונגע פרוי?

זיא האט עס געפרעגט אין דייטש, רויזעל האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און האט געענטפערט:

— יא, פיעל בעסער, א דאנק אייך — און האט גלייך ניט געקענט זיך איינהאלטען און האט א פרעג געטהאָן איידער רוביניק האָט נאָך בעוויזען א ציה צו טהאָן זיא ביים אָרעם — ערלויבט מיר צו פרעגען: זיינען זיי אידען?

— יא, מיר זיינען אידישע לייטע — האט דיא פרוי געענטפערט און האט גלייך א זאָג געטהאָן: מיר פאָהרען קיין קוויבעק, און וואוהין פאָהרען זיי?

— קיין לאָנדאָן — האָט זיא געענטפערט.

— קיין לאָנדאָן? האָט דיא פרוי איהר אָנגעקוקט — דאָס איז דאָך אונמעגליך.

אָבער רוביניק האָט גלייך איבערגעשלאָגען און האט א זאָג געטהאָן אין ענגליש.

— שי מינז ניו לאָנדאָן, יו נאָו.

— אין יונייטעד סטייטס? — האָט דיא פרוי איבערגעפרעגט.

— יעס מעם, יונייטעד סטייטס — האט רוביניק געענטפערט — באָט מאַי ווײף איז איגנאָרענט נאָט טו נאָו דהי דיפערענס.

און ער האט דער פרוי ערקלעהרט, אז דאס האָט ער מיט איהר חתונה געהאט, ווייל זיא איז זיינע א כלה געוועזען נאָך איידער ער איז גע־פאָהרען קיין אמעריקא. און קיין וואונדער ניט, וואס זיא צומישט לאָנדאָן מיט ניו לאָנדאָן.

רוביניק האָט געמיינט, אז ער האָט שוין אלעס צורעכט געמאכט. אָבער אויפהויבענדיג זיך שוין פון עסען האט דיא פרוי עפּעס געפונען פאר נויטיג, אויס פריינדשאפט, פערביי געהענדיג א זאָג צו טהאָן:

— זאָגען זיי ניט, ליעבעס קינד, לאָנדאָן, זאָנדערן זאָגען זיי ניו־לאָנדאָן, ווארום לאָנדאָן איז דאָך אין ענגלאנד, אויף יענער זייט אטלאנטי־שען מעער, און ניו־לאָנדאָן איז א שטאָדט אין אמעריקא.

דיא פרוי האָט עס אפילו געזאגט אין דייטש, ניט אין פּראָסט אי־דיש, אָבער רויזעל האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען. ביי איהר האָט זיך עפּעס א

מיש געטהאָן אין קאָפּ און זיא איז געבליעבען זיצען. דיא פרוי איז שוין לאנג פערביי און רובּיניק האָט רויזלען גענומען אונטער'ן אָרעם זאָגענדיג:

—נו, וואס האט איהר זיך אזוי דערשראָקען ?

— איך פערשטעה ניט, — האט זיא איהם אָנגעקוקט — זיינען פאראַן צוויי לאַנדאַנס ?

— איהר וועט פערשטעהן, איך וועל אייך ערקלעהרען וועט איהר פארשטעהן. וואס אַארט אייך, פערלאָזט זיך אויף מיר.

— אָבער וואוהין פאָהרען מיר דאס ? איך האב דאָך דיא גאנצע צייט געפרעגט : פאר וואס דויערט עפּעס אזוי לאנג דאס פאָהרען ? איך פארשטעה ניט !

— אַז איהר הויבּט שוין אָן אַזוי — האָט רובּיניק אַ צאַפּעל געטהאָן זיך וויא ער וואָלט אויך אין כעס ווערען — וויים איך שוין גאָר ניט וויא מיט אייך צו האַנדלען. האָב איך אייך אפשר געטהאָן אַ רעה, וואָס איך האָב אייך ניט אויסגעזאָגט אין וועלכען לאָנדאָן מיר פאָהרען? האָב איך אייך דען ניט געזאָגט, אַז עס איז פאראַן אַ סוד, וועלכער איהר וועט זיך דערוויסען שפּעטער. געדיינקט איהר ניט, ווען איך האָב אייך ערקלעהרט פאַר וואָס מיר נעהמען בעזונדערע קאַיוטעס, אַז עפּעס קען איך אייך גלייך ניט אויסזאָגען, נור שפּעטער וועט איהר זיך שוין אַליין דערוויכען ?

— איז וואָס האָט עס צו טהאָן מיט קאַיוטעס ?

— דאָס האָט שוין זעהר פיעל צו טהאָן. ווען מיר האָבען בעקומען דעם בריעף פון אייער מאַן, געדיינקט איהר, אין וויטעבסק, אין גאסטיניצע ?

— איך געדיינק, נו ?

— נו, איז מיר גלייך פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען. געדיינקט איהר ניט ?

זיא איז געבליבען שטעהן אָהן ווערטער. זיא געדיינקט אַליין ניט, צו איז דאָס טאַקע געוועזן אַזוי.

— נו, זעהט איהר! פאַר וואָס איז מיר פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען? ווייל איך האָב גלייך פערשטאַנען, אַז דאָס וועט שוין פאַר מיר זיין אַן אָבקומעניש. וויא וואָלט איהר דאַן געפיהלט, ווען איך וואָלט אייך אַ זאָג געטהאָן, אַז דאָס איז אַ לאַנגע רייזע אויפ'ן ים? איהר וואָלט געלאָפען גלייך צוריק קיין אָרשע. איהר וואָלט מיינען איך ווייס וואָס.

— וואָס וואָלט איך מיינען? וואָס בין איך אַ קליין קינד, וועלכען מען מוז אָבנאַרען מיט צוקערלעקעכלעך ?

— איך האָב געמיינט וואָס בעסער. און מאָהנען דאַרפט איהר ניט ביי מיר, נור ביי אייער מאַן, ווען ער וואָלט ניט געוועזן מיין פרינציפּאל וואָלט איך אייך זאָגען. נור אַזוי מוז איך שווייגען.

— ניין, איך וויל, איהר זאָלט זאָגען.

— וועל איך אייך זאָגען, אויב איהר וועט אויף מיר קיין פאראיבעל

ניט האָבען. און אויב איהר וועט יא פאַריבעל האָבען מאַכט מיר אויך ניט אויס. מיך אַארט ניט, אַז איהר וועט דאָס איהם, אפילו דערצעהלען און ער קען מיר אָבזאָגען פון מיין שטעלע.

— אָבער זאָגט דאָך, אַנשטאַט וואָס איהר צו'טענה'ט זיך אַזוי וויא א אידענע. וואָס ווילט איהר דערצעהלען?

— ניט דערצעהלען. איך האָב אייך ניט וואָס צו דערצעהלען. דאָ זיי־נען ניטאָ קיין פערבאָרגענע זאַכען.

— וואָס דען?

— איך וויל אייך זאָגען, אַז קיינער קאָן אויף איהם ניט אין כעס זיין מעדר פון מיר. ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט אייך אַזוי צו בעהאַנדלען. גאַרנישט, חתונה געהאַט, און וואָס?

זיא האָט אויף איהם ווידער אויפגעשטעלט איהרע גרויסע אויגען: וואָס מיינט ער?

— איהר קוקט, וויא איהר וואָלט מיך ניט פאַרשטעהן, אַקוראַט וויא איך וואָלט גאַרנישט וויסען וואָס איהר פיהלט. איך וויים וויא איך אַליין וואָלט פיהלען אויף אייער פּלאַץ. וויא זעהט דאָס אויס? חתונה געהאַט און געה יאָג זיך איצט נאָך'ן מאַן.

— אָבער וואָס איז ער שולדיג, אַז מען האָט איהם אַרעסטירט? — האָט זיא שוין אָנגעהויבען צו פאַרענטפערען מאַקס'ען — איהר האָט דאָך מיר אַליין דערצעהלט פון זיינע שונאים און... און פון...

זיי זיינען אַזוי ריידענדיג צוגעגאַנגען צו איהר קאַוטע, זיי זיינען אַריינגעגאַנגען און ער האָט אַ ווינק געטהאָן מאַשקאַ'ן, זיא זאָל אַרויס.

— איצט זיינען מיר דאָ אַליין, קאָן איך אייך זאָגען.

— און אַז מאַשקאַ הערט פערשטעהט זיא דען וואָס? האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— איך וויל ניט, אַז זיא זאָל זיך אָנשטויסען. איך האָב אייך פריהער געוואָלט זאָגען, אַז ווען איהר וואָלט מיר ניט געוואָרען אַזוי אײנגעבאַקען אין האַרצען מיט יעדען טאָג, וואָס איך האָב אייך מעהר דערקענט, וואָלט מיך ניט געאַרט, איהר זאָלט האָבען עגמת נפש, אָבער אַזוי וויא איהר זייט מיר טהייער געוואָרען, האָב איך געזוכט אָבצוהיטען אייער רוה, איהר זאָלט האָבען וואָס ווייניגער פערדרוס און קריינקעניש!

זיא האָט געשוויגען. אויף איהר האָט אַ גוט וואָרט, אַ ווייכער טאָן אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז איהר כעס איז שוין אָבגעגאַנגען.

— גלויבט איהר מיר? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן, אָננעהמענדיג איהר האַנד.

— איך גלויב... אָבער...

און זיא האָט אַליין ניט געוואוסט בעשטימט וואָס זיא וויל זאָגען מיט דעם אָבער. נור וויא ער האָט דערהערט איהר ענטפער: „איך גלויב“, האָט

ער זיך צוגעבויגען צו איהר האַנד און הָאט אַ קוש געטהאָן. זיא הָאט דיא האַנד ניט אַרויסגעצויגען, הָאט נור געזאָגט איהר געוועהנליכען:

— הערט אויף!

און זיא הָאט אַרונטערגעלאָזען דיא אויגען און פון דיא אויגען הָאבען געקייקעלט טרעהרען איבער איהרע באַקען. ער הָאט עס דערזעהען און הָאט נאָך שטאַרקער אָנגעפאַנגען צו קושען איהר האַנד.

זיא הָאט איצט אַרויסגעצויגען איהר האַנד, הָאט שווייגענדיג זיך אָבגעקעהרט און הָאט געזאָגט:

— לאָזט מיך, איך בעט אייך!

זיא איז געווען אויפגערעגט, איהר פנים איז געווען נאַס פון טרערען און רויט.

— ניין, איך וועל אייך ניט לאָזען. ווען איהר וואָלט וויסען, וויא איך געה אוים פאַר אייך, וויא...

— אַך, לאָזט מיך! — הָאט זיא זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און הָאט זיך שוין צואַוויינט אויפ׳ן קול.

ער הָאט זיא אָבער ניט געלאָזען. ער איז געבליבען לעבען איהר, און דאָס הָאט זיא גראַד ניט אויפגערעגט. ווען זיא וואָלט געקענט אריינקוקען ביי זיך אליין אין הארצען אין דיזער מינוט, וואָלט זיא דערזעהען, אַז אין אַ בעהאַלטענעם ווינקעלע ערגעץ, אָבער גאַנץ אונבעוואוסט פאַר איהר אַליין, איז געווען דער פערלאַנג אַז ער זאָל ניט אוועקגעהן.

— אָבער ליעבע רויזעל, וואָס וועט העלפען אייער וויינען? איהר זייט דאָך כון רעסטוועגען ניט קיין קליין קינד, איהר זייט דאָך אַ מענש...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָהל, וואָס ער הָאט זיך ערלויבט צו איהר אַזוי נאָהענט צו זיין, דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער הָאט צו איהר גערעדט אַזוי אינטים און דאָס ערשטע מאָהל, וואָס ער הָאט איהר אָנגערופען ביי איהר ערשטען נאָמען אויף אַזאַ צערטליכען אופן „ליעבע רויזעל“. און זיא הָאט ניט נור ניט פּראָטעסטירט, זאָנדערן דאָס הָאט אויף איהר געמאַכט דיא ווירקונג וויא עפּעס נאַטירליכעס. וויא עפּעס וואָס זיא וואָלט אַליין ערוואַרטען.

— מען דאַרף איצט טהאָן דאָס בעסטע וואָס איהר קאָנט. אייך וועט שוין ניט אויסקומען אַזוי פיעל צו ליידען. מיר הָאבען שוין אַזוי פיעל געליטען, וועלען מיר שוין מוזען מיט געדולד אַריבערטראָגען ווייטער.

און דערמיט הָאט ער זיך שוין איינגעקויפט אין שותפות: „מיר“ הָאבען אַזוי פיעל געליטען — דאָס הייסט, אַז ער מיט איהר צוזאַמען זיינען דיא אָפּפער פון מאַקס׳עס נאַכלעסיגקייט, פון זיין אונצערטליכקייט.

ער הָאט געזעהען וויא זיינע ווערטער ווירקען אויף איהר, אַז ער הָאט דאָ אָנגעכאַפּט אַקוראַט דעם נויטיגען טאָן און דיא פּאַסענדסטע טאַקטיק, און ער הָאט שוין אָנגעהויבען דרייסטער.

— רויזעלע, — האט ער אנגעכאפּט איהר האנד, — אַ, ווען איהר וואָלט ניט געווען פערהייראט! פאַר וואָס האָב איך אייך ניט דערקענט דער ערשטער איידער איהר האָט מיט איהם חתונה געהאַט?

זיא האָט געשוויגען, האָט נור אַבגעווישט איהרע פערוויינטע אויגען און האָט זיך אַבגעזיפצט. זיא האָט זיך ניט טיעף אריינגעטראכט אין זיינע ווערטער, נור געדוכט האָט זיך איהר טאַקע אין דעם מאָמענט, אַז ער איז אַ סך פאַסיגער פאַר איהר איידער מאַקס.

באַלד אָבער האָט זיא דערפיהלט אַ מין געוויסענס־בייסונג און איז געוואָרען נערוועז, אונרוהיג. נור דאָך איז איהר עפּעס לייכטער געוואָרען איצט אויפן הארצען איידער פריהער. צו זאָל דאָס זיין דערפאר, וואָס זיא האָט זיך גוט אויסגעוויינט, אָדער דערפאַר, וואָס איהר אייגען־ליעבע, וועלכע איז דאָ אין יעדען מענשען מעהר אָדער וועניגער, האָט געפונען אַ שטיקעל בעפריע־דיגונג: איהר הארץ האָט אַזוי באַגעהרט אַ ליעבעס־וואָרט!...

אָבער זיא האָט זיך געשטארקט און האָט איהם געזאָגט:

— לאָמיר ארויסגעהן אויפ׳ן פּאַלובע; דאָ איז אַזוי הייס.

זיא האָט מורא געהאַט אין דער ווירקליכקייט איצט פאַר זיך אַליין; זיא האָט מורא געהאַט ניט הינגעריסען צו ווערען פון זיינע ליעבעס ערקלעה־רונגען און פון איהר אייגענער שמאַכטונג.

ער האָט זיא גענומען געאָרעמט און זיי זיינען ארויס אויף דער פּאַ־לובע. זיי האָבען געזעהען, וויא איינער פון דיא שיף־אָפיצירען רעדט עפּעס צו מאַשקאַ׳ן, וועלכע איז אָנגעלעהנט אויף דער פאַרענטשע פון שיף און מאַכט זיך וויא זיא וואָלט געקוקט אויף דיא רוישענדע כוואַליעס, וועלכע שלאָגען זיך אָב אָן שיף און ווערען אָבגעשלאָגען צוריק, מיט שוים באַדעקטע, און שפּריצענדיג פון זיך מיליאַרדען בריליאַנטענע וואַסער־פונקען.

און אַזוי לייכטער איז עפּעס געווען רויזלען אויפ׳ן הארצען, אַז זיא האָט זיך זאָגאַר ערלויבט לייכטהערציג אַ זאָג צו טהאָן אַ וויץ:

— אַ דאַרפישע פּויערטע, דוכט זיך, און נישקשה, זיא איז שוין אַ קאָקעטקע. און וויא פארשטעהט זיא גאָר וואָס ער רעדט צו איהר?

— אָי, זיא איז שוין גאָר אַן אַנטיקעל! — האָט זיך רובּיניק ארויס־גערעדט.

און וויא ער האָט ארויסגערעדט דעם וואָרט „אַנטיקעל“, האָט דאָס איהר אַ שטאָך געטהאָן אין הארצען. זיא האָט זיך גלייך דערמאַהנט וועגען דעם שטיקעל פּאַפּיער מיט׳ן רעכנונג, וואָס זיא האָט דאַן געפונען ביי איהם אין צימער אין וויטעבסק אין גאַסטיניצע, וואו ער האָט זיא בעצייכענט אַלס „ערשער אַנטיקעל“ און מאַשקאַ׳ן אַלס „דאַרפישער גראָבער אַנטיקעל“, און דערמיט האָט זיא זיך אויך ערינערט, וויא ער איז צומישט געוואָרען ווען זיא איז אריין צו איהם דאַן אין צימער אונערוואַרטעט און וויא ער האָט איהר

געענטפערט, אז ער האט דאס געהאלטען אין שרייבען א בריעף צו זיין גע־ליעבטער.

זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן מיט א ביטערען פארוואורף אין איהר בליק.

— פאר וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי בייז, מיין גוטע רויזעלע? בין איך אפשר שולדיג, וואס מאשקא שפיעלט זיך מיט'ן אפיציער?

— וואו זעהט איהר זיא שפיעלענדיג? — האט זיא שוין ברוגז'דיג א זאג געטהאן — זאל זיא זיך שפיעלען. וואס איז דאס מיין עסק. בלויז דער אפיציער אליין שפיעלט זיך מיט איהר; איך האב געזעהען, אז אנדערע טהוען דאס דוכט זיך אויך, און שעהמען זיך גאר אפילו ניט.

— נו, איך בין ניט אזא גראבער נאר, רויזעלע, איך זאל ניט פאר־שטעהן, אז דאס זאגט איהר מיר און מיינט ניט קיין אנדערען. איך מוז זיך פאר אייך פארענטפערען. איך וועל נור אייך בעטען . . .

זיא האט איהם איבערגעשלאגען וויא א קאפריזנע קינד:

— איך פאדער פון אייך ניט, איהר זאלט זיך פאר מיר פארענטפערען. מיינט ניט, אז איך...

זיא האט זיך אבגעהאקט, האט עפעס ניט ערלויבט זיך ארויסצוריידען אין גאנצען. און געמיינט האט זיא צו זאגען, ער זאל ניט מיינען, אז זיא איז אייפערזיכטיג.

— איהר פאדערט ניט — האט ער אנגעהויבען מיט געמאכטע היציג־קייט — אבער איך פאדער דאס פון זיך אליין. איך וויל זיך פאר אייך פאר־ענטפערען. איך בין דאך א יונגער מענש און איך וויל זיך פאר אייך ניט פארשטעלען פאר א צדיק, פאר א נעביכקע....

— הערט אויף, הערט אויף — איז זיא עפעס רויט געווארען — איך וויל ניט איהר זאלט מיר דערצעהלען.

— אבער איך מוז — איז ער שוין ניט אבגעשטאנען, וויסענדיג אז מען דארף שמידען דעם אייזען וויא לאנג ער איז הייס — איך מוז פאר אייך זיין אפענהערציג, ווארים איך ליעב אייך, איך קאן דאס ניט פארלייקענען און וויל דאס ניט פארלייקענען.

— הערט אויף — האט זיא גאנץ שוואך געבעטען — איהר האט דאך א געליעבטע?

— איך? א, איהר ווילט מיך ווייטער שטעכען מיט מאשקא'ן, דאס איז דאך פון אייך...

— גאר ניט מיט מאשקא'ן — האט זיא זיך א קרים געטהאן וויא אויסצודריקען אז עס איז נידריגער פון איהר ווערטה צו געהן קאנקורירען מיט א דארפישער שיקסע, וועלכע איז איהר דיענסט — איהר האט דאך מיר אבער אליין געזאגט.

רוביניק האט זיך אין גאנצען פארגעסען, אז ער האט איהר דאן אין

אימפּעט אַ זאָג געטהאָן, אַז ער שרייבט עס אַ בריעף צו זיין געליעבטער, און ער האָט זיא איצט אָנגעקוקט.

— וויא ? איהר געדיינקט ניט, אַז איהר האָט מיר געזאָגט אין ווי־טעבסק, אַז איהר שרייבט אַ בריעף צו אייער געליעבטער ?

— אַ!... — האָט ער זיך דערמאָהנט און ווען רויזעל וואָלט איצט אַ קוק געטהאָן אויף זיין פּנים וואָלט זיא געזעהען, אַז ער האָט שיער אויסגעשאָ־סען אַ געלעכטער — דאָס איז גאָרנישט. צווישען מיר מיט איהר ווער קיין זאַך ניט זיין, דאָס איז געווען מיין לעצטער בריעף וואָס איך האָב צו איהר געשריבען. איך האָב איהר טאַקע געשריבען, אַז זיא זאָל ניט האָפען און זאָל צו מיר ניט שרייבען.

— פאַר וואָס ?

— אָ, דאָס וואָלט געווען פיעל צו דערצעהלען. זיא איז אין אמת׳ן קיין מאָל מיין געליעבטע ניט געווען. פערליעבט האָט זי זיך אין מיר, ניט איך אין איהר. אָבער דאָס זיינען גלאַט פּוסטע חלומות... און זינט איך בין לעבען אייך איז זיא מיר גאָר אפילו אויפען זינען ניט אַרויף, קאָנט איהר זיך דאָך אַליין פאַרשטעלען וואָס פאַר אַ ליעבע דאָס איז. אָ, רויזעל, איצט זעה איך, אַז איך האָב גאָר קיין מאָהל ניט געוואוסט וואָס ליעבע איז.

און ער האָט צו איהר געררעדט ווייטער און ווייטער אין דעם זעלבען זינען. ער האָט גוט פערשטאַנען, וויא איינצוקויפען זיך אין איהר לאָסקע, אַזוי, אַז ווען זיא איז געבליבען אַליין, האָט זיא שוין איצט שטאַרק געטראַכט וועגען איהם אין פערגלייך מיט דעם, מיט וועלכען זיא האָט חתונה געהאַט.

ווען זיא האָט זיך דיזע נאַכט געלייגט שלאָפען האָט זיא לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפען און האָט געטראַכט וועגען רובּיניק׳ס ווייכע, צערטליכע רייד, וועגען זיין ליעבע צו איהר, וועגען זיינע קושען, וועגען זיין צודריקען איהר קאָפּ מיט דיא פערוויינטע אויגען צו זיין ברוסט.

אויף מאָרגען איז זיא שוין גאָר געווען אַן אַנדער מענש. אויב פריהער וואָלטען פון זייער האַלטונג לייט ניט געקאָנט אורטהיילען, אַז דאָס איז אַ מאַן מיט אַ ווייב, וויא זיי האָבען זיך אָנגעגעבען אויפ׳ן גרעניץ, האָט מען דאָס אָבער פון איצט אָן גאָר אַנדערש ניט געקאָנט זאָגען. זיא איז שטענדיג געווען לעבען זיין אָרעם; ניט ער פלעגט שוין זוכען זיא זאָל ניט בלייבען אַליין ריידען מיט יועמען, זאָנדערן זיא איז שוין פון איהם קיין מאָהל ניט אָבגעטראָטען.

צוויי טעג זיינען אַזוי אַריבער; ער איז געווען צו איהר נאָהענט, האָט צו איהר גערעדט פון זיין ליעבע; איהר איז דאָס געווען אַנגענעהם צו הערען, האָט זאָגאר באַגעהרט עס צו הערען; ער האָט זיא אונגעשטערט געקושט, גע־צערטעלט; אין מאַנכע מאָמענטען זאָגאַר אויפגערייצט אין איהר לייד־ענ־שאַפט. זיא האָט ניט פּראָטעסטירט, אָבער האָט איהם קיין מאָל ניט גע־ענטפערט צוריק מיט אַ קוש, אָדער זאָגאַר מיט אַ וואָרט, אַז זיא ליעבט איהם

אויך. זיא האָט זיך עס ניט געקאָנט ערלויבען. איהר געוויסען האָט איהר עפּעס וויינינער געפּלאָגט, ווען זיא האָט זיך געטראַכט, אַז דאָס ערלויבט ער זיך דאָך אַלץ מיט איהר, אָבער ניט זיא מיט איהם.

— באַמערקט איהר — האָט ער זיא אַ פרעג געטהאָן אין אַ פּאָר טעג ארום נאָך זיין ערשטער ערקלעהרונג, אַז ער ליעבט זיא — אַז מאַשקאַ איז אייפערזיכטיג?

רויזעל איז געוואָרען אַן אָנגעצונדענע. באַמערקט האָט זיא דאָס אַליין אויך, אָבער איהר איז ניט אָנגעשטאַנען צו ריידען וועגען דעם, און בעהאַל־טענערהייט, אין איהר טיעפען הארצען, האָט זיא ניט נור געפיהלט, אַז איהר שטעהט עס ניט אָן, נור אַ פערדרוס טאַקע, אַן אייפערזוכטס פערדרוס געגען מאַשקאַ'ן: וואָס פאַר אַ רעכט האָט זיא צו זיין אייפערזיכטיג.

— זאָל איך אפשר פאַר איהר אויך מורא האָבען?

רוביניק האָט זיך צולאַכט.

— עס וואָלט טאַקע מעהר ניט פעהלען, אַז איהר זאָלט פאַר איהר דארפען מורא האָבען.

— און פון וואַנען ווייסט איהר? — איז זיא שוין געוועזן נייגעריג און האָט טאַקי דערוויילע געוואָלט אויסגעפינען וועגען זיין בענעהמונג צו מאַשקאַ'ן.

— פון וואַנען ווייס איך, אַז וואָס? אַז זיא איז אייפערזיכטיג? — האָט ער זיך צולאַכט אין דער הויך און זעהר לאַנג — איהר האָט געדאַרפט זעהען, וויא זיא האָט מיך אָבגעהיט ה'ינט אין דער פריה גלייך וויא איך בין ארויס פון קאַיוטע און ווען זיא האָט מיך דערזעהען האָט זי זיך צואוויינט — טרעהרען וויא דיא באָבען און כליפּעניס אַז זיא האָט שיער דעם גאַנצען שיף ניט צוטרויסעלט.

און רוביניק האָט אָנגעהויבען נאָכמאַכען מיט אַ פערקרימטען פּנים וויא מאַשקאַ האָט געכליפּעט:

— נו געהט ווישט איהר אָב דיא טרעהרען! — האָט רויזעל מיט כעס אַ זאָג געטהאָן.

זיא איז אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרען עפּעס, אַז זיא איז אַוועק אַ ברוגז'ע אין איהר קאַיוטע. ער איז נאָך איהר נאָכגעגאַנגען, איז אריין און האָט פערשפּאַרט הינטער זיך דיא טהיר. זיא האָט עס געזעהען און האָט אַ זאָג געטהאָן בלויז מיט אַ ברוגז'ן פּנים:

— לאָזט מיך, וואָס ווילט איהר פון מיר?

זיא האָט איהם אָבער ניט געפרעגט פאַר וואָס ער פערשליסט דיא טהיר. דאָס איז פאַר איהם געווען גענוג.

— רויזעל — האָט ער צו איהר גלייך צוגעטראָטען און האָט זיא ארומגענומען ארום טאַליע. — איהר קענט אויף מיר ברוגז זיין, איהר קאָנט מיך שטויסען פון זיך, איך וועל אָבער ניט אויפהערען צו ליעבען אייך. עס

איז אין גאַנצען געבליבען אונז צוויי טעג צו זיין צוזאַמען. צו וואָס זאָלט איהר פארגיפטען דיזע קורצע צייט, וואָס מיר קאָנען גליקליך זיין? דערנאָך וועלען מיר דאָך ווידער ווערען פרעמדע מענשען. איך וועל אפשר באַלד דארפען פאָהרען צוריק; איהר וועט בלייבען דיא פרוי פון מיין אונגעהובעל־טען פרינציפּאַל, וועלכען איהר ליעבט ניט.

זיא האָט געשוויגען, האָט זיך נור שוואך געפּרופט אָבציהען פון איהם. ער האָט אָבער זיא שטאַרק אומגעקלאַמערט, ריידענדיג אַלץ צו איהר ליעבע ווערטער.

— רויזעל, איהר מוזט זיין מיינע! דאָס האָט דער שיקזאַל אַזוי גע־מאַכט מיר זאָלען פאָהרען צוזאַמען, זאָלען אויסשטעהען אַלע אונאַנגענעהמ־ליכקייטען צוזאַמען, און זאָלען זיך אָנגעבען אַלס מאַן און ווייב...

— אָבער וואו זייט איהר פריהער געוועזען — האָט זיא אַ פרעג גע־טהאָן — וואו זייט איהר געוועזען איידער איך האָב חתונה געהאַט?

— דאָס איז דאָך ניט מיין שולד — האָט ער זיך וויא פערענטפערט — און וואָס שטערט אייך אַזוי דאָס, וואָס איהר זייט געשטאַנען מיט איהם אונטער דער חופּה? וואָס ווייס ער? וואָס קאָן ער וויסען פון אונזער ליעבע?

זיא האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט.

— רויזעל, מיר זיינען מאַן און ווייב און אַלס מאַן און ווייב וועלען מיר לעבען.

זיא האָט אויף איהם אויסגעשטעלט איהרע אויגען:

— וואָס זייט איהר? פון זינען אַראָב?

— דאָס מאַכט איהר מיך וואַהנזיניג. איך קאָן אַנדערש ניט. איהר זייט מיינע, איהר ליעבט מיך, איך זעה דאָך דאָס שוין פון לאַנג, נור איהר קאָנט זיך ניט ענטשליסען, איהר קאָנט זיך ניט ערלויבען, ווייל איהר זייט נאָך אַלעם געבליבען אַ קליינשטעטעלדיגע, ענטשולדיגט מיר.

זיא האָט זיך אַ הויב געטהאָן פון אָרט; ער האָט געזעהען, אַז זיא ראַנגעלט זיך מיט זיך אַליין. און ווען ער וואָלט געפיהלט דאָס מינדעסטע געפיהל פון ליעבע צו איהר, זאָגאַר ווען ער וואָלט געפיהלט פייערדיגע ליי־דענשאַפט אָהן ליעבע, און וואָלט ניט געהאַט אין זינען זיינע רעכנונגען, דיא רעכנונג פון אַ ווייסען שקלאַווען־הענדלער, וואָלט פאַר איהם געוועזען ניט שווער איצט זיא צו בעזיעגען, ווארום זיא האָט צו איהם אין דער ווירק־ליכקייט געפיהלט איצט אַ שטאַרקע צוציהונג, האָט געוואָלט זיין פון איהם געצערטעלט. ער האָט אָבער זיינע געשעפטען בעסער געוואוסט, און איז שוין געוועזען גענוג געניט. ער האָט געוואוסט, אַז מיט אַזעלכע קאָן מען קיין מאָהל ניט זיכער זיין. זיא קאָן פּלוצלונג אָנהויבען שרייען, לאַרמען, ראַנגלען זיך און עס קאָן אַרויסקומען אַ כּצענע אויפן שיף, און דערפאַר האָט ער געצי־טערט וויא פאַר פייער. ער האָט געמוזט פריהער מיט איהר אַזוי זיכער זיין, אַז קיין ריזיקאָ וועט פאַר איהם ניט זיין אַריינצופאַלען.

ער האָט זיא אָנגענומען פאַר דער האַנד און געצויגען זיא צוריק.

— ניין! — האָט זיא אַ זאָג געטהאָן און האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן פאַר'ן שליסעל פון טהיר.

— יאַ, יאַ! — האָט ער געענטפערט און האָט שווער געאַטהעמט — איך זאָג אייך: יאַ, רויזעל. דאָס וועט אַנדערש ניט זיין. איהר מוזט זיין מיינע איידער מיר וועלען אַראָב פון שיף.

— ניין! — האָט זיא אַרויסגעריסען איהר האַנד פון איהם.

— איך וועל אייך ניט אַרויסלאָזען! — האָט ער פּראָבירט אַ סטראַשע טהאָן.

— אַראָב פון זינען זייט איהר סיידען — האָט זיא געענטפערט — וואָס ווילט איהר איך זאָל אָנהויבען שרייען?

ער האָט זיא אָבגעלאָזען, האָט אויף איהר צאָרנדיג אַ קוק געטהאָן, האָט זיך אויפגעהויבען און האָט נור אַ זאָג געטהאָן:

— דאָס איז אייער ליעבע! דאָס איז אייער בעלוינונג פאַר מיין ליעבע צו אייך, וועלכע מאַכט מיך וואַהנזיניג?

און ער האָט גענומען אָבשליסען דיא טהיר. זיא איז צו איהם צוגע־גאַנגען, האָט איהם ניט געלאָזען עפענען דיא טהיר, האָט אַרויפגעלייגט איהרע ביידע הענד אויף זיינע אַקסלען און האָט איהם פול מיט צערטליכקייט און מיט רחמנות־בליקען אַריינגעקוקט אין פּנים, האָט איהם דערנאָך אַ ציה גע־טהאָן צו זיך מיט אַ שטאַרקע קראַפט, האָט איהם פיבערהאַפט נאַכאַנאַנד, וויא אין איינפּעט אָנגעקושט, אָנגעקושט, אָנגעקושט אין ביידע באַקען, וויא זיא וואָלט עפּעס אַ זאָג געטהאָן: נאַט אייך! און איידער ער האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, האָט זיא אָן עפען געטהאָן דיא טהיר און איז שנעל אַרויס־געלאָפען פון קאַיוטע.

און וויא זיא איז נור אַרויסגעלאָפען האָט ער מיאוס, ברוטאַל, אַ לאַך געטהאָן, און האָט פאַר זיך אַ זאָג געטהאָן: ניט היינט, איז מאָרגען, איך בין שוין מיט איהר פערטיג.

נאַאיווע רויזעל! האָט איהר דען געקאָנט אויספּאַלען, אַז זיא איז פאַר איהם אַ סחורה בלויז און אַז מאַשקאַ איז פאַר איהם אַן אַנדער שטיקעל סחורה, אויף וועלכער ער דאַרף אויך אַכטונג געבען, וועלכע ער דאַרף ניט אַרויסלאָזען פון אויג.

אָבער נאָך ווייניג וואָס ער דאַרף זיא ניט אַרויסלאָזען פון אויג, אימיצער זאָל זיך פון איהר עפּעס ניט ערקונדיגען; רובּיניק האָט געהאַט אין זינען שוין דאָ אויפ'ן שיף צו מאַכען מיט איהר געשעפטען, פּערדיענען שוין פון איהר געלד. פאַרקויפט איז זיא שוין אונטער דיא אויגען, אָבער דערווייל ביז וואַנען ער שטעלט זיא צו אין'ם בעשטעלטען פּלאַץ, קאָן ער נאָך מאַכען מיט איהר אַביסעל געלד, וואָס ער קאָן אָבער ניט מאַכען מיט רויזלען.

מיט דעם האָרפישען אַנטיקעל האָט ער געוואוסט, אַז ער קאָן אַלעס

אויספיהרען. ווארום ער האט שוין זיא גוט ביי זיך אין דיא הענד. ער האט זיך מיט איהר גוט פערוואָרענט אין אלע אופנים. זיא איז דאך געווען אן אונשולדיגער קרבן. דיעזע נאטור־קינד פון א ליטווישען דארף האט נעביך ניט געוואוסט, וואס איהר גרויזאמער שיקזאל טהוט מיט איהר, און עס איז געווען לייכטער זיא צו פערפיהרען אלס רויזלען.

מאשקא איז געווען פון דער נאטור א גאנץ קלוגע מיידעל, אבער איהר קלוגהייט איז דאך אויך געווען דיא קלוגקייט פון אן אונערפאהרענער פויער־טעלע. זיא איז געווען לעבעדיגער, צאפּעלדיגער פון אנדערע דארפס־מיידלעך און איהר האט געצויגען צו דער שטאָדט. זיא איז אין גאנצען אלט געווען זיעבעצעהן יאָהר, אָבער וויא זיא איז געוואָרען זעכצעהן האט זיא שוין דיא עלטערען קיין רוה נישט געגעבען: זיא וויל פארדינגען זיך פאר א דיענסט אין שטאָדט.

דיא עלטערען האָבען זיא געהאַלטען פאר א גוטע ארבייטאָרין אין הויז און האָבען זיא ניט געוואָלט לאָזען, און עס איז וויפיעל מאָהל געקומען צו געשלעגע איבער איהר רייסען זיך אין שטאָדט — א דיענסט צו זיין. זיא איז שוין איינמאָהל זאָגאר אנטלאָפען פון הויז, דער פאטער האט זיא אָבער געכאפּט, האט איהר גוט אָנגעבראָכען דיא ביינער, האט פון איהר אראָבגע־ריסען דיא שיך און האט נעסטראשעט, אז ער וועט זיא פיהרען צום וואָ־לאָסטנאָי סטארשינא צו בעשטראָפען זיא פאר צולאָזענקייט.

און גראד האט זיך אין דער צייט געמאכט, אז אין דארף איז פאר־פאָהרען א יונגער מאן, א „קופּעץ־זשידאָק“, וויא דיא פויערים האָבען איהם אָנגערופען. ער האט געוואוסט, וויא צו מאכען אן אנשטעל, אז ער איז א פּריי־קאזטשיק ביי א מיליאָנער, וועלכער האט זיך פערליעבט אין אן ארים מיידעל און זוכט פאר איהר א דיענסט, א יונגע, א שעהנע, א קלוגע און א בריה. פאָהרען וועלען זיי מיט איהר קיין אויסלאנד, אין דיא רייכסטע לענדער, און צאָהלען וועט מען אזא דיענסט, אויב זיא וועט געפעהלען זיין, בעסער איידער דער רייכסטער פּריץ וואָלט צאָהלען.

ווען מאשקא האט דערהערט אויסלאנד, אמעריקא, האט זיא זיך צוגע־געזעצט צו דיא עלטערען, אז זיא וועט זיי צושיקען דאס גאנצע געלד וואס זיא וועט פערדיענען. דער פאָטער האט זיך א קראץ געטהאָן דיא פּאטילניצע און האט ענדליך א זאָג געטהאָן:

— מיר וועלען זעהען.

אויף דער נאכט נאָך דער ארבייט אויפ'ן פעלד האט זיך צונויפגע־קליעבען דיא גאנצע פאמיליע פון פויער. דיא מוטער האט פּראָטעסטירט:

— „פּאָהוביאט דעווקו“, זיי וועלען פעראונגליקען דאס מיידעל — האט זיא נור געהאלטען אין טענה'ן דיא צוויי ווערטער.

אָבער דער פאָטער האט א זאָג געטהאָן:

— סאי וויא סאי וועסטו זיא ניט איינהאלטען; זאָל זיא שוין בעסער

זיין ביי גוטע מענשען. און אין „אמעריצע" קען זיא רייך ווערען — אפשר איז איהר טאקע בעשערט.

— און מיט וואס ביזטו זיכער, אז זיא וועט דיר שיקען דאס געלד, וואס זיא וועט פערדיענען ? — האט זיך אן עלטערער ברודער אבגערופען.

נור דא האבען שוין גלייך געווירקט רוביניקס ארגומענטען.

— דאס ווענדעט זיך אן אייך — האט ער געגעבען צו ערקלעהרען. — זיא וועט בעקומען צעהען דאלאר א מאנאט, דאס איז צוואנציג רובעל און אלעס פארטיגע. מאכט אב, אז מען זאל איהר אין האנד דאס געלד ניט געבען, בלויז וויפיעל איהר וועט הייסען, און דאס געלד זאל מען שיקען אייך.

ווען דיא פויעוים האבען דערהערט צוואנציג רובעל א מאנאט, האבען זיי אנגעקוקט איינע דיא אנדערע און האבען זייערע אויגען ניט געגלויבט. דיא סומע האט זיי אויסגעוויזען זיך אזוי גרויס, אז דאס האט שוין אין זיי ער־וועקט פערדאכט. בעשטימט האבען זיי ניט געוואוסט, וואס צו פארדעכטיגען, אבער עפעס האבען זיי אנגעהויבען אלע מורא צו האבען.

רוביניק האט זיי אבער באלד געגעבען צו פערשטעהן, אז אין אמע־ריצע איז דאס בלויז צעהן דאלאר, און אז צעהן דאלאר אין אמעריקע איז זעהר א קליינע מטבעה. און אז אויב זיי גלויבען ניט, קאן מען זיי איינצאה־לען פאר צוויי חדשים פאראוים; זיי וואלטען געקאנט בעקומען מעהר וויא פאר צוויי חדשים פאראויס, נור דאן וועלען זיי מוזען געבען פונ'ם געלד אויף איהרע רייזע־קאסטען.

דער פויער איז געגאנגען מיישב זיין זיך מיט דעם שרייבער פון וואָ־לאסט. און געגאנגען איז ער צוזאמען מיט רוביניקען, פון וואס רוביניק איז זעהר צופריעדען געווען.

— קום טאקע צום וואלאסטנאי פיסאר; ער איז א געלעהרנטער מענש, וועט ער דיר אלעס ערקלעהרען — האט רוביניק געזאגט — ער ווייס, וואס אמעריקא איז, און ער ווייס זאקאנעס. און אויב ניט, קאן איך קריגען אנדערע... מעהר נישט דיין משקא איז זעהר א פעהיגע.

דער פאטער האט זיך שוין דערשראקען, אז רוביניק זאל ניט חרטה האבען, און ער האט א זאג געטהאן :

— און געלד פאראוים וועסטו געבען ?

צעהן רובעל קאן איך דיר גלייך געבען — האט רוביניק איהם ארויס־גענומען גלייך ד'יא מזומן.

נור צום וואלאסטנאי שרייבער זיינען זיי דאך געגאנגען. אזוי האבען געוועלט דעם פויער'ס זיהן, זאגענדיג בלויז דיא ווערטער :

— א יאק פיסאר סקאזשע, העדאק בודיע לוטשע (וויא דער שרייבער וועט זאגען, אזוי וועט זיין בעסער).

און מיט דעם וואלאסטנאי שרייבער האט רוביניק ניט געהאט קיין שווערען עסק. ער האט איהם געגעבען א ווינק, און דער שרייבער, א דורכ־

געטריבענער כאבארניק, האָט גלייך נאָך דעם ווינק געפונען אן אויסרייד ארויסצושיקען דעם פויער פון קאנצעלאריע און האָט זיך אווענד געטהאָן צו רובּיניק'ען:

— וואָס ווילט איהר זאגען?

רובּיניק האָט איהם דערלאנגט א דרייערל און האָט געזאָגט:

— פאר אייער טרחה.

— איז דאָס ניט קיין אונגעזעצליכער עסק? — האָט א פרעג געטהאָן דער שרייבער פון יוצא וועגען.

— וואָס פאר אן אונגעזעצליכקייט קען דאָ זיין? — האָט רובּיניק זיך בעליידיגט — א מיידעל דארף דאָך ניט געהן אין סאָלדאטען. און אין אמעריקא וועט איהר זיין גוט, וועט פערדיענען געלד.

— מאָלאָוואטא! (ווייניגלעך) — האָט א זאָג געטהאָן דער שרייבער.

און רובּיניק האָט איהם געגעבען נאָך א רובעל.

קיין בעסערען אדוואָקאט פאר זיין געשעפט האָט שוין רובּיניק ניט געדארפט. ווען דער פויער איז אריינגעקומען, האָט דער שרייבער איהם גלייך בייזלעך א זאָג געטהאָן:

— מוזשיק דו איינער, אז גאָט שיקט דיר צו אזא גליק, ווילסטו נאָך ניט? וואָס טויג דיר דאָ דיין טאָכטער? זיא זאָל זיך מיט דיא דאָרפישע בחורים ארומטרייבען. זאָל זיא דיענען ביי רייכע לייט, וועט זיין בעסער פאר דיר און פאר איהר. פאראטיעס ביזטו שולדיג, א בהמה'לע דארפסטו קויפען? איז וואָס ווילסטו נאָך? און דאָ וועט זיא דיר אזעלכע געלד קיינמאָהל ניט פערדיענען. דו גרייט נור אן א פּאָאר רובעל פאר איהר אויף א פּאספּאָרט.

— דאָס וועט שוין דער פּאַן אזוי גוט זיין און בעצאָהלען. אזוי האָבען מיר גערעדט, און אלע הוצאות דארף ער אליין געבען. און ביי מיר איז קיין געלד ניטאָ. וואו זאָל איך נעהמען געלד? — האָט זיך שוין געדונגען דער פויער.

רובּיניק האָט זיך כלומרשט געהאמפּערט, אז פאר א פּאספּאָרט פאר מאשקא'ן איז ער ניט מחויב צו צאָהלען; נאָר צום סוף איז ער דאָך איינגעגאנגען און דער עסק איז געווען געשלאָסען.

און רובּיניק האָט זיך גלייך איינגעקויפט אין לאסקע ביי דער גאנצער פויערשער פאמיליע, ווייל ניט נור האָט ער שוין געגעבען א צעהנערל אויפ'ן חשבון פון מאשקא'ס צוקינפטיגע שכירות, נאָר האָט נאָך געגעבען דעם פאָטער צו פערדיענען עטליכע רובעל, דינגענדיג ביי איהם אפט א פערד צו רייטען, געדונגען ביי איהם א פוהר קיין ארשע און נאָכדעם קיין וויטעבסק. און האָט זיך ניט געדונגען, אָדער ווייניג געדונגען.

ווער רעדט פון מאשקא'ן אליין. זיא האָט גלייך פון אָנפאנג געקוקט אויף רובּיניק'ען וויא אויף איהר משיח — ער ניט איהר דיא מעגליכקייט, אז

איהרע חלומות פון לעבען אין א גרויסער שטאָדט, זעהען די וועלט און מענ־שען, זאָלען פערווירקליכט ווערען.

איידער זיי זיינען נאָך אפילו אבגעפאהרען פון זאבלודאָווקע, ווען זיא איז נאָך געווען אין פאָטער׳ס הויז, האָט זיא איהם שוין געלאָזט צו שפּיע־לען מיט זיך. אָנפאנגס איז עס געווען בלויז געשפּיעלט, דערנאָך האָט ער איהר טאקע געזאגט, אז ער ליעבט זיא, און ביי איהר האָט זיך דער קאָפּ פערדרעהט. זיא האָט טאַקע מיט׳ן גאנצען ערנסט פון א יונג מיידעל און מיט דער גאנצער נאאיוויטעט פון א דאָרפישער נאַטור זיך איינגעליעבט אין איהם, פלעגט איהם פאָלגען, וויא ער וואָלט געווען א קיסר — וואָס ער פלעגט ניט זאָגען, פלעגט זיא טהאָן מיט איבערגעבענהייט, און איהר איז קיין מאָהל גאר ניט אויפגעקומען די פראגע, צי איז דאָס גוט צו שלעכט, צו עהרליך אָדער ניט עהרליך, אז ער הייסט, מסתמא דארף מען. ער ווייסט דאָך אלעס.

דאָס איז געווען גאר אַן אנדער מין ליעבע, א ליעבע וואס האָט ניט קיין אויסרעכנונגען, וואס טראכט ניט וועגען וואָס עס וועט זיין, וואס פאַר א האָפנונגען אָדער ענטוישונגען עס קאָנען ארויסקומען פון אזא שקלאפישער איבערגעבענהייט צו דעם געליעבטען. זיא האָט הנאה געהאט, אין הימעל איז זיא געווען, ווען רוביניק איז געווען גוט און ווייך צו איהר. אָבער זיא פלעגט ניט וועניגער האָבען פערגעניגען ווען ער פלעגט מיט איהר קאָמאַנ־דעווען, ווען ער פלעגט אויף איהר אָנשרייען. אין מאנכע מאָמענטען האָט זיא זאגאר געבענקט נאָך זיין קאָמאַנדירענדער שטימע און וואָלט אפילו הנאה געהאט, ער זאל זיא שלאָגען, נור זיא זאל איהם פיהלען, זאָל פיהלען זיין מאַכט, זיין גבורה איבער איהר.

זיא האָט זיך אָהן פראגען און אָהן ווידערשטאַנד איהם איבערגע־געבען קערפּערליך גלייך וויא זיי זיינען געקומען צו פאָהרען קיין וויטעבסק. און עפּעס וויא זיא אליין וואלט דערויף געווארט, וואלט געווען אָנגעגרייט דערצו די גאנצע צייט, וויסענדיג, פרשטעלענדיג זיך, דאָס ווען זיי וועלען אוועקפאָהרען פון זאבלודאָווקע, וועט ער פון איהר פאָדערען, זיא זאָל זיך איהם איבערגעבען.

און פון דעם מאָמענט אָן איז זיא איהם געוואָרען נאָך שקלאפישער איבערגעגעבען. זיא האָט שרעקליך געליטען, געליטען וויא א קליין קינד, ווען זיא פלעגט איהם זעהען נאָהענט פון רויזלען. זיא האָט זיך חס חלילה ניט גענומען קיין רעכט איהם צו מאכען א פארוואורף, אדער אפילו ווייזען וויא דאָס קרענקט איהר; פארקעהרט, זיא האָט נור מורא געהאט, ער זאָל דאָס ניט דערזעהען, זאָל ניט ווערען אין כעס און גאָר אָנהויבען זיא פיינד צו האָבען.

אָן איבערגליקליכע איז זיא געווען, ווען רוביניק האָט זיא אויך גע־פיהרט מיט איהר בעל־הבית׳טע אן דער ביער האללע אין וויטעבסק, וואו זיי

האבען געזעהען אזעלכע „שעהנע זאכען“, וויא ביי איהר איז אויסגעקומען דיא וויצען, דיא טענץ, דיא מיוזיק, וויא זיא וואלט עס געניסען דיא פריכטע פון שטאדט־לעבען, צו וועלכע עס האט איהר תמיד אזוי געצויגען.

רויזלען האט זיא געפאלגט, האט איהר אבגעהיט, ניט דערפאר, ווייל זיא איז איהר אליין געווען איבערגעגעבען, נאר ווייל רוביניק האט איהר אזוי געהייסען, און ווייל נאך איהר שכל איז אויסגעקומען, אז רוביניק איז דאך דער אופּראווליאיושטשע ביי רויזעל'ס מאן, וועלכען זיא קאן ניט, הייסט דאך דאס, אז רוביניק פערדיענט ביי רויזעל'ס מאן געלד, און דארום דארף זיא טהאן אלעס פאר איהר בעל־הבית'טע, כדי רוביניק'ען זאל זיין גוט, כדי ער זאל זיין זיכער מיט זיין שטעלע און פערדיענען געלד.

דיא גאנצע ערשטע עטליכע טעג פון זייער רייזע אויפ'ן שיף האט איהר רוביניק מיט א שטרענגקייט א זאג געטהאן, זיא זאל ניט אבטרעטען פון רויזלען, ווען ער וועט ניט זיין לעבען איהר, און אז אויב רויזעל שטעלט זיך אפּ ריידען מיט וועמען, זאל זיא איהם דאס גלייך לאזען וויסען. און זיא האט עס אבגעהיט, וויא א טרייער הונד, האט זיא אכטונג געגעבען.

און וואס נאך מערקווירדיגער, אזוי וויא זיא וואלט אינסטינקטיוו פיהלען, אז רוביניק וויל ניט, אז רויזעל זאל זיך אבשטעלען ריידען מיט וועמען, פלעגט זיא געפינען אלערליי מעגליכקייטען און פלעגט שוין אויסגעפינען מיטלען ד... ...ל ניט טרעפען. ווען רוביניק וואלט זיא אפען אריינגענומען אין קאנספּיר...ציע געגען רויזלען, וואלט זי דאס בעסער ניט געקאנט אויספיהרען, איידער זיא האט עס אויסגעפיהרט גאר ניט וויסענדיג פארוואס און צו וואס.

— אייער קלייד שלעפּט זיך פון הינטען — פלעגט זיא געפינען אן איינפאל אבצוציהען אמאל רויזלען, ווען זיא האט זיך געשטעלט לעבען וועמען און עס האט אויסגעזעהען, אז עס קאן זיך פערבינדען א געשפּרעך צווישען זיי און רויזעל פלעגט גלייך אבטרעטען מיט איהר, אראבגעהן אין קאיוטע צו פעררירכטען דאס קלייד.

אן אנדערס מאל פלעגט זיא געפינען אן אנדער מיטעל, נאר פלעגט אזוי אויסכיטרעווען, אז עס זאל זיין אזוי וויא רוביניק פערלאנגט. נאך דיא ערשטע עטליכע טעג, האט איהר רוביניק אמאל אבגעצויגען אן א זייט, און האט אויף איהר אנגעשריען:

— דו פאסקודנע מוידעל, שפּיעלסט זיך מיט דיא מאטראזען — האט ער אויף איהר געווארפען בייזע בליקען.

מאשקא איז א פערציטערטע געווארען, און האט זיך אנגעהויבען פארענטפערען:

— זאל מיך א דונער איינשלאגען! זאל מיך גאט בעשטראפען! זאל איך פון דעם ארט ניט אראבגעהן, אויב איך האב זיך געלאזען, אז דער מאטראז זאל מיט מיר שפּיעלען! קראפּיהען זאל איך דא אויפ'ן ארט. אפילו דער

פאַן אפּיצער האָט זיך צו מיר געשאַרט פאַר נאַכט, ווען איך בין געשטאַנען אַליין לעבען דער פאַרענטשע, בין איך פון איהם גלייך אַנטלאָפען.

— ווער האָט דיר געהייסען אַנטלויפען פון אַפּיצער? — האָט ער שוין אויף איהר זיך אָנגעהויבען בייזערען פאַרקעהרט, פאַר וואָס זיא איז אַנטלאָפען.

— איך ווייס ניט — האָט זיא געענטפערט תּם׳עוואַטע — קיינער האָט מיר ניט געהייסען. איך האָב אַליין געמיינט, אַז איהר וועט בייז ווערען, און איך האָב דאָך איהם פיינד, איך האָב זיי קיינעם ניט ליעב — האָט זיא אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט בעטענדע אויגען.

— דאַרפסטו ניט ליעבען, אָבער פון אָפיצער זאָלסטו ניט אַנטלויפען.

— אָבער ער לאַסשצעט זיך צו מיר, און...

— זאָל ער זיך לאַשצען, דאָס איז ניט דיין זאַך; ער לאַשצעט זיך, דאַרפסטו זיין גוט צו איהם.

— איך האָב ניט געוואוסט! — האָט זיא זיך פאַרענטפערט און האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס זאָל ער עס וועלען זיא זאָל זיך לאָזען לאַשצען פון אַן אַנדערען.

— זאָלסטו ווייטער וויסען! — האָט ער איהר אַ זאָג געטהאָן — אַנטלויפען דאַרפסטו פון איהם ניט. נאָר דו דאַרפסט וויסען, וויא צו פער־האַלטען זיך.

— און וויא זאָל איך וויסען? — האָט זיא געפרעגט וויא אַ ברוגז־געוואָרענע קינד מיט אָנגעבלאָזענע ליפּען, פאַרטיג צום צוואויינען זיך.

— אַזא מיידעל וויא דו דאַרף שכל האָבען — האָט ער זיא גע־שטראָפט — מען דאַרף ניט אַנטלויפען און מען דאַרף זיך ניט לאָזען.

מאַשקאַ האָט געשוויעגען און האָט אַלץ ניט אויפגעהערט צו טראַכ־טען, וואָס קאָן ער מיינען. פאַר וואָס זאָל ער דאָס וועלען, אַז אַנדערע זאָלען זיך מיט איהר שפּיעלען און זיא זאָל זיך לאָזען. זיא ווייס, אַז ווען זיא ליעבט איהם אזוי שטאַרק, קרענקט איהר אפילו ווען ער רעדט מיט אַן אַנדערער. דאָס איז דאָך אַ סימן, אַז ער ליעבט זיא ניט אזוי וויא זיא איהם, און דאָס האָט איהר זעהר געקרענקט.

נור אָט איז פאַרביי איהר פאַרבייגעגאַנגען אַ מאַטראָז און האָט זיא פאַרבייגעהענדיג אַ קניפּ געטהאָן. זיא האָט בייז אַ זידעל געטהאָן איהם און האָט זיך דערמאָהנט וויא רובּיניק האָט אויף איהר געשריען, אַז זיא שפּיעלט זיך מיט דיא מאַטראָזען. דאָס האָט זיא בערוהיגט, אַלס אַ טרייסט. הייסט דאָך, אַז ער ליעבט זיא יאָ, ווען ער איז אזוי אייפערזיכטיג, אַז ער איז אין כעס, מיינענדיג, אַז זיא לאָזט דיא מאַטראָזען שפּיעלען מיט זיך.

און ביי איהר איז אויסגעקומען, נאָך איהר פויערשען שכל, אַז מסתּמא שטעהט איהם ניט אָן, זיא זאָל זיין צו־נאָהענט צו אַזעלכע פּראָסטע מענשען, וויא מאַטראָזען, אָבער אַן אָפיציער איז אַן אַנדער זאַך. אזוי מוזען דיא

„געבילדעטע" מענשען ליעבען, — האָט זיא זיך געטראַכט, — אויף אַן אַנ־דער געבילדעטען זיינען זיי ניט ברוגז, אבער אויף אַ פּראָסטען מענשען זיינען זיי אין כעס, אויב ער ערלויבט זיך צו שפּיעלען מיט זייער געליעבטע.

און דעם אויף־דער־נאַכט האָט זיא אליין געוואַרט אויף אַ געלעגענ־הייט, אַז דער אפּיציער זאָל זיך מיט איהר אָנהויבען, און האָט געבעטען גאָט, אַז רוביניק זאָל פון וויטען זעהען, וויא זיא שטעהט מיט'ן אפּיציער און אַנטלויפט פון איהם ניט. ער וועט זיך איבערציייגען, אַז זיא פאָלגט אַלעס, וואס ער הייסט איהר.

דאָס איז געוועזען דער זעלביגער פּאַרנאַכט, ווען רויזעל האָט רוביניק'ן אַ זאָג געטהאָן, אַנווייזענדיג אויף מאַשקאַ'ן מיט'ן אפּיצער: „וויא פער־שטעהט זיא, וואס ער רעדט צו איהר?"

און באלד נאָך דעם, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, וואס רוביניק האָט געפונען צו ריידען מיט מאַשקאַ'ן איינער אויף איינעם, האָט ער איהר אַ פרעג געטהאָן:

— נו, מאַשקאַ?

— זיא האָט ניט געוואוסט וואָס ער מיינט און האָט אויף איהם גע־קוקט, וועלענדיג פון דעם אויסדרוק פון זיינע בליקען טרעפען, צו איז ער אין כעס אדער ניט, צו וועט ער זיך בייזערען אָדער זאָגען אַ גוט וואָרט.

— וואָס איז מיט'ן אפּיצער? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

זיא האָט ניט געוואוסט, צו מיינט ער אויסריידען פאַר וואָס זיא איז געשטאַנען אזוי לאַנג און האָט זיך געלאָזט לאַשצען פון'ם אָפּיצער, אָדער פאַרקעהרט.

— איך ווייס ניט — האָט זיא אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— פאַרשטעהסטו ניט, וואָס ער וויל?

— ער האָט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער וויל איך זאָל געהן אין זיין קאַיוטע.

— אומזיסט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך דאַרף זיין געלד ניט.

— דו ביזט גאָר אַ נאַר, מאַשקאַ — האָט ער איהר געזאָגט אזוי ווייך, אַז זיא האָט זיך גליקליך דערפיהלט — ביזט נאָך גאָר אַ דאָרפישע פויערטע, פאַרשטעהסט גאָר ניט קיין געשעפט. אומזיסט טהוט מען קיין זאַך ניט.

— דאַרף מען דאָס? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— דאָס דאַרפסטו אַליין פערשטעהן. ווייז, אַז דו ביזט אַ קלוגע.

— זאָגט מיר וויא איך זאָל טהאָן, און איך וועל אזוי טהאָן.

— איך זאָג דאָס פון דיינטוועגען. דו דאַרפסט ניט זיין קיין אָרעמע מיידעל, דו דאַרפסט ניט זיין קיין דאָרפישע פויערטע, דו ביזט אַ שעהנע

דו ביזט א חנ׳עוודיגע, אין דיר וואָלט זיך געמעגט פערליעבען דער רייכסטער מאַן.

— איך דארף ניט, איך דארף זיי ניט — האָט זיא געענטפערט קור־קענדיג אויף איהם פול מיט ליעבע און איבערגעבענהייט — צו וואס דארף איך?

— געוויס דארפסטו, דארפסט זיין שעהן אנגעטהאָן, דארפסט האָבען געלד, איך וויל ניט, אז מיין געליעבטע זאל דארפען זיין א דיענסט, זיא קאָן אליין זיין א פריצתה. איך פערדיען פיעל. אָבער אלץ דארף איך זיין אָנגעשטעלט ביי יענעם, און אזא „זשידאָווקע" וויא רויזעל דארף זיין מיין בעל־הבית׳טע און דיין בעל־הבית׳טע. ווען דו האָסט פיעל געלד און איך וועל האָבען פיעל געלד, דאן דארפען מיר זיי אויף כפרות, און מיר וועלען זיין אליין פריצים...

מאשקא׳ן האָט זיך געדוכט, אז זיא פערשטעהט שוין אלעס, און איהר פנים האָט אָנגעהויבען צו שיינען. איהר האָט זיך געדוכט, אז זיא איז היא גליקליכסטע אויף דער וועלט. ער האָט איהר פערטרויט אזא סוד, און ער ליעבט זיא טאַקע, ער וועט זיא אלע מאָהל ליעבען, און זיא וועט זיין א גאַנצע פריצתה — זיי וועלעןביידע חתונה האָבען.

זיא האָט אָנגעכאַפּט זיין האנד און האָט אָנגעהויבען קושען אוים דאנקבארקייט. ער האָט אָבער דיא האנד אָבגעצויגען און האָט א זאָג גע־טראָן:

— דו ווייז. מיר פריהער וואס דו קאָנסט.

— זאל איך ביי איהם בעטען געלד? — האָט זיא א פרעג געטהאָן, אלץ וועלענהיג זיין זיכער, אז זיא האָט איהם פערשטאַנען.

— פערשטעהסטו דאָס אליין ניט?

— און אז ער וועט מיך שלעפען צו זיך אין קאיוטע?

— געה ניט, וואו ער וועט ניט ווייזען, אז ער מיינט ניט אומזיסט.

— וויפיעל? — האָט זיא געפרעגט, און האָט עפּעס אָנגעהויבען מורא צו האפען, פֿאַרשטעלענדיג זיך, וויא דאָס וועט צוגעהן, אז זיא וועט דארפען צולאזען צו זיך א פרעמדען מאַנספערזאָן.

— דו נעהם דאָס געלד און זאָג צו, שאָקעל צו מיט׳ן קאָפּ, דערנאָך ענטפער, אז דו ווילסט ניט, עס איז ווייניג, וועט ער דיר געבען נאָך.

— און אז ער וועט געבען נאָך?

— וועלען מיר דערנאָך זעהען. אָבער צו מיר דארפסטו קיינמאָל ניט צוגעהן, ווען ער איז דערביי.

זיא האָט נאָך געוואָלט עפּעס פרעגען, אבער ער איז אוועק.

מאשקא איז געבליעבען א צומישטע; זיא האָט אי געשראָקען זיך פאר דעם „אָפּיצער׳ס. בערוהרונג, אי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט זיא

ניט וויסען אקוראט וויא צו נעהמען פון איהם געלד, אז רובּיניק׳ען זאָל גע־פעהלען זיין.

אויף מאָרגען פאר־נאַכט האָט מאַשקאַ א ווינק געטהאָן רובּיניק׳ען, ווען ער איז ארומגעגאַנגען אויף דער פּאַלובע, נור וואס אוועקגעהענדיג פון רויזלען. רובּיניק איז אראָב פון פּאַלובע וויא צו געהן צו זיך אין קאַיוטע. מאשקא האָט זיך ארומגעקוקט, איז נאָך איהם נאָכגעגאַנגען און האָט איהם א מורמעל געטהאָן:

— ער האָט געגעבען.

ווייז! — האָט רובּיניק קאַלט א זאָג געטהאָן.

— צוויי גילדערנע! — האָט מאַשקאַ געזאָגט און האָט איהם דער־לאַנגט צוויי פינף־דאָלאר שטיק.

— ווענינג! — האָט געזאָגט רובּיניק און האָט ארייגעלעגט קאַלט־בּלוטיג דאָס געלד ביי זיך אין קעשענע.

— איך וועל בעטען נאָך — האָט מאַשקאַ געענטפּערט און האָט גע־מיינט, אז זיא וועט דערהערען פון איהם א גוט וואָרט, אז ער וועט זיא לויבּען, אז זיא איז א קלוגע.

אבער זיא האָט זיך דעם גוטען ווארט ניט דערוואַרט. רובּיניק האָט איהר נור א קאָמאַנדעווע געטהאָן:

— געה, טהו דיין זאַך!

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען רובּיניק איז נור וואס ארויס פון זיין קאַיוטע, איז שוין מאַשקאַ געשטאַנען א בּלייבע, אָן אויסגעמאַטערטע און האָט איהם שטילערהייד דערלאַנגט דריי גאָלדענע מטבעות.

איהרע באַקען האָבען זיך גלייך בעגאָסען מיט א רויטקייט. ער האָט זיא אנגעקוקט, האָט א שמייכעל געטהאָן און א קניפּ געטהאָן זיא אין בּעקעל.

— ביזט א קלוגע, מאַשקאַ, איך האָב דיך ליעב, זעהר ליעב. געה אריין צו איהר אין קאַיוטע. זיא דאַרף אויף דיר גאַרנישט מערקען.

מיט אַן אָנגעלאָדענעם הארצען איז מאַשקאַ אריין צו רויזלען אין קאַיוטע. זיא האָט אינסטינקטיוו געפּיהלט, אז זיא האָט עפּעס געטהאָן אזעלכעס, וואס האָט זיא געמאַכט פאר גאָר אַן אנדערע פון דער, וואס זיא איז ביז איצט געוועזען, און אז דאָס איז עפּעס א מורא׳דיגע זאַך, עפּעס אויף א מורא׳דיגען וועג איז זיא ארויף. אָבער קלאָהר קיין רעכנונג האָט זיא זיך אין איהרע געפּיהלען ניט געקאָנט געבען.

קלאָהר איז פאר איהר נאָר געוועזען איהר ענטוישונג אין זיין האַלטונג. אָט האָט זיא שוין געטהאָן אזא ניט שעהנע זאַך, זיא האָט זיך געאָפּפערט, האָט זיך געלאָזט פּערפיהרען פון אפיצער אין זיין קאַיוטע, אלץ פון זיינט־וועגען, צו קריגען געלד, וויא ער פערלאַנגט, און ער האָט איהר אוועקגע־שיקט פון זיך, ווען זיא האָט געמיינט, אז ער וועט זיא איצט אריינגעהמען צו זיך, זיא וועט צופאַלען צו זיין ברוסט, וועט קושען זיינע הענד, זיינע פיס,

און וועט בעטען, ער זאָל איהר מוחל זיין — זיא האָט עס געטאָהן פון זיינט־וועגען, און זיא אליין האָט עס גאָר ניט געוואָלט, איהר איז דאָס געווען אַן אַבקומעניש.

אָבער ניט לאַנג איז איהר אויסגעקומען צו זיין אַזוי בעלאַדען מיט אַ שווערקייט אויפ'ן הארצען. ווען זיא איז ארויסגעקומען מיט רויזלען אום צו געהן צו פריהשטיק, האָט רוביניק בענוצט זיך מיט אַ מאָמענט, ווען רויזעל האָט זיך אַבגעקעהרט. און האָט אַ זאָג געטהאָן מאַשקאַ'ן:

— געה אריין צו מיר אין קאַיוטע, און דו וועסט דאָרט געפינען אַ קעסטעלע מיט קאָנפעקטען. דאָס האָב איך אָנגעגרייט פאר דיר אַ מתנה; די ליעבינקע, גוטינקע, קלוגינקע וויבעלע מיינע!

מאַשקאַ איז גלייך פרעהליך און מונטער געוואָרען וויא אַ בעגליקטעס קינד. איהרע טריט זיינען עפּעס געוואָרען לייכטער, און זיא איז געשפּרונגען וויא אַ יונגע ציעגעלע אראָב דיא טרעפּ, איז אריינגעלאָפען אין זיין קאַיוטע, האָט גענומען דאָס קעסטעלע צוקערקעס, האָט אָנגעקושט דאָס קעסטעלע, האָט עס צוגעדריקט צו איהר ברוסט, איז ארויפגעשפּרונגען צוריק מיט דער זעלבער לייכטקייט אין איהרע פיס און האָט ביי יעדער גלעגענהייט געכאַפּט אַ קוק אויף איהם מיט אזא שיינענדען פנים פון דאַנקבאַרקייט.

און דעם טאָג שוין פאַרנאַכט, האָט ער איהר, פאַרבייגעהענדיג אַ זאָג געטהאָן:

— נו, מאַשקאַ?

— דעם אפּיצער? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן, וועלענדיג טרעפען וואָס ער מיינט.

— עס איז דאָך פאַראַן ניט איין אַפּיצער — האָט ער איהר איינגע־ראַמט אַ סוד — זיי זיינען דאָך אַלע גלייך, דו קלוגע מאַשינקאַ.

און ווען ער האָט דערזעהען, אַז איהר פנים איז עפּעס פערוואָלקענט געוואָרען, האָט ער אויף איהר בייז אַ קוק געטהאָן, האָט אָבער אַ זאָג געטהאָן גאַנץ ווייך:

— נאָר איינע, אין גאַנצען וועלען מיר דאָך נאָך פאָהרען בלויז אַ פּאָאָר טעג נאָך. דערנאָך וועט שוין זיין אויס שיף און אויס אַפּיצערען.

פאר מאַשקאַ'ן איז דאָס געווען אַ טרייסט, דאָס הייסט, אַז זיא וועט דאַרפען אָבקומען בלויז נאָך עטליכע טעג פון זיינטוועגען, און דערנאָך וועלען שוין מעהר קיין אַפּיצערען ניט זיין. און איהר האָט זיך ווידער אָנגעהויבען פאַרשטעלען, וויא דערנאָך וועט זיא מסתמא שוין זיין שטענדיג מיט איהם.

רוביניק האָט שוין דיא איבעריגע עטליכע טעג פון דער רייזע וועגען איהר זיך וועניג געקימערט. ער איז שוין מיט איהר פאַרטיג געווען. ניט נור איז ער זיכער שוין, אַז ער וועט אהר צושטעלען וויא עס דאַרף צו זיין אין דעם נויטיגען פּלאַץ; ניט נור האָט ער שוין ניט געהאַט וואָס מורא צו האָ־בען, אַז זיא זאָל זיך ניט צובונטעווען אָדער זאָל זיך ניט אָנשטויסען; נאָר

ער איז אפילו זיכער געווען, אז זיא וועט איהם שוין דעקען א טהייל פון איהרע הוצאות נאך איידער זיי וועלען אראב פון שיף.

אנפאנגס האט ער געהאט א פלאן אליין צו צאפען פונ'ם אפיצער געלד, מאכען אן אנשטעל, אז דער אפיציער האט פארפיהרט און גענויט א אונשולדיג מיידעל, סטראשען צו געהן צום קאפיטאן, אנגעבען אין געריכט, מאכען א סקאנדאל, און דער אפיצער זאל דאס וועלען פארשמירען מיט א היבשער מטבעה. אזא פלאן איז איהם שוין איינמאל אויפ'ן שיף געלונגען.

אבער אין גיכען האט ער זיך מיישב געווען, אז ער מוז דיעזען פלאן אויפגעבען. ערשטענס האט ער געזעהן, אז מאשקא איז צו דארפיש. ווען עס זאל קומען צו טענות מיט'ן אפיצער, וועט זיא ניט וויסען וויא צו ריידען. זיא קאן קיין שפראך ניט אויסער ליטוויש־פוילישע רוסיש. צווייטענס, האט ער מורא געהאט, אז עס זאל ניט זיין צו ריזיקאליש איבער רויזלען. ער איז נאך מיט רויזלען ווייט ניט פארטיג, און ער האט דאס גערעכענט פאר איינע פון דיא שווערסטע עסקים. מיט אזעלכע האט מען צרות, ביז מען ברעכט זיי איין. און ווען דא זאל נאך קומען צו־וואס, קען דער גאנצער עסק פלאצען.

מאשקא האט איהם יעדען טאג, אמאל א פאאר מאל אין טאג גע־מוזט ברייגען געלד. ווען דאס וואלט ניט געווען אקוראט אין דיא לעצטע עטליכע טעג, וואלט רויזלען פיעלייכט געווארען אויפפאלענד וואס מאשקא ווערט עפעס פערפאלען, וועהרענד זיא איז געוועהנט געווארען פון אנפאנג רייזע, אז זיא זאל זיין שטענדיג לעבען איהר. אבער וויא דער לעזער ווייס שוין, זיינען דאס געווען אקוראט דיא טעג, ווען רויזעל'ס קאפ אליין איז פארדרעהט געווארען פון רוביניק'ס ליעבעס־ערקלעהרונגען, ווען אין איהר הארצען איז פארגעקומען אזא אונגעהויערער קאמפף צווישען איהרע פפליכטען צו דעם מאן, מיט וועלכען זיא האט געהייראטה און צו וועלכען זיא האט געמיינט, אז זיא פאהרט עס־איצט, און צווישען דער ליעבע און ליידענשאפט וואס איז אויפגעשפרונגען אין איהר צו דיעזען רוביניק.

אזוי איז רוביניק'ען געלונגען דורכצופיהרען זיין עסק, אז עס זאל ניט ווערען קיין סקאנדאל פון קיין זייט און ער זאל מיט זיינע סחורה פאל־שטענדיג זיכער זיין.

רויזלען האט ער גערעכענט פאר איינע פון דיא ריזיקאלישסטע אר־טיקלען, וועלכע עס קומט אויס צו פיהרען. אזא פרויענצימער קען זיך אמאל אן קאפריזען, קען עפעס דערפיהלען, דערשמעקען, און אנטהאן אן אונגליק — אריינווארפען זיך אין ים, אדער וואס. פאר איהם איז ניט וויכטיג, וואס זיא קאן זיך דערטרינקען; אפילו דאס גרויסע געלד וואס עס קאסט אב אזא ארטיקעל איז נאך אויך ניט דיא הויפט־זאך, דאס איז דיא ריזיקע פון גע־שעפט; דיא הויפט־זאך איז, וואס אין אזא פאל הויבען זיך אן אויספרע־גינגען, אונטערזוכונגען, און מען קאן לייכט אריינפאלען.

דארום איז קיין וואונדער ניט, וואס רוביניק האט געהאנדעלט אזוי

פאָרזיכטיג מיט רויזלען. ער האָט נור אָנגעשטרענגט אַלע זיינע זשוליקשע פעהיגקייטען, אַז זיא זאָל זיך אין איהם פערליעבען און זיא זאָל איהם טרויען בלינדערהייט.

וואָס ער האָט נאָך געוואָלט אויספיהרען איז, אַז זי זאָל פאר איהם אָנהויבען מורא האָבען, און מורא האָבען פאר איהם דורך דעם וואָס זיא זאָל זיין ביי איהם אין האנד. זיא מוז זיך קאָמפּראָמעטירען אַזוי, אַז ער זאָל אַלע מאָל זיא קאָנען סטראשען, דאָס ער וועט אויסזאָגען. און וואָס קאָן זיין פאר אַ בעסערער מיטעל דערצו, וויא אויסצופיהרען אַז זיא זאָל זיך איהם איבערגעבען קערפּערליך, און זאָל מורא האָבען אַז איהר בלומרשטער מאָן זאָל זיך ניט דערוויסען.

ער איז שוין געווען אַזוי ווייט ערפאָלגרייך, אַז זיא האָט אָנגעהויבען פיהלען ליידענשאפט צו איהם און האָט געגלויבט, אַז ער ליעבט זיא. וואָס ער האָט נור געדאַרפט אויסהיטען, אַז עס זאָל זיך ניט טרעפען וואָס עס איז, וואָס זאָל ציהען איהר אויפמערקזאַמקייט און זאָל ניט ערוועקען איהר פערדאכט.

ער איז דארום פאָרגעגאנגען זעהר פאָרזיכטיג מיט איהר. אַזוי איז עס צוגעגאנגען דיא לעצטע עטליכע טעג פון זייער רייזע, און ער האָט געבראַכט עס אַזוי ווייט, אַז ער האָט איהר געזאָגט אַ פּאָר שטונדען איידער דיא שיף האָט זיך געדאַרפט אָבשטעלען אין האפען:

— ווייסט איהר, אַז מיר קאָנען פאָהרען מיט'ן שיף ווייטער, נאָך אַ טאָג, דאָן קומען מיר אין אַ שטאָדט, וואָס רופט זיך מאָנטרעאל; נור מיר קאָנען אראָב שוין היינט, אין קוויבעק. און פון דאָרט קענען מיר פאָהרען מיט'ן אייזענבאהן.

— וויא? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן — מיר פאָהרען ניט אין יענעם לאָנדאָן?

— אין ניו־לאָנדאָן, מיינט איהר.

— יאַ, וואו מאַקס איז.

— נאַטירליך, פאָהרען מיר אהין. אָבער מיר קאָנען זיך באנוצען און אָבשטעלען דאָ באַלד, אין קוויבעק.

— צו וואָס? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— רויזעל, פאר וואָס פרעגסטו מיך — האָט ער געזאָגט מיט אַ בעטענדען טאָן און האָט זיך שוין פאָלשטענדיג ערלויבט צו רופען זיא דוא.

זיא האָט זיך אָנגענומען מיט ענטשלאָסענהייט און האָט אַ זאָג געטהאָן:

— איך ווייס ניט. איהר האָט דאָך מיך געפיהרט ביז איצט, טאָ פיהרט ווייטער — וואָס ווייס איך, צו מען דאַרף זיך דאָ אָבשטעלען אָדער ניט? אַז איהר זאָגט מען דאַרף, פאַרלאָז איך זיך אויף אייך. לאָמיר זיך אָבשטעלען!

זיא האָט דיא לעצטע ווערטער געזאָגט ענטשיעדען, וויא זיא וואָלט איהם דאָס געענטפערט אַ יאָ־וואָרט אויף זיינע ליעבעס־ערקלעהרונגען.
— אַלזאָ, פארלאָז זיך אויף מיר.
— געוויס פארלאָז איך זיך.
— און מיר זיינען גענוג געפאָהרען אויפ'ן וואסער, מיר מעגען שוין דערפיהלען לאנד אונטער אונזערע פיס — האָט ער אַ זאָג געטהאָן. וויא ער וואָלט עס אין איהר נאָמען אויסגעדריקט אַ פראַטעסט געגען מאַקס'ן.
— איך רעכען אויך, אַז איך בין גענוג אָבגעקומען — איז זיא מיט איהם איינפערשטאַנען געוועזן.
— אַלזאָ, אין אַ פּאָר שטונדען אַרום לאַנדען מיר — האָט ער אַ דריק געטהאָן פּיעלדייטיג איהר האנד — קומט אין קאַיוטע און מיר וועלען צונויפ־נעהמען דיא זאַכען, איך וועל אייך העלפען איינפּאקען אייערע.
— קומט — האָט זיא אַ זאָג געטהאָן, געבענדיג זיך אַליין מוטה.
זיי זיינען אריין אין איהר קאַיוטע. און ער האָט זיא גלייך ארומגענומען. זיא האָט איהם געענטפערט מיט קושען.
— מיר האָבען נאָך צוויי שטונדען צייט — האָט ער געזאָגט — לייגט זיך אַ וויילע צו אָברוהען און איך וועל דאָ שוין אַליין איינפּאַקען דיא זאַכען — האָט ער געזאָגט, קוקענדיג איהר אין דיא אויגען, און מורא האָבענ־דיג אַ נעהם צו טהאָן זיא מיט צוואַנג, זיא זאָל זיך אין דעם לעצטען מאָמענט ניט צובונטעווען און ניט מאַכען קיין געשריי, וויא עס האָט שוין איהם איין מאָהל געטראָפען און ער האָט געהאַט היבש עסקים, ביז ער האָט זיך דאָן אויסגעדרעהט פון אַ צרה.
— ניין — האָט זיא געזאָגט און האָט געפיהלט, אַז ווען ער זאָל זיא אָננעהמען פעסט און אַ וואַרף טהאָן אויפן בעטעל, וואָלט זיא זיך ניט גע־וועהרט — ניין, איך וויל ניט רוהען!
ער איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר און האָט פערשפּאַרט.
— צו וואָס? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן. אָבער אויך בלויז פון יוצא וועגען.
— רויזעלע! — האָט ער איהר אָנגענומען און צוגעצויגען צום בעטעל.
זיא האָט געברענט, אָבער האָט זיך אָנגעהויבען שעפּצענדיג צו בעטען:
— איך האָב מורא!
— פאַר־וועמען? פאר וואָס? רויזעלע, האָב רחמנות — האָט ער זיך אָנגעהויבען בעטען און האָט געקענט מאַכען אַזאַ פּנים, וויא ער וואָלט אויס־דריקען שמערץ פון אונבעפרידיגטער ליעבע — איך ליעב דאָך דיך אַזוי. קאָנען מיר זיך שיידען וויא פרעמדע!
— אָבער איצט? — האָט זיא געמורמעלט — מאַשקאַ קען נאָך אָנקומען און קלאַפּען אין טהיר.
— ניין, זיא וועט ניט קומען.

ער האָט זיא צוגעצויגען צו זיך אויפ'ן בעטעל און האָט געזוכט צו רייסען אין איהר שטאַרקערע ליידענשאַפט.

אָבער זיא האָט זיך עפּעס וויא בעדאַכט, אָדער איז איהר אפשר פאַרגעקומען אַזוי גראָב־ווילד זיין האַנדלונג. אין קאַיוטע איז ליכטיג, זיי זיינען אָנגעטהאָן, פאַרטיג שוין אַראָבצוגעהן פון שיף, יעדע ווייל קאָן אָנקומען מאַשקאַ. עפּעס ניט, וויא זיא האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם טריאומף פון ליעבע, איז איהר פאָרגעקומען דער מאָמענט. נאַטירליך, זיא האָט עס אַלץ ניט איבערגעטראַכט, נור, אונבעוואוסט, האָט דאָס אַרומיגע אויף איהר אַזוי געווירקט, טראָץ דער פערבלענדונג אוים ליידענשאַפט צו איהם.

זיא האָט זיך אַ ריס געטהאָן פון איהם:

— ניין, לאָזט מיך!

— רויזעלע! איך וועל ניט לאָזען! — האָט ער זיא געצויגען צו זיך מיט קרעפטען.

— ניין, ניט איצט! ניט דאָ! — האָט זיא נור מיט אַ כעס געגען איהר אייגענעם פחד אַ זאָג געטהאָן.

— ניט איצט?

— ניט איצט, ניט דאָ — האָט זיא אַ מורמעל געטהאָן.

ער וואָלט זיא אָבער ניט אָבגעלאָזען, און ער איז געוועזען אַזוי זיכער, אַז ער דאַרף איהר ניט אָבלאָזען, אַז איצט קאָן ער שוין מיט איהר זיכער זיין, אַז זיא וועט קיין כקאַנדאַלען ניט מאַכען און אַז אויב ער וויל זיא אַראָבפיהרען פון שיף שוין אַלס אַ זיכערע סחורה, טאָר ער זיא ניט אָבלאָזען איצט.

אָבער עס האָט זיך דערהערט ווירקליך אַ קלאַפּען אין טהיר, וויא זיא האָט מורא געהאַט. ער איז געוועזען געצוואונגען אָבצולאָזען זיא מיט צאָרען, אַ קריץ טהאָנדיג מיט דיא ציינער. זיא האָט געכאַפּט אַ קוש טהאָן זיין האַנד, וויא זיא וואָלט ביי איהם בעטען פערצייהונג. אָבער זיא איז געוואָרען גלייך בלייך און צושראָקען ווען זיא האָט דערהערט מאַשקאַ'ס שטימע:

— דאָס בין איך, פאַניא, עפענט!

רויזעל וואָלט זיך אַזוי ניט דערשראָקען, ווען עס וואָלט אָנגעקלאַפּט דער סטיואַרד אָדער ווער ניט איז פון שיף — זיי זיינען דאָך אַלע פרעמדע מענשען, וואָס היינט זעהט זיא זיי און מעהר וועט זיא קיין מאָהל זיי ניט זעהען און זיי וועלען איהר ניט זעהען. און דערצו איז זיא דאָך פאַר זיי רוביניק'ס פרוי. אָבער מאַשקאַ — איהר דיענסט, וועלכע וועט מיט איהר צוזאַמען פאָהרען צו איהר מאַן, וועט שטענדיג זיין לעבען איהר, מאַשקאַ זאָל זיא טרעפען אין אַזאַ צושטאַנד — פערשפּאַרט מיט רוביניק'ן אין קאַיוטע.

זיא האָט נאָך ניט צייט געהאַט ערהאָלען זיך פון איהר שרעק, וויא רוביניק האָט אָן עפען געטהאָן דיא טהיר און האָט מיט אַזאַ ברוטאַלער בייזקייט אַ שלעפּ געטהאָן מאַשקאַ'ן פאַר'ן האַנד און אַריינגעשלעפּט אין קאַיוטע. רויזעל איז אַ פערציטערטע געוואָרען. ערשטענס, האָט ער געוויזען אַזאַ פנים

פון א גזלן, וויא דאן אין וויטעבסק אויפ'ן וואקזאל, ווען ער האט זיך געקריגט מיט דעם פאקטאר, און זיא האט ניט געוואוסט פארוואס. צווייטענס, האט זיא געמיינט, אז ער וועט עפענען דיא טהיר און ארויס צו איהר, אום ניט צו שטעלען זיא, רויזלען אין אזא פערלעגענהייט, אום צו פערהיטען איהר כבוד און איהר נאמען.

זיא האט זיך אבגערוקט אין ווינקעלע פון קאיוטע און האט געקוקט, וויא א צושראקענע חיה'לע, וועלכע האט זיך אריינגעכאפט אין א פאסטקע. און וואס זיא האט געזעהען, האט איהר נאך מעהר געשווידערט. רובּיניק האט ניט אבגעלאזען מאשקא'ס האנד, וועלכע ער האט געהאלטען אזוי פעסט, אז עס איז קענטיג געווען, אז מאשקא פיהלט דעם וועהטאג.

— וואס איז? ! — האט ער א געשריי געטהאן אויף איהר — דו געהסט אונז נאכשפּירען? דו ווילסט אפשר נאכקוקען אונז און דערנאך וועסטו דערצעהלען אלעמען, אויסזאגען אמאהל דיין בעל־הבית'טעם מאן, אז דו האסט אונז דא ביידען געכאפט שלאפענדיג צוזאמען? הא?

— וואס... וואס... וואס רעדט איהר? — האט רויזעל שוידערנדיג פּראטעסטירט.

אבער רוביניק האט זיך געמאכט ניט הערענדיג איהר פּראטעסט, און האט א טופע געטהאן מיט'ן פוס:

— מאשקא, איך פרעג דיך, זאג מיר אויס: האסטו אונז נאכגעשפּירט, אום דערנאך אויסצוזאגען דיין בעל־הבית'טעם מאן? מיינסטו, מיר האבען פאר דיר מורא?

מאשקא האט זיך אנגעהויבען צו צלם'ן מיט דער אנדער פרייער האנד.

— זאל מיך גאט שטראפען! פון דעם ארט זאל איך ניט אראבגעהן, אויב איך האב נאכגעשפּירט, אויב איך וועל וועמען אויסזאגען, מיין צונג זאל מיר אבגעדארט ווערען.

רויזעל האט געמיינט, אז זיא וועט זיך בעגראבען לעבעדיגערהייד. זיא האט געפיהלט אזוי וויא צו נעהמען און אין ים אריינווארפען זיך פון אזא שאנדע. זיא האט ניט פערשטאנען, אז דאס איז מיט א כיון געמאכט געווארען אזא אנשטעל פון רוביניק'ן, כדי זיא זאל שוין זיין א קאמפּראמעטירטע און זאל זיין אין זיין מאכט.

— איך האב געוואלט אייך ארויסרופען און זאגען, אז מען רופט אלער מען און אלע פאסאזשירען קלייבען זיך דארט אין דער קאנצעלאריע, וואו מען פערשרייבט... דער מאטראז האט מיר אויך אריינגעשטויסען און ווייזט מיר, אז מען דארף פערשרייבען, האב איך מורא געהאט אהן אייך.

— א, אזוי? — האט זיא אבגעלאזען רוביניק — גוט, געה איך גלייך א קוק טהאן. דאס ווייזט, אז מיר וועלען באלד דארפען אראבגעהן פון שיף. נו, איז שרעק זיך ניט, מאשקא, וואס איך האב אזוי געשריען. קיין זאך

דארף מען ניט אויסזאָגען. איך זאָג אויף דיר אויך קיין זאך ניט. פארשטעהסט? ענטפער, דו פארשטעהסט?

— איך פארשטעה — האָט מאשקא געענטפערט.

— נו, טאָ זיי א גוט מיידעל, בלייבט ביידע דאָ, פאקט דיא זאכען און איך וועל ארויפגעהן א קוק טהאָן, איך וועל באלד זיין צוריק.

ער האָט זיך צורעכט געמאכט און איז ארויסגעגאנגען, איבערלאָזענדיג זיי ביידען אין קאיוטע.

.6

גלייך וויא ער איז ארויס, האָט רויזעל זיך דערפיהלט נאָך מעהר ניעדערגעשלאָגען, ווען זיא איז געבליבען אויג אויף אויג מיט מאשקא'ן. און זיא וואָלט ניט געוואוסט וואָס אָנהויבען צו טהאָן, ווען מאשקא וואָלט ניט געפאלען פאר איהר אויף דיא קניע און אָנגעהויבען צו בעטען:

— פערצייהען מיר, פאניא, איך האָב דאָך קיין זאך ניט געוואוסט. אז ניט, זאָל מיך א דונער איינשלאָגען אויב איך וואָלט געשמעיעט צו קלאפען אין טהיר. זאָל מען מיך שניידען שטיקערווייז, וועל איך ניט אויסזאָגען. שטראף מיך גאָט, אויב איך וועל אויסזאָגען אויף אייך עפעס ווענען ניט איז.

רויזעל האָט געשוויגען. איהר איז געווען אזוי שרעקליך דערפון גופא, וואָס מאשקא רעדט מיט איהר עפעס, וועגען איהר פערשפארט זיין מיט רוביניק'ן, וויא וועגען א פערברעכען וואָס איז שוין געשעהען, נור וועגען וואָס מען דארף שווייגען.

— וואָס אויסזאָגען? — האָט זיא ענדליך נאָך א ווייל נידערגעשלאָגענהייט פראָטעסטירט — ניטאָ וואָס אויסצוזאָגען, איך האָב קיין שלעכטעס ניט געטהאָן.

— זאָג איך דען, אז שלעכטעס? — האָט מאשקא געענטפערט שוין דרייסטער און האָט זיך גענומען פאקען דיא זאכען.

רויזעל האָט זיך דערפיהלט לייכטער און האָט אויך גענומען פאקען דיא זאכען. זיא האָט געוואָלט עפעס אָנהויבען ווייך צו ריידען מיט מאשקא'ן, אזוי וויא צו פערגיטיגען זיא פאר דעם אָבשניט, וואָס זיא האָט געהאט פון רוביניק'ן. אָבער אין דיזער מינוט איז רוביניק צוריק אריינגעלאָפען און שוין גאָר א מונטערער, א פרעהליכער, אונטערשפרינגענדיג און צופייפענדיג מעשה פיינער־יונג.

ער האָט א קוש געטהאָן רויזלען פאר מאשקא'ן אין דיא אויגען און האָט א גלעט געטהאָן מאשקא'ן איבער'ן בעקעל.

— וואָס טהוט איהר? — האָט זיך רויזעל אָבגעצויגען — וואָס זייט איהר משוגע צו חסר דעה.

— קומט, קומט, מיינע ווייבעלעך, מיינע מיידעלעך — האָט ער צוגעזונגען — מיר געהען שוין באלד אראָב. מיר דארפען געהען ווייזען זיך פאר דיא אינספעקטאָרען און זיי דארפען אונז אויספרעגען און פארשרייבען.

— ווייטער פערשרייבען ?

— אנדערש געהט עס ניט, אז ניט לאזט מען ניט אראב פון שיף. אבער נאר ניט געשראקען זיך. דיא ענטפערס דארפט איהר שוין קלאהר זיין אויסוויינינג. רויזעל, דו ביזט מיין ווייב, מאדאם רוביניק, און דו, מאשקא, ביזט ניט קיין דיענסט, נור מיין ווייב'ס קאמפאניאנקע.

— וואס הייסט קאמפאניאנקע — האט רויזעל אויף אידיש שטילערהייט א פרעג געטהאן רוביניק'ן, ווארום ער האט מיט איהר און מאשקא'ן צוזאמען גערעדט רוסיש, אז מאשקא זאל פארשטעהן.

— וואס ביזטו ניט מבין ? — האט ער א לאך געטהאן צו רויזלען — דיא ערלית זאל ניט ברוגז זיין, אבער אין אמת'ן איז דאס נויטיג, ווייל מען טאר קיין געדונגענע ארבייטער ניט פיהרען. פארשטעהסט ?

רויזעל האט פערשטאנען, ווארום וועגען דעם האט זיא שוין געהערט, אז מען פרעגט ביי אימיגראנטען א פראגע, אויב זיי זיינען ניט געדונגען געווארען פון וועמען צו ארבייטען.

און זיי זיינען ארויף זאלבעדריט אויפ'ן פאלובע, וואו עס זיינען שוין אין א לאנגע רייהע געשטאנען פאסאזשירען לעבען דער אפענער טהיר פון דעם ביבליאטהעק־צימער פון צווייטען קלאס. דא זיינען געזעסען צוויי מענער אנגעטהאן אין דיזעלבע פארמען, וויא דיא אפיציערען פון דעם דאמפף־שיף. אין דער רייהע, איינע נאך איינע, זיינען פאסאזשירען צוגעגאנגען, מען האט זיי געשטעלט פראגען, פערשיעדענע און דערלאנגט א קארטעלע. אנדערע האט מען קיין קארטעלע ניט געגעבן און געהייסן בלייבן שטעהן אן א זייט, ניט אוועקגעהן.

א שטיקעל גענעזונג איז געווען פאר רויזלען, וואס איהר איז איצט אויסגעקומען צו שטעהן אין דער לאנגער רייהע פון פאסאזשירען און ווארטען ביז איהר מיט רוביניקען און מאשקא'ן וועט אויסקומען צו ערשיינען פאר דיא אינספעקטארען און ענטפערן אויף פראגען. עס איז אזוי נויטיג געווען פאר איהר א שטיקעל ענדערונג פון דעם צושטאנד, אין וועלכען זיא איז איבערגעבליבען נאך דעם וויא מאשקא האט אנגעקלאפט אין טהיר פון קאיוטע. ווארום זיא האט געפיהלט אזוי שלעכט, אזוי נידערגעשלאגען, אז זיא וואלט ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט זיך פאר שאנדע.

אבער דא האט דיא ערווארטונג פון דארפען ענטפערן אויף פראגען און דיא נייגעריגקייט צו קוקען, וויא יעדערע קומען צו און טרעט אב מיט א קארטע, זיא אביסעל ארויסגעבראכט פון דעם צושטאנד. זיא האט געטראכט איצט וועגען דעם וואס זיא וועט דארפען ענטפערען.

זיא האט געזעהען, אז מאנכע האלט מען אב א היבשע ווייל און מען פרעגט, און מען פרעגט, און מען לאזט ניט אב אזוי גיך. זיא האט אנגעהויבען מורא צו האבען, וויא מען וואלט זיא דאס געפיהרט אויף א „דאפראס“ אין רוסלאנד. און זיא האט איבערגעקלעהרט וויא מען וועט איהר שטעלען

דיא פראגען. וועלען זיי פרעגען אין ענגליש איז אודאי גוט, זוביניק וועט ענטפערן פר איהר, ווייל זיא פארשטעהט דאך קיין ענגליש ניט. און וויא אז זיי וועלען פרעגען אין דייטש? זיי קאנען דאך דייטש אויך.

— זיי וועלען פרעגען אין דייטש און אפשר גאר אין אידיש — האט רוביניק זיא פארגעברייט — און ענטפערן וועסטו דארפען אליין. דא איז דאך אזוי, ביי וועמען מען פרעגט, יענער דארף ענטפערען. אבער דיא הויפט זאך איז דארפסט זיך ניט שרעקען. ווארום ווען זיי זעהען, אז מען שרעקט זיך, פרעגען זיי אלץ מעהר און מעהר.

וויא ער האט איהר געזאגט, אז זיא זאל זיך ניט שרעקען אזוי גלייך האט ביי איהר אנגעהויבען צו קלאפען א צאהן אן א צאהן און עפעס וויא דאס גופא, וואס זיא טאר זיך ניט שרעקען וואלט געווען געווען, אז עס זאל אין איהר איינפליסען שרעק. זיא האט אנגענומען רוביניק'ס ארעם און האט זיך שטארק געפרעסט צו איהם, וויא וועלענדיג מיט איהם זיך בעשיצען.

— גוט אזוי ! — האט ער איהר געזאגט — טוליע זיך, טוליע זיך. זאל מען זעהען, אז מיר זיינען מאן און ווייב.

— און מעהר וועלען זיי ניט פרעגען ?

— וויא זיי פאלט אוים. מען קאן קיין מאל ניט וויסען. נור מען ענטפערט אלעס אזוי, וויא דיא מעשה איז; דאס איז אלע מאל זיכערער. אט וועל איך דיך פרעגען און דו ענטפער: וויא רופט מען אייך ?

— ראזא.

— ראזא וואס ?

— וויא זאל איך ענטפערען? אייער נאמען ?

רוביניק האט אויף איהר בייז א קוק געטהאן. זיא האט זיך גלייך פארענטפערט :

— נו זאג איך דאך: ראזא רוביניק.

— פערהייראטה ?

— יא.

— וויא לאנג זייט איהר פערהייראט ?

— איך וויים ניט, וואס איך זאל ענטפערען.

— ענטפער וויא עס איז טאקע אין דער ווירקליכקייט: פערהייראט פון מארגען אן.

און ער האט זיך צולאכט.

— וואס הייסט פון מארגען אן — האט זיא ניט פערשטאנען.

ער האט זיך נאך שטארקער צולאכט :

— איך מיין פון היינט ביי נאכט אן. דאס הייסט, פון דער נאכט וואס וועט קומען. איז דען דאס ניט אזוי ? — האט ער א דריק געטהאן זיין ארעם צו איהר ברוסט — דאס הייסט עס וועט ניט זיין אזוי ?

— הערט אויף — האָט זיא געענטפערט אויף איהר אַלטען שטייגער — וויא זאָל איך ענטפערען ?

— נו, וואָס איז דאָ צו פארשטעהן. ווען האָסטו טאַקע חתונה געהאט?

— מיט מאַקס'ן ?

— חתונה געהאט! חתונה געהאט! — האָט ער שוין אַ געשריי געטהאָן — מעהר וויא איין מאָל האָסטו דאָך פאַרלויפיג ניט חתונה געהאט ?

— אָ, מיט דריי וואָכען צוריק ?

— גוט.

— וואו ?

— אין אָרשע.

— דאָס איז שוין אַ טעות. אין וויטעבסק, אין וויטעבסק. איך האָב גאָר פארגעסען. אָבער דאָס פרעגען זיי קיין מאָהל ניט.

— פון וואנען ווייסט איהר ? — איז איהר עפּעס אויסגעפאַלען אַ פרעג צו טהאָן.

— ווייל זיי האָבען מיך קיין מאָהל ניט געפרעגט.

זיא האָט איהם אָנגעקוקט.

— וואָס איז? איהר זייט שוין ווען געפאָהרען מיט אַ ווייב אין דעם אַנדער לאַנדאָן ?

רוביניק האָט זיך אַ בים געטהאָן דיא אונטערשטע ליפּ. דאָס האָט איהם זעלטען געטראָפען, ער זאָל זיך אריינבאַפּען מיט אַן אונפאָרזיכטיגען ענטפער. ער האָט זיך אָבער באַלד אויסגעקעהרט און האָט אַ לאַך געטהאָן :

— דו זעהסט דאָך וויא אַלט איך בין. וויפיעל מאָהל דיינקסטו האָב איך שוין געדארפט חתונה האָבען און פאָהרען קיין אַמעריקאַ. נור איצט איז קיין צייט, רויזעל, צו וויצלען זיך, נו, ענטפער :

— וויא אַלט זייט איהר ?

— ערשט נייניצעהן יאָהר.

— און איך האָב געמיינט אַז אַכטצעהן.

— יאָ, אַכטצעהן געוואָרען.

— נו, וואָהין פאָהרט איהר ?

— קיין... וויא זאָל איך זאָגען ?

— קיין קוויבעק.

זיא האָט אָנגעהויבען פאַר זיך צו ווידערהאָלען: קוויבעק, קוויבעק, קוויבעק.

— און ווער איז דיא אַנדערע ?

— מאַשקאַ ?

— נו, זעלבסטפערשטענדיך.

— מיינע אַ קאָמפּאַניאָנקע, האַ?

— מעגסט זאָגען: אונזערע א דיענסט. איך האָב דאָס פריהער זיא גענארט: אַן אייגענע דיענסט מעג מען פיהרען.

— צו וואָס האָט איהר געדארפט זיא נארען?

— זיא זאָל פיהלען בעסער.

— זיא וועט דאָך אָבער אַזוי ענטפערן.

— דאָס פערלאָז זיך שוין אויף מיר. נור איך ווייס. אַז זיי וועלען דאָס קיין זאך ניט פרעגען.

— פון וואַנען ווייסט איהר?

— זיי וועלען פרעגען מיך מעהר פון אַלעמען.

— דאַרף איך דאָך גאָרנישט ענטפערען.

— פון דעסטוועגען, אויף יעדען פאַל.

ער איז געווען זעהר פרעהליך און האָט איצט א וואונק געטהאָן מאשקאַ'ן צוצוגעהן נעהענטער. ער האָט זיא אָנגעהויבען צו לערנען, וויא זיא זאָל זיך האַלטען — הויפּטזעכליך זאָל זיא ניט קוקען אויף איהם מיט אַזעלכע אויגען, ווען מען וועט איהר שטעלען א פראגע, און זיא וועט ניט וויסען וואָס צו ענטפערען.

עס איז ענדליך געקומען זייער רייהע. רויזעל איז בלייך געוואָרען, מאשקאַ האָט זיך ניט דערשראָקען, נאָר האָט זיך אָבגערוקט אָן א זייט, וויא זיא וואָלט מורא האָבען אָנצוריהרען זיך אָן רובּיניק'ן.

מען האָט געשטעלט פראגען בלויז רובּיניק'ן. רויזלען און מאשקאַ'ן האָט דער פראגע־שטעלענדער אינספּעקטאָר גאָר נישט געפרעגט. נאָר ווען דער צווייטער אינספּעקטאָר האָט געדארפט דערלאַנגען זיי דיא קארטלעך, האָט ער עפּעס אין מיטען חרטה געהאט און האָט זיך גענומען איבערשעפּצען מיט דעם אַנדערען.

רויזעל האָט בעמערקט, אַז רובּיניק איז עפּעס אונרוהיג געוואָרען. דער ערשטער אינספּעקטאָר האָט נאָך אַמאָהל פון אונטער'ן שטערען א קוק געטהאָן אויף איהר און אויף מאשקאַ'ן.

— שטעלט זיך אָב אָן א זייט — האָט דער אינספּעקטאָר געזאָגט צו איהר מיט מאשקאַ'ן.

זיי האָבען ביידע געקוקט אויף רובּיניק'ן, ניט וויסענדיג וואָס זיי זאָלען טהאָן אָדער זאָגען. אָבער איידער רובּיניק האָט זיי צייט געהאט וואָס צו זאָגען, האָט דער מאַטראָז, וועלכער שטעהט דערביי וויא א לאַקיי, אום צו פאָלגען וואָס דיא אינספּעקטאָרס וועלען הייסען, אָבגעצויגען זיי אָן א זייט און געוויזען, אַז זיי זאָלען דאָרט שטעהן.

רויזעל האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף רובּיניק'ען, און זיא האָט געזעהען, אַז עפּעס טענה'ן מיט איהם דיא אינספּעקטאָרס. זיי פרעגען און ער ענטפערט און ערקלעהרט זיי עפּעס און ערקלעהרט, ווייזענדיג פּאַפּיערען. אָבער זיא האָט געמערקט, אַז ער איז בלייך.

ענדליך האָט מען איהם אָבגעלאָזען, אָבער אויך געהייסען שטעלען זיך אַן א זייט בעזונדער. זיא איז געוואָרען זעהר אונרוהיג, נאָר האָט געענטפערט רובּיניק׳ען מיט א שמייכעל, ווען זיא האָט געזעהען, וויא ער שמייכעלט איהר צו פון ווייטען.

ניט ווייט פון רויזלען איז געשטאַנען דיא פרוי, וועלכע האָט זיא ביים עכס־מיש אמאָהל געפרעגט, וואָהין זיא פאָהרט, און אויף וואָס זיא האָט געענטפערט דאַן, אַז זיא פאָהרט קיין לאָנדאָן, וואָס רובּיניק האָט דער־נאָך פעררעכט אַז זיא מיינט עס קיין ניו־לאָנדאָן.

— שרעקען זיי זיך ניט, ליעבעס קינד — האָט איהר דיא פרוי גע־זאָגט — דאָס זיינען זיי איצט אַזוי שטריינג איבער דיא אונטערזוכונגען אין ווייסע־שקלאַפען האנדעל. מען האָט קאַנאַדא בעשולדיגט, אַז דער האנדעל פיר יונייטעד סטייטס געהט אַן דורך דאַנען. עס איז בלויז עקסטרא שטרענג־קייט, ווייטער ניט.

— איך פערשטעה ניט, וואָס איהר זאָגט — האָט איהר רויזעל גע־ענטפערט, — וואָס האָט מען ביי אונז צו זוכען?

— איך זאָג ניט זוכען, זאָנדערן אונטערזוכונג. איך זאָג: זיי זיינען שטרענג איבער דעם שרעקליכען ווייסע־שקלאַפען האנדעל. מען האָט זיך גע־כאַפּט, אַז דיזער האנדעל געהט אַן אויף א שרעקליכען אופן. עס ווערען טראַנספּאָרטירט אונגליקליכע בעשעפעניסע, וועלכע ווערען אריינגעכאַפּט. דארום זיינען זיי אַזוי שטריינג.

— וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר א האנדעל מיט באַשעפעניסען ? — האָט איהר אָנגעקוקט רויזעל, וועלכע האָט עפּעס גלאַט געפיהלט וויא צו ריידען מיט א נייע פערזאָן. זיא האָט פאַר דער גאַנצער צייט כמעט מיט קיינעם א וואָרט ניט אויסגערעדט, פאָהרענדיג צוזאַמען מיט אַזוי פיעל מענ־שען. בעזונדער נאָך, אַז דיזער נייער מענש איז א פרוי און א אידישע פרוי.

— איהר זייט נאָך א יונגע פרוי, ווייסט איהר ניט, וואָס פאַר א שוידערליכע זאַכען עס פּאַסירען אין אונזער געזעלשאַפט. מען כאַפּט מעד־כען, מען פיהרט זיי אַוועק און מען פערקויפט זיי צו שאַנדע, אין דיא שענדליכע הייזער...

רויזעל האָט געוואָלט נאָך וואָס פרעגען, אָבער דאַ האָט זיא געזעהען, וויא דער אינספּעקטאָר הופּט צו רובּיניק׳ען, שטעלט איהם א פראַגע. רובּיניק הויבּט איהר אַן צו ווינקען, זיא זאָל צוגעהן. זיא איז צוגעגאַנגען. מען האָט איהר קיינע פראַגען ניט געשטעלט, און מען האָט זיי דערלאַנגט דריי קאַר־טעס, פאַר מאַשקאַ׳ן שוין אויך.

רובּיניק האָט זיא א נעהם געטהאָן געארעמט און האָט פרעהליך א זאָג געטהאָן :

— היינט וועלען זיי מיך דאָס צופלאָנטערן אין פראַגען. געטראָפען דעם אָרט.

— וואָס האָבען זיי געוואָלט ? — האָט רויזעל אַ פרעג געטהאָן.

— זיי האָבען געוואָלט איך אָבלאָזען און מיך פערהאַלטען.

— פאַר וואָס ?

— ווייל זיי ווילען, איך זאָל זיי ווייזען, אויב איך האָב געדיענט ביי ניקאָלאַיען אַלס סאָלדאַט, און צו בין איך ניט קיין אַנטלאָפענער סאָלדאַט.

— און מיר האָט דיא פרוי געזאָגט, אַז זיי זיינען דאָס אַזוי שטריינג איבער דעם, וואָס מען פיהרט פערקויפען מיידלעך אין שענדליכע הייזער. איך פערשטעה ניט, וויא פערקויפט מען דאָס לעבעדיגע מענשען. איך האָב דעם ערשטען מאָהל, אַז מען זאָל פערקויפען אַ לעבעדיגען מענשען.

רוביניק האָט אָנגעהויבען עפּעס אונטערצוזיינגען און האָט ניט גע־ענטפערט גלייך.

— וויא קאָן זיך אַ לעבעדיגער מענש לאָזען פערקויפען ? — האָט זיא ווייטער געפרעגט, פיהלענדיג עפּעס וויא צו ריידען וועגען דעם.

— איך וויים זעהר וויא? וואָס פרעגסטו מיך? פרעג זיי.

— וועמען זיי ?

— דיא מיידלעך, וואָס לאָזען זיך פערקויפען.

— איך גלויב דאָס ניט. דאָס קאָן ניט זיין.

— אפשר קאָן יא זיין און אפשר קאָן ניט זיין — האָט ער געענטפערט וויא ניט זיין זאַך — וואָס איז דאָס מיין באָבעס דאגה ?

— דאָס איז דאָך אָבער אַ שרעקליכע זאַך !

— וואָס־זשע ווילסטו, מיין לעבען, איך זאָל זיך זעצען וויינען? — האָט ער איהר וויך און וויא פול מיט ליעבע געזאָגט — איך בין גערן וואָס מיר געהען שוין באַלד אַראָב פון שיף, און ווייטער כאַפּט זיי דער טייפעל. וואָס איז דאָס אונזער דאגה ?

— איהר זייט דאָך אָבער אַ געניטער מענש, וועלכער איז זיך אַזוי פיעל אָנגעפאָהרען, מעגט איהר דאָך מיר זאָגען — איז צו איהם צוגעשטאַנען רויזעל אויס נייגיעריגקייט, וויא יעדע נאַאיווע מיידעל איז נייגיעריג ווען זיא הערט עפּעס אַזעלכעס, ווייל פאַר דער נאַאיווער פרוזאָן איז דאָס ניט נור אַן אונמענשליכע, שוידערליכע רציחה, נאָר עפּעס אַזאַ אונמעגליכע זאַך, וועלכע מען קען זיך ניט פאָרשטעלען, און זיי זיינען נייגיעריג צו הערען וועגען דעם וויא וועגען יעדען אונמענשליך קרימינעלען פערברעכען, וועלכער שרעקט דיא פאַנטאַזיע פון׳ם אונשולדיגען מענשען.

— פאַר וואָס זאָגסטו מיר אָלץ „איהר", ווען איך זאָג דיר „דוא" ?

— האָט רוביניק געוואָלט אָבווענדען דעם געשפּרעך אין אַן אנדער ריכטונג

— איך האָב געמיינט, אַז איך בין זיכער מיט דיין ליעבע.

— איך וויים ניט, איך קען ניט — האָט זיא זיך פערענטפערט — איך קען אַ פרעמדען מענשען ניט זאָגען „דוא".

— בין איך דיר דען א פרעמדער? — האָט ער א פרעג געטהאָן — האָב איך נאָך ניט פערדיענט צו זיין דיינער אן אייגענער?

— איך ווייס ניט — האָט זיא ניט געוואוסט מעהר וויא צו פער־ענטפערען זיך.

ווען זיא וואָלט איהם געקענט ארויסזאגען אין ווערטער וואס זיא פיהלט איצט, וואלט זיא איהם ערקלעהרט, אז עפּעס אן אונבעשטימטער שרעק האָט זיא אָנגעכאפּט און האָט איהר געמאכט אזוי שווער דאָס הארץ, אז זיא האָט געפיהלט וויא צו וויינען.

— איך ווייס ניט וואו מיר זיינען אין דער וועלט, וואוהין מיר פאָה־רען — האָט זיא פּלוצלונג געענטפערט — איך וואלט שוין אזוי וועלען שי־קען א בריעף דער מאמען. איך מיין, ערהאלטען א בריעף פון דער מאמען. גאָט ווייסט, וויפיעל עס וועט דויערען ביז וואַנען איך וועל קריעגען א בריעף. און איך וואָלט שוין וועלען וויסען וועגען אזוי פיעל זאכען.

זאָגענדיג „וועגען אזוי פיעל זאכען" האָט רויזעל געמיינט וועגען זרחי'ן, וואס זיא האָט זיך אָנגעפרעגט אין א בריעף צו דער מאמען נאָך איי־דער זיי זיינען אריבער דעם גרעניץ.

— וויא מיר וועלען קומען קיין ניי־לאָנדאָן וועט איהר דאָך שוין לאַנג האָבען א בריעף פון דער היים.

— אלס אן ענטפער אויף מיינע בריעף שוין.

— אלס אן ענטפער אפילו אויף אייער בריעף פון גרענעץ. געדענקט איהר, ווען איהר האָט מיר געגעבען אָבצושיקען דעם בריעף?

און איצט ערשט האָט זיך רויזעל דערמאָהנט, אז דעם אדרעס וועל־בען רובּיניק האָט איהר געגעבען, אָנווייזענדיג וואוהין דיא מאמע זאל אדרע־סירען איהרע בריעף, איז געוועזען פּשוט „לאָנדאָן" און קיין „ניי לאָנדאָן". קיין „ניו־לאָנדאָן" האָט זיא ניט געשריעבען.

דאָס איז, דוכט זיך, א קלייניגקייט, אָבער איהר איז דאָס איצט ערשט ארויפגעקומען אלס א גרויסע פראגע:

— אָי, איך דערמאָהן זיך, אז איהר האָט מיר געגעבען דעם אדרעס „לאָנדאָן — ענגלאַנד". איז דאָך דאָס יענער לאָנדאָן, וואס איך האָב געמיינט פריהער — האָט זיא איהם אָנגעקוקט, וויא איהר וואָלט טרעפען א גרויסער אונגליק. פאר איהר איז נעמליך פארגעקומען אלס אן אונגליק, וואס איבער א טעות אין אדרעס וועט די מאמע'ס בריעף איהר ניט אָנקומען.

— איך האָב דיר געגעבען דעם ריכטיגען אדרעס — האָט ער געענט־פערט, און זיא האָט געזעהען, אז ער זוכט עפּעס וויא צו ערקלעהרען דאָס, ניט געבענדיג איהר קיין גלייכע ערקלעהרונג. ער האָט געמיינט, אז ער וועט ווייטער קענען אָבווענדען איהרע געדאנקען אין אן אנדער ריכטונג. אָבער עס האָט זיך ניט איינגעגעבען איהם.

— וויא וועט מיר אָבער אָנקומען א בריעף, אז עס איז דאָך גאָר

אן אנדער לאָנדאָן. יענער לאָנדאָן איז דאָך גאָר אין ענגלאַנד, און דער לאָנ־
דאָן האָט דאָך דיא פרוי געזאגט, אז עס איז גאר אין אמעריקא.

רוביניק האָט געזוכט איצט צו פּלאָנטערען, ווארום ער האָט ניט גע־
פונען קיין גלייכע ערקלעהרונג.

— נו, וואס נעהמסטו זיך אזוי דעם לעבען. דער לאָנדאָן, יענער לאָנ־
דאָן. מיר וועלען קומען, וועסטו שוין זעהען, אז דו ביזט דאָך נאָך אלץ דיע־
זעלבע קליינשטעדטעלדיגע, וואס איז קיין מאָל אויף דער וויסער וועלט ניט
ארויסגעפאהרען.

— פרעג איך דאָך.

— נו, ענטפער איך דאָך דיר: זאג מיר וואו איז ענגלאנד? וואו
איז אמעריקא? וואו זיינען מיר איצט?

— אין קוויבעק — האָט זיא געענטפערט מיט זיכערהייט.

— און וואו איז קוויבעק?

— אין קאַנאַדאַ — האָט איהר דאָך מיר געזאגט.

— און וואו איז קאַנאַדאַ?

רויזעל איז געבליעבען שטעהן, האט אויסגעשטעלט אויף איהם א
פּאָאר אויגען, וויא זיא וואלט ניט אויסגעהאלטען אָן עקזאמען.

— נו, הײנט, וואָס דרעהסטו מיר א ספּאָדעק וועגען זאכען, אז דו
ווייסט ניט וואָס, ווער, וועמען?

רויזעל האָט אליין ניט בעמערקט וויא ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען
מיט איהר אין אזא פאַמיליארען טאָן, וויא זיא וואלט טאַקע געווען זיינע
א פרוי שוין פון לאנג, און אויב ער שרייט אויף איהר ניט, קומט עס אויס
עפּעס דערפאר, ווייל ער האלט זיא פאר א נאַרעלע וואס פארשטעהט קיין
זאך ניט און ווייל ער האָט זיא ליעב. נור פערדראָסען האָט איהר, וואס ער
מאַכט עס עפּעס אזוי אוועק וויא ניט קיין וויכטיגע זאך, וועהרענד זיא עסט
זיך דערפון אזוי אפּ דאס הארץ, און דאָס צומישט איהר מוח.

— נו, געוויס ווייס איך ניט — האָט זיא געענטפערט מיט א ברוגז־
טאָן — דערפאר וויל איך דאָך אז איהר זאָלט מיר ערקלעהרען און ניט האַל־
טען מיך אין פארבלענדעניש.

זיא וואָלט צוגעשטאַנען נאָך שטאַרקער צו איהם, נור אָט האָט זיך
געוויזען שוין לאנד; מען זעהט הייזער פון וויטען, פעלדער, בערג, און אַלע
פּאַכאַזשירען האָבען זיך ארויסגעשאָטען אויפ'ן דעק און האָבען ארומגע־
שטעלט זיך אַרום דעם ראַנד פון שיף, אָנגעלעהנט אָן דער אייזערנער פּאַ־
רענצע אז עס האָט אויסגעזעהען וויא דער גאַנצער ראַנד פון שיף וואָלט
געווען ארומגעזיימט מיט מענשען.

א רוישענדער געשפּרעך איז אָנגעגאַנגען איצט; איינע דיא צווייטע
האָבען געמאַכט ערקלעהרונגען, אָנווייזונגען, און אַלעמענס אויפמערקזאמ־

קיט איז געווען אנגעווענדעט אויף דער יבשה צו וועלכער דער שיף האט אנגעהויבען צו ווערען אלץ נעהנטער און נעהנטער.

רוביניק האט א ציה געטהאן רויזלען נעהנטער צום פארענצע, מאשקא האט נאכגעפאלגט נאך זיי, און ער האט איהר עפעס אנגעוויזען מיט'ן האנד אויף א פונקט, זאגענדיג:

— קאנסטו פון דאנען טרעפען וואס דאס איז?

— א קלויסטער — האט געענטפערט רויזעל.

דיא גאנצע סצענע פון צושטעהן צום ברעג האט אזוי פאראינטערעסירט רויזלען, אז זיא האט אויף דער ווייל פארגעסען איהר אונרוהיגע נייגעריגקייט פון א וויילע פריהער. און ווען זיא האט דערזעהען ענדליך וויא מען ציהט איבער דעם בריקעל פון שיף צום האפען־ברעג און דיא פיעל מענשען וואס שטעהען און ערווארטען געכט, האט איהר אזוי אנגענומען דיא לוסט צו זיין שוין אויך דארט אויף דער יבשה, אז אין איהר האט זיך ערוועקט א מאדנע פרייד, וויא זיא וואלט עפעס געקומען צופאהרען א היים.

איז דען ניט דער ערד־באדען יענע היים פון דעם מענשען, נאך וועלכען ער בענקט? אויב דאס איז א בעקאנטער פלאץ פאר איהם אדער גאר א פרעמדער. אלץ פיהלט ער זיך אויף דער יבשה היימישער, איידער ער פיהלט זיך אויפן וואסער.

## 7.

דאס האט אבער געדויערט ניט לאנג. זיי זיינען אראב פון שיף; רוביניק האט זיך גע'עסק'ט מיט אבנעהמען זייער באגאזש, מיט דינגען א קארעטקע, וואס זאל זיי פיהרען אין א האטעל און מיט לאנג טראכטען, וואהין אריינצופאהרען. נור וויא זיי זיינען אריינגעפאהרען אין האטעל און רוביניק האט געדונגען צוויי צימערען, וועלכע זיינען געגאנגען צוזאמען, אזוי איז איהר געווארען וויעדער שווער אויפ'ן הארצען, עפעס אזוי שווער, אז עס האט איהר ניט געלאזט רוהען.

דיא צוויי צימערען, וואס ער האט געדונגען, זיינען בעשטאנען פון איין גרויסען צימער און איין קליינעם צימערעל און אן אפענע טהיר האט געפיהרט פון איינעם אין אנדערען. מען האט שוין אריינגעטראגען דיא זאכען, און רויזעל האט ניט געצאהלט קיין בעזונדער אויפמערקזאמקייט אויף דעם, איהר איז איצט געלעגען איין זאך אין זינען: שרייבען וואס גיכער דער מאמען א בריעף. און גלייך וויא אלע זאכען זיינען אריינגעטראגען געווארען, האט זיא א זאג געטהאן רוביניק'ען:

— פאר וואס זאלען מיר בעסער ניט איינשטעהען אין א אידישען האטעל?

— וואו ווילסטו דא נעהמען א אידישען האטעל? און צו וואס דארפסטו איהם? האסט מורא צו עסען דא?

— איך האב קיין מורא ניט, איך האב דאך געגעסען אויפ'ן שיף, נו וואס איז מיר ניט אלץ איינס?

— וואָס דען־זשע ?

— איך קען קיין וואָרט ניט פארשטעהען; איך קאָן מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסרעדען; איך בין וויא א שטומע באשעפעניס: איך ווייס ניט וואָס, ווען, ווער, וועמען — האָט זיא געזאָגט עפּעס מיט א פערדרוסלי־כען טאָן, וויא זיא וואָלט זוכען צו אָנפאנגען קריגען זיך מיט איהם.

רוביניק האָט דאָ ווידער געברויכט זיינע ווייכע ריידעלעך, האָט מיט א בעזונדער צערטליכקייט געזאָגט:

— נו, בין איך דאָך דאָ!

— דאַרף איך יעדע קליינינקייט פרעגען ביי אייך און וואָס איך דאַרף מוז איך אָנקומען צו אייך — אפילו א בריעף אוועקשיקען, וויא איך וואָלט געוועהן אָהן העגד און אָהן פיס. איך וויל שרייבען דער מאַמען א בריעף — איך מוז איהר דאָך גלייך שרייבען, דאָס איז ביי מיר דיא ערשטע זאַך ווייס איך אפילו ניט וויא צו פרעגען אויף טינט און פעדער.

— דאַרף מען דאָס אַזוי אויפגערעגט זיין! איך הייס גלייך אריינ־ברייגגען טינט און פעדער און פּאַפּיער, און דו קאָנסט זיך שוין זעצען שריי־בען. נור ניט בייזערען זיך, מיין ליעבכען — האָט ער איהר געזאָגט וועלענ־דיג איינקויפען זיך אין לאַסקע, מיט א זיכען שמייכעל.

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זיא אַרומגענומען, געוואָלט צו־ציהען צו זיך און א קוש טהאָן פאר מאַשקאַ'ן אין דיא אויגען, וועלכע איז געשטאַנען דערביי און וועלכע האָט זיך מיט א כיון אָבגעקעהרט צו מאַכען זיך וויא זיא זעהט ניט.

— נור ניט בייז, מיין ליעבינקע! — האָט ער ווידערהאָלט.

— הערט אויף! — האָט זיא איהם לייכט אָפּגעשטויסען.

— נו, א קוש אין בעקעלע! — האָט ער זיא ווייטער אָנגעהויבען אַרומצונעהמען — און זאָג מיר שוין אַמאָהל דוא.

מאַשקאַ האָט איצט אויפגעהויבען איהרע אויגען און האָט אויף זיי א קוק געטהאָן, און דיזער קוק האָט עפּעס רויזלען נאָך מעהר אויפגעקאָכט און זיא האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט א געשריי:

— טרעט אָב פון מיר! וואָס זייט איהר מיר פאר א „דוא"! לאָזט מיך לעבען און טשעפּעט זיך אָב פון מיר.

רוביניק האָט אָבער ניט געוואָלט אָבטרעטען און האָט אפּנים ניט געוואָלט אַז אַזא בעציהונג זאָל זיין צווישען זיי, עפּעס וויא ער וואָלט ווי־דער געוואָלט פערגיטיגען זיא און געווינען איהר פערטרויען.

— עי, עי, עי, ליעבינקע! — האָט ער זיא געוואָלט א גלעט טהאָן איבער'ן קאָפּ — דאָס טויג שוין גאָר ניט. איך ליעב דיך אַלץ שטאַרקער און דו רייצסט זיך נור מיט מיר.

אָבער ער האָט אַלץ ניט געטראָפען. זיא האָט איהם שוין איצט אָב־געשטויכען פון זיך מיט כעס, גאַנץ איינפאַך און שטאַרק, ניט אַרויסריידענ־

דיג דערביי קיין וואָרט. ער האָט געזעהען, אַז זיא איז אויפגעבראכט, אַז עס קאָכט עפּעס אין איהר און ער האָט עס ניט געוואָלט אַזוי אוועקלאָזען. איהם האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַלץ איבער דעם וואָס מאַשקאַ איז דאָ דער־ביי. ער האָט אַ קעהר געטהאָן זיך און האָט אַ קריץ געטהאָן מיט דיא צייהן און זיין פּנים האָט אָנגענומען דעם אויסדרוק פון רציחה, וואָס רויזעל האָט ניט געזעהען, אַזוי וויא זיא האָט ניט געקוקט איצט אין זיין זייט.

— מאַשקאַ! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן מיט אַ קאָמאַנדאַ־טאָן — טראָג אריין דיינע זאכען אין דיין צימער.

רויזעל האָט זיך איצט אַ קעהר געטהאָן און האָט איהם אָנגעקוקט מיט קרענקונג. מאַשקאַ האָט גענומען איהרע זאכען און האָט שוין אָנגע־הויבען טראָגען אין דעם קליינעם צימער, וואוהין רוביניק האָט איהר אָנגע־וויעזען.

— וואָס הייסט איהר עפּעס פאַרנעהמען יענעם צימער?

— וויא דען? מיר וועלען זיין דאָ און זיא דאָרטען! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן וויא אַ מין זאַך, וועלכע איז זעלבסט־פערשטענדליך.

— גאר אַ נייעס! — האָט רויזעל געזאָגט — איך וויל ניט.

— רויזעל! — האָט ער זיך אָבגערופען מיט אַ פאַרוואורף — דו רייצסט זיך מיט מיר.

דאָס האָט נאָך אָבער איהר מעהר אויפגערעגט:

— איך בין אייך ניט קיין רויזעל, בין ניט אייער געליעבטע און איך רייץ זיך ניט מיט אייך, און איך וויל ניט זיין מיט אייך אין איין צימער. וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ נייעס? איך שלאָף דאָך אַלע מאָל מיט מאַשקאַ'ן אין איין צימער און איהר אין אַן אנדערען.

— וואָס איז, דו האָסט פאַר איהר מורא, זיא זאָל ניט דערצעהלען מאקס'ען? — האָט ער אַ לאַך געטהאָן.

— איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט און איך וויל ניט. וואָס האָט איהר זיך צוגעזעצט? וואָס ווילט איהר פון מיר? וואוהין האָט איהר מיך פערפיהרט? — האָט זיא זיך שוין צוואוויינט וויא אַ קאַפּריזנע קינד.

רוביניק האָט אויף איהר בייז אַ קוק געטהאָן, האָט ניט גערעדט קיין וואָרט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

רויזעל איז געבליעבען שטעהן נאָכדעם וויא ער איז ארויסגעגאנגען און איהר האָט שוין פערדראָסען אויף זיך: צו איז זיא ניט אונגערעכט, צו האָט זיא איהם ניט צו־שטאַרק בעליידיגט? אָבער וויא דיא פערדרוס געגען זיך גופא וואָלט זיא נאָך מעהר אויפגערעגט, און זיא האָט זיך בשום אופן עפּעס ניט געקאָנט בערוהיגען; עפּעס האָט געקאָכט אין איהר, און זיא האָט געמוזט צו וועמען ניט איז אויסלאָזען דעם כעס.

זיא האָט דערהערט וויא מאַשקאַ לעגט דאָרט אוועק דיא זאכען אין צווייטען צימער, און דאָס האָט נאָך שטאַרקער געווירקט אויפצורעגען איהרע

גערוועו. זיא איז צוגעגאנגגען צו דער טהיר פון צווייטען צימער און האט מיט א בעהעהלענדען טאן און מיט כעס א זאג געטהאן:

— יענער צימער וועט זיין פאר איהם. מיר וועלעןביידע זיין דא.

מאשקא האט זיא אנגעקוקט, זאגענדיג אויך מיט פערדרוס:

— וואס וויים איך?

— אז איך זאג דיר, דארפסטו וויסען. איך זאג דיר.

— וואס שרייט איהר אויף מיר? — האט מאשקא מיט דעם זעלבען פערדריסליכען טאן געזאגט — ער הייסט מיר אזוי און איהר הייסט מיר אזוי, דארפט איהר דאס א י ה ם זאגען.

— און אז איך זאג דיר איז ווייניג?

— דערנאך וועט ער אויף מיר שרייען — האט שוין מאשקא געענטפערט מיט א וויינענדיגער שטימע, וואס האט רויזלען נאך מעהר אויפגעבראכט.

— וואס זשע האסטו זיך צואווינט? איך גלויב, אז איך בין דיין בעל־הבית'טע און מעג דיר זאגען וואס און וויא צו טהאן.

— פון וואנען זאל איך וויסען, ווער מיין בעל־הבית איז?

— מאשקא! — איז רויזלען אויפגעפאלען איצט א פרעג צו טהאן, אריינגעהענדיג צו איהר אין צווייטען צימער און שטעלענדיג זיך אזוי נאהענט לעבען איהר, אזוי וויא זיא וואלט איהר וועלען פערשפארען דעם וועג — דו מוזט מיר זאגען דעם אמת.

— וואס זאל איך אייך זאגען? — האט מאשקא זיך געפרואווט אבקעהרען — איך וויים ניט וואס צו זאגען.

פון וואנען האט זיך ביי רויזלען גענומען דער מוטה; זיא האט אנגענומען מאשקא'ן פאר דער האנד, האט זיא א ציה געטהאן צו זיך און האט מיט אויגען פול האס און צארן א זאג געטהאן:

— זאג מיר דעם אמת!

— איך וויים ניט, וואס איהר ווילט פון מיר!

— פאר וואס זשע קעהרסטו זיך אב און קאנסט מיר גלייך אין דיא אויגען ניט קוקען?

— וואס איז ער דען אייערער? — האט מאשקא פרעך אויף איהר א קוק געטהאן און האט ווייטער אבגעקעהרט זיך — איהר האט דאך א מאן!

— נו, איצט פארשטעה איך! — האט רויזעל געענטפערט, וויא זיא וואלט זיך רייסען מיט א קאנקורענטין איבער רוביניק'ס ליעבע — איצט פארשטעה איך שוין אלעס. דו לעבסט מיט איהם דיא גאנצע צייט.

מאשקא האט אראבגעלאזען דעם קאפ און האט אויפגעהערט צו וויינען.

— דו שווייגסט? דאס איז א סימן, אז איך האב געטראפען. זיי זיך בעסער מודה, ווארום אז ניט זאג איך דיר אב פון פלאץ און טרייב דיך גלייך

ארויס פון דאַנען. עס איז ניט דיין זאַך צו איך האָב אַ מאַן צו ניט, איך וויל וויסען צו דו ביזט אַן עהרליך מיידעל אָדער אַ צולאָזענע?

און רויזעל׳ס פּנים האָט זיך איצט באַדעקט מיט אַ געדיכטע רויט־קייט פון איהרע אייגענע ווערטער. זיא האָט ערשט איצט אינסטינקטיוו דער־פיהלט, אַז זיא האָט קיין רעכט ניט מאַשקאַ׳ן צו מאַכען פאַרווירפע. זיא האָט דערפיהלט, אַזוי וויא זיא אַליין וואָלט אויך געווען אונעהרליך, אָבוואָהל זיא האָט נאָך קיין טהאַטזאַכליכע זינד ניט בעגאַנגען מיט איהם.

זיא האָט זיך אַליין פאַרוואורף געמאַכט, וויא זיא וואָלט זיך אַליין זאָגען: „איך האָב דאָס פערדיענט", און אין דער זעלבער צייט איז אַלץ געוואַקסען איהר כעס געגען מאַשקאַ׳ן — עפּעס אקוראַט וויא מאַשקאַ וואָלט געווען דיא אורזאַכע וואָס איהר איז עפּעס אַזוי שלעכט געוואָרען פּלוצלונג, אָבוואָהל זיא האָט נאָך אין דיעזער מינוט גאָר ניט פאַרדעכטיגט, אַז זיא איז אריינגעפאַלען אין אַ נעץ.

— פערצייהעט מיר, איך בין שולדיג — האָט געבאַפּט מאַשקאַ קור־שען איהרע הענד — איך האָב איהם ליעב בעקומען, אַזוי ליעב בעקומען, אַז וואָס ער זאָל מיר ניט זאָגען, וואָלט איך געטהאָן.

— און ער לעבט מיט דיר — האָט רויזעל געפרעגט שוין רחמנות האָבענדיג אויף דער אונגליקליכער מאַשקאַ — און ער לעבט מיט דיר דיא גאַנצע צייט?

מאַשקאַ האָט געשוויגען און האָט נור געוויינט, וואָס עס איז געווען פאַר רויזלען אַ קלאָהרער סימן, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע. זיא האָט געוואָלט איצט שטעלען וויטערע פראַגען מאַשקאַ׳ן אָבער אין דער מינוט איז אריינ־געקומען רוביניק, טראָגענדיג טינט, פעדער, פּאַפּיער און קאָנווערטען, און נאָך איידער ער האָט געזעהען, וואָס דאָ טהוט זיך, האָט ער אַ זאָג געטהאָן מיט זיין וויכער, פריינדליכער שטימע:

— נו, אָט איז טינט און פּאַפּיער, און עס איז ניט ווערטה אָבצו־עסען זיך דאָס האַרץ; מען נעהמט גלייך און מען שרייבט אָן דער מאַמען אַ האַרציגען בריעף און מען פערשפּאָרט צו וויינען.

רויזעל האָט ניט געענטפערט, איז אָבגעגאַנגען פון מאַשקאַן, איז צוגעגאַנגען צום טיש און געוואָלט אָנהויבען שרייבען. אָבער איהר קאָפּ האָט זיך אַזוי געמישט, אַז זיא איז ניט געווען אימשטאַנד צו שרייבען.

רוביניק האָט זיך דערנאָך ארומגעקוקט און האָט גלייך דערזעהען, אַז דאָ איז וואָס פאָרגעקומען. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט זעהענדיג און איז ארויס.

אַ היבשע ווײַלע איז רויזעל געזעסען דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנד, וועלכע איז געווען אָנגעלעהנט מיט׳ן עלענבויגען אויפ׳ן טיש און אין איהר קאָפּ איז געווען אַ טומעל. זיא האָט זיך פּלוצלונג דערשראָקען,

דערהערענדיג לעבען זיך מאשקא'ן כליפען. זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהען דיא יונגע פויערטעלע, א פארוויינטע.

— ששש — האט זיא איהר געווינקט אנצייגענדיג אויף דער טיהר.

אבער מאשקא האט ניט פערשטאנען וואס זיא מיינט און האט א פרעג געטאהן:

— וואס זאל איך איצט טאהן?

— ששש... — האט זיא איהר ווידער אנגעוויזען אויף דער טהיר — ששש... זיץ דארט. אפשר הערט ער...

מאשקא האט זיך אוועקגעזעצט, רויזעל האט אנגעהויבען שרייבען און איז געווען אין איין קריינקונג, וואס איהר געלינגט ניט אויסצושרייבען קלאר וואס זיא וויל. זיא האט געשריבען און געשריבען און אויסגעגאסען אזוי פיעל הארציגקייט. אבער האט זיך ניט בעקלאגט אויף איהר לאגע, נור אזוי אן אויסגוס פון בייגקשאפט, וואס דער שיקזאל האט זיא פאר־טראגען אזוי ווייט אין א נייער מדינה, צווישען נייע מענשען און איז אבגע־טהיילט מיט א גרויסען ים פון איהרע אייגענע, פון איהר היים, פון איהר ליעבע מוטער. דאס איז געווען סענטימענטאלע מליצה אויף אידיש דורכגע־פלאכטען מיט הויכע דייטשע ווערטער.

זיא האט זיך אויך פערברייט שטארק וועגען דעם וואס זיא האט אי־בערגעפיהלט, ווען זיא האט דערזעהען אין וויטעבסקי איהר אלטען פריינד זרחי אין ארעסטאנטסקע קליידער. זיא האט שוין אין דיא פריהערדיגע בריעף וועגען דעם געשריעבען, נור איצט ווידער אמאל.

„און ווען מיר וועלען זיך זעהען, ליעבע מוטער מיינע, גאט אין הימעל ווייס, ווארום איך בין נאך אלץ ניט ביי מיין ליעבען געמאהל, ווענמען דער גרויזאמער שיקזאל האט פון מיר ענטריסען און מיר איז אויף מיין הארצען אזוי שווער און זא וואס האט נאך קיין מענש ניט איבערגעלעבט. אבער זאג־באלד איך קום צו איהם, ווערדען מיר נאך דיר שיקען און מיר וועלען ביי־זאמען גליקליך זיין. האב נור ניט קיין שמערץ, ליעבע מוטער, ווארום מיך פעהלט גארנישט, נור דיך צו זעהען, וויא עס ווינשט פון טיעפען הערצען דיין דיך ליעבענדע טאכטער —רויזעל.“

לאנג האט איהר געדויערט ביז זיא האט דעם בריעף געענדיגט און זיא האט זיך עפעס אלץ ניט געקענט בעשליסען אריינצולעגען איהם אין קאנווערט. זיא האט געפיהלט אז זיא האט ניט ארויסגעזאגט אלעס — איהר הארץ גופא וואלט זיא דוכט זיך געוואלט אריינלעגען אין בריעף און אוועק־שיקען דער מאמען. אבער דאך האט זיא דערפיהלט איצט פיעל לייכטער נאך דעם וויא זיא האט נאך אמאל און נאך אמאל איבערגעלעזען וואס זיא האט אנגעשריעבען.

און אין דער מינוט איז אריינגעקומען רובינין. זיא האט געמיינט, אז ער וועט צוגעהן און וועט עפעס ריידען פריהער צו מאשקא'ן. אבער ער

האָט עס ניט געטאָהן וויא ער וואָלט גאָר ניט בעמערקען מאַשקאַ'ן, וועלכע איז געזעסען אויף אַ שטוהל און האָט סתם געקוקט, ניט ווִיסענדיג וואָס צו טאָהן און מורא האָבענדיג צו ריהרען זיך פון אָרט, טאָמער וועט עס ניט געפעלען זיין איהר אָדער רוביניקען.

— מיר וועלען אפשר געהן עסען? — האָט ער אַ פרעג געטאָהן.

— פון מיינטוועגען לאָמיר געהן עסען — האָט זיא געענטפערט — נור שרייבט מיר אויף דעם ריכטיגען אַדרעס צו מאַקסען. מען האָט דאָך איהם געדארפט שיקען אַ טעלעגראַמע.

— איך האָב שוין געשיקט — האָט ער געענטפערט, ניט וועלענדיג זיא זאָל פערדעכטיגען עפּעס און זאָל זיך שטעלען דיא פראַגע, וויא קומט עס, אַז ער האָט גלייך ניט אַ טראַכט געטאָהן וועגען אַ דעפּעשע שיקען מאַקסען.

— איהר האָט געשיקט? וויא קומט עס, אַז איהר האָט געשיקט מיר גאָר ניט זאָגענדיג? איך גלויב, אַז איך האָב עפּעס אויך דערמיט צו טאָהן.

— אזוי גוט וויא געשיקט! — האָט ער געענטפערט מיט אַ געשעפּטליכען טאָן.

— הייסט עס, אַז איהר האָט ניט געשיקט.

רוביניק איז צוגעגאַנגען און האָט אָנגעשריבען אַן אַדרעס, אין וועלכען רויזעל האָט געזעהען דיא ווערטער: „מר. מאַקס קאַרץ, נעוו־לאָנדאָן, אַמעריקאַ". דיא איבעריגע פּאָאר ווערטער האָט זיא ניט פערשטאַנען און עס האָט איהר ניט געקימערט. זיא האָט נאָר קרומלאָך אַ קוק געטאָהן אויף רוביניקען, האָט דעם אַדרעס אריינגעלייגט אין איהר מוטערס בריעף און האָט גענומען פערזיגלען, זאָגענדיג:

— איך קאָן גאָר ניט אָנהויבען צו פערשטעהן.

— וואָס קענט איהר ניט פערשטעהן, און וואָס קוקט איהר אויף מיר קרום, ווי איך וואָלט אייך אַראָפּגעפיהרט פון מארק? — האָט רוביניק איהר געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ טיעף בעליידיגטען מענשען, וועלכער טהוט זיין בעסטעס און דאָס איז נאָך אַלץ ניט אָנגעלייגט.

— איך וויל פריהער אָבשיקען דעם בריעף—האָט רויזעל געזאָגט— איהר וועט דאָך מיר פון דעסטוועגען טאָהן די טובה און אָבשיקען דעם בריעף?

— גיט אהער.

ער האָט גענומען דעם בריעף, אויף וועלכען זיא האָט אויפגעשריעבען איהר מאַמעס אַדרעס, און ער האָט איהם אריינגעלייגט אין קעשענע, זאָגענדיג:

— מיר וועלען געהן עסען, וועלען מיר זיך נאָכפרעגען, וואו אַ פּאָסט אָפיס איז, וועלען מיר קויפען מאַרקעס און וועלען אָבשיקען דעם בריעף.

— גוט — האָט זיא געענטפערט און האָט גענומען אַנטאָהן איהר היטעלע.

— מאַך זיך צורעכט, מאַשקאַ — האָט ער מיט אַ גיפטיג־בייזען קוק אַ זאָג געטאָהן מאַשקאַ'ן — מיר וועלען געהן אין אַ רעסטאָראַן עסען.

זיי זיינען אַלע ארויסגעגאַנגען. מאַשקאַ איז נאָכגעגאַנגען הינטער זיי ביידען וויא אַ פעראורטהיילטע, וויא אַ פערשולדיגטע, וועלכע ריכט זיך, אַז זיא וועט דאַרפען אָבקומען איהר שטראָף.

— וואָס האָט איהר צו מיר? — האָט ער געפרעגט רויזלען מיט אַ טאָן פון אַ בעליידיגטער ליעבע — האָט איהר אַליין ניט איינגעשטימט מיר זאָלען זיך אָבשטעלען דאָ? איך האָב אייך געגלויבט, אַז איהר פיהלט אויך דאָס וואָס איך, אַז איהר...

— אַך, הערט אויף! איהר האָט מיך איינגעשמועסט און איך בין געווען אַ נאַר און האט זיך געלאָזען איינרייידען. איך וויים, אַ זאיך האב דאָס ניט געדאַרפט טאָהן און איך רייס זיך טאַקע דיא האָאר פון קאָפּ, פאַר וואָס איך האָב דאָס געטאָהן. נור איצט איז שוין פערפאַלען.

— געוויס איז שוין פערפאַלען. איהר האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איהר וועט דאָ זיין מיינע, און איך האָף, אַז איך קאָן צו אייך ווידער זאָגען „דו“.

— אָי, זייט איהר אַן אַקטיאָר, קאָנט איהר דאָס שפּיעלען אַ ראָליע!

רוביניק האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען פון אַ שמייכעל. ער האָט אימער ליעב געהאַט צו הערען אַזאַ קאָמפּלימענט וועגען זיך, אַז ער איז אַ פעהיגער אַקטיאָר.

— וואָס איז, איהר גלויבט מיר ניט, אַז איך ליעב אייך?

— ניין, איך גלויב אייך ניט, וויל ניט איהר זאָלט מיר זאָגען „דו“ און איך דאַרף ניט דיא ליעבע פון אַזאַ מענשען.

— פאַר וואָס? וויל מאַשקאַ האָט אייך דערצעהלט מעשות?

— טפו! — האָט רויזעל אַ שפּיי געטאָהן פון כעס — איך וויל מיט אייך וועגען דעם ניט ריידען.

— אַזוי, אַזוי? אַזאַ פרומע צדקניות זייט איהר דאָס? — האָט שוין רוביניק געביטען זיין טאָן — און פון דעסטוועגען האָט איהר איינגע־שטימט מיט מיר דאָ אָבצושטעלען זיך, אַז אייער מאַן זאָל ניט וויסען, און ווען איך וואָלט נאָר וועלען איז וויא ווייט וואָלט עס געהאַלטען איהר זאָלט זיין מיינע, נאָך אויפ'ן שיף?

איהרע אויגען האָבען איצט אַזאַ פינקעל געטאָהן, וויא זיא וואָלט איהם קאַפּאַבעל זיין צו דערשטעכען, ווען זיא וואָלט קאָנען.

— איז פאָלגט מיך און מאַכט זיך בעסער ניט נאַריש. דיזעלבע זאַך, נאָר איהר וועט נאָך מעהר הנאה האָבען.

רויזעל האָט אָנגעהויבען לויפען פאָראויס, וויא זיא וואָלט געווען אַן אונטערגעשאָסענע.

— וואָס האָסטו איהר דערצעהלט פאר א מעשות! — האָט זיך איצט רוביניק א קעהר געטאָהן וויטהענד צו מאַשקאַ'ן.

— זיא איז צו מיר צוגעשטאַנען און איך האָב ניט געהאט וואָס צו ענטפערען. איך האב דאָך געמיינט... וואס ווייס איך? — האָט מאַשקאַ ניט געפונען קיין ווערטער וויא צו פאַרענטפערען זיך.

— האָסט איהר דערצעהלט וועגען אָפּיצער אויפ'ן שיף?

— ניין! ניין! זאָל מיך גאָט אויסהיטען!

— זאָל מיך גאָט אויסהיטען! זאָל מיך גאָט אויסהיטען! — האָט ער איבערגעקרימט איהר רייד — אזוי ליעבסטו דאָס מיך! געהסט און דערצעהלסט איהר אזעלכע געשיכטעס, וואָס דארף זיין בלויז אונזער גע־היימניס.

— אז איהר זייט שלעכט צו מיר! — האט זי דמאַשקאַ אַנגעבלאָ־זען — איהר ליעבט זיא און ניט מיך. און איך ליעב אייך און מעהר קיינעם אין דער וועלט ניט. איך וואָלט צום אָפּיצער ניט געהן, ווען איהר וואָלט מיר ניט הייסען.

— און איך הייס דיר ניט דערצעהלען איהר קיין זאַך.

— איך דערצעהל ניט. פאר וואָס ליעבט איהר זיא אבער מעהר פון מיר. איך בין דאָך אייערע און זיא האָט דאָך א מאַן.

— דו ביסט א נאַר, מאַשקאַ! און איך האָב געמיינט, דוא ביסט א קלוגע.

— זאָגט מיר וויא איך זאָל טאָהן, וועל איך פאָלגען.

אין דעם מאָמענט האָט זיך רויזעל אָבגעשטעלט, זעהענדיג פאַר זיך צוויי נאַסען, איינע רעכטס, איינע לינקס, און ניט וויסענדיג וואוהין צו געהן, ווען רוביניק מיט מאַשקאַ'ן זיינען צוגעקומען צו איהר.

— איהר האָט דאָך געוואָלט צוערשט אָבשיקען דעם בריעף — האָט ער איהר א זאָג געטאָהן — קומט, וועלען מיר צוגעהען צו דער פּאָסט און קויפען מאַרקעס, וואָס פריהער דער בריעף וועט אוועקגעהען, אלץ שנעלער וועט ער האָך אַנקומען און איהר וועט דאָס שנעלער בעקומען אַן ענטפער.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך ווידער געוועלט איינקויפען אין לאַסקע ביי איהר און טהיילוויז האָט ער דערמיט טאַקע געשטילט איהר צאָרען. ער איז צוגעגאַנגען צו א פּאָליציסט און האָט מיט איהם עפּעס גע־רעדט א ווײַלע, וואָס זיא האָט ניט פערשטאַנען.

— קומט, איצט ווייס איך שוין. דיא פּאָסט איז ניט ווייט פון דאַנען.

זיא איז געגאַנגען ניט רײַדענדיג. אין פּאָסט זיינען זיי אַלע אריין און זיא האָט געזעהען וויא ער האָט געקויפט מאַרקעס, וויא ער האָט ארוים־

גענומען א פּאָאר בריעף פון בוזים־קעשינע, האָט צוגעקלעפּט מאַרקעס און האָט אריינגעוואָרפען דיא בריעף אין פּאָסט־קאַסטען.

— נו, זייט איהר שוין צופריעדען? — האָט ער איהר א פרעג געטאָהן.

— א ברירה האָב איך צופריעדען צו זיין. נור א דאנק אייך פאַר דער מיה צו בעזאָרגען מיינע בריעף.

— נו, וויא איהר פאַרשטעהט. אָט איז שוין א רעסטאָראַן — האָט ער א זאָג געטאָהן — לאָמיר אריינגעהן עסען. וויא עס זאָל ניט זיין, עסען דארף מען דאָך.

זיי זיינען אריין. רובינזאָק האָט געהייסען דערלאַנגען עסען. אין מיטען עסען האָט זיא איהם רוהיג און ערנסט א פרעג געטאָהן:

— איהר האָט מאַקסען ניט געשיקט קיין טעלעגראַמע?

— ניין. נור איך האָב אייך געענטפערט פריהער, אז גלייך וויא געשיקט, וויל איך האָב אנדערש געמיינט. איך האָב געמיינט, אז מיר וועלען דאָ פערברייניגען א פּאָאר טעג און אז עס וואָלט דאן ניט לוינען איהם צו טעלעגראַפירען. איך האָב געמיינט, אז עס וועט בעסער זיין, אז ער זאָל גאָר ניט וויסען, אז מיר האָבען זיך דאָ אָבגעשטעלט און פערבראכט. איך מיין פאַר אייך בעסער זיין, ווייל איך קאָן אייער מאַן זעהר גוט, און עס איז בעסער ניט אויסצוזאָגען.

— ניין, עס מאַכט ניט אויס, טעלעגראַפירט איהם, און זאָל ער טאַקע וויסען. איך וויל, אז ער זאָל וויסען.

— איהר ווילט מיך, הייסט עס פער'מסר'ן פאַר איהם?

— ניין, דאָס קלעהר איך גאָרניט. נור איך אליין וויל פון איהם בעטען ענטשולדיגונג.

— וואָס איך האָב אייך געקושט און געשפּיעלט זיך מיט אייך? זיא איז רויט געוואָרען.

— זאָל זיין שוין גענוג אייך, הערט איהר! — האָט זיא א לייג געטאָהן בייז דאָס לעפעל אויפ'ן טיש און האָט אויפגעהערט עסען.

— וואָס ווערט איהר אן אנגעצונדענע? — האָט ער מיט פאַרוואָרף איהר געזאָגט — איך טראַכט דאָ עפּעס אויס. אדרבא, דערצעהלט איהם, אז מעהר ניט וויא א שפּיעל געטאָהן זיך און ווייטער גאָרנישט. ער איז דאָך אייער מאַן דארף מען איהם אלעס דערצעהלען און אז איהר זייט געבליבען א כשר'ע אידישע טאָכטער, דאָס וועט דאָך שוין פאַרגעבען פאַר אלע חטאים... נו, האָט קיין פאַראיבעל ניט. עסט, עסט. מיר וועלען פאָהרען! מיר וועלען פאָהרען!

— איך וויל מיט אייך ניט ריידען — האָט זיא א זאָג געטאָהן, האָט גענומען עסען און האָט פאַר זיך בעשלאָסען מיט איהם מעהר קיין געשפּרעכען ניט צו האָבען.

— עסס, מאשקא, מיר וועלען פאהרען — האט ער אזוי וויא צו רייצען זיך מיט רויזלען געזאגט.

רויזעל האט דערפיהלט, אז זיא הויבט איהם אן צו האסען און אין דערזעלבער צייט פאר איהם אויך מורא צו האבען. מורא צו האבען וויא פאר עפעס א געמיינעם, פערדארבענעם מענשען, וועלכער קאן אוים צו להכעיס דער טייפעל וויים וואס צו טאהן, און זיא האט דיא גאנצע צייט געטראכט, עס זאל שוין קומען דיא מינוט — זיא זאל דערזעהען איהר מאן.

זיי האבען אבגעגעסען, זיינען ארויס פון רעסטאראן און ער האט איינינע מאל עפעס אלץ אזוי וויא צו רייצען זיך מיט איהר, א זאג געטאהן:

— נו, וועלען מיר באלד פאהרען, אויב איהר ווילט. מאשקא, מיר וועלען באלד פאהרען. און איהר ווילט דאך מסתמא לאזען וויסען מאקסען, אז מיר זיינען שוין דא, אראב פון שיף און אז מיר וועלען באלד זיין ביי איהם?

— געווים, דארף איך איהם שיקען א טעלעגראמע, וויא דען?

— גוט. אלזא שרייבען: „מיר קומען" און אונטערשרייבען אייער נאמען.. יא?

— יא — וויא דען? — האט זיא געענטפערט און האט איהם צארענדיג אנגעקוקט.

— אבער דערוויילע, הײנט ביי־נאכט בלייבען מיר דאך דא נעכ־טיגען? — האט ער זיא וויא גערייצט.

— מען קאן דען ניט האבען קיין צוג ביז מארגען?

— געווים ניט.

— און וויפיעל דארף דאס דויערען אהין?

— מיר קאנען דארט זיין אין צייט פון איינינע שטונדען און פיעללייכט זעקס און פיעללייכט אכט שטונדען. נור היינט קיין צוג איז ניטא. און איך מוז שוין אייך איצט אויסזאגען דעם גאנצען סוד. איך האב דאך נאך גלייך וויא מיר זיינען אראב פון שיף, גלייך פון קאנטאר געשיקט א טעלעגראמע. וואס מיינט איהר, איך פארשטעה ניט מיינע געשעפטען?

— איהר האט געשיקט, אבער ניט איך.

— איהר און איך זיינען, פארשטעהט איהר מיך, דיעזעלביגע זאך. אלעס וואס איך טהו, טהו איך אין אייער נאמען.

— מעגט איהר דאך מיר זאגען און מיך פרעגען. צו וואס האט איהר מיך גענארט?

— דאס רופט איהר גענראט? — האט ער מעפיסטאפעליש א זאג געטאהן — איהר רופט עס גענארט און איך רוף עס געשפיעלט זיך.

— איך וויל אבער ניט, אז איהר זאלט זיך מיט מיר שפיעלען. איהר זייט צו פרעך.

— וויא לאנג איז עס, אז איהר ווילט ניט איך זאל זיך מיט אייך

שפּיעלען? דוכט זיך, גאָר ניט לאַנג האָט איהר דאָס יא געוועלט, און איהר האָט מיר געגעבען אַ רעכט דערויף.

— פּייניגט מיך, פּייניגט מיך מיט אייערע שטעכווערטער, איך האָב דאָס פאַלשטענדיג פאַרדיענט — האָט זיא געענטפערט וויא אַ פערלאָרענע און האָט זיך געטראַכט: וואַרט, דאָס איז אַלעס ביז מיר וועלען קומען אויף אַ פּלאַץ. אָבער דערנאָך וועלען מיר זעהען.

און זיא האָט געטרוימט און פאַרגעשטעלט זיך אלץ, וויא זיא וועט אויסלאָזען איהר גאַנצען כעס צו איהם, ווען זיי וועלען שוין זיין אויף אַן אָרט, ווען זיא וועט קומען צו מאַקסען.

— איך וויים, איך וויים — האָט ער וויא געטראָפען איהרע געדאַנ־קען — איהר וועט זיך מיט מיר אָברעכענען גלייך וויא איהר וועט דערזעהען אייער מאַן, מיין פרינציפּאַל. אָבער איך וויל אייך וויזען, אז איך האָב קיין מורא ניט. דאָס געלד איז דאָך ביי מיר, און איך קען אייך גאָר איבער־לאָזען דאָ און אַנטלויפען מיט מאַשקאַ'ן.

רוויזעל האָט איהם אָנגעקוקט אַ צושראָקענע.

— איהר האָט דאָך אפילו קיין אדרעס ניט, איך האָב אייך איהם געמוזט אָנשרייבען, ווען איהר האָט געדאַרפט שיקען אייער מוטער. ווען איך זאָל דאָ אייך איבערלאָזען אליין, ווייסט איהר דאָך גאָר אפילו ניט פון דאַ־נען אַהער.

זיי זיינען איצט אריינגעקומען אין זייער האָטעל, ווען ער האָט גע־זאָגט זיינע לעצטע ווערטער. זיא איז געווען אַזוי צושראָקען און פערלאָרען, אַז ביי איהר האָבען זיך ניט בלויז ניט געפונען קיין ווערטער, נור אפילו קיין טרערען, וויא ער וואָלט איהר דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבער'ן קאָפּ און וואָלט זיא דערשלאָגען. זיא איז געזונקען אויף אַ שטוהל, אַזוי וויא זיא איז געווען אַן אָנגעטהאָנענע און האָט געפיהלט, אַז אָט־אָט בלייבט זיא אין אונמאַכט.

מאַשקאַ האָט זיך דערשראָקען אויף פאַר איהר אויסזעהען און איז צוגעגאַנגען צו איהר.

— טרעט אָב! — האָט איהר רוביניק בעפעהלט — ניט דיין זאַך.

מאַשקאַ איז אָבגעגאַנגען, ניט פערשטעהענדיג וואָס צווישען זיי ביידע איז פאָרגעקומען, ניט פאַרשטעהענדיג קיין אידיש.

אַ ווייל איז רוויזעל אַזוי געזעסען, רוביניק האָט צו איהר מעהר ניט גערעדט. ער איז בלויז ארומגעגאַנגען הין און צוריק. ער האָט געזוכט ביי זיך אין קאָפּ פּלענער. פאַר איהם איז געווען וויכטיג, זיא זאָל ווערען איינ־גענומען, זיא זאָל זיין אוים אונשולד איידער זיי פאָהרען אָב פון קוויבעק: ער וועט דאַן זיכערער זיין מיט אָבליפערען זיא.

און דערצו איז דאָ נאָך געווען עפּעס, וואָס רוביניקען האָט שוין לאַנג ניט געטראָפען, זינט ער האָט זיך אָנגעהויבען אויסצוצייכענען צווישען

זיינע חברה־לייט אלס דער פעהיגסטער פערפיהרער און טראנספארטירער פון „לעבעדיגע סחורה". ער האט דערפיהלט א טהירישע לײדענשאפט צו רויזלען געגען זיין געוועהנהייט צו בעריהמען זיך, אז ער בלייבט קאלט אפילו צו דער יונגסטער און שעהנסטער, אז ער האט א קנאפּען פערגעניגען פון זיי, ווארום דאס האט איהם שוין דערעסען. אז ער בעגעהט גוואלט־טהאטען אדער שמועסט איין מיט גוטען, ניט אוים לײדענשאפט נור וויל דאס געשעפט פאדערט עס.

„אנדערש קאן מען מיט זיי ניט אויסקומען", פלעגט ער זיך מערדעריש צולאכען, דערצעלענדיג פאר זיינע חברה־לייט פון זיינע ערפאהרונגען — „כל־זמן זיי זיינען אונשולדיג, קאנט איהר נאך אלץ ניט זיכער זיין, אז זיא וועט ניט ארויסשפּרינגען פון פענסטער אדער וועט זיך אנטאהן א האלזבאנד".

אבער דא האט ער עפּעס וואס ווייטער, ווייטער אנגעהויבען אלץ מעהר צו פיהלען, אז עס לאזט איהם ניט רוהען, זיא מוז זיך איהם אבגעבען. עס קאן זיין, אז ער איז דאס געווען גערייצט פון איהר נאאיוויטעט, און עס קאן זיין, אז דאס איז עפּעס אריינגעגאנגען מיט איהם שוין אין א מין עקשנות, — פאר וואס זאל ער מיט איהר ניט אויספיהרען, — ער, אזא בריה, וועלכען עס נעהמט גאנץ ווייניג צייט אימער איינצורײדען אדער צווינגען און רויבען דיא אונשולד פון א קרבן, וועלכער איז אריינגעפאלען צו איהם אין דיא הענד. גיכער האבען דיא אלע אורזאכען צוזאמען געווירקט, אז ער זאל זיך א זאג טאהן: „איך מוז מיט איהר פארטיג ווערען איידער מיר פאהרען אב פון קוויבעק."

אבער ער האט שוין געפּרופט מיט גוטען און מיט בייזען און ער האט געזעהען, אז ער ווערט אלץ ווייטער פון צוועק. איהם האט עס אזוי געערגערט, אז ער האט זיך פארלארען און האט אנגעהויבען צו רייצען זיך און צו קריעגען זיך מיט איהר, אבוואהל ער האט אליין געמערקט, אז ער געברויכט ניט דיא פּאסענדע טאקטיק און ער איז איצט ארומגעגאנגען, האט זיך אליין געוועלט שטילען. בלייבען קאלט, כדי ער זאל קאנען אנווענדען א פּאסענדער מיטעל וויא צו ווירקען מיט געמאכטע בייזקייט אדער מיט געמאכטע גוטסקייט, נור ניט פערלירען זיך.

— רויזעלע, — האט ער אנגעהויבען נאך א לייננגערער צייט ארומגעהן, ווען זיא איז אלץ געזעסען נידערגעשלאגען פון זיינע ווערטער און האט ניט געוואוסט, וואס אנצוהויבען צו טאהן — רויזעלע, איך ווייס, אז איך האב אייך דערפיהרט ביז פערצווייפלונג, איך ווייס, אז איהר מוזט מיינען, אז איך בין דער פערדארבענסטער מענש אויף דער וועלט. אבער ווער האט מיך דערפיהרט ביז אזא צושטאנד, איך זאל אויפגערעגט ווערען, איך זאל אייך סטראשען, איך זאל וועלען נעהמען ראכע פון אייך? דאך איהר אליין. זיא האט געשוויגען.

— איהר האָט מיך פערליעבט אין זיך. איהר האָט גערייצט מיין ליידענשאַפט. לאַנג, איידער איך האָב אייך ערקלעהרט מיין ליעבע, לאַנג איידער איך האָב אייך גאָר געלאָזט מערקען, אז איך בין צו אייך ניט גלייכגילטיג, האָב איך שוין געפיהלט, אז איך וועל וואַהנזיניג אוים ליעבע צו אייך. איך בין א בריה אויף צוריקהאַלטען זיך, אויף ניט ערלויבען זיך, און איך האָב געמיינט, אז אויף אַזאַ׳ן אופן וועל איך דערשטיקען אין זיך דיעזען געפיהל און איך וועל אזוי פיעל ניט ליידען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. און אין יענע ערשטע טעג האָט עס אַקוראַט געטראָפען, ווען איך האָב געמערקט, אז מאַשקאַ איז צו מיר ניט גלייכגילטיג. איך האָב צו איהר קיין זאַך ניט געפיהלט, אָבער איך בין געווען שוואַך גענוג צו דיינקען אז איך וועל דורך איהר קאָנען לעשען מיין ליידענשאַפט צו אייך.

זיא האָט געשוויגען. ניט ווייל זיא זאָל איינזעהען, אז דאָס איז אַלעס ליגען און בעטרוג; ניין, איהר האָט זיך געדוכט, אז עס מוז זיין א שטיקעל אמת אין זיינע ווערטער און אפשר איז ער ווערטה מיטלייד. אָבער עפּעס האָט זיא אָנגעהויבען פיהלען דיא רעזולטאַטען פון דער פריהערדיגער מאָמענטאַלער ליידענשאַפט און דעם נאָכהעריגען מאָמענטאַלען האַס — דער רעזולטאַט פון דיעזעביידע געפיהלען איז געווען גלייכגילטיגקייט. זיא האָט געפיהלט פאָלשטענדיגע גלייכגילטיגקייט צו זיין איצטיגער ליעבעס־ערקלעהרונג. זיא איז נאָר געווען פערנומען מיט איהר אייגענער לאַגע. זיינע ווערטער זיינען איהר איצט גאָר אין קאָפּ ניט געקראָכען.

זיא האָט ניט געענטפערט.

— איהר ענטפערט ניט, אין אייך איז ניטאָ קיין פונק פון מיטלייד מיט א מענשען, וועלכען איהר האָט פעראורזאַכט אזוי פיעל ליידען, אז ער געפינט זיך איצט קיין אָרט ניט און וואַרפט זיך ארום וויא א משוגענער און איז פאַרטיג צו רייסען, בייסען, ניט נאָר אייך, נאָר זיין אייגען לייב.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָט זיא זיך אָבגעקעהרט פון׳ם בילד מיט אַן איבערדריסיגקייט.

ער איז אויפגעשפרונגען:

— איך וויל איהר זאָלט הײלען מיין וואַהנזינן. איך וויל איהר זאָלט זיין מיינע, וויינינגסטענס איין מאָהל; איך וויל, איהר זאָלט מיין ליעבע פיהלען — און דאַן קאָנט איהר האַנדלען וויא איהר ווילט. דאָס בלייבט אונזער אייביגע געהיימניס. איך האָף אז ווען איהר וועט מיך פערזוכען, וועט איהר שוין וועלען אז דיעזע געהיימניס זאָל פאַרטגעזעצט ווערען, און קיינער טאָר דערפון ניט וויסען.

— פע! — האָט זיא בלויז נאָך מעהר אָבגעקעהרט זיך.

— יאָ, איהר וועט זיין מיינע. איהר וועט מוזען.

זיא האָט געשוויגען.

— איהר וועט מיר אַליין דערנאָך דאַנקען.

זיא האָט געשוויגען, האָט זיך נאָר אויפגעהויבען און איז איבערגע־גאנגען צו אן אנדער שטוהל און האָט זיך געזעצט.

ער האָט זיך שוין איבערצייגט, אז עס וועט גאָרנישט ארויסקומען פון זיינע רייד, ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען.

— נו, איך זעה — האָט ער געזאָגט — אז איהר זייט א טרוס, איהר ציטערט פאר עפעס. אויב איך וועל געברויכען גוואלד וועט עס זיין אייער אייגענע שולד.

— וואָס מיינט איהר? — האָט זיא זיך אוועקגעשטעלט.

— איהר טרייבט מיך דערצו! איך האָב אייך געזאָגט, אז איהר מוזט זיין מיינע.

— קיין מאָל אין דער וועלט ניט.

— דאָס איז דיא לעצטע נאכט היינט, ווען מיר וועלען זיין צוזאמען אין איין צימער. מאָרגען פאָהרען מיר אָב, און עס וועט שוין אלעס זיין פערביי.

— מיר וועלען ניט נעכטיגען אין איין צימער! — האָט זיא גע־ענטפערט קוים הערבאר און האָט קוים אָבגעכאפט דעם אָטהעם.

— דאַרף מען ניט! — האָט ער געזאָגט גאנץ געלאסען — איך געה טעלעגראַפירען, אז מיר קומען מאָרגען און מען זאָל אונז ערווארטען אויפ'ן וואָקזאל.

און ער איז ארויס, איבערלאָזענדיג זיא מיט מאשקא'ן. זיא איז שוין איצט ניט צוגעגאנגען מעהר צו מאשקא'ן, האָט ניט געפיהלט וויא צו רייד־דען מיט איהר. זיא האָט שטילערהייט צואוויינט זיך און ווען זיא האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט זיא זיך אלץ געבראָכען דעם קאָפּ: וואָס זאָל זיא אנהויבען צו טאָהן? אָבער וואָס קאָן זיא טאָהן: אליין פאָהרען צו איהר מאַן! דאָס איז דיא איינציגע זאך, וואָס בלייבט פאר איהר צו טאָהן. אָבער וויא? ניט זיא וויים וואוהין צו געהן, ניט זיא וויים וויא צו זאָגען. און הויפטזעכליך, זיא האָט דאָך כמעט גאָר קיין געלד ניט. ביי איהר געפינט זיך בלויז אביסעל געלד אין איהר טייסטער, אין גאנצען א פּאָאר דייטשע מארק, וואָס רוביניק האָט איהר געגעבען, וויא מען גיט א קינד צום שפּיע־לען זיך.

## 8

געפיהלט האָט רויזעל, אז זיא דאַרף מיט רוביניקען מעהר ניט פאָהר־רען. אויב ער איז אזא שארלאטאַן און איז פעהיג אויף אזעלכע זאכען וויא ער האָט זיא געסטראשעט, דאַן איז זיא דאָך ניט זיכער, אז ער וועט זיא ניט בעפאלען אין מיטען נאכט, אז ער וועט זיא ניט אוועקפיהרען ערגעץ אין אזא פּלאץ, וואו ער קאָן מיט איהר טאָהן וואָס ער וויל. ער זאָגט, אז ער איז געטריבען צו פערצווייפלונג אוים ליעבע צו איהר. אָבער ערשטענס, פיהלט זיא איצט, אז זיין איין בעריהרונג אפילו וואָלט זיא ניט געקאָנט פארטראָגען,

און, צוויטענס, גלויבט זיך דאָס גאָר ניט, אַז אוים ליעבע זאָל אַ מענש פעהיג זיין אויף עפּעס אַזעלכעס.

זיא האָט געלעזען אין ראָמאַנען, וויא אַ פערליעבטער איז אַמאָל משוגע און וויא אַזעלכע מאַנסלייט, וואָס האָבען בלויז טהירישע נייגונגען, זיינען אַמאָל פעהיג צו געברויכען גוואַלד, אָבער זיא האָט זיך ביז איצט גאָר ניט געקאָנט קיין בעגריף מאַכען, אַז דיעזער רוביניק זאָל זיין פעהיג אויף אַזעלכע פערדאָרבענהייטען. ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַזאַ גוטינקען. און וויא האָט ער דאָס קיין מורא ניט פאַר מאַקסען? מאַקס איז דאָך זיין בעל הבית!

אַזוי איז זיא ארומגעגאַנגען הין און צוריק איבער'ן צימער; האָט געבראָכען די הענד פון פערצווייפלונג און טיעפע געדאַנקען האָבען צומאַטערט איהר מוח. וויא זיא האָט ניט געטראַכט, וויא זיא האָט ניט געקלעהרט, איז איהר אַלץ געבליעבען דער געדאַנק, אַז זיא מוז אַליין פאָהרען, אַהין איהם, פאָהרען צו איהר מאַן. אָבער וויא? מיט וואָס?

זיא איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט ארויסגעקוקט, וויא זוכענדיג טאָמער וועט זיא דרויסען עפּעס געפינען אַ מיטעל, דערזעהען אפשר אַ בכבוד'ען אידען, אָדער עפּעס אַ רעכטע אידענע, און אפשר וועט איהר קומען אַ הילף. זיא ווייס אפילו ניט וויא זיא קאָן צוגעהן צו סתם פרעמדע מענשען — און וויא זאָל זיא זיי דערצעהלען. אָבער זיא האָט געקוקט און געזוכט מיט דיא אויגען.

דרויכען איז געווען קאָכיג. עס פאָהרען טראַמוואַיס, עס בעוועגען זיך פוהרען, עס געהען מענשען אויף דיא טראָטואַרען — אַנדערע איילען זיך אַהין, אַנדערע געהען מיט אימפּעט צוריק. אָבער עפּעס קיין איין אידישער פּנים. אַלץ אַזעלכע פרעמדע פּנים'ער, וואָס ניט נור זיינען עס ניט קיין אידען, נור אפילו אַלס גוים, אַלס קריסטען זיינען זיי איהר פרעמדער וויא דיא קריסטען, וועלכע זיא איז געוועהנט געווען צו זעהן אין דערהיים.

אַ לאַנגע צייט איז זיא אַזוי געשטאַנען. אַזוי פיעל מענשען, אַזוי נאָהענט זיינען זיי, אָט נעהם, געה ארויס דרויסען און דוא ביסט צווישען זיי, און דאָך איז זיא אַזוי עלענד, ערגער וויא זיא וואָלט געווען אין אַ וואַלד, אין אַ וויסטען פעלד. זיא איז אָבגעמראָטען פון פענסטער, האָט זיך ווידער אַ פערצווייפעלטע אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל און טרעהרען האָבען ניט אויפגעהערט צו רינען פון דיא אויגען.

ענדליך האָט זיך דיא טהיר געעפענט און רוביניק איז אריין. זיין אריינגאַנג האט אויף איהר ארויסגעוואָרפען אַזאַ שרעק, אַז זיא האָט אָנגעהויבען צו שוידערען, נאָך מעהר איידער פריהער, ווען ער האָט איהר געסטראַשעט. אָבער אריינגעגאַנגען איז ער מיט אַ גאַנץ רוהיגער, כמעט פריינדליכע מינע.

— נו, האט איהר אויסגעפיהרט, איך האב טעלעגראפירט, מען זאל אונז אבווארטען אויפ'ן וואקזאל.

— וויפיעל דארף קאסטען דאס פאהרען אהין? — האט זיא זיך אנגענומען מיט מוטה א פרעג צו טאהן.

— וואוהין אהין?

— אין דעם נייעם לאנדאן, צו מאקסען.

— אנטקעגען וואס פרעגט איהר דאס?

— איך וויל וויסען.

— רעכענט, אז גאנצע פינף־און־צוואנציג דאלער — האט ער א זאג געטאהן, גלאט אזוי זיך, צו הערען וואס זיא וויל טאהן.

— גיט מיר פינף־און־צוואנציג דאלער! — האט זיא געזאגט.

— גאר אזוי?

— גיט מיר פינף־און־צוואנציג דאלער! — האט זיא וויעדערהאלט.

— אבער איך וויל דאך וויסען וואס פאר א פינף־און־צוואנציג דאלער? פאר וואס? פאר וועלכע מעשים טובים?

— גיט מיר פינף־און־צוואנציג דאלער פון מיין מאן'ס געלד!

— א, פון אייער מאן'ס געלד? גוט! דארף איך דאך וויסען אויף וואס. איך פיהר דאך דיא חשבונות, ניט איהר.

— גיט מיר דיא פינף־און־צוואנציג דאלער! — האט זיא ניט אויפגעהערט צו וויעדערהאלען, וויא זיא וואלט געווען פערכאפט פון א מאניע, אז איהר גאנצער לעבען הייננגט איצט אב פון דיא פינף און צוואנציג דאלער.

— און אז איך וועל אייך ניט געבען? — האט ער זיא אנגעקוקט און איהם האט זיך געדוכט, צו איז זיא טאקע ־ט פון זינען אראב. ער האט זיך שוין אביסעל צושראקען.

— בערוהיגט זיך — האט ער א זאג געטאהן געשעפטליך — אויב איהר מיינט, אז איך זשאלעווע אייך אייערע אייגענע געלד, אייער מאן'ס געלד איז דאך אייער געלד, זאג איך אייך, אז איהר דיינקט וועגען מיר שלעכט.

ער האט ארויסגענומען זיין געלד־טייסטער און האט ארויסגענומען פון דארט פאפיער־געלד, זאגענדיג:

— ניט נור פינף־און־צוואנציג דאלער, איך קאן אייך געבען דרייסיג אויך און מעהר, וויפיעל איהר ווילט.

— איך וויל ניט, גיט מיר נור פינף און צוואנציג דאלער.

— נאט! — האט ער ארויסגעלייגט פאפיער־געלד אויפ'ן טיש — אבער איצט מעג איך דאך אייך שוין פרעגען: וואס ווילט איהר טאהן מיט'ן געלד?

ווען רויזעל וואלט דערקענט פון וויטען אמעריקאנער אדער קענע־

דער געלד, וואָלט זיא דערזעהען, אז דאָרט איז גאָר קיין פינף און צוואַנציג דאָלער ניט געווען. אָבער זיא האָט עס ניט געוואוסט און זיא האָט זיך גאָר־ניט צוגעקוקט. זיא איז אָבער געווען אונטער דעם איינדרוק, אז זיא האָט אויסגעפיהרט, ער גיט איהר דאָס געלד. אָבער וויא זיא האָט דערזעהען, אז זיא האָט אויסגעפיהרט, גלייך איז שוין איהר ווילענס־קראַפט אָבגעשוואַכט געוואָרען און זיא האָט ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָהן.

— איהר ווילט מיר ניט זאָגען, אָבער איך פאַרשטעה דאָך, וואָס איהר מיינט צו טאָהן. איהר זייט אויפגעבראַכט געגען מיר, ווילט איהר בעהמען און פאָהרען אליין — האָט ער גאַנץ רוהיג אָנגעהויבען מיט איהר צו ריידען — און דערפאַר דאַרפט איהר האָבען גראַד פינף און צוואַנציג דאָלער. נו, וואָס איהר זאָלט ניט דיינקען, אָבער ערשטענס קאָנט איהר מיט פינף און צוואַנציג דאָלער ניט פאָהרען. דאָס וועט אייך זיין ווייניג. איך זשאַלעווע ניט אייך אייער געלד, איהר קענט בעקומען מעהר, וויפיעל איהר זאָלט פון מיר ניט פאָדערען.

— איך דאַרף קיין געלד ניט — האָט זיא געענטפערט מיט א גע־בראָכענער שטימע — איך דאַרף בלויז אויף הוצאות צו פאָהרען צו מאַקסען.

— אזוי זאָגט. דאָס האָב איך דאָך גלייך פערשטאַנען. אָבער דיינקט איהר, אז איך וועל אייך לאָזען פאָהרען אליין? וואָס וואָלט איהר געטראַכט וועגען מיר, ווען איך וואָלט עס געטאָהן.

— אָבער ווען פאָהרען מיר שוין! — האָט זיא געזאָגט, פיהלענדיג זיך אויסגעמאַטערט און וועלענדיג שוין אויפהערען דעם געשפרעך.

— מיר פאָהרען מאָרגען פריה, און מאָרגען פריה וועט איהר שוין זיין ביי זיך אין דערהיים. נור דערווייל הערט אויף צו וויינען. איך פער־זיכער אייך, אז איך וועל צו אייך מעהר ניט צושטעהן, וועל אייך מעהר ניט ריידען פון מיין ליעבע, ווארום צופיעל ערנידעריגען זיך וויל איך אויך ניט. נו, לייגט זיך, רוהט זיך אוים. איהר קאָנט דאָך ניט קומען צו מאַקסען מיט אזא פנים, אקוראַט וויא דער גרעסטער אונגליק וואָלט אייך געטראָפען. ער וועט זיך דאָך דערשרעקען ווען ער וועט אייך דערזעהען.

— איך וועל זיך ניט לייגען שלאָפען און דאַרף ניט רוהען — האָט זיא געזאָגט, אָבוואָהל זיא האָט געפיהלט, אז איהר איז אזוי נויטיג אויסצור־רוהען איהרע נערוועז נאָך דיא גאַנצע פייניגונג, וואָס זיא האָט דורכגעליטען דעם טאָג.

— איהר זייט א קינד, איהר האָט דאָך מכתמא מורא, אז איך וועל אייך בעלעסטיגען. אָבער דאָס איז קינדעריש: ערשטענס, איז דאָך מאַשקאַ דאָ; צווייטענס, נעהמט און פערשליסט זיך פון אינוויינינג און איך געה גאָר אוועק אויף א פּאָאר שטונדען. איז שוין רעכט?

און ער האָט ניט לאַנג געוואַרט, וויא ער וואָלט איהר וועלען צייגען

טאקע אין דער ווירקליכקייט, אז ער מיינט וואס ער רעדט, און האט געגור־מען און ארויסגעגאנגען.

ענדליך האט איהר מידקייט און צובראכענקייט זיא איבערוועל־טיגט, זיא האט זיך האלב־לעגענדיג אנגעשפארט אויפ'ן זאפא, האט גע־טראכט, געטראכט וועגען אלעם וואס איז פארגעקומען צווישען איהר און רוביניקען און האט איינגעדרעמעלט.

ניט לאנג איז זיא געשלאפען, בלויז א שטונדע, אבער ווען זיא האט זיך אויפגעכאפט איז שוין געווען דונקעל און זיא האט זיך דערשראקען דערזעהענדיג אין דער דונקעלהייט פיגורען, וועלכע בעוועגען זיך אין צימער און שעפטשען. זיא האט אויף דיא ערשטע עטליכע מינוט גאר ניט גע־דיינקט וואו זיא איז, האט זיך געריבען דיא אויגען און האט געשווינדערט, אביסעל פון שרעק, אביסעל פון קיהלקייט, וועלכע האט זיא דורכגענומען.

— איהר האט זיך שוין אויפגעכאפט? — האט זיא דערהערט רובי־ניק'ס שטימע און האט זיך ערשט געבאפט וואו זיא איז — וואס האט איהר זיך געאיילט אויפצוכאפען? וואס מעהר איהר וועט זיך אויסרוהען, אלץ בעסער פאר אייך. מיר האבען מיט א כיון ניט אנגעצונדען קיין פייער, אבי וואהל עס איז שוין אבענד, כדי אייך ניט אויפצואוועקען.

— מאשקא, צינד אן דיא גאז — האט ער געזאגט — איך האב דאך דיר געוויזען וויא.

רויזעל איז נאך אלץ געשטאנען פערשלאפען. מאשקא האט אנגע־צונדען דיא גאז, און רויזעל האט געמוזט שליסען א ווילע דיא אויגען, אזוי האט איהר א בלענד געטאהן דער איבערגאנג פון שלאף צו פלוצלונגע ליכ־טיגקייט.

— גיט א קוק, וואס גוטע זאכען איך האב געבראכט — האט ער מונטער און פריינדליך א זאג געטאהן — ניט אייך אייגענטליך, נור אונז אלעמען.

זיא האט אויסגעשטעלט א פאאר אויגען אויף איהם און אויף מאשקא'ן, וועלכע האט גענומען איצט פאנאנדערלייגען פערשיעדענע עסענ־ווארג אויפ'ן טיש.

— נו, ברונז מעגט איהר אויף מיר זיין, אין כעס מעגט איהר אויף מיר זיין, אבער עסען דארף מען דאך. געהן ווידער אין א רעסטאראן, ארומ־שלעפען זיך אין א פרעמדער שטאדט אין אבענד, ווען מען דארף זיך נאכ־פרעגען אויף דיא גאסען, איז צופיעל עסק און איך האב דערפאר אויסגעפ־נען א אידיש קלייט און האב איינגעקויפט, וויא איהר זעהט, פערשיעדענע זאכען: אידישע דארע קישקע, ברויט, זעמלעך, הערינג, קעז, און א פאאר פלאש ביער.

— איך דארף קיין ביער ניט, איך טרינק קיין ביער ניט — האט זיא זיך אבגערופען און איהר האט אליין פערדראסען, וואס זיא ענטפערט

עפּעס אזוי זייטיג, אזוי ביטער פיינדליך, ווען ער זוכט אזוי צו פערגיטיגען זיין פריהערדיגע שלעכטקייט.

— נו, א גלאַז זעלצער־וואַסער.

זיא האָט געשוויגען, וואָס עס האָט געהייסען, אז ער מעג אַנגיסען. ער האָט איהר אַנגעגאָסען א גלאַז זעלצער און דערלאַנגט; זיא אָט אויסגע־טרונקען.

— עפּעס אזעלכע שאַרפע זעלצער־וואַסער, עס רייסט דער גומען— האָט זיא געזאָגט.

— זעלצער־צוואַסער איז בעסער, אז מען לאָזט א ווײַלע דער גאַז זאָל ארויס און דערנאָך טרינקען — האָט ער איהר פריינדליך אַן עצה געגעבען — און עסען וועט איהר ניט?

— זיא האָט אפילו עסען שטאַרק ניט געוועלט, נור זאָל ער ניט מיי־נען אז זיא וויל איהם עפּעס טאָהן אויף להכעיס און ניט עסען. דערצו האָט זיא טאַקע מורא געהאַט, אז זיא זאָל איהם ווייטער ניט אריינברייגגען אין כעס אָדער ניט צורייצען זיין שלעכט בלוט, וויא איהר האָט זיך געטראַכט, און ער זאָל ווייטער ניט אָנהויבען אזוי מאַטערען זיא מיט זיינע רייד און מיט זיינע סטראַשונקעס וויא פריהער.

אום צו ווייזען זיך ניט אזוי ערביטערט געגען איהם, האָט זיא גע־נומען וויא א בעל־הבית'טע און האָט צושניטען דיא האַרע־קישקע, האָט צו־לייגט אַלע מאַכלים. מאַשקאַ האָט איהר געהאָלפען, און זיא האָט זיך אויך געזעצט דערנאָך ביי'ם טיש צו־צובייסען. עס האָט אויסערליך אויסגעזעהען אזוי וויא זיי וואָלטען צוריק שלום געוואָרען. אָבער זיא האָט אויסגעמיידט צו ריידען, נור דאַן ווען זיא האָט שוין אַנדערש ניט געקאָנט, האָט זיא גע־זאָגט אפּאָאר ווערטער.

רוביניק האָט געעפענט דיא פלאַש, וועלכע ער האָט גערופען פּרוכט־קוואַס און האָט א פרעג געטאָהן:

— און דאָס האָט איהר פיינד?

— איך האָב דאָס קיין מאָל ניט געטרונקען — האָט זיא געענט־פערט — איך וויים ניט וואָס דאָס איז.

— האָט איהר געטרונקען ווען אין דער היים „קיסלישטשי?“

— יא, — האָט זיא געענטפערט — אָבער קיסלישטשי איז ניט אזוי שווארץ.

— ווייל אין רוסלאַנד קאָנען זיי דאָס ניט מאַכען וויא עס דאַרף צו זיין און דאָ מאַכען זיי עס, איז דאָס א מחיה צו טרינקען.

— טאָ פאַר וואָס טרינקט איהר ניט? — האָט זיא געפרעגט.

— דאָס איז דאָך ניט קיין געטראַנק פאַר מיר. פאַר מיר איז ביער בעסער פון אַלע געטראַנקען. און דאָס איז בלויז פאַר ווייבער.

ער האָט פון דעסטוועגען אָנגעגאָסען זיך א גלאָז און האָט אויסגע־טרונקען.

— זיסס, צו זיסס פאַר מיר — האָט ער געזאָגט נאָך דעם וויא ער האָט מיט איין אָטהעם אויסגעטרונקען דיא גאַנצע גלאָז און אזוי עפּעס געטרונקען, אז עס זאָל איהר אויך דערוועקען א חשק צו טרינקען.

ער האָט אָנגעגאָסען נאָך א גלאָז, זאָגענדיג צו מאַשקאַ'ן:

— און דוא, פויערטע, ווילסט א גלעזעל?

מאַשקאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט איהר דערלאַנגט און האָט זיך צולאַכט:

— זיא האָט ביי זיך אין דאָרף אוֹדאי קיין מאָהל אויסער וואַסער גאָרניט געטרונקען, אפשר אמאָל אביסעל ברויט־קוואס אָדער אוגערקע ראָ־סעל. נו, מאַשקאַ, געשמאַק?

— דוזשע סמאַטשנאַ — האָט מאַשקאַ געזאָגט קינדעריש און האָט געטרונקען מיט קליינע זופּעלעך, וויא עס וואָלט געווען א צו טהייערע, צו גוטע זאַך אויסצוטרינקען דאָס אויף איין מאָהל.

— עפּעס בין איך אזוי דורשטיג, — האָט רויזעל זיך וויא פער־ענטפערט — און האָט גענומען טרינקען דיא גלאָז, וועלכע ער האָט דער־גאָסע

ער האָט אָפּגעגעסען און האָט עפּעס אויך געזוכט אויסצומיידען מיט איהר פיעל צו ריידען נאָכ'ן עסען. ער האָט זיך געזעצט כלומר'שט שריי־בען, רעכענונגען מאַכען. זיא האָט ניט בעמערקט, אז ער פלעגט פון ווײַלע צו ווײַלע וואַרפען פון אונטערן שטערען א בליק אויף איהר.

זיא האָט אָנגעהויבען צו פיהלען א שווערקייט אין אלע גליעדער, א שווינדעל אין קאָפּ און אזא שלעפעריגקייט, אז זיא האָט ניט געקאָנט איינ־זיצען. זיא האָט זיך אָבער געשטאַרקט און געוואָלט וואַרטען ביז ער וועט אוועק פון צימער. זעהענדיג אז ער זיצט אלץ אויף איין פלאַץ און איז שטאַרק פערטיעפט אין זיינע רעכענונגען, איז זיא צוגעגאַנגען צו מאַשקאַ'ן און האָט געזאָגט הויך, אז אויך רוביניק זאָל הערען.

— עס איז שוין צייט צו געהן שלאָפען.

מאַשקאַ האָט זיך אומגעקוקט ניט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען און וויא יוצא צו זיין, ווייל עס איז דאָך פריהער געווען א צאַנקערייַ צווישען רויזלען און רוביניקען וועגען דעם. אָבער רוביניק האָט איצט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט געזאָגט:

— ענטשולדיגט, איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר ווילט שוין אזוי פריה געהן שלאָפען. גוט, איך קאָן אריינגעהן אין צווייטען צימער, און איהר ווילט דאָך דאָ שלאָפען מיט מאַשקאַ'ן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און זיא איז נערען געווען, וואָס עס האָט זיך ניט אָנגעהויבען ווייטער א ריידערייַ וועגען דעם. וואָס ווייטער האָט זיא

גנעפיהלט אלץ מעהר, אז דער קאפ ווערט איהר שווער. און ווען רוביניק האט געזאגט „א גוטע נאכט" און האט פערריגעלט אהינטער זיך דיא טהיר פון צווייטען צימער, האט זיא דערפיהלט וויא גלייך א ווארף צו טאהן זיך אין בעט און איז גערען געווען, וואס זיא בלייבט צוזאמען מיט מאשקא'ן בע־זונדער פון איהם.

— זאל איך זיך לייגען דא אויף דער כאפא? — האט מאשקא א פרעג געטאהן.

— ניין, דו וועסט זיך לייגען שלאפען מיט מיר אין בעט, דיא בעט איז גענוג ברייט פאר אונז ביידען. איך האב מורא עפעס אין דער פרעמד צו שלאפען איינע אליין, — האט זיא זיך פערענטפערט, מאשקא'ן זאלען ניט ארויף עפעס וועלכע געדאנקען.

זיא האט נאך ניט צייט געהאט צו מאכען זיך בעקוועם אין בעט און צו זעהען וויא מאשקא טהוט זיך אויס און קלייבט זיך אויך צו לייגען זיך מיט איהר, וויא איהרע אויגען האבען זיך געשלאסען און זיא איז איינגע־שלאפען מיט א הארטען, פעסטען שלאף, וויא ניט אויפצושטעהן.

א שרעקליכע נאכט איז דאס פאר איהר געווען. ווען זיא האט אויפ־געריסען איהרע אויגען (און אזוי שווער איז עס איהר אנגעקומען ביז זיא האט אויפגעריסען דיא אויגען) איז שוין געווען שפעט אויף טאג, ווייל דיא ליכטיגקייט פון דיא זונען־שטראהלען, וועלכע האבען אריינגעדרונגען אין פענסטער האבען זיא עפעס וויא ווידער צוטומעלט און וויא זיא האט ניט געוואלט א הויב טאהן איהר קאפ האט זיך דער קאפ אלץ ווידער אראפ־געלאזען צו דער קישען. עפעס האט זיך איהר טומאנע געדוכט, אז מיט איהר איז עפעס געשעהען, וויא זיא וואלט דורכגעלעבט עפעס שרעקליכעס, וויא זיא וואלט געווען עפעס ניט לאנג געפייניגט, געשלאגען, געמאטערט. אבער דאס אלעס איז טומעלדיג פארגעקומען אין איהר פארשטעלונג.

— שטעהט דאך שוין ענדליך אויף! — האט זיא ענדליך דער־הערט דיא שטימע און האט דערזעהען רוביניקען ביי זיך לעבען בעטעל.

— אי! — איז געווען דער ערשטער קלאנג וואס זיא האט ארויסגע־לאזען מיט שרעק — אי!

— ששש! — גאט איז מיט אייך — האט ער געזוכט וויא צו מינ־טערען זיא. זייט איהר ניט געזונד? וואס טהוט זיך מיט אייך; איך וועק אייך און וועק אייך און קאן אייך ניט דערוועקען. מיר האבען אין גאנצען אנדערהאלבען שטונדען צום צוג. שטעהט אויף!

זיא האט אויף איהם געהאלטען אויסגעשטעלט איהרע צועפענטע אויגען פול מיט שרעק און קענטיג געווען, אז זיא פערשטעהט ניט וואס מען רעדט צו איהר.

— אי! — האט זיא איסגעשריען מיט שרעק נאך אמאל און האט זיך א כאפ געטאהן פאר דער ברוסט.

— אייך איז ניט גוט ? — האָט ער אַ פרעג געטאָהן — איהר זייט עפּעס ניט געזונד ?

און ער איז צוגעלאָפען צום טיש און האָט אָנגעגאָסען אַ גלאָז זעלצער־וואסער און האָט איהר צוגעטראָגען צו דיא ליפען. זיא האָט אַ זופּ געטאָהן און האָט ארויסגערעדט :

— ניט גוט !

— אייך איז ניט גוט ?

— וואו ?... וואו ?... וואו איז מאַשקאַ ? — האָט זיא געפרעגט אַלץ נאָך מיט דיזעלבע צושראָקענע אויגען.

— מאַשקאַ ? זיא קומט גלייך אריין. איך האָב זיא געשיקט אַ רוף טאָהן דעם דינער פון האָטעל. איך וויל ער זאָל רופען אַ דאָקטאָר, איהר זייט עפּעס ניט געזונד.

— ניין ! ניין ! — האָט זיא אויסגעשריען קומענדיג צו זיך און האָט זיך געמאַכט אָן אנשטריינגונג אויפצוהויבען זיך.

זיא האָט זיך גענומען ארומקוקען, וויא זיא וואָלט זיך וועלען ער־אינערען וואו זיא געפינט זיך און וואָס האָט זיך דאָ עפּעס מיט איהר גע־טאָהן, וואָס איז מיט איהר פאָרגעקומען. אָבער ער האָט איהר נאָך מעהר צוטומעלט מיט זיינע פראַגען.

— וואָס ניין ? איהר ווילט קיין דאָקטאָר ניט ? איך מוז דאָך וויכען צו קאָנט איהר פאָהרען היינט, איהר זייט עפּעס ניט געזונד.

— אויב איהר רעכענט, אַז מען דאַרף קיין דאָקטאָר ניט, וועל איך אַריינרופען מאַשקאַ'ן צוריק — האָט ער געזאָגט און איז געגאַנגען צו דער טהיר, איז אַרויס און זיא האָט געהערט וויא ער האָט גערופען : מאַשקאַ ! מאַשקאַ ! קום צוריק !

זיא האָט געהערט, אָבער וויא זיא וואָלט גאָרנישט פערשטאַנען. איהר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז דאָס איז עפּעס אַ פאָרטזעצונג פון דעם שרעקליכען חלום, אויב דאָס איז אַ חלום, וואָס זיא האָט איבערגעלעבט. האַלב־קלאָהר, האַלב־דונקעל האָבען זיך אָנגעהויבען צו איינאָרדנען איהרע געדאַנקען און זיא האָט בלויז, וויא אַ בלינדער וואָס טאַפּט אין דער פינסטער, פערשטאַנען וואו זיא איז און אַז ער איז דאָס לעבען איהר און וועקט זיא, אַז זיי דאַרפען שוין פאָהרען.

ער איז אריינגעקומען צוריק מיט מאַשקאַ'ן און האָט אַ זאָג געטהאָן :

— דיא מאַדאַם זאָגט, אַז מען דאַרף קיין דאָקטאָר ניט, נו, אָבער מיר האָבען דאָך ווייניג צייט, העלף איהר אָנטאָהן זיך, נור שנעל, שנעל !

מאַשקאַ האָט איהר אָנגעהויבען דערלאַנגען דיא קליידער און רוביניק האָט ווייטער אַ זאָג געטהאָן :

— איהר שעהמט זיך דאָך מסתמא פאר מיר אָנצוטהאָן זיך, גע־איך אוועק אַ ווײַלע, אָבער זעהט, מאַכט עס שנעל.

קלעהרער און קלעהרער האט זיא אנגעהויבען צו פארשטעהן וואס ער זאגט איהר, אבער זיא האט נאך אלץ ניט געקענט פריי בעוועגען איהר צונג און אויסרעדען א ווארט.

ער איז ארוים. זיא האט זיך גענומען אויפהויבען פון בעטעל. וויא צובראכען זיא פיהלט זיך, וויא איהר גאנצער קערפער פיהלט עפעס אזוי וויא מען וואלט זיא צושלאגען, צו'הרג'עט.

— וואס איז געוועזן ? — האט זיא אנגעכאפט מאשקא'ס האנד, אליין ניט וויסענדיג וואס זיא טהוט.— וואס איז געוועזן, הא ?

מאשקא האט אראבגעלאזען דיא אויגען און האט געשוויגען. רויזעל האט אנגעהויבען דרעהען דעם קאפ אין אלע זייטען. זיא האט געזוכט עפעס, פון וואס זיא זאל קענען דערקענען וואס עס האט זיך געטהאן ארום איהר און מיט איהר.

— איך האב זיך געשראקען — האט זיא געזאגט קוקענדיג אויף מאשקא'ן מיט ענטצונדענע אויגען — איך האב געשריען ! האב איך געשריען פון שלאף ? האכט מיך געהערט שרייענדיג פון שלאף ?...

— איך ווייס ניט — האט געענטפערט מאשקא, אראבלאזענדיג דעם קאפ.

זיא האט איצט מיט א מין נערוועזען אימפעט זיך א כאפ געטהאן. זיא האט געפיהלט א ווייטאג אין אלע גליעדער, בעזאנדערם אין ברוסט און אין דיא לאפעטקעס פון דיא פיס. אבער זיא האט עפעס ניט קוקענדיג דערויף מיט א נערוועזען אימפעט זיך א זעץ געטהאן אין בעט, האט אראבגעווארפען פון זיך דיא דעקע און האט זיך ווידער גענומען ארומקוקען, פרעגענדיג :

— וואס איז דא געוועזן ?

— איך ווייס ניט, קיין זאך ניט — האט זיך מאשקא אבגעקעהרט און האט דערנאך א זאג געטהאן — ער זאגט, אז איהר מוזט זיך אנטהאן, ווייל מיר וועלען אנווערען דעם צוג, מיר מוזען באלד פאהרען.

רויזעל האט מיט איהר הילפע זיך גענומען אנטהאן. און עס איז גע־ווען גוט וואס מאשקא האט איהר געהאלפען, ווארום איהר איז געווען שווער אליין, אזא ווייטאג האט זיא געפיהלט אין גאנצען קערפער וויא זיא וואלט געווען א צושלאגענע, א צוקאליעטשעטע.

זיא האט עפעס געוואלט נאכפרעגען זיך נאך ביי מאשקא'ן. אבער אין דער מינוט איז אריינגעקומען רוביניק און האט מיט איילעניש א זאג געטהאן :

— נו, קלייבט זיך דאך שוין צו שנעלער. פריהער האט איהר דאך אלץ געפאדערט אז מיר זאלען פאהרען גלייך, יעדע מינוט איז אייך געווען איבריג, און איצט וועלען מיר נאך איבער אייך אנווערען דעם צוג. איך האב דאך שוין געקויפט בילעטען.

זיא האט אויף איהם ניט געקענט קוקען. זיא האט דערפיהלט אזוי

ווי אַנצוכאַפּען איהם פאַר'ן קראַגען און שרייען: וואָס איז מיט מיר גע־שעהן! וואָס האָט איהר מיט מיר געטהאָן!

אָבער זיא האָט זיך אַליין געשראָקען, אפשר דוכט זיך איהר דאָס, אפשר איז דאָס פון שרעק, וואָס זיא האָט געהאט נעכטען א גאַנצען טאָג; אפשר איז עס געווען א שווערער חלום! און דערצו האָט זיא גאָר קיין כח ניט צו שרייען. וואָס טהוט זיך מיט איהר? — זיא איז געגאַנגען און האָט זיך איינגעוואַשען.

— איך זעה, אז איהר פיהלט אַלץ ניט גוט, זאָגט בעסער צו זאָל איך ניט רופען א דאָקטאָר. אפשר וועט ער זאָגען אז איהר טאָרט ניט פאָהרען, וועט איהר מוזען בלייבען נאָך א פּאָאר טעג דאָ און איך וועל פאָהרען צו מאַקס'ן און צושיקען איהם אהער.

— ניין! ניין! — האָט זיא געענטפערט, וואָרפענדיג אויף איהם א פיינדליכען, א האסענדען בליק — איך וועל דאָ ניט בלייבען, איך דאַרף קיין דאָקטאָר ניט.

— איך האָב באַשטעלט א קאַרעטע — האָט ער געזאָגט ווי ניט פאַרשטעהענדיג כלומר'שט איהר פאָרוואורף — העלף מיר ארויסטראָגען דיא טשעמאָדאַנעס — האָט ער געזאָגט מאַשקאַ'ן.

מאַשקאַ האָט איהם אָנגעהויבען העלפען ארויסטראָגען דיא זאַכען. רויזעל האָט גאָר נישט געטהאָן. זיא איז געזעסען און געוואַרט ביז מען וועט איהר זאָגען, אז זיא זאָל זיך געהען זעצען אין קאַרעטע פאָהרען צום וואָק־זאַל.

איהר גאַנצע ווילענס־קראַפט איז געווען איצט אזוי אָבגעשוואַכט איבער דעם טומעל און רויש, וואָס זיא האָט נאָך אַלץ געפיהלט אין קאָפּ און דיא צובראָכענקייט אין אַלע גליעדער, אז ווען מען וואָלט איהר א פרעג טהאָן, וואָס פערלאַנגט איהר? וואָלט זיא ניט וויסען וואָס צו ענטפערען. זיא איז איצט געווען ווי א שטרויעלע, וועלכע ווערט געטראָגען פון כוואַליעס: קאָן דיא שטרויעלע נעהמען א ווענדונג און איינשפּאַרען זיך ניט צו וועלען זיין געטראָגען אין דער ריכטונג אָדער אין יענער?

זיי זיינען ענדליך געווען פאַרטיג מיט אראָבטראָגען דיא זאַכען, און רובינזיק האָט זיא אָנגענומען ביי'ם ארעם און האָט א זאָג געטהאָן:

— נו, גענוג שוין אייך זיין פערשלאָפען! קומט, קום, מאַשקאַ, העלף מיר פיהרען דיא מאַדאַם אראָב דיא טרעפּ.

ווי זיא איז נאָך ניט געווען ביים קלאָהרען בעוואוסטזיין און ווי איהרע געדאַנקען זיינען געלאָפען איצט אָהן אן אָרדנונג, פון דעסטוועגען האָבען אויף איהר עפּעס דיעזע ווערטער געווירקט ווי א בעליידיגונג און עס האָט איהר געגעבען א ריס אין הארצען. זיא האָט א ציה געטהאָן איהר האנד און האָט געזאָגט מיט א שוואַכע שטימע:

— איך דאַרף ניט קיין אונטערפיהרער, איך קאָן געהן אליין!

— זייט ניט קיין קאפריזנע קינד — האָט ער איהר אַ זאָג געטהאָן און האט ווידער אָנגענומען איהר ארעם. זיא האָט זיך שוין ניט געוועהרט, איז אַראָב דיא טרעפּ, דער קוטשער האָט געעפענט דאָס טהירעל און זיא איז אריין אין קארעטע.

זיצענדיג אין קאַרעטע, האָט רוביניק אוועקגעזעצט מאַשקאַ'ן לעבען איהר און ער אליין האָט זיך אוועקגעזעצט אנקעגען. רויזעל האָט זיך צוגע־טוליעט אין ווינקעל, האָט פערמאַכט דיא אויגען און האָט אָנגעשטריינגט איהר גאַנצען ווילען צו קומען צו זיך.

זיא האָט אָנגעהויבען צו בלעטערען אין איהרע געדאנקען נעכטיגען טאָג, וויא זיא האָט זיך מיט איהם געקריעגט, וויא ער האָט זיא געסטראַ־שעט, וויא זיא איז געשטאַנען ביי'ם פענסטער און האָט געטראַכט וועגען אַ מיטעל, אליין אוועקצופאָהרען אָהן איהם. וויא ער איז דערנאָך צוריק בע־סער געוואָרען, וויא ער האָט געבראַכט עסענוואַרג און געטראַנק און וויא ער האָט איהר אָנגעגאָסען צו טרינקען, וויא זיא האָט דערנאָך דערפיהלט אַ שווערקייט אין אלע גליעדער, אַ רויש אין קאָפּ און וויא אויף איהר איז אַרויפגעפאַלען אַ שלאָף, אַז זיא האָט אפילו קוים געקענט אַראָבציהען איהרע קליידער און אוועקלייגען זיך אין בעט. פאר וואָס איז עפּעס אויף איהר ארויפגעפאלען אַזא שלאָף? צו איז ניט געווען עפּעס אין דיא פּרוכט־קוואַס, וואָס זיא האָט געטרונקען? צו איז דעריין ניט געווען אַ שלאָפ־טרונק? זיא גערדיינקט, וויא ער איז ארויס פון צימער, אום צו נעכטיגען אין צווייטען צימער, און זיא זאָל שלאָפען צוזאמען מיט מאַשקאַ'ן.

זיי זיינען אריין אין וואָקזאל און עס איז מיט יעדער ווילע איהר אַלץ קלעהרער געוואָרען איהר אייגענער צושטאַנד, וועלכער איז איהר פריי־הער געווען אונערקלעהרליך:

— אָי, אָי, איך בין אונגליקליך! — האָט זיא געטראַכט איצט פאר זיך און האָט שטילערהייד געבראָכען דיא הענד — אָי, אָי, ער האָט מיך פערּאונגליקט.

זיא האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, זיא האָט אָבער געפיהלט, וויא כּפּאַזמען דריקען איהר האַלז, זיא קאָן ניט ריידען, סיידען אויסברעכען אין אַ הויכען היסטערישען שלוכצען. און דאָ איז געוואָרען אַ טומעל, אַ שטויסע־ריי, פּאַסאַזשירען מיט הענד־טשעמאָדאנעס און מיט פּעקלאַך אין גאַנצע מאַסען בעוועגען זיך וויא אַ געדיכטער שטראָם צו דער פּלאַטפאָרם. דאָס האָט איהר געגעבען קראַפט צוריקצוהאַלטען איהר ספּאַזמארישען שלוכצען און געפיהרט פון רוביניק'ען און מאַשקאַ'ן פוןביידע זייטען, איז זיא גע־גאַנגען — ניט געגאַנגען אייגענטליך, נאָר מיטגעטראָגען געוואָרען פון דער גאַנצער מאַסע צו דער פּלאַטפאָרם, און וויא אליין ניט זייענדיג ביי'ם פולען זינען, איז זיא אריין צוזאמען מיט זיי אין וואַגאָן.

וואָס פאר אַ שעהנער וואַגאָן. מאַשקאַ איז געבליעבען שטעהן און

האָט מורא געהאט אוועקצוזעצן זיך. אזוי שעהן איז עס געווען ארום, און אַזעלכע שעהנע, גוט־געקליידעטע, עלעגאנטע הערען און דאמען זיינען דאָ און פארנעהמען דיא פערשיעדענע פלעצער; פאר יעדען פאסאזשיר א בע־זונדער גרויסער פוטעל.

דער קאָנדוקטאָר האָט מיט העפליכקייט אָנגעוויעזען זיי דריי פו־טעלען, וועלכע ער האָט אָננעהמענדיג פאר דיא ווענטלאך א דרעה געטהאָן, עס זאָל זיין פאר זיי בעקוועם צו זעצען זיך. רוביניק האָט א שמייכעל גע־טהאָן, קוקענדיג אויף מאשקא'ן און האָט איהר א זאָג געטהאָן:

— האָסט מורא צו זעצען זיך, דו דאָרפישע פויערטע? זעץ זיך אויף יענעם שטוהל און איך אויף דעם, און איהר, מאדאם קאַרץ, אין מיטען.

רויזעל האָט זיך אראָבגעלאָזען אין פוטעל, ווערהענד רוביניק האָט זיך גע'עסק'ט שטארק מיט אוועקלייגען דיא פאָר טשעמאָדאנטשיקעס, און וואָס א קאָנדוקטאָר האָט איהם געהאָלפען, פערגניגענדיג זיך העפליך און זאָגענדיג אלץ: אָל־ראַיט!

און אין רויזעל'ס קאָפּ האָט אלץ געקלאפּט איין געדאנק, וויא זיא וואָלט עס ארויסריידען פאר זיך מיט דיעזעלבע ווערטער: "אָי, אָי, ער האָט מיך אומגליקליך געמאכט, וואָס זאָל איך טהאָן? וואָס זאָל איך טהאָן?„

— וויא געפעהלט אייך אזוי צו פאָהרען? — האָט רוביניק א פרעג געטהאָן, מאכענדיג זיך וויא ער וואָלט גאָר ניט באמערקען איהר צושטאנד.

זיא האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ. וואָס זאָל זיא טהאָן? וויא וואגט נאָך דיעזער מענש צו ריידען צו איהר?

זיא האָט געוואגט איצט, ווען אלע האָבען זיך צוזעצט, ארומצוקוקען זיך, און וויא זיא האָט בעגעגענט דיא בליקען פון א פּאָאר פאסאזשירען, וואָס זיינען געזעסען גראד אַנטקעגען, האט א גערדיכטע רויטקייט בעגאָסען איהר פּנים און זיא האָט דערפיהלט, וויא צו בעגראָבען ערגעץ איהר פּנים, אין גאנצען בעגראָבען זיך, עפּעס וויא א טהום וואָלט זיך צועפענען אונטער איהר, און זיא וואָלט איינגעשלונגען ווערען!

— מיר פאָהרען שוין גלייך! — האָט רוביניק, זיך צובויגענדיג צו איהר א זאָג געטהאָן מיט א געשעפטליכער העפליכקייט.

— גזלן! מערדער! — האָט זיא א ברום געטהאָן, אז ער האָט זיך אַזש דערשראָקען און אָבגעצויגען זיין קאָפּ אויף צוריק. זיא האָט פארדעקט איהר פּנים מיט דיא הענד, און האָט געזוכט צו פארשטעלען איהרע טרעהרען.

זאָנדערבאר איז דאָס געפיהל פון שעהמעדיגקייט. זיא איז געווען, דוכט זיך, איצט שוין ביי'ם פולען בעוואוסטזיין, אז ער האט זי מערדעריש פעראונגליקט; איהר איז שוין קלאָהר געווען, אז דיעזער פערדאָרבענער מענש האָט זיא רואינירט, און האָט געפיהלט אזוי וויא אָנצוכאפּען איהם ביי'ם האַלז און איבערבייסען איהם דעם גאָרגעל, עפּעס אזא מין געפיהל פון קראמפּהאפטען צאָרן האָט זיך איצט אַ הויב געטהאָן אין איהר. און דאָך

האָט דער געפיהל פון שעהמעוודיגקייט געשטאַרקט זיך איבער אַלעס, און זיא האָט ניט געוואגט אפילו הויך א געשריי צו טהאָן: "גזלן! מערדער!„ זיא האָט דיעזע ווערטער נור ארויסגעברומט וויא פון צווישען דיא צייהנער. וויא זאָל זיא שרייען, אייפהויבען סקאַנדאַלען, ווען עס זיצען אזוי פיעל עלעגאַנטע הערען און דאמען ארום.

— זייט ניט משוגע! — האָט ער איהר א זאָג געטהאָן, און אויף זיין פנים איז אַלץ געוועזן א העפליכער אויסדרוק, אז מענשען זאָלען ניט דער־קענען דיא בעדייטונג פון זיינע ווערטער — זייט ניט משוגע, זאָג איך אייך.
—— וואָס ווילט איהר, מען זאָל אייך בעטראַכטען פאר א וואהנזיניגע און אָבפיהרען ערגעץ אין א דול־הויז.

זיא האָט דערפיהלט, אז איהרע האָאר שטעלען זיך אויף און איהר הויט פון קאָפּ איז עפּעס שטייף געוואָרען וויא א בלעך, אזוי האָט זיא זיך דערשראָקען פאר זיינע רייד. ער האָט דערזעהען, אז דאָס ווירקט, און ער האָט אָנגענומען מיט ווייטער דער זעלבער העפליכקייט דאָס ווענטעל פון איהר שטוהל און האָט א קעהר געטהאָן אזוי, אז זיא איז אויסגעקומען זי־צענדיג מיט'ן פנים צום פענסטער פון וואַגאָן; ער האָט זיין זיץ אויך אזוי א דרעה געטהאָן און האָט שוין איצט אויף איהר א קוק געטהאָן בייז:

— וואָס מאכט איהר פאר אן אנשטעל, כיידען איהר ווילט טאָקע, מען זאָל אייך אָבפיהרען אין א דול־הויז.

זיא האָט אויף איהם מיט שרעק א קוק געטהאָן:

— איהר זייט דאָך א מערדער! איהר זייט דאָך א באַנדיט! איהר האָט מיך אומגליקליך געמאַכט. דערענדיגט שוין אייער ארבייט; פיהרט מיך אוועק אין א דול־הויז; גיט מיר א דובינע אין קאָפּ און דער'הרג'עט מיך שוין בעסער אין גאַנצען.

— הערט אויף, דרעהט ניט קיין ספּאָדיק. מיר וועלען קומען צו מאַקס'ן, וועט איהר מיך דאן פער'מסר'ן. אָבער איצט האָט איהר דאָך ניט וואָס צו מאַכען אוואיעס.

ער האָט אָבגעקעהרט זיין דרעה־שטוהל און האָט זיא געלאָזען אזוי זיצען מיט'ן פנים צום פענסטער, וואָס פאר איהר איז געוועזן א גרויסע פערלייכטערונג: אי דערפון וואָס איהרע אויגען דארפען זיך ניט בעגעגענען מיט דיא אויגען פון אנדערע פּאַסאַזשירען, ווארום איהר האָט זיך אַלץ גע־דוכט, אז מען קוקט ספּעציעל אויף איהר, אי דערפון וואָס ער האָט זיא געלאָ־זען צורוה. זיא האָט שוין איצט געקאָנט האַלטען דיא אויגען אָפען און טראַכטען, בעת דער וואַגאָן טראָגט זיך מיט אזא שנעלקייט און עס פליהען פערביי פון צייט צו צייט א הויז, א פּאַרקאַן און ווייטער פעלדער, בוימער און טייכלאַך.

.9

ביז איצט האָט זיא אַלץ געטראַכט וועגען דעם אונגליק, וואָס האָט איהר געטראָפען, אָבער דער אונגליק האָט זיך ביי איהר אין קאָפּ ניט פערבונדען מיט איהר מאַקסען. זיא האָט וועגען איהם כמעט וויא גאָרניט א טראַכט געטהאָן; זיא האָט געטראַכט בלויז וועגען זיך, וועגען איהר אייגענעם צושטאַנד און וויא דיעזער רוביניק, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו זיין איהר געליעבטער, האָט זיא אויף אַזא מערדערישען, פערדאָרבענעם אופן רואינירט. און דעריין איז זיא שוין זיכער — וואָס זיא האָט געמיינט, אַז איהר דוכט זיך בלויז, איז טאַקע א ווירקליכקייט. נור איצט, זיצענדיג אליין, מיט דיא אויגען אויסגעשטעלט אויף דיא פערביילויפענדע געגענשטענדע, האָט זיא צום ערשטען מאָל א טראַכט געטהאָן וועגען מאַקסען, אַז דאָס פאָהרט זיא צו איהם און אַז ער וועט זיא דאָס בעגעגענען און ארומנעהמען כמעט צום ערשטען מאָל זינט זיי קענען זיך, וואָס עס מיינט דעם ערשטען מאָל אלס מאַן און ווייב.

— אַי! אַי! — האָט זיא ווידער שטיל געקרעכצעט מיט אַן אינערליכען יאָמער.

וויא וועט זיא ווייזען איהר מאַן דיא אויגען! וויא וועט זיא קענען בעהאַלטען פון איהם איהר שאַנדע! ניין, זיא וועט איהם דערצעהלען, גלייך וויא זיא וועט איהם דערזעהען, וועט פאַלען צו זיינע פיס און וועט אויסגיסען איהר גאַנץ האַרץ, איהר גאַנצען יאָמער. זיא וועט איהם אויסזאָגען אַלעס וועגען זיין שעהנעם סעקרעטאַר, וועגען זיין געשעפטס־פיהרער.

און איהר האָט זיך פאָרגעשטעלט וויא זיא וועט ריידען, וויא זיא וועט איהם דערצעהלען אַלעס, זיא האָט אליין מיט דיא אויערען געהערט איהר שלוכצען, איהרע ווערטער, איהרע אייגענע געשרייען; אין דער קלאַפעריי פון דיא רעדער, אין דער הוזשערייי אין'ם רויש פון לויפענדען צוג האָט זיא זיי געהערט. און זיא האָט עס איבערגעקלעהרט פון אָנפאַנג און ווידער אַמאָל פון אָנהויב. און איהר האָט זיך נאָך געדוכט, וויא ער שטעלט אויף איהר אוים זיינע צאָרענדיגע בליקען. אָ, וואָס פאַר א בייזער ער קאָן זיין, וויא שרעקליך!

אָבער דאָ האָט איהר שוין אָנגעכאַפּט א צאָרען אויף געגען איהם, געגען איהר מאַן. ווער איז שולדיג אין איהר אונגליק, אויב ניט ער אליין? איז זיא שולדיג וואָס ער פיהרט דאָרט געשעפטליכע מלחמות מיט מאַלצעוועןן און ווערט אַרעסטירט אין מיטען דער חופה? איז זיא דען שולדיג, וואָס איהר אין אויסגעקומען צו פאָהרען מיט דעם באַנדיט, מיט דעם מערדער, מיט דעם פערדאָרבענעם שאַרלאַטאַן?

א ציטער האָט זיא געטהאָן, ווען זיא האָט דעפיהלט א לייכטען ריהר אויף איהר אָרבעל און האָט דערזעהען, אַז רוביניק בויגט זיך צו איהר צו.

— וואָס ווילט איהר ? — האָט זיא זיך אָבגעקעהרט, וויא זיא וואָלט מורא האָבען צו הערען, וואָס ער וועט איהר זאָגען.

— איך וויל אייך זאָגען, אז איהר דארפט קיין נאַר ניט זיין, וואָס טראכט איהר ? וואָס וויינט איהר אויף אייערע יונגע יאָהרען ? וואָס נעהמט איהר זיך אזוי דעם לעבען ? וואָס פעהלט אייך ? דאָ איז אפשר שלעכט צו פאָהרען - דאָ איז דאָך בעסער וויא אין רוסלאנד אין ערשטען קלס.

זיא האָט אַלץ געהאַלטען דעם קאָפּ אָפּגעקעהרט און האָט זיך געמאכט, וויא זיא וואָלט גאָר ניט געהערט וואָס ער רעדט צו איהר. אָבער ער איז ניט אָבגעשטאַנען, איהם האָט וועניג געקימערט, אויב זיא וויל הערען אָדער ניט.

— קומט דאָך בעסער צום שכל און זאָגט זיך: פערפאַלען ! עס בלייבט א סוד צווישען אונז, און לאָמיר בעסער זיין גוט־פריינד.

— מערדער, באַנדיט ! — האָט זיא ארויסגעבראָכט וויעדער צווישען דיא צייהן — איך וועל בעסער ארויסשפּרינגען פון וואַגאָן און מאכען א סוף און וועל מיט אייך קיין גוטער פריינד ניט זיין.

— זאָל זיין ניט. אָבער עסען דארפט איהר דאָך. איהר זעהט, אז מיך קימערט פונדעסטוועגען פאַר אייך. איך קען ניט זעהען, וויא איהר פּלאָגט זיך אליין. פאַר וואָס ? פאַר גאָר נישט ! איהר זעהט שלעכט אויס.

— זאָל דאָס אייך נור ניט קימערען ! — האָט זיא שוין געפונען דיא שטארקייט אויסצודריקען איהר ענטריסטונג אין ווערטער.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז ארויס. באַלד איז צוגעקומען א דיענער אין א ווייסען זשאַקעט און האָט גענומען אויפשטעלען אן אימפּראָוויזירטען טישעל ביים פענסטער צווישען איהר שטוהל און מאשקעס. זיא האָט אָנפאנגס אָנגעקוקט, וואס ער טהוט און האָט ניט פערשטאַנען. דערזעהענדיג דערנאָך וויא דער דיענער דעקט דעם טיש און שטעלט געשיער, האָט זיא א זאָג געטהאָן מאשקאַ׳ן :

— זאָג איהם, אז איך וויל ניט עסען.

— עסט דאָך, וויפיעל ניט איז, פאַניא. איהר וועט דאָך קראנק ווערען — האָט מאשקא געזאגט און א קוש געטהאָן איהר האנד.

און עפּעס צום ערשטען מאָהל האָט רויזעל אויף איהר א קוק געטהאָן מיט דאנקבארקייט און מיטלייד און האָט זיך אָבגערופען מיט דער זעלביגער געריהרטקייט אין איהר קול.

— דו ביזט אויך אונגליקליך, מאשקא ?

מאשקא האָט נאָך אמאָל א קוש געטהאָן איהר האנד און א פּאָאר הייסע טרעהרען האָבען אראָבגעטריפט.

— ששש... עס פּאַסט ניט, מאשינקא — האָט זיך געשטאַרקט רויזעל — זעהסט דאָך, אפילו אויסוויינען זיך קען מען דאָ ניט. מען וועט אויף אונז קוקען וויא אויף משוגעים און מען וועט נאָך...

זיא האָט געוואָלט ענדיגען „מען וועט אונז נאָך אָבפיהרען אין א דול־הויז" אלס אַן ערביטערונג געגען רוביניק'ס ווארנונג. אָבער זיא האָט דאָס ניט געקענט ענדיגען, טרעהרען האָבען איהר דאָך א שפּאַר געטהאָן אין דיא אויגען, און גראד אין דעם מאָמענט איז רוביניק צוגעקומען צוריק צו זיין פּלאַטץ, האָט איהר אָנגעקוקט און האָט איהר געזאָגט:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איהר האָט געדאַרפט געהן אָבוואַשען דעם פּנים, איהר זעהט אויס פארוויינט, איהר זייט דאָך א קלוגער מענש, וואוהין פּאסט עס. דאָרט, אין יענעם ווינקעל פון וואגאָן אין א דאמען־צימער, געהט, פאלגט מיך, וואשט זיך איין מיט קאלט וואסער, וועט איהר זיך פיהלען בעסער, עס איז צייט צו עסען.

רויזעל האָט זיך אויפגעהויבען. זיא האָט איהם געפאָלגט, אבער ניט מחמת דעם וואס זיא האָט געוואָלט געהן איינוואשען דעם פּנים, נאָר ווייל זיא האָט ניט געקענט צוריק האלטען דיא טרעהרען און האָט געמוזט וויינען, גענוג אָנוויינען זיך.

— וואָס, דו וויינסט אויך? — האָט רוביניק א פרעג געטהאָן מאַשקאַ'ן בלייבענדיג אליין מיט איהר — דיר פעהלט עפּעס אויך? האָסט אין דער היים בעסער געהאַט? ביסט ווען געזעסען אין אַזאַ וואַגאָן? ביסט ווען געווען אזוי אָנגעטהאָן? האָסט ווען געגעסען אזוי גוט?

— איך האָב דאָס אויף איהר רחמנות — האָט מאַשקאַ געענטפערט אָנגעבלאָזען — זיא איז, דוכט זיך, קראַנק.

— זיא וועט געזונד זיין, וועט געזונד זיין, וואָס אַארט דאָס דיך. איהר וועט ביידע געזונד זיין. דו זיי נור א מענש.

ער האָט דעם דיענער געגעבען דעם אָרדער וואס פאר געריכטען צו דערלאנגען, און ווען רויזעל איז צוגעקומען צוריק מיט אַן איינגעוואשענעם ערפרישטען פּנים, האָט זיא שוין געפונען פארטיגעס עסען אויפ'ן טיש.

און ער האָט אויף איהר איצט געקוקט עפּעס, געקוקט און וויא ער וואָלט ניט געקענט אראָבנעהמען דיא אויגען פון איהר. וויא שעהן זיא איז! דיא בלייכקייט פון איהר פּנים מיט דיא גליהענדע העלע רויטע קווייטען, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטען אקוראט אויף דעם מיטען פון איהרע באקען און דער טרויעריגער ערנסט פון איהרע אָנגעוואלקענטע גערדיכטע ברעמען האָבען עפּעס געהאט אין זיך אזוי פיעל ליעבליכקייט, אז אין זיין הארצען גופא וואלט זיך וויא עפּעס א ריהר טהאָן א געפיהל צו איהר — ניט א געפיהל פון טהיערישע ליידענשאַפט, וואס זיא האָט, אויסנאהמסווייזע, אין איהם ערוועקט, אויף וואס ער אליין האָט זיך געוואונדערט, נור וויא טאַקע א געפיהל פון ליעבע, פון גוטסקייט, פון רחמנות, וועלכען ער האָט קיינמאָל פריהער ניט געפיהלט צו קיינע פון זיינע אָפּפער.

ער האָט אליין אין זיך געוואָלט עס איבערוועלטיגען, און האָט זיך אָבגעקעהרט צו קוקען אין אַן אנדער ריכטונג, און האָט באמערקט וויא איי־

ניגע הערדן, פּאַסאַזשירען, האָבען אויף איהר געהאַלטען אויסגעשטרעקט זייערע אויגען, וויא זיי וואָלט אויך געווען אנגענעהם צו קוקען אויף איהר און אויף זיין פּנים האָט א שיין געטהאָן א וואולגאַרער שמייכעל, וויא ער וואָלט זיך דערפרעהען מיט דעם געדאַנק, אז זיא וועט זיין אן איינטרעגליכע סחורה, וועלכע וועט אלעמען געפעלען זיין.

דער ערשטער ביסען, זאָגט מען, איז אן עגבער. דוכט זיך, מיט א ווײַלע פריהער האָט רויזעל זיך ניט געקענט גאר צווינגען אפילו צו עסען און אבשטויסענד איז פאר איהר געווען ווען רוביניק האָט איהר דערמאָהנט וועגען דעם; זיא וועט דוכט זיך איוביג ניט עסען, קיינמאָל ניט עסען. פון דעסטוועגען, איצט, ווען זיא האָט אָנגעהויבען עסען אויך כמעט בלויז איבער דעם וואס זיא האָט זיך געשעהמט פאר דיא אלע לייטע ניט צו עסען, ווען מען האָט שוין געררייט צום טיש, און ווען מען האָט שוין דערלאַנגט, האָט זיא שוין געגעסען, און וואס ווייטער אלץ מיט מעהר געשמאַק: עס איז געווען געשמאַקע זופּ און נאָך געשמאַקערע פלייש, הײַנט דיא צושפּייזען זײַנען געווען א מחיה, אז איהר האָט זיך געוואָלט נעהמען נאָך און זיא האָט זיך געשעהמט; דיא שעהמעוודיגקייט איז אין איהר געווען אזוי שטאַרק, אז רוביניק פלעגט איהר אין דעריין אויסהעלפען, און זיא האָט געמוזט אָננעהמען זיין הילף.

— וויא? איהר דענקט, אז איהר וועט זיך קאָנען אויסקעהרען מיט מיר גאָר קיין וואָרט ניט צו ריידען? — האָט ער געפרעגט רוהיג.

— איך קאָן מיט אייך ניט ריידען, — האָט זיא געענטפערט מיט א פעסטען שטאָלץ.

— און איך זאָג אייך, אז גראַד איצט האָבען מיר פיעל וועגען וואָס צו ריידען.

— איך ניט. איהר האָט וואָס צו ריידען, רעדט.

— פאָלגט מיך, רויזעל, און זייט קליגער. וואס געווען איז געווען, לאָמיר זיין גוטע פריינד.

— מיט אייך? קיינמאָל אין דער וועלט ניט.

— מיר וועלען דאָך נאָך היינט ביי־נאַכט אָנקומען.

— קיין ניי־לאָנדאָן?

— זאָל זיין קיין ניי־לאָנדאָן.

זיא האָט איהם אָנגעקוקט.

— נו, רעדט ווערטער, וואס קוקט איהר אזוי, וויא איך וואָלט דאָ אייך עפּעס געזאָגט ווער ווייס וואָס.

— וואָס? שוין ווידער עפּעס? האָט זיא כמעט וויא אויסגעשריען.

— קיין ווידער; דיעזעלביגע זאַך.

— וואָס זאָגט איהר, „זאָל זיין קיין ניי לאָנדאָן"? וואוהין דען פאָהרען מיר?

— ווער זשע זאָגט אייך, אז ניט? אָבער ווען מיר וועלען אָנקומען, דאַרפט איהר דאָך זיך ווייזען פרעהליכער.
— דאָס איז שוין ניט אייער זאַך.
— וועמעס דען זאַך איז דאָס?
— הערט אויף מיט מיר! — האָט זיא געפאָדערט, א קוק טהוענדיג אויף איהם מיט דיא אויגען, וועלכע האָבען געשאָסען פיילען.
— גלויבט מיר, איך מיין אייער טובה. הערט מיך אוים וועניגסטענס געדולדיג. מיר וועלען דאָך ביי נאַכט שוין זיין אויף אן ארט. וואָס רעכענט איהר צו טהאָן?
זיא האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער מיינט. אָבגעמאַכט איז ביי איהר געווען גאָר ניט צוצוהערען זיך צו זיינע רייד און ניט גלויבען איהם קיין וואָרט. אָבער זיי קומען דאָך שוין ביי־נאַכט צופאהרען, זאָגט ער, און ער פרעגט איהר גאָר, וואס רעכענט זיא צו טהאָן, האָט זיא זיך ניט געקאָנט פארשטעלען וואָס ער מיינט.
— איהר פערשטעהט מיך ניט?
— ניין.
— איהר געדענקט ניט, וואס איך האָב גערעדט מיט אייך, ווען מיר זיינען געווען אויפ׳ן שיף, און ווען איהר האָט געדענקט וועגען מיר בעסער איידער איהר דענקט איצט?
— וואס מיינט איהר?
— איך מיין, אז איצט וועט איהר אפשר גלויבען מיין ליעבע, און איהר וועט איינגאַנצען אויפהערען טראַכטען וועגען מאַקס׳ען. מאַלע וואָס איהר האָט מיט איהם חופה געשטעלט, ווער וויים עס דאָ, אין א נייעם לאַנד. מיר וועלען זיך בעסער אָבשטעלען, וואו אונז וועט לוינען בעסער. און מיינט ניט, אז פאר מיר וועט אייך ערגער זיין איידער עס וואָלט אייך געווען פאר איהם.
זיא האָט זיך געשטאַרקט און האָט איהם פעסט אָנגעקוקט:
— הערט, איהר... איהר... איך וויל אייך ניט אנרופען מיט דעם פאַרסענדען נאָמען. זאָגט מיר, וואס ווילט איהר טהאָן? וואוהין פאָהרען מיר?... מיינט ניט, אז איהר האָט אָנגעטראָפען אויף א שוואכער פרויענצימער... איך...
— *ששש*... — האָט ער אָנגעהויבען, זעהענדיג, אז עס וועט ניט געהן צו פערריידען איהר דיא צייהנער — *ששש*.. היצט זיך ניט און זיינט ניט אין כעס. מיר פאָהרען וואוהין איהר ווילט.
— צו מאַקס׳ען.
— געוויס. נור איך האָב געוועלט נאָך טהאָן מיין פפליכט צו אייך און צו מיין אייגענם הארצען. איך בין פערליעבט אין אייך און איך האָב מעהר רעכט אויף אייך אלס מאַקס. דאָס מוזט איהר דאָך אליין צוגעבען.

ווייל איך אייך טאקע אבריידען פון איהם און איהר זאלט זיין מיינע. אבער צווינגען וויל איך אייך ניט און קיין סקאנדאלען וויל איך ניט איהר זאלט מאכען. זאל זיין צו מאקס'ען.

— ניט אנדערש!

— גוט, וועלען מיר היינט ביי־נאכט שוין זיין ביי איהם אויפ'ן פלאטץ.

רויזעל איז איצט געווען אין איין אונגעדולד, ווארטענדיג ווען זיי וועלען שוין אנקומען אויפ'ן פלאטץ.

דיא צייט איז ענדליך געקומען. עס איז שוין געווען נאכט. אין דיא לעצטע האלבע שטונדע, ווען רוביניק האט געזאגט: „מיר קאנען זיך שוין פארטיג מאכען, אין א האלבע שטונדע ארום זיינען מיר שוין דארט", האט איהר אנגעכאפט אזא נערוועזעס ציטערען, אז זיא האט בשום אופן ניט גע־קאנט זיך איבערוועלטיגען. און אט האט דער צוג אנגעהויבען איינצושטילען זיין בעוועגונג, האט אלץ שטילער און לאנגזמער געטראגען זיך, ביז ער האט זיך אין גאנצען אבגעשטעלט. דיא פאסאזשירען האבען זיך אנגעהויבען ארויסצושיטען פון דיא וואגאנעס. זיא מיט רוביניק'ען און מאשקא'ן צווישען דיא פיעלע, וועלכע זיינען געגאנגען מיט זייערע טשעמאדאנטשיקעס און פעקלעך.

וויא א לאנגער שטראם האבען זיך דיא מענשען געצויגען איבער דער פלאטפארם, וועלכע האט געפיהרט צו א גרויסע געביידע, און דארט ביי דער ענדע פון דער לאנגער פלאטפארם, וואס ציהט זיך צווישען דיא רייהען וואַ־גאנעס פון ביידע זייטען, זעהען זיך אייזערנע שטאקעטען און א הינטער דיא שטאקעטען מאסען מענשען.

רויזעל האט געהאלטען איהרע בליקען אנגעשטרענגט אויף יענעם פונקט, וואו דיא מאסען מענשען זיינען געשטאנען. זיא האט פערשטאנען, אז דאס זיינען פריינד און פערוואנדטע פון דיא אנגעקומענע פאסאזשירען, וועל־כע זיינען געקומען בעגעגענען זיי. ווער א ברודער, ווער א שוועסטער, ווער א מאן, ווער א פרוי; ווער א מוטער, ווער א טאכטער.

און דארט מוז אויך שטעהן מאקס, וועלכער איז מסתמא געקומען זיא בעגעגענען, ווארים רוביניק האט דאך איהם טעלעגראפירט פון איהר אנקונפט. וואס נעהענטער זיא איז צוגעקומען, האט זיך איהר אלץ מעהר גע־דוכט אויף אן אנדערען, אז דאס איז מאקס. אן זעהט זיא איהם, דוכט זיך, מיט דער האנד אנהאלטענדיג איינעם פון דיא אייזערנע שטאקעטען. דאס איז, דוכט זיך, זיין פנים און זיין האנד מיט דיא פינקלענדע דיעמענטען אויף דיא פינגער; אבער אבגעהענדיג א פאאר טריט ווייטער, זעהט זיא שוין, אז מאקס איז גאר אן אנדערער, וועלכער שטעהט פון דער זייט מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און מיט זוכענדע אויגען.

אבער דא האט זיך רוביניק צולאכט, וואס עס האט איהר א שטאך

געטהאָן אין הארצען און זיא האָט זיך שטאַרק פערשעהמט פון זיינע רייד.

— איהר מוזט זיין פערטיג א ווארף צו טהאָן זיך דעם ערשטען, בעסטען מאנספּערזאָן אויף׳ן האלז און צוקושען זיך, ווען ער זאָל אייך נור זאָגען, אז ער איז מאַקס. איי, וואלט אייך געווען גרינג אָבצונאַרען. איהר האָט זיך שוין אפּנים גאר פארגעסען וויא ער זעהט אויס!

זיא האָט ניט געענטפערט.

— איהר זעהט איהם אפשר ניט קענענדיג איהם, ניט געדענקענדיג איהם. איך קאָן איהם אָבער צו־גוט און זעה דארום, אז ער איז דאָ ניטאָ. קומט.

און ער האָט אָנגעהויבען געהן פאַראויס און זיי נאָך איהם, וויא פּלוצלונג פון דער זייט האָט זיך אָנגעהויבען הערען א געשריי:

— העללאָ, סמארטי־העללאָ, באָטער־טאָנג בענני!

רוביניק האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט זיך אומגעקוקט.

רויזעל מיט מאשקאַ׳ן האָבען זיך אויך אָבגעשטעלט, אָבער ניט ווייל זיי זאָלען פערשטעהן, צו וועמען עס ווענדען זיך דיעזע ווערטער, נאָר ווייל רוביניק האָט זיך אָבגעשטעלט. און זיי האָבען געזעהען, וויא א דיקער מאַן פון א יאָהר פינף־און־דרייסיג, דורכאויס ראזירט, מיט א געזעצטער מאָרדע און פינקלענדע רינגען אויף דיא פינגער פון האנד, קומען צו צו רוביניק׳ען.

רוביניק האָט געמאכט א טריט צו איהם און האָט איהם ברייט דער־לאנגט דיא האנד, אָבער אויף זיין פּנים איז עפּעס געווען אַן אונצופריעדענ־הייט.

**— א, העללאָ! העללאָ, טשאָלי! — האָט געטרייסעלט יענעם׳ס האנד רוביניק.**

**— גודז. — האָט דער מאַן, וועלכען רוביניק האָט אָנגערופען טשאָלי,** א פרעג געטהאָן, א ווינק טהאָענדיג אויף רויזלען מיט מאשקאַ׳ן.

ווייטער האָט רויזעל שוין נישט געהערט וואס דיא צוויי האָבען גע־רעדט ווייל זיי האָבען אָבגעטראָטען אָן א זייט. און ווען זיא וואָלט הערען, וואלט זיא אויך ניט פערשטעהן. איהר איז נור געווען אונאַנגענעהם צו שטעהן און ווארטען, ווען ארום און ארום איז אַלעס אזוי פרעמד.

וואס איהר האָט אָבער געוואונדערט, איז דאָס, וואָס יענער מאַן האָט זיך מיט רוביניק׳ען בעגעגענט אזוי פאמיליאר, ריידענדיג מיט איהם אפּנים אויף ענגליש, מסתמא מוז דאָך יענער זיין א היעגער, פון דיעזער שטאָדט (פון „ניי־לאָנדאָן״, וויא זיא האָט געדענקט), איז ער דאָך מסתמא אויך מאקס׳עס א בעקאנטער, איז פאר וואָס לאָזט עס איהר רוביניק אזוי איבער אליין מיט מאשקאַ׳ן און שטעלט זיא גאר ניט פאָר? זיא האָט געמיינט, אפשר דערצעהלט ער דאָס איהם דאָרט, ווער זיא איז און ער וועט איהם צופיהרען דערנאָך.

אָבער רוביניק האָט באלד אָבגעטראָטען פון יענעם, א מאך טהאָענדיג

אין דער לופט מיט דער האנד, וויא צום געזעגענען זיך, און איז שנעל צו־געגאנגען צו איהר מיט מאשקא'ן.

— קומט! — האט ער געזאגט — לאמיר געהן, לאמיר אריינגעהן אין וואקזאל. דאס איז אן אלטער בעקאנטער, כאפט איהם דער טייפעל, שדים האבען איהם אנגעטראגען.

— און וואו איז דאס מאקס? — האט זיא ווידער אמאל אונגע־דולדיג א פרעג געטהאן.

— לאמיר אריין, לאמיר אריין אין וואקזאל. וואס ווייס איך? — האט רובינים שוין בייזלעך געענטפערט — וואס ווייס איך? מען דארף דאך אויסגעפינען פריהער, דערנאך וועל איך אייך קאנען זאגען.

זיי זיינען אריין אין גרויסען וואקזאל, וואו עס איז געווען אזוי העל בעלויכטען און פול מיט מענשען. פיעלע זיצען צוזעצט אויף לאקירטע ביינק, מיט רייזע־טאשען, מיט פעקלעך, מיט טשעמאדאנעס, און מאנכע איילען זיך, לויפען, דיא אהין, דיא צוריק. אייזענבאהן בעאמטע אין מונ־דירען מיט מעשענע קנעפלעך געהען ארום רופען אויס, שרייען אויס. רויזעל איז געווען וויא צומומעלט פון דער ליכטיגקייט, פון דעם קאך און דער בע־וועגונג ארום איהר.

— אן זיינען זיי! — האט רובינים א זאג געטהאן וויא דערפרעהט — זעצט זיך איין ווייליכקע.

רויזעל האט נאך ניט צייט געהאט צו כאפען זיך וואס ער מיינט, וויא ער איז צוגעלאפען צו א באנק, אויף וועלכע עס איז געזעסען א דאמע, שעהן פערפוצט און האט פון ווייטען אויסגעזעהען וויא זעהר א רייכע און א שעהנע. זיא האט געקוקט פון ווייטען אויפמערקזאם, וויא דיא דאמע האט זיך אויפגעהויבען, ווען רובינים איז צו איהר צוגעגאנגען נעהענטער, האבען זיך געדריקט דיא הענד און וויא דערפרעהט זיך איינע מיט'ן אנדערען, און האבען עפעס א ווייליע גערעדט; דיא דאמע האט געשאקעלט מיט'ן קאפ, און באלד איז צו זיי צוגעגאנגען א מיטעל־יעהריגער מאן, אויך גוט געקליי־דעט און האט זיך ארומגעכאפט קושען מיט רובינים'ען, און ער האט עפעס געמאכט מיט דיא הענד. און רויזלען האט זיך געדוכט, אז זיא פערשטעהט וואס דער מאן מאכט מיט דיא הענד. דאס דערצעהלט ער, וויא ער האט גע־זוכט, געזוכט זיי אומעדום איבער'ן וואקזאל און האט זיי ניט געקאנט געפינען.

ווער קאנען זיי דאס זיין? און וואו איז מאקס? — איז ביי איהר דורכגעלאפען אליין פראגע דורך'ן קאפ.

— איז יענער מאן דער הערר? — האט מאשא אונענטשלאסען שטיל א פרעג געטהאן.

זיא האט געמיינט צו פרעגען, אויב דאס איז רויזעל'ס מאן, אבער

רויזעל איז געווען אזוי צוטומעלט איצט, אז זיא האט איהר ניט פערשטאַ־נען.

— איך וויים ניט! — האט זיא געענטפערט — לאָז מיך צורות!

אין דעם מאָמענט האט זיא געזעהען, וויא דיא דאמע און נאָך איהר רוביניק און דער אונבעקאנטער מאַן, לויפט צו איהר וויא מיט פרייד עפּעס, דאָס האַרץ האָט איהר אָנגעהויבען צו קלאַפּען און זיא האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו באַדענקען זיך, וויא זיא זאָל זיא בעגעגענען, ערשט דיא דאמע איז שוין לעבען איהר מיט צושפּרייטע אָרעמס, כאַפּט זיא אַרום מיט אזוי פיעל פריינדשאַפט און צוקושט זיך מיט איהר; רויזעל האָט זיא צוריק גע־קושט, ניט וויסענדיג אליין וואָס זיא טהוט.

— אָ, דאָס זייט איהר, וויא מיך פרעהט אייך צו בעגעגענען. איהר מוזט מיר עקסקיוזען.

— רעדט אידיש, זיי פערשטעהען דאָך ניט — האָט רוביניק כלומרשט אַ שמייכעל געטהאָן, איז אָבער עפּעס זעהר בלייך געוואָרען.

אָ, ענטשולדיגט, איך בין אזוי איבערראַשט, אז איך פאַרגעס זיך גאַר, אז איהר קומט פון דיא אָלד קאַנטרי.

— אידיש! אידיש! — האָט אונטערגעכאַפּט דער פרעמדער מאַן און האָט העפליך אַ ציה געטהאָן זיין הוט צו בעגריסונג.

— דאָס איז מאַקס'עס שוועסטער, מאדאם גאטער — האָט רוביניק זיך געכאַפּט פאַרצושטעלען, — און דאס איז מיסטער גאטער, דאָס הייסט, הערר גאטער, מאַקס'עס שוואָגער.

רויזעל האָט זיך אַ ביסעל פערשעהמט פאַר דיא אונערוואַרטעטע מחותנים, איז געבליעבען אין פערלעגענהייט, צוטומעלט. אָבער דאָך האָט זיא גלייך אַ פרעג געטהאָן:

— און וואו איז מאַקס?... וואו... וואָס...

אין איהר שטימע האָבען זיך דערהערט טרעהרען פון שרעק און נערוועזיטעט, און זיא האָט אליין ניט געוואוסט וויא נאָכצופרעגען זיך.

— איהר הערט דאָך — האָט רוביניק אָנגעהויבען צו ערקלעהרען — ער איז עפּעס ניט געזונד...

דיא דאמע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט אויך עפּעס געוואָלט אָנהויבען זאָגען, נאָר רוביניק האָט ווייטער אונטערגעכאַפּט:

— דאָס הייסט, שרעקט זיך ניט. וויא מיינט, דאָס הייסט מאדאם גאטער האָט מיר ערקלעהרט, איז דאָס גאר נישט... נור עפּעס אַ פּוס טהוט איהם וועה, און עס איז איהם שווער צו געהן. אָבער ער איז געזונד...

— יעס, דאָס הייסט יאָ — האָט צוגעהאָלפען דער מאַן, וועלכען רו־ביניק האָט פאַרגעשטעלט אלס מאַקס'עס שוואָגער — ער איז געזונד און שטאַרק, אויך מיר געזאָגט געוואָרען, נור אַ פוס, אַ פוס באַדערט איהם...

— וואָס? — האָט רויזעל ערשראָקען איהם אָנגעקוקט, ניט פאַר־

שטעהענדיג דאָס וואָרט „באַדערט“. איהר איז עפּעס דורכגעלאָפען אין דיא געדאנקען דאָס וואָרט „דער“, דיא „דעריגע“, וואס ווערט געברויכט אין דער ליטא פאר שווינדזוכט.

— שרעקט זיך ניט — האָט אונטערגעכאפּט רובּיניק, און האָט גע־נומען פּערטייטשען, זעהענדיג וויא זיא פערשטעהט ניט — עס מאַנגעלט איהם א פּוס, דאָס איז א קלייניגקייט. נאָר איהר ווייסט דאָך וויא מיט א פּוס, שווער א טראָט צו טהאָן, אפשר גאָר נאַגניאַטקעס, היהנער־אויגען... קוממט, לאָמיר פאָהרען.

— געוויס... לאָמיר פאָהרען, מיין ליעבעס קינד... שור, דאָס איז גאר נישט. איך וויים וואָס, א פּוס טהוט וועה — האָט איצט שוין אויך אָנגעהויבען דיא דאמע איהר איינצורעדען.

רויזעל האָט אלץ עפּעס וויא ניט פערשטאַנען און האָט אָנגעהויבען קוקען אויף דעם מאַן, וואָס גיט זיך אָן אלס מאקס׳עס שוואָגער, וועלכער האָט זיך איצט גראדע אָבגעקעהרט פון איהר און האָט אָנגעהויבען קוקען אויף מאשקאַ׳ן מיט דעם זעלביגען אינטערעס וויא ער האָט געקוקט פריהער אויף איהר.

— דאָס איז אונזער דיענסט־מיידעל, א גויה׳קעלע, א דאָרפיש מיי־דעל, מאַשקאַ.

מאַשקאַ׳ס פּנים האָט זיך בעגאָסען מיט רויטקייט, זיא האָט אראָב־געלאָזט דיא אויגען און האָט זיך פערלאָרען, ניט וויסענדיג וואס צו טהאָן מיט איהרע הענד, וויא איהרע הענד וואָלטען געווען איבעריגע.

— וואו... וואוהין פאָהרען? — האָט געשטאַמעלט רויזעל, וועלכע איז געווען עפּעס שרעקליך ענטוישט, עפּעס אלץ ניט אזוי וויא זיא האָט זיך פאָרגעשטעלט, ניט אזוי וויא זיא האָט ערוואַרטעט. און וואָס איהר האָט זיך מעהר פאר אלעם געוואָרפען אין דיא אויגען איצט איז געווען רובּי־ניק׳ס האַלטונג. עפּעס וויא ער וואָלט זיך אליין פערליערען, איז געווען בלייך, צוטומעלט, און האָט זיך אלץ אַרומגעקוקט.

— לאָמיר פאָהרען!... לאָמיר פאָהרען — האָט ער געאיילט זיא איצט, נעהמענדיג אין האנד דעם טשעמאָדאַנטשיק.

דיא דאמע האָט גענומען רויזלען אונטער׳ן ארעם, זאָגענדיג:

— יעס, שור, לאָמיר שוין פאָהרען.

און ווען רויזעל האָט עפּעס א טראָט געטהאָן אונענטשלאָסען, האָט זיא ערשט אָנגעהויבען צו בערוהיגען זיא, וויא זיא וואָלט זיך ערשט גע־כאַפּט צום שכל, וויא זיא דאַרף צו איהר ריידען:

— ביי אונז וועט אייך זיין גוט. איהר דאַרפט זיך אזוי אויסרוהען פון וועג, איהר זייט נעבעך מיעד... שור... מאַקס איז דאָרט... אָי, וואַרט ער אויף אייך מיט אונגעדולד, ער איז דאָך אזוי פערליעבט אין אייך... אָ, מאַי! ער ברענט וויא א פייער...

רויזעל האָט אפילו ניט פערשטאַנען, וואס „שור“ איז און וואָס „אַ, מאַי!“ איז. אָבער דיא ווערטער אז מאַקס וואַרט אויף איהר מיט אונגעדולד און אזוי ווייטער, איז געווען ערשט דאָס, וואָס זיא האָט געוואָלט הערען, וואס האָט זיך צוגעפּאַסט מעהר צו דעם צושטאַנד, אין וועלכען זיא געפינט זיך.

און וויא זאָנדערבאר פאַר איהר איז ניט פאָרגעקומען דיא ערשיינונג פון א שוועסטער און שוואָגער פון מאַקס'ען זיא צו בעגעגענען אנשטאָט מאַקס'ען אליין, וויא אונערוואַרטעט איבערראַשענד דאָס איז ניט געווען פאַר איהר, פונדעסטוועגען איז זיא געגאַנגען וואו מען האָט זיא געפיהרט. און ווען ארויסגעהענדיג פון וואקזאַל האָט מאַקס'עס שוואָגער אָנגעוויעזען אויף א קאַרעטע, פון וועלכע דער קוטשער האָט געעפענט א טהירעל, עפּעס אזוי וויא פאַר פּריצים, און מאַקס'עס שוועסטער האָט אָנגעוויעזען זיא זאָל אריינגעהן, איז זיא אריינגעגאַנגען, און דאָך ניט פאַרדעכטיגט, אז מען פיהרט זיא דאָס ניט צו מאַקס'ען.

.10

דעם לעזער קען זיך דוכטען אלץ, אז רויזעל האָט געמוזט זיין א גרויסע נאַר, עפּעס א „לעמעשקע“, וואס האָבענדיג אזוי פיעל צרות און אָנשטויסענדיג זיך אויף אזוי פיעל זאָנדערבאַרקייטען, האָט זיא נאָך אלץ ניט פערשטאַנען, וואס מען געהט טהאָן מיט איהר. אָבער אזעלכע מיינונגען קאָנען ארויסקומען דעם לעזער נאַר דערפאַר, ווייל ער איז שוין ניט אזוי נאַאיוו, ער ווייס מעהר אָדער וועניגער דיא וועלט, לעבט אין א גרויסער, קאָכיגער שטאָדט מיט אלערליי בעגעבענהייטען און פּאַסירונגען, און קאָן זיך גאַר ניט פאָרשטעלען א נאַאיווע נאַטור, א ניט ערפאַהרענע, וועלכע דענקט, אז ווילדע פערדאָרבענהייטען, שוידערליכע פּאַסירונגען זיינען אין ראָמאַנען ערגעץ, אין מעשות, און זיי פּאַסירען פיעלייכט ערגעץ־וואו, ווייט ערגעץ, וואו זיי אליין זיינען ניטאָ. אבער אז ארום זיי און פאַר זיי וועבט זיך עפּעס אזעלכעס, פון וואָס מען ווערט צושוידערט ווען מען לעזט, דאָס ווערט אזא נאַאיווער, אונערפאַהרענער און אין הארצען ריינער פערזאָן, קיינמאָל אויפ'ן זינען ניט ארויף.

רויזעל איז ניט נור ניט געווען קיין „לעמעשקע“, קיין נאַר, נור פאַרקעהרט, זיא איז געווען א גאַנץ קלוגע, מיט נאַטירליכען שכל. עס זיינען דאָ אלערליי מינים קלוגשאַפטען. זיא איז ניט געווען קיין פּראַקטיש־קלוגע, ווייל דאָס איז א קלוגשאַפט וואס קומט פון ערפאַהרונג. אָבער זיא האָט געהאַט א גראַדען פערשטאַנד, האָט פערשטאַנען וויא צו ריידען מיט א מענשען, וויא צו ריידען וועגען א שכל'דיגער זאַך; קורץ, איז געווען א גאַנץ פערנינפטיגע פערזאָן. אָבער זעהר אַן אונענטשלאָסענע, און דיא שטאַרקע קלעפּ און דיא פאַרטווערענדע ענדערונגען, נייע בעגעגניסע, נייע שטעדט, אומגעבונג, פרעמדע פּנים'ער — דאָס אלעס האָט נאָך שטאַרקער געווירקט

אויף איהר אונענטשלאָסענהייט. און הויפּטזעכליך האָט זיא טאַקע גאַר ניט געהאט קיין זיכערען פּערדאכט אויף א פּלאַנמעסיגער פערשווערונג געגען איהר — א פּערשווערונג, וואס הויבט זיך נאָך אָן פון איהר שידוך אין אָרשע.

אין קאַרעטע האָט זיך מיט איהר געזעצט מאַקס'עס שוועסטער לעבען איהר, מאַשקאַ מיט רוביניק'ען אנטקעגען, און מאַקס'עס שוואָגער האָט זיך געזעצט אויף דיא קאָזלעס לעבען קוטשער. רויזעל האָט נאָך קיין זאך ניט געקאָנט ריידען, ווארום זיא האָט ניט געקאָנט צו זיך קומען פון דיא פּלוצלונגע איינדריקע און ענטוישונגען. דיא זעהר העלע עלעקטרישע בעלייכטונג אין וואקזאַל, דער רויש, טומעל, קאָך און דיא בעוועגונג פון מאַסען מענשען, קאַרעטען, טראַמוואַיס, וואס זיא האָט נאָך קיינמאָל אזוינס ניט געזעהען, האָבען אויף איהר אזוי געווירקט, אז זיא האָט געדאַרפט קומען צו זיך, אום צו קאָנען אָנהויבען ריידען. עס איז פאר איהר נאָך געוועזן גוט, וואס זיא האָט געדאַרפט גלייך אריינגעהן אין קאַרעטע. אין קאַרעטע איז געוועזן האַלבדונקעל, אָבוואהל מען האָט דורך דיא צוויי שויבען אין דיא טהירלעך פון ביידע זייטען געקאָנט זעהען, וויא עס טראָגען זיך פארביי בעלויכטענע געשעפטען, הייזער, עלעקטרישע פאַנארען און עפּעס וויא א יום־טוב'דיגקייט וואלט געוועזן אין מאַנכע פּונקטען, וועלכע שווינדען פערביי.

רויזעל האָט זיך געפיהלט איצט אונבעקוועהם. זיא דאַרף דאָך אייגענטליך עפּעס זאָגען, אָבער זיא ווייס ניט וויא און וואס. זיא וואלט שוין וועלען קומען אויפ'ן פּלאַטץ און דערזעהען מאַקס'ען, וויא זיא וואלט זיך שרעקען, דאַרט זאָל ניט זיין קיין נייע ענטוישונג. איהר איז עפּעס אויך דערביי אונאַנגענעהם געוואָרען דער שטאַרקער גערוך, וואס הערט זיך פון דער דאַמע, וואס איז מאַקס'עס שוועסטער, איהר שוועגערין הייסט עס, עפּעס א שניידענדע גערוך פון פּערפיום צומישט מיט א ריח פון פּוילקייט, פון טוכלע.

און יענע בויגט זיך צו איהר צו אזוי נאָהענט, מיט א זיסע מינע, א חניפה'דיגע מינע, און אזוי אונזשענירט און שמייכעלט צו איהר צו:

— איהר זייט אזוי מיעד פון וועג, אז איהר וועט זיך ביי אונז זעהר גוט אויסרוהען. יעס? שור, אזא שעהנינקע וויא איהר זייט.

— היינט וועלען זיי דאָס קאָנען רוהען, ווען זיי האָבען זיך אזוי לאנג ניט געזעהען מיט מאַקס'ען — האָט רוביניק אונטערגעכאַפּט — זיי האָבען דאָך מסתמא אזוי פיעל צו ריידען.

— אָ, יעס, יו אַר ראַיט — האָט זיך פערכאַפּט דיא גערופענע מאַדאַם גאַטער — מאַקס, יעס... וועט ער זיך דאָס פרעהען מיט אייך... שור... איהר וועט זעהען... וויא... וויא רופט מען אייך?

— רויזעל? איהר ווייסט דען ניט? ראָזי! — האָט רוביניק פערדרוסליך א זאָג געטהאָן.

— א, יעס!... יעס, ראָזי, איך געדענק — האָט מאַדאַם גאַטער זיך פערכאַפּט, זעהענדיג אז זיא האָט דאָ געמאַכט א פּלאָנטער — ראָזי, א פּיי־נער נאָמען... און איהר זייט...

אָבער רויזעל האָט זיא איבערגעשלאָגען מיט א סאַרקאַסטישען קרענק־ליכען שמייכעל:

— שוין צייט אפשר טאַקע פאַר איהם צו פאַרגעסען מיין נאָמען.

— איהר דאַרפט דאָך ענטשולדיגען — האָט אָנגעהויבען צו פער־ריכטען רוביניק — איהר פערשטעהט דען ניט, אז אויף ענגליש איז דער נאָמען אַנדערש. אין אידיש רויזעל, אין רוסיש ראָזא און אין ענגליש ראָוזי.

— נעווער מיינד — האָט פאַרבעסערט מאַדאַם גאַטער — איהר וועט זיך אויסגרינען וועט איהר שוין פאַרשטעהן... שור... מאַקס האָט מיר גע־זאָגט אז רויזעל... ראָוזי. . . איהר זייט אַזאַ שעהנע... און איך ליעב אייך זעהר.. און זיא אויך...

זיא האָט אָנגעוויעזען אויף מאַשקאַ'ן.

— דיא דיענסט. — האָט אונטערגעכאַפּט רוביניק — מאַקס האָט דאָך אַנדערש ניט געוואָלט, סיידען אז מען זאָל בריינגען א דיענסט פון רוסלאַנד, וועלכע זאָל קענען פאַרשטעהן דיא מאַדאַם קאַרע... מאַדאַם ראָוזי קאַרע...

— סאַירטענלי! סאַירטענלי! מאַקס האָט געזאָגט, סאַירטענלי...

— איך פערשטעה ניט, וואס איהר זאָגט — האָט איהר אָנגעקוקט רויזעל.

— שור — האָט זיך צולאַכט אויך מאַדאַם גאַטער — איך בין דאָך שוין אַזוי לאַנג פון דיא אַלד־קאַנטרי. אָבער איהר וועט זיך דאָ ביי אונז אויסגרינען, וועט איהר אויך ריידען ענגליש.

— איך האָב מורא, אז דאָס וועט מיר אָנקומען זעהר שווער — האָט געצוואונגענערהייד געענטפערט רויזעל, געפינענדיג, אז זיא מוז וואס ענט־פערען.

— נעווער מאַינד, וואָס שווער, איהר וועט זיין אָל־ראַיט... איהר זייט אַזאַ שעהנע.

— מאַקס וויים וואס פאַר א שידוך צו טהאָן — האָט רוביניק אליין געפונען פאַר נויטיג צו דערמאָהנען מאַדאַם גאַטער אויף מאַקס'עס נאָמען.

— יעס, מאַקס, סאַירטענלי, מאַקס איז אָל־ראַיט.

— און וויא איהר וועט זיך צוזאַמענריידען מיט דער דיענסט וועט זיין א קאָמעדיע — האָט רוביניק אריינגעזאָגט, וועלענדיג פאַרציהען עפּעס א זייטיגען געשפּרעך, טאָמער וועט זיך מאַדאַם גאַטער אויסריידען עפּעס, וואס קען ווערען פאַרדעכטיגט פאַר רויזלען — וויא וועט איהר זיך צונויפ־ריידען מיט א פּוילישע שיקסע?

— נעווער מאַינד, זיא וועט זיך אויך אויסגרינען. זעהר א פיינע

שיקסע — האָט מאַדאַם גאַטער געשמייכעלט צו מאַשקאַ'ן מיט דער זעלבער מינע וואָס זיא האָט פריהער געשמייכעלט צו רויזלען.

רוביניק האָט בעמערקט דעם איינדרוק, וואס דאָס האָט געמאַכט אויף רויזלען, און ער האָט איצט אָנגעהויבען צו פארציהען א געשפרעך וועגען דער רייזע.

— נור א רייזע האָבען מיר געהאט א גוטע. אויפ'ן שיף האָבען מיר געהאט אלע בעקוועמליכקייטען. ניט אזוי, מאַדאַם קאַרץ?

— יא — האָט קוים צוגעשאַקעלט מיט'ן קאָפּ רויזעל און איהר האָט זיך געדוכט, אז ער דערמאָהנט מיט א כיון דיא רייזע אויפ'ן שיף, כדי צו רייצען זיך מיט איהר און דערמאָהנען זיא, אז ער קען דערצעהלען עפּעס וואס אויפ'ן שיף האָט זיך געטהאָן. איהר הארץ האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו קלאַפּען.

— פיין, פיין — האָט צו יעדע פּאָאר ווערטער צוגעבאַמקעט דיא מאַדאַם גאַטער.

אָבער רויזעל האָט געמאַכט א טעות. רוביניק האָט דערצעהלט פון דער רייזע, האָט אָבער גאָר אָנגעהויבען צו שילדערען וויא דיא פּאַסאַזשירען האָבען געליטען פון דער ים־קראַנקהייט, וויא איהם האָט עס אבסאָלוט ניט געקימערט, אקוראַט וויא ער וואָלט גאר ניט געווען אויפ'ן וואסער, אָדער וויא ער וואָלט געווען א געבאָרענער מאַטראָז.

און אין מיטען זיין דערצעהלונג האָט זיך אָבגעשטעלט דיא קאַרעטע. דיא טהירעל האָט זיך געעפענט, מאַקס'עס שוואָגער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דיא קאָזלעס. רויזלען איז איינגעפאַלען אין הארצען. עס וואָלט געווען שווער צו שילדערען, וואס זיא האָט אין דער מינוט געפיהלט און וואס פאר א טומעל ביי איהר איז געווען אין מוח. איהר האָט אָנגעכאַפּט א מורא פון ערוואַרטען עפּעס, וואס דאַרף זיך באלד טהאָן — דיא בעגעגעניש מיט מאַקס'ען. אָבער פאר וואס אזא מורא? דאָס האָט זיא אליין ניט געוואוסט.

ארויסגעהענדיג פון קאַרעטע האָט מאַקס'עס שוואָגער אָנגענומען רויזעל'ס ארעם, וועהרענד רוביניק מיט מאַדאַם גאַטער זיינען געגאַנגען פאראויס און מאַשקאַ נאָך זיי. רויזעל האָט געזעהען פאר זיך א גאַנצע רייהע פון ברוינע, געמויערטע הייזער, מיט א גאַנצער שורה פון ברוינע טרעפּ, וועלכע זיינען עפּעס וויא א שערענגע סאָלדאַטען אויסגעשטעלט. מאַקס'עס שוואָגער האָט זיא געפיהרט אויף דיא ברייטע טרעפּ, אויף וועלכע רובניק מיט מאַקס'עס שוועסטער זיינען ארויף פריהער, האָבען עפּעס גערעדט אויף ענגליש מיט אזעלכע טענער, וויא זיי וואָלטען זיך ראַמפּערען, וואס זיא האָט אָבער ניט פערשטאַנען. מאַדאַם גאַטער האָט אָנגעקלונגען צוויי מאָהל, דערנאָך ווידער צוויי מאָהל, דערנאָך א דריטען מאָהל, צוויי מאָהל נאָכאנאנד. און דאַן האָט זיך אָן עפען געטהאָן דיא טהיר און עס האָט זיך דערזעהען א שווארצע מאַזעפּע, וויא דער פּנים וואָלט געווען פון סאַזשע מיט אויל.

מאשקא האט זיך אזוי דערשראָקען, אז זיא האט זיך אָנגעכאפּט פאר רויזעל'ס האנד און האט זיך צוגעדריקט צו איהר. מאקס'עס שוואגער האט זיך צו־לאכט, אָבער מיט עפּעס אן אבשטויסענדען געלעכטער, וואס האט אויף רויזלען געמאכט א זעהר אונאנגענעהמע ווירקונג.

זיי זיינען אריין. רויזעל האט אפילו ניט באמערקט, וואס ארום איהר טהוט זיך, וויא דער אריינגאנגס־צימער זעהט אויס, נאָר זיא האט עפּעס דערפיהלט אזא פרעמדקייט, אז זיא איז געבליעבען שטעהן.

— קומט, קאם־אָן! — האט זיך א קעהר געטהאָן צו איהר מאדאם גאטער, אבער ניט אזוי פיעל צו איהר וויא צו דעם מאַן.

און דאָ האט זיך עפּעס אָנגעהויבען צווישען רוביניק, דער פרוי און דעם מאַן א געשפּרעך אויף ענגליש, וואס זיא האט ניט פערשטאַנען, אָבער דאָס געשפּרעך האט עפּעס אלץ געקלונגען וויא א האמפּעריי. דער שוואָר־צער, וואָס האט געעפענט דיא טהיר, האט געהאלטען איצט אין פעררינגלען דיא טהיר מיט אייזערנע ריגלען און בראָנזענע קייטלעך. פון זייט־צימער ערגעץ האט זיך געהערט מוזיק פון א פּיאַנאָ.

— וואו איז מאקס? — האט רויזעל ניט מיט איהר קול א פרעג גע־טהאָן.

— יעס, שור, מאקס! — האט זיך שוין מאדאם גאטער א בייזער געטהאָן, — אי סעי טייק האר אפּסטערז, יו דעם פול.

און זיא האט אראָבגעוואָרפען פון זיך דעם מאַנטעל און דיא היטע־לע, וועלכע דער שווארצער האט צוגענומען.

רוביניק איז צוגעטראָטען צו רויזלען און אָנגענעהמענדיג איהר האנד האט ער געזאגט —

— ציהט אויס דעם מאַנטעל, נעהמט אראָב אייער היטעלע, און קומט ארויף. מאקס'עס צימערען זיינען אויבען.

— שור, אבסטערז!

דער מאַן האט דערוויייל גענומען פון מאשקא'ן דעם טשעמאָדאנטשיק, האט אויך איהר געהאָלפען אויסטהאָן איהר זשאַקעט און היטעלע, וועהרענד רוביניק האט געהאָלפען רויזלען אויסטהאָן איהר מאַנטעלע און היטעלע. און דאָס אלעס האָבען זיי אָנגעלייגט ביי דעם שווארצען אויף דיא הענד, וועלכער האט געהאט א גאנצען פּאַק צו שלעפּען מיט זיינע ביידע הענד.

— קומט, מיין ליעבע, צו מאקס'ען — האט געזאגט מאדאם גאטער ארומנעהמענדיג רויזלען און פיהרענדיג זיא אויף דיא טרעפּ — ער האט דאָך א קראַנקע פוס, קאָן ער דאָך ניט אראָבגעהן.

רויזעל האט אָנפאנגס ניט פערשטאַנען, וואס זיא מיינט, האט איהר אָנגעקוקט, ניט ריהרענדיג זיך פון ארט. אָבער מאדאם גאטער איז צוגע־גאנגען, האט זיא ארומגענומען און האט זיא א קוש געטהאָן, זאָגענדיג:

מיין ליעב קינד, איהר קאָנט זיך דאָך אזוי ניט ווייזען פון וועג. איהר

זייט א גרינע... שור, אייערע קליידער שמעקען דאך מיט שיף, יו ענדער־סטענד...

רויזעל האָט דערפיהלט עפּעס א שוידער איבער'ן גאנצען לייב פון דעם קום פון דיא קאלטע, פעטע ליפּען. נאָר דיא ווערטער אז זיא איז א גרינע, און פון איהרע קליידער שמעקט שיף, זיינען איהר אויסגעקומען ניט קיין גאָר פאלשע. זיא האָט דאך טאקע נאָך עפּעס לאנג געהערט, אז ווען מען קומט אראָב פון שיף, דארף מען אראָבווארפען דיא אלטע קליידער, ווארום עס הערט זיך פון זיי א ספּעציפישער ריח. זיא האט אבער דאך ניט פערשטאנען דיא זאנדערבארקייט, דאס גלייך וויא זיא איז אריין אין הויז, שוין טהו זיך איבער, שוין נעהם זיך וואשען. זיא איז ריין, זיא איז ניט נור וואָס אראָב פון שיף, זיא האָט גוט איינגעוואשען דעם פּנים אין וואגאָן מיט איין וויילינקע פריהער, איידער זיי זיינען געקומען צו פאהרען. זאל זיא גאָר ניט טאָרען זעהען זיך מיט מאקס'ען, ביז זיא וועט ניט דורכמאכען עפּעס א גאנצע צערעמאָניע? און וויא פרעמד דאס אלעס קומט פאָר!

— וואו איז מאקס? — האָט זיא א פרעג געטהאָן שוין וויא מיט א מין פּראָטעסט — איך פערשטעה ניט...

זיא האָט געוועלט נאָך עפּעס זאָגען, קוקענדיג אונפריינדליך אויף מאקס'עס שוועסטער, וועלכע זיא האָט ערשט איצט גוט דערזעהען, ווען זיא איז געווען אָהן א היטעלע און אהן דיא אלע אויבערשטע מלבושים, וועלכע האָבען זיא געמאכט אויסזעהען אנדערש.

איהר האָט זיך אויסגעוויזען דער פּנים אבשטויסענד. א ווייסער פּנים, אונגעהויער אנגעפּודערט, רויטליך־בלאָנדע האאר, עפּעס אזוי שרייענד און ארויסרופענד פּרוזירט, ווייסע איירינגלעך, און אן אבשטויסענדע פּרעכ־טיגע רעדט פון גאנצען פּנים מיט דיא וואסערדיג־בלויע אויגען.

אָבער יענע האָט איהר איבערגעשלאָגען אין מיטען איהרע רייד און האָט ווידער זיא ארומגענומען ביים טאַליע.

— ראָוזי טהייערע, ביי אונז פיהרט זיך דאָ אזוי. איהר דארפט ניט זיין קיין גרינהאָרן. איך היים מיין דיענסט גלייך אייך אריינטראָגען נייע קליידער און...

— וועלכע נייע קליידער?

— איך האָב פאר אייך קליידער. זאָרגט ניט.

— ניין. איך וויל ניט אויספּוצען זיך ; יצט. איך האָב מיינע אייגענע קליידער. איך וויל זעהען מאקס'ען דיא ערשטע זאך.

— וועלען מיר זעהען וועגען דיא קליידער. טהוט אן אייערע אנדערע, א... א לייכטען ראַפּער... שור...

— וואס פעלט אייך איין? — האָט איהר אָנגעקוקט רויזעל, וויא זיא וואלט זיא גערעכענט פאר משוגע.

— שור... אָבער איינוואַשען זיך דאַרפט איהר דאָך, און טשענדזשעט אייערע קליידער וויא איהר ווילט...

— וואָס זאָל איך, זאָגט איהר?

— טשענדזשען, איבערבייטען דיא דרעסס, יו נאָו. איך שיק אייך גלייך ארויף מיט מיין דיענסט, און איינוואַשען וואַשט זיך איין דאָ.

זיא האָט פאר איהר געעפענט א טהיר פון א קליין צימערעל, וואו עס איז געווען א וואַש־סטענד מיט א שפּיעגעל, מיט פערשיעדענע פּודרעס און פארב, און פלעשעלעך מיט שמעקענדיגע טראָפּענס.

רויזעל האָט ניט געוואָלט מעהר האַמפּערען זיך, נור האָט מיט ביטערקייט, קאַפּריזנע, א זאָג געטהאָן גאַנץ איינפאך:

— א, איך וויים ניט, וואָס איהר ווילט פון מיר?

און זיא האָט געכאַפּט מיט כעס אויסטהאָן איהרע קליידער.

און גלייך שיק איך אייך ארויף אייערע זאַכען. האָט קיין מורא ניט, קיין מאַנספּערזאָן וועט אהער ניט אריינקומען.

זיא איז נאָך פונדעסטוועגען געשטאַנען א ווײַלע, געקוקט וויא רויזעל איז געבליעבען אין אן אונטערקלייד און זיך גענומען וואַשען, האָט זיא א נעהם געטהאָן איהרע קליידער, זאָגענדיג:

— איך טראָג דיא אראָב און שיק אייך ארויף אנדערע.

און איידער רויזעל האָט אויפגעהויבען איהר קאָפּ פון וואַש־סטענד, איז מאַדאַם גאַטער שוין ארויס, פערמאַכענדיג הינטער זיך דיא טהיר.

רויזעל האָט זיך איינגעוואַשען שנעל, אלץ מיט כעס, אויפגערעגט, האָט שנעל געכאַפּט דעם האַנטוך, וואָס זיא האָט געפונען הענגענדיג אין זעלבען צימער, און האָט זיך שנעל געגומען ווישען, מורמלענדיג פאר זיך:

— וואָס ווילען זיי פון מיר! וואָס פאר א מאָדנע פּיהרונגען דאָ זיינען.

און זיא האָט זיך אָנגעהויבען שטאַרק צו שרעקען. איהר האָט שוין פערדראָסען אויף איהר שוואַכקייט, וואָס זיא האָט זיך געלאָזט איינרריידען, און האָט אויסגעדריקט איהר פּראָטעסט אין טענה׳ן פאר זיך:

— זיי זיינען רייך, איז וואָס דאַרט? דאַרף מען זיין משוגע. איידער זיא קאָן מיך נאָך, ווייזט זיא שוין מיר, אז זיא איז א מין בעל־הבית׳טע אויף מיין קאָפּ. און אז זיא איז א שוועגערין, איז וואָס. וועט זיא מיך מוסטירען גלייך וויא איך זאָל זיך אָנטהאָן, וויא איך זאָל געהן, וויא איך זאָל שטעהן? זיא וועט מיר גאר ניט לאָזען זעהען זיך מיט מיין מאַן, וואו איך זאָל ניט טאַנצען נאָך איהר פּייפעל!

און זיא איז געוואָרען שטאַרק אין כעס איצט אויף זיך, וואָס זיא איז אזא נעביכקע. זיא האָט געדאַרפט א זאָג טהאָן בייז: איך בין געקומען צו פאָהרען צו מיין מאַן, און אויב ער איז ניט געזונד, וויל איך איהם

ערשט וואָס גיכער זעהען. ער וואַרט דאָך אויף מיר; מיר האָבען זיך געשיידט אונטער אַזעלכע שרעקליכע אומשטענדען...

זיא האָט זיך איינגעקוקט אין שפּיעגעל און זיא איז זיך געפעהלען געוואָרען, ווען איהר איז אויפגעקומען אַ פערגלייך צווישען זיך און צווישען איהר שוועגערין:

— אַ רייכע פּאַרזעהעניש! — האָט זיא שטעכיג אַ לאַך געטהאָן.

און דאָ איז איהר ערשט אַרויפגעקומען אויפ'ן זינען: צו זיינען אפשר ניט זיינע פריינד אין גאַנצען געגען דעם שידוך. אפשר מאַכען זיי דאָס אָנשטעלען, ווייל זיי שטעהט ניט אָן, וואָס מאַקס האָט חתונה געהאַט מיט ניט קיין רייכע מיידעל. דאָס האָט איהר נאָך מעהר אויפגעבראַכט, און זיא האָט ביי זיך בעשלאָסען, אַז זיא וועט מיט איהר שוועגערין ניט ריידען וויא אַ בעעביכקע. זיא וועט פאָדערן מען זאָל איהר גלייך ווייזען, וואו דאָ וואָהנט אין הויז איהר מאַן, און וועט פון איהם פאָדערן גלייך, מען זאָל זיי איבערלאָזען אַליין. זיא האָט מיט איהם אַזוי פיעל צו ריידען, זיא האָט איהם אַזוי פיעל צו דערצעהלען.

— פאַר וואָס האָב איך איהר ניט געבעטען, זיא זאָל מיר אַרויפשיקען מאַשקאַ'ן אַהער. זיא וועט שיקען איהר דיענסט. אודאי אויך אַ שוואַרצע טפוי! וויא וועל איך זיך מיט איהר קענען צונויפריידען.

אַזוי האָט זיא געטענה'ט פאַר זיך און האָט זיך שוין אָנגעהויבען וואונדערן, וואָס עס דויערט אַזוי לאַנג דאָס אַרויפברייגען איהר סעטשעל מיט דיא זאַכען. איהר האָט שטאַרק פערדראָסען, פאַרוואָס מאַשקאַ איז דאָ ניטאָ, וואָלט זיא איהר זאָגען, וואָס זיא זאָל פאַר איהר אַרויסנעהמען.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דיא טהיר געעפענט, און זיא האָט דערזעהען פאַר זיך ווידער איהר שוועגערין, וועלכע האָט געטראָגען אויפ'ן אָרעם זאַכען.

— קליידט זיך איבער אין גאַנצען, ליעבע ראָזי, — האָט זיא איהר געזאָגט ווידער מיט דער געמאַכטער פריינדליכער מינע.

רויזעל האָט אַ נעהם געטהאָן דיא זאַכען, וואָס זיא האָט איהר געבראַכט אָנצוטהאָן, און האָט זיא אָנגעקוקט וויא אַ משוגענע, אַליין ניט פערשטעהענדיג צו דאָס איז עפּעס אַ משוגעת פון איהר שוועגערין אָדער אַן אַנדער מאָדע, וואָס זיא פאַרשטעהט ניט.

— וואָס איז דאָס? — האָט זיא אַ נעהם געטהאָן אין האַנד אַ לייכטען טולענעם ראָפּער, מיט שיטערע שפּיצען-האַפט פון בוזים אָן און העבער, און מיט בלויאינקע, שמאָלע אַטלעסענע בענדעלעך אַרום דעם וויטאויסגעשניטענעם האַלז — וואָס... וואָס...

מאַדאַם גאָטער האָט זיא ווידער אַ נעהם געטהאָן אַרום טאַליע און האָט מיט דערזעלבער פריהערדיגער געמאַכטער פריינדליכקייט אַ זאָג געטהאָן:

— אַזאַ שעהן קליידעלע, טהוט אָן, ראָוזי דיער, עס וועט אייך קליי־

דען פיין. נור טהוט אָן אונטען דאָס אונטערקליידעל, און אַ העמדעל אויך אָן אַנדערע, דאָ' האָט איהר. אייערע יוראָפּישע העמדער טויגען ניט.

רויזעל האָט אויף איהר אַלץ געקוקט און האָט ניט געקענט אויסמאַ־כען, צו איז זיא ניט עפּעס צווישען משוגעים. וואָס וויל זיא פון איהר האָבען?

— זעהט אַ העמדעלע! — האָט צונומען מאַדאַם גאַטער דאָס העמ־דעל, ווייזענדיג איהר.

דאָס איז געווען אַ שיטער געשטריקטע העמדעל פון ראָזען קאָליר, אויך מיט בלויע בענדעלעך ביי דער ברוסט, אַ קורצינקע, אַ שמאָלינקע.

— איך פאַרש... פאַרשטעה ניט... — האָט זיא געשטאַמעלט — וואָס ווילט איהר?... וואָס...

— איך בין אייערע אַ פריינד, וואָס אַארט אייך, אז איך זאָג אייך דאָס איז גוט, פיין... איהר מוזט עס אָנטהאָן.

— אָבער אז איך וויל ניט... אז... איך פאַרשטעה ניט... איך וויל דאָס ניט אָנטהאָן... איך... איך האָב וואָס אָנצוטהאָן. דערווייל קען איך געהן אין מיינע קליידער, איך וועל דאָ זיין לייגגער, וועל איך דערנאָך זעהן. איך וויל זיך... איך וויל זיך ניט אויספּוצען... איך... איך וויל זעהן מאַקס'ן...

— איהר קענט איהם ניט זעהן אזוי...

— שיקט מיר ארויף מאַשקאַ'ן, איך וועל איהר זאָגען וואָס איך וויל אָנטהאָן...

— איהר קענט ניט... זיא האָט אויך אָנגעטהאָן זיך אזוי... איהר האָט געדאַרפט זעהען וויא דאָס קליידט איהר... זיא איז פיין...

— ווער? מאַשקאַ?... מיין דיענסטמיידעל?...

— שור, פאָלגט מיך, ראָוזי...

רויזעלס אויגען האָבען אָנגעהויבען וואַנדערן אין אַלע זייטען. זיא האָט ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל אָנהויבען זאָגען און וואָס זיא זאָל אָנ־הויבען טהאָן.

— נו, וואָס קוקט איהר אין אַלע זייטען? האָט שוין מיט בייז־קייט געזאָגט מאַדאַם גאַטער — מען זאָגט אייך טהוט אָן, דאַרפט איהר אָנטהאָן.

— איך וויל דאָס ניט אָנטהאָן, איך דאַרף דאָס ניט אָנטהאָן און איך וועל דאָס ניט אָנטהאָן — האָט רויזעל אַ שליידער געטהאָן דיא זאַ־כען — הערט אויף מיך צו מוסטרעווען.

און זיא האָט גענומען זוכען איהר קלייד, וואָס זיא האָט אויסגע־טהאָן. אָבער זיא האָט ניט געפונען.

— וואו איז מיין קלייד? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— איך האָב עס צונעגנומען און איהר מוזט זיך אָנטהאָן וויא איך זאָג אייך.

— גיט מיר מיין קלייד ! — האָט שוין רויזעל אַ געשריי געטהאָן מיט טרעהרען אין דיא אויגען.

— און אַז איהר צו־ווײנט זיך וועט עס אייך דען העלפען ? — האָט זיך אוועקגעשטעלט מאַדאַם גאָטער מיט דיא הענד איןביידע זייטען — זייט בעסער ניט קיין נאַר.

— שיקט מיר אַרויף מאַשקאַ׳ן! — האָט זיך רויזעל אַ זעץ געטהאָן אויפ׳ן שטוהל מיט כעס און האָט זיך צו־וויינט אין דער הויך.

— איך וועל אייך זיא אַרויפשיקען, אָבער מאַכט דאָ מיר ניט קיין סצענעס. ביי מיר איז אַן אַנשטענדיגער פּלאַץ. איך האָב פיינט, אַז מען מאַכט מיר דאָ סצענעס. איהר קענט וויינען, אויב איהר ווילט, באָט איהר וועט זיך דאַרפען אָנטהאָן וויא איך הייס אייך... און צו פרעך זאָלט איהר מיר אויך ניט זיין... ווארום...

זיא האָט אַ סטראַשע געטהאָן מיט׳ן האַנד און איז אַרויס. רויזעל האָט זיך אַ הויב געטהאָן עפּעס איהר צו זאָגען, צו ענטפערן, אָנהויבען צו שרייען: „וואָהין האָט מען מיך דאָ פאַרפיהרט?“ נור דיא טהיר איז געווען שוין פון יענער זייט פּעררינגעלט, זיא האָט זיך געכאַפּט, אַז מען האָט זיא פּערשפּאַרט. דער קאָפּ האָט ביי איהר אָנגעהויבען צו מישען זיך. וואָס קען דאָס זיין אַזעלכעס? זיא האָט אָנגעהויבען לויפען פון איין ברעג צימער צו דעם אַנדערן, צוגעלאָפען ווידער צו דער טהיר, געפּרופּט אַ שטויס טהאָן — פערשפּאַרט! זיא האָט אָנגעהויבען ברעכען דיא הענד, איז צוגעלאָפען צום פענכטער, האָט געפּרופּט שטויסען. זיא קען ניט עפענען, סיידען נעהם און ברעך אויס דיא שויבען. זיא האָט געפיהלט, אַז זיא געהט פון זינען אַראָב.

נור דאָ האָט זיך דערהערט, וויא מען עפענט דיא טהיר. זיא איז אויפגעשפּרונגען און איז צוגעלאָפען און איז געבליבען שטעהן וויא אַ פּאַראַ־ליזירטע. זיא האָט דערזעהען פאַר זיך מאַשקאַ׳ן. אָבער זיא האָט אַנפאַנגס כמעט זיא ניט דערקענט. עפּעס אַ מין קלייד טראָגט זיא וואָס איז ניט קיין קלייד, ניט קיין העמד, אַ ברייט, קורץ קליידעל מיט פאַלבען, פון אַ לייכטען, שיטערען בלויע שטאָף. אַזוי קורץ, אַז קוים איבער דיא קניע, אונטען ראָזע־רויטע זאָקען און אין שטעק־שיכלעך. דיא האָר זאָנדערבאַר פּרוזירט און עס שמעקט פון איהר פּאַרפיום, אַז עס צורייסט דיא נאָז.

מאַשקאַ איז אַריין און איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער, ניט וויסענדיג וויא אַ קעהר צו טהאָן זיך, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן מיט איהרע הענד — עפּעס אַ פּערלאָרענע, וועלכע דערקענט זיך אַליין ניט.

ביי דער טהיר האַלטענדיג דיא הענד אַהינטער, וויא צוהאַלטענדיג דיא הענטעל פון טהיר איז געשטאַנען מאַדאַם גאָטער.

— מאַשקאַ! מאַשקאַ! — האָט רויזעל אויסגעשריען און האָט זיך היכ־טעריש צו־וויינט און צולאַכט, ביידע זאַכען צוזאַמען, טאַקע ווי אַ וואַהנזיניגע. מאַשקאַ האָט פון דיזען אויסברוך פון היסטעריקס זיך ניט בלויז נאָך

מעהר צושראָקען, נור זיא האָט אָנגעהויבען צו רעווען אויפ'ן קול. און דאָס איז געווען אַ שטיקעל הילף פאַר רויזלען זיא זאָל קענען קומען צו זיך. וואָרום מאַשקאַ האָט אַזוי אָנגעהויבען רעווען אויפ'ן קול אַז דיא מאַדאַם גאָטער האָט איהר אַ צופּ געטהאָן מיט אַ געוואַלדיגער קראַפט און רציחה פאַר'ן האַנד, אַז מאַשקאַ איז שיער אומגעפאַלען, ניט ערוואַרטענדיג קיין אַטאַקע, און האָט אַ טופּע געטהאָן מיט דער פוס:

— שאַט אַב!

רויזעל האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָס וואָרט מיינט, אָבער זיא האָט געזעהען דעם שליידער, וואָס מאַשקאַ האָט געקראָגען און דיא רציחה פון איהר שווענערין. דאָס האָט איהר געבראַכט צו זיך.

— וואָס האָט איהר צו איהר? — האָט רויזעל אַ געשריי געטהאָן ניט מיט איהר קול — וואָס איז דאָס דאָ? צו וואָס האָט איהר זיא אָנגעטהאָן וויא אַ קאָמעדיאַנטקע? צו ווילט איהר ניט, אַז איך זאָל זיך אַזוי אָנטהאָן?

— יעס! — האָט מאַדאַם גאָטער אַ געשריי געטהאָן — ביי מיר וועט איהר אַנדערש ניט געהן אָנגעטהאָן.

— טראָגט מיר אַרויף מיינע קליידער! — האָט רויזעל אַ זאָג געטהאָן צו מאַשקאַ'ן אין רוסיש.

אָבער מאַשקאַ איז געשטאַנען און האָט ניט געוואַגט צו ריהרען זיך פון אָרט.

— איך פערשטעה, וואָס איהר האָט צו איהר געזאָגט — האָט שוין מיט צאָרן אַ בייזער געטהאָן זיך אויך אויף איהר מאַדאַם גאָטער.

און זיא האָט אָנגענומען מאַשקאַ'ס האַנד און אַרויסגעשלעפּט זיא פון צימער; מאַשקאַ האָט זיך ניט געראַנגעלט. נור רויזעל איז איצט געלאָפען נאָך איהר, אָבער דיא מאַדאַם גאָטער האָט איהר געגעבען אַ שטויס אויף צוריק און האָט פערריגעלט דיא טהיר.

— מאַקס! מאַקס! — האָט אָנגעהויבען צו שרייען מיט קולות און בראַזשגען אין טהיר רויזעל.

אָבער זיא האָט זיך בלויז איהרע פויסטען צושלאָגען און איז אַן אויסגעמאַטערטע אָבגעטראָטען צוריק. ערשט איצט האָט זיא קלאָהר פערשטאַנען, אַז דאָס מוז נאָר זיין אַ ליגען דיא גאַנצע געשיכטע, אַז דאָ איז גאָר קיין מאַקס ניטאָ, אַז דאָס האָט זיא רוביניק פערפיהרט אין אַ שרעקליכען פּלאַץ, אַז דאָס האָט ער זיא נאָר דיא גאַנצע צייט גענאַרט, אַז דיא פרוי מוז דאָס גאָר ניט זיין מאַקס'עס אַ שוועסטער, אַז עס איז אַן אָנשטעל געווען דיא גאַנצע געשיכטע. זיא האָט גאַנץ דונקעל אָנגעהויבען צו פערשטעהן פאַר וואָס מען וויל זיא דאָ אָנטהאָן אין אַזעלכע משונה'דיגע קליידער עפּעס. דאָס איז אַ מיאוסע הויז, אַ שאַנד־הויז. דאָס האָט מען זיא מיט מאַשקאַ'ן גלייך אַהער אַריינגענאַרט. זיא איז צוגעלאָפען צום פענסטער, האָט געוואָלט

אָנהויבען שרייען. אָבער צו וועמען שרייט מען? דאָס פּענסטער איז הויך, זיא זעהט דריי גאַרענס אונטען, דאָרט געהט נאָר ווען ניט ווען פּערביי אַ מענש — עס מוז שוין זיין גאַנץ שפּעט ביי נאכט. ווער וועט דערהערען? און אַז אימיצער וועט דערהערען, ווער ווייס וואָס פאַר אַ גאַס דאָס איז, וואָס פאַר אַ מענשען דאָס זיינען דיא וואָס געהען פאַרביי? אפשר זיינען זיי דאָ אַלע אַזעלכע!

— ניין! דאָס קען דאָך ניט זיין! דאָס קאָן דאָך ניט זיין! — האָט זיא געהאַלטען אין איין ברעכען דיא הענד און אַרומגעהן איבער'ן צימער וויא אַ וואהנזיניגע.

אַ היבשע צייט איז אַריבער, איהר האָט אָנגעהויבען אַזוי צו שווינדלען, מורא האָבענדיג אַז אָט־אָט קומט אַריין אימיצער אַ גזלן, אַ באַנדיט און וועט איהר בעפעלען, וועט זיא ווערגען, וועט גאָט ווייס וואָס טהאָן איהר.

זיא האָט זיך ענטשלאָסען. זיא וועט אויסברעכען דיא שויבען און וועט אָנהויבען שרייען: גוואַלד־ אומעטום אויף דער וועלט מוזען דאָך זיין מענשען, וואָס זיינען ניט קיין מערדער, ניט קיין גזלנים, באַנדיטען. זיא האָט דאָך געזעהען דיא מאַסען מענשען, וואָס זיינען געווען אויפ'ן וואַקזאַל און אַרויסגעהענדיג פון וואַקזאַל. עס מוזען דאָך דאָ אין שטאָדט, אין דעם נייע־לאָנדאָן, זיין אָפּעס עהרליכע מענשען אויך...

און זיא איז צוגעטראָטען צו דער פּענסטער און האָט געגעבען אַ בראַזשג, אַז אַ שויב האָט צופּלאַצט און צושאָטען זיך מיט אַ קלאַנג. זיא האָט פון דעם שרעקליכען קלאַנג פון דיא שטיקער גלאָז, וואָס דאָס האָט עפּעס געמאכט אַזאַ שוידערליכען רעש אין דער שטילקייט פון דער נאכט, אַליין אַזוי צושראָקען זיך, אַז זיא איז אָבגעשפּרונגען און וויא דער קול וואָלט איהר אָבגענומען געוואָרען. זיא האָט ניט געקאָנט שרייען.

זיא האָט דערהערט שנעלע טריט פון עטליכע מענשען, און זיא האָט מיט פּערשטיקטען אָטהעם געוואַרט. דיא טהיר איז שנעל אויפגעשלאָסען געוואָרן און זיא האָט דערזעהען דעם מאַן, וועלכען רובּיניק האָט איהר פריי־הער אויפ'ן וואַקזאַל פאָרגעשטעלט אַלס הערר גאָטער, מאַקס'עס שוואָגער. אָבער וואָס פאַר אַ מורא'דיגען פּנים ער האָט איצט געוויזען, בלוט האָט געשפּריצט פון זיינע אויגען, און דיא אויגען זיינען געווען אַזוי אויסגע־קאַטשעט, וויא ער וואָלט געקומען זיא ערמאָרדען, נאָך איהם איז געגאַנגען מאַדאַם גאָטער און דער זעלביגער שוואַרצער, וואָס האָט זיי פריהער גע־עפענט אונטען דיא טהיר.

הערר גאָטער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, איז שטום צוגעגאַנגען צו איהר און אַ נעהם געטהאָן מיט רציחה איהר אָרעם, אַז זיא האָט אויפגע־שריען פון ווייטאָג.

— סעי! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן — איהר ווילט דערפיהלען מיין הענטעל? אָל־ראַיט!

— איך וויל... וועל זעהען מאקס׳ען — האט זיא א נידערגעשלאגענע געבעטען זיך ביי איהם.

— נא מאקס! קיינע מאקסעס היער ! — האט ער אויף איהר א געשריי געטהאן — ניטא דא קיין מאקסעס און מאך מיר דא ניט קיין פאקסעס.

זי איז געבליבען א טויטע. אבער אויב עס האט זיך נאך אין איהר געקאנט פיעליכט ערוועקען א צווייפעל אז זיא איז אריינגעפאלען אין א שאנד־הויז, ווייל זיא האט דאך גאר קיין פארשטעלונג ניט געקאנט האבען פון אזא מין פלאץ, איז שוין פאר איהר איצט דיא ווירקליכקייט ערשיענען אין איהר גאנצער שוידערליכקייט.

— אריין אהין ! — האט אויף איהר א געשריי געטהאן דער וואס האט זיך פריהער פארגעשטעלט אלס מאקס׳עס שוואגער.

ער האט געעפענט דיא טהיר פון קארידאר. א צושראקענע אויף טויט איז זיא אריין אין קארידאר, פון וואנען א טרעפ האט געפיהרט נאך העכער. ער האט זיא אנגענומען פאר דער האנד און האט זיא גענומען פיהרען ארויף דיא שמאלע טרעפלעך; זיא האט זיך געוועען אנגעהויבען איינשפארען, אנכאפענדיג זיך מיט איין האנד פאר׳ן פארענטשע; אבער דער שווארצער האט אבגעריסען איהר האנד, האט זיא א כאפ געטהאן אין זיינע ארעמס און האט זיא כמעט אן אונמעכטיגע ארויפגעטראגען אויבען.

זיא איז געוועזען אזוי אונמעכטיג, אז זיא האט גלייך ניט געזעהען, וואס פאר א צימער דאס איז, ווען זיא האט אן עפען געטהאן דיא אויגען, האט זיא געזעהען אלץ: דער מאן און דיא פרוי גאטער האבען אראבגעריסען דאס ביסעל קליידונג, וואס עס איז געוועזען אויף איהר; זיא האט אנגעהויבען בייסען זיינע הענד, האט זיך געראנגעלט, איהרע אונטער־קליידער זיינען צו־ריסען געווארען און אראבגעריסען געווארען פון איהר.

— און איצט שפרינג פון פענסטער ! — האט ער א זאג געטהאן און איז ארויס, איבערלאזענדיג זיא מיט מאדאם גאטער.

— נו, זעהסטו, ליעבע ראזי — האט אנגעהויבען גלעטען איהרע האאר דיא מאדאם און שוין ניט איהרצען זיא — איך האב דיר געזאגט: פאלג מיך און קלייד זיך אן וויא איך האב דיר געהייסען. איך בין דיר א פריינד, קיינער וועט דיך ניט שלאגען. איך וועל ניט לאזען. און דיר וועט דא זיין גוט, דאס זאג איך דיר צו. וועסט מאכען געלד און וועסט לעבען פיין. איך האב רחמנות אויף אזעלכע מיידלעך וויא דו, אבער דו וועסט דאך ערגער מאכען, ווען דו מאכסט אזעלכע סקאנדאלען. ביי אונז איז אן אנשטענדיג הויז, ביי אונז לאזען מיר ניט צו קיינע סקאנדאלען... דו ביזט א שעהן מיידעל, וועסט האבען פרעזענטען, קאנסט געהן אנגעטהאן אין דיימאנדס, אין ברילאנטען... שור...

— ווער זייט איהר ? — האָט אָהן אָטהעם געפרעגט רויזעל — זאָגט מיר נור, וואו בין איך און ווער זייט איהר ?

— טהו אָן דיא קליידער און איך וועל דיר זאָגען. ווייסט דו גאָר ניט אין וועלכער שטאָדט דו ביזט ?

— איך וויים, אז דאָס איז ניי־לאָנדאָן! מען האָט מיר געזאָגט, אז מען פיהרט מיך צו מאַקס׳ען, צו מיין מאַן, מיט וועלכען איך האָב חתונה געהאט . . .

— כאַ־כאַ־כאַ ! — האָט זיך טייפליש צולאַכט מאַדאַם גאָטער — איז דאָך דאָס קיינעם׳ס שולד ניט, וואָס דו האָסט געגלויבט... ניי־לאָנדאָן, כאַ־כאַ־כאַ... ווער האָט דאָס דיר געזאָגט ?

— רובּיניק !

— וואָס דער הונד זאָגט. טהו זיך אָן, וועסטו שוין וויסען אין וועלכער שטאָדט דו ביזט. דאָ וועט דיר זיין גוט. מיר האָבען פיעל מעדכען און דו ביזט דאָ ניט אַליין. טהו זיך אָן וויא איך הייס; איך וועל הייסען אריינטראָגען אביסעל וויין און גוטען צובייסען און דו וועסט פערדיענען געלד און קאָנסט דערנאָך געהן וואָהנען מיט מאַקס׳ען אָדער מיט וועמען דו וועכט וועלען חתונה האָבען, וועסט אָנקלייבען נדן... טהו זיך אָן — יאָ? קאָנסט דאָך ניט געהן א נאַקעטע.

— איך זעה שוין, איך זעה שוין אַלעס ! — האָט רויזעל געקוקט אויף איהר מיט עקעל און פעראַכטונג — איך וויים שוין, אז מען וועט מיך פייניגען, שלאָגען און אפשר גאָר ערמאָרדען ? . . .

— וואָס רעדסטו, נאַר איינע ? ! ווער דאַרף דיר ערמאָרדען? דו האָסט דען עפּעס געלד, אָדער דזשועלערי, אָדער וואָס? קיינער וועט דיך ניט שלאָגען, פאַרקעהרט מען וועט דיר נאָך געבען געלד און פינגערלעך און אוירינגלעך און א בראַשקע. . .

— איך דאַרף קיין זאַך ניט! איהר מאַכט א טעות, איהר מיינט, אז איהר האָט אָנגעטראָפען אויף א שוואַך מיידעל. אָבער איך זאָג אייך, ווער איהר זאָלט ניט זיין, אז איהר וועט זיך אויסריכטען א שוואַרצען כוף. איך וועל קיין זאַך ניט אָנטהאָן, סיידען מען וועט מיר ברייננגען מיינע קליידער; איך וועל קיין זאַך ניט עסען און ניט טרינקען, איך קאָן זיך אפילו שטאַרבען פאַר הונגער, סיידען איהר וועט מיך ארויסלאָזען פון דאנען. אז ניט, וועל איך ארויסשפּרינגען פון פענסטער, זאָג איך אייך, און וועל בעסער דערהרג׳עט ווערען אויף טויט.

— פון פענסטער שפּרינגען וואָלסטו געקאָנט פיעלייכט אין יענעם צימער, וואו דו ביזט פריהער געווען, אָבער ניט פון דאנען. דאָ איז קיין פענסטער ניטאָ. מיר ווייסען אויך אונזערע ביזנעס . . .

— וואָס ?

— אונזער געשעפט. ניטאָ דאָ קיין פענסטער צו שפּרינגען.

רויזעל האָט זיך אומגעקוקט. טאַקע ניטאָ קיין פענסטער פון וואַנען צו שפּרינגען. עס איז נור דאָ אויבען איבער'ן קאָפּ, אין מיטען צימער, אַן אויסגעטיפעפטער דאַך־פענסטער, צו וועלכען עס וואָלט געווען אונמעגליך צוצוקומען אָהן אַ לייטער.

— וועל איך זיך אויפהיינגען דאָ אַ נאַקעטע — האָט זיא אַ זאָג געטהאָן.

— דוא וועסט עס ניט טהאָן! — האָט אויף איהר מיט ווילדען צאָרן אַ קוק געטהאָן מאַדאַם גאָטער — מיר קאָנען דיך אָנלערנען אַזוי, אַז דו וועסט שוין פערזאָגען אַ צעהנטען ניט צו היינגען זיך. עס קאָסט אונז גוטע געלד. איך וועל דיר ווייזען, אויפהיינגען זיך. בעצאָהל פריהער וואָס עס קומט און דערנאָך היינגט זיך אויף, וועל איך קנאַפּ ווינען נאָך אַזאַ שטיקעל פּאַסקודסטווע! געזעהען וויא זיא ברעקעלט זיך דאָס דיא גרינע מויד! מען האָט גאָר ניט געזעהען אַזאַ פּאַרשוין, מיינט זיא. וואָס אַזאַ פּאַרשוין קאָסט דאָס אָב, דאָס מאַכט זיא זיך גאָר ניט ווימענדיג.

— ווער קאָסט איך? ווער האָט ביי איך גענומען וואָס? וואָס בינדט איהר זיך צו מיר?

— בינד זיך? איך וועל דיר שוין בינדען אַזוי, אַז דו וועסט בעסער ווערען, נישקשה. וואָס, אומזיסט האָט מען דיך געבראַכט אַהער, פרומע רבי'צין מיינע! דו וועסט שוין זעהען, יו אָנערסטענד?...

דיזער אָנפאַלען אויף איהר מיט אַזאַ הינטישע מויל האָט אויף רויזלען געווירקט אַנדערש, וויא עס האָבען אויף איהר געווירקט דיא ביזהעריגע קלעפּ פון שקזאָל, דיא איבעררעשענדע ענטמוישונגען, דאָס דערזעהען פון איהר אונגליק און דיא פּיזישע מאַכט פון דעם הערר גאָטער. יענע אַלע קלעפּ פון שיקזאַל האָבען עפּעס געווירקט יעדען מאָהל זיא צו נידערשלאָגען, צו פּאַראַליזירען אין איהר יעדען קלאָהרען געדאַנק און יעדע קלאָהרע פּאַרשטעלונג פון איהר לאַגע. אָבער מאַדאַם גאָטערס אָנפאַל האָט עפּעס אין איהר ערוועקט גראַד דאָס פּאַרקעהרטע, האָט אין איהר ערוועקט ווידערשטאַנד, האָט אין איהר אַרויסגערופען כוחות, האָט געבראַכט אין אָרדנונג איהרע געדאַנקען, וויא אַז מין דערזעהט קלאָהר דעם שונא פאַר דיא אויגען און מען שעצט אָב זיין קראַפט, דאַן געפינט מען ערשט וויא צו וועהרען זיך געגען איהם, וויא צו מעסטען זיך מיט איהם מיט דיא אייגענע כוחות.

— איך זעה ווער איהר זייט און איך פערשטעה שוין וואו איך בין!
— האָט רויזעל געענטפערט מיט אַ פּעראַכטענדען בליק — איך זעה, אַז איך בין ביי מערדער, ביי רויבער, ביי שענדליכע באַנדיטען אין דיא הענד. אָבער זייט וויסען איין זאַך, אַז איהר קענט מיך ערמאָרדען, איהר וועט מיך אָבער ניט צווינגען לעבעדיגערהייט דאָ צו בלייבען.

— אַזוי! אַזוי! אַזאַ חכמניות ביזטו! נו, וועסטו ערגער מאַכען.

ווילסט ניט אָנציהען זיך אין דיא קליידער מיט גוטען ווערסטו דאָס מוזען טהאָן מיט בייזען.

— געברויכט אַלע מיטלען וואָס איהר ווילט ! — האָט זיא געענט־פערט וויא איינע וועלכע איז פערטיג צו שטארבען — וואָס שנעלער עס וועט זיין אַן ענדע צו מיין לעבען אַלץ בעסער פאר מיר און פאר מיין ארע־מער מאמען.

— וועלען מיר זעהען ! — האָט מאַדאם גאָטער א זאָג געטהאָן — גרעסערע בריות פון דיר האָבען אונז געסטראַשעט און האָבען גאָרנישט גע־קענט אויספיהרען, וועט אַזא גרינע חיה אויספיהרען !

רויזעל האָט זיך אָבגעקעהרט, האָט געזוכט מיט דיא צוריסענע שטי־קער פון איהר אונטערקליידעל צו פערדעקען איהר נאקעטע ליב און האָט גאָרנישט געענטפערט, אָבער וואָס מעהר זיא האָט געשוויגען, האָט עס אַלץ מעהר אויפגערעגט דיא מאַדאם :

— טהו זיך אָן, זאָג איך דיר, ווארום איך רוף ארויף צוריק מיין דזשעק'ן און ער וועט זיך מיט דיר אָברעכענען אויף אַן אנדער אופן. איך רייד צו דיר וייל איך האָב אויף דיר רחמנות.

— איך בעט ניט אייער רחמנות. ווען אין אייך וואָלט געווען א פונק פון מענשליכקייט וואָלט איהר זיך ניט באַשעפטיגט מיט אַזעלכע זאַ־כען. רופט ווערמען איהר ווילט! איך וועל אייערע קליידער ניט אָנטהאָן, איך וועל קיין זאַך ניט אָנטהאָן וויא נור מיינע אייגענע קליידער; איך וועל ביי אייך קיין זאַך ניט עסען און ניט טרינקען. איהר קענט מיר ארויסוואַרפען דרויסען, איך וועל שוין מיין וועג געפינען; אומעטום וועלען זיך געפינען גוטע מענשען, וועלכע וועלען אויף מיר רחמנות האָבען, ווען איך וועל זיי דערצעהלען מיין געשיכטע.

— ווערמען ווערסטו דערצעהלען ! — האָט געוואָלט צו איהר צופאַלען און א כאַפּ טהאָן איהרע האָר דיא אויפגעבראַכטע מאַדאם גאָטער — דער־צעהלען ווערסטו? מסר'ן ווערסטו? איך וועל...

אָבער פון וואַנען האָבען זיך ביי רויזלען גענומען קרעפטען! דאָס זיינען דיא כוחות פון דעם פערצווייפעלטען, וועלכער האָט שוין גאָר נישט צו פערליערען. זיא האָט מיטביידע הענד געגעבען אַזא שטויס דער מאַדאם אין ברוסט, אַז דיא שווער־לייביגע פרויען־צימער איז אָבגעפלויגען ביז צו דער צווייטער וואַנד און איז שיער אומגעפאַלען. רויזעל האָט א כאַפּ געטהאָן דעם איינצעלנעם שטוהל, וואָס איז געשטאַנען אין דעם קליינעם צימער און האָט זיך פערטיג געמאַכט צו פערטהיידיגען זיך און האָט אָנגעהויבען שרייען מיט קולות: גוואַלד! ראַטעוועט! מערדער! ראַטעוועט!

זיא האָט געשריען מיט אַזעלכע קולות, אַז מאַדאַם גאָטער איז ניט צוגעטראָטען צו איהר און איז געוואָרען א בלייכע, א צושראָקענע, האָט א כאַפּ געטהאָן דיא קליידונגס־שטיקער, וואָס זיינען געווען צר־וואָרפען אויף

דיא דילען, מורא האבענדיג אז רויזעל זאל זיך טאקע ניט אויפהייבען, איז ארויסגעלאפען פון צימער און איידער רויזעל האט בעוויזען נאך איהר נאכ־צולויפען מיט'ן שטוהל, האט זיא שוין פערקלאפט דיא טהיר און האט זיא פערשלאסען הינטער זיך.

רויזעל האט מיט וואהנזיניגען צארען א שליידער געטהאן דעם שטוהל אין טהיר. אבער זיא איז שוין איצט געבליבען אהן קרעפטען. זיא האט זיך אראבגעלאזען אויף דער ערד, האט ארייגגענומען דעם קאפ אין דיא הענד און האט איצט וועגען קיין אנדער זאך ניט געטראכט, נור וועגען א מיטעל וויא צו נעהמען זיך דאס לעבען. קיין האפנונג האט איהר ניט אויפגעשיינט, וועגען קיין פלאן האט זיא ניט אנגעהויבען דיינקען וויא צו ראטעווען זיך, וויא זיא וואלט שוין געווען זיכער ביי זיך, אז א לעבעדיגע פון דאנען קען מען שוין ניט ארויסגעהן.

עס האבען זיך איצט אין איהרע אויגען ניט געוויזען קיינע טרעהרען. עפעס וויא פערהארטעוועט וואלט זיא געווארען, וויא אלע געפיהלען וואל־טען פערשווינדען און עס איז נור געבליבען איין געפיהל — מאכען אן ענדע וועלכע זאל זיין א נקמה פון איהרע פייניגער.

.11

אין דער צייט, ווען זיא איז דא אזוי געזעסען א פערצווייפעלטע אויף דער ערד, א פערנומענע מיט זעלבסטמארד פלענער, איז אין אונטער־שטען עטאזש פון דיזען הויז פארגעקומען א גאנצע מישענינע.

דארט אין א צימער, וואו עס האבען געוואהנט דיא בעלי בתים פון דיזען שענדליכען הויז, פאר זיך אליין, זיינען איצט געזעסען רוביניק, דער הערר גאטער און האבען זיך געקרעכענט, וויא צוויי געשעפטס־מענשען, ווען עס איז ארייגגעלאפען מיט כעס מאדאם גאטער און האט א געשריי געטהאן:

— איך דארף אזעלכע אנטיקלעך ניט! נעהם זיך דיר זיא צוריק. און ער וויל נאך מען זאל איהם אבגילטען פאר אזא איך וויים ניט וואס!... א בענט וואלט איך ניט געגעבען פאר אזא, וועסט פון איהר האבען מעהר טרא־בעל איידער פרנסה. איך קען שוין דיא סארטען פארשוינען גוט!... זיא וועט דיר מאכען דעם גרעסטען סקאנדאל אקוראט ווען א גאסט וועט זיא אויס־קלייבען. אודאי נאך גאר אן אונשולדיגע בריאה!

— ששא, איז וואס איז דאס דיר דעם ערשטען מאהל? זיא וועט זיך אויסהונגערן און וועט הייזעריג ווערען שרייענדיג וועט זיא בעסער ווערען — האט דער מאן געענטפערט.

— זיא וועט קיין מאהל ניט בעסער ווערען. דו פרעג מיך. איך וויים!

— וואס איז? איהר זייט דען ניט אזא געוועזן? — האט א לאך גע־טהאן רוביניק.

— סעי, דו זאג מיר ניט וואס איך בין געוועזן. איך האב דאך וויניג מורא פאר דיין גלאטינקען צינגעלע, וועיסטו שוין דוכט זיך פון לאנג. איהם

קומט עס אַן גרינג. ברייננגט אַזאַ רויהע חיה און געה מאַך מיט איהר ביזנעס און צאָהל איהם אויס אַ רעכנונג, דער שוואַרץ־יאָהר וויים וויפיעל.

— וואָס זשע וועסטו מיט איהר טהאָן? — האָט דער מאַן איהר אַ פרעג געטהאָן.

— ארויסטרייבען, טו העל, אַי דאָנט וואָנט טראָבעל! — האָט זיך צוקאָכט דיא מאַדאַם — און נאָך איצט פאַכט זיך דאָס טאָקע צום רומעל, ווען מען דאַרף אַלע ווײלע מורא האָבען טאָמער וועט מען דאַרפען מופען אין אַן אַנדער פּלאַטץ.

— וואָס איהר האָט טראָבעל מיט אייער פאַלים דאָ — האָט רוביניק געדערט מיט זיין רוהיג געשעפטליכען טאָן — איז דאָס אייערע ביזנעס. וואָס ווילט איהר, מיר זאָלען אייך אַלעס פאַרזאָרגען? פאַר וואָס ניט געבען שוין אייך בעסער פאַרטיגעס געלד און איהר זאָלט גאָר ניט דאַרפען בעשעפטיגען זיך מיט דיעזע חזיר'שע געשעפטען!

— איך לאָז ביי זיך איבער דיא איינע! — האָט דער מאַן אַ זאָג געטהאָן ענטשלאָסען — זיא איז גערעכט, מיר טאָרען איצט ניט ריזיקירען מיט טראָבעל.

— און דיא דריי, וואָס מיר האָבען אייך צוגעשיקט אַליין? איהר האָט גאָר פאַרגעסען, אַז דאָס זיינען פינף שטיקלעך, אַלע אַנטיקען — האָט רוביניק אָנגעהויבען בייז צו ווערען — און פון דיא פינף וועט אייך נעהמען אַקיסעל מעהר צייט איינע איינצוברעכען. וואָס איז דאָס עפּעס אַ נאָווינע?

— פינף אַנטיקלעך! — האָט אַ געשריי געטהאָן מאַדאַם גאָטער — מיט איינע האָט מען זיך שיער אַריינגעכאַפּט, מען האָט זיא קוים פון שיף אַראָבגענומען און מען האָט געמוזט שמירען און שמירען מע'זר וויפיעל זיא איז ווערטה; דיא אַנדערע איז אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין פילאַדעלפיא און אויף מאָרגען גלייך נאָך איהר אָנקומען אַהין האָט געטראָפען דיא שיסעריי אין באָטעגוואַוד סטריט און זיא איז גאָר פערפאַלען געוואָרען, און דיא דריטע האַלט אין איין קריינקען און האָט נאָך ניט אריינגעבראַכט קיין הונדערט דאָלאַר אַפילו.

— גענוג אייך דערמיט. איך קאָן דאָך אייך — האָט זיך אַ הויב געטהאָן רוביניק — איהר מאַכט דאָך אַלע מאָל אַזוי רעכנונגען. נאָך מיין רעכנונג קומט אונז פון אייער באַנדע איצט 3000 דאָלער. און ווייטער וויא איהר ווילט זיך. צו אייך פיהרען אַהער סחורה און ריזיקירען מיט'ן לעבען איז פאַר אונז גאָר קיין ביזנעס ניט.

— נו, איז זאָל זיא דאָ בלייבען אַ פּאָר טעג — האָט געוואָלט פערגלעטען דער מאַן — וועלען מיר דאָך זעהען. אויב זיא וועט מאַכען ווייטער אַזעלכע שטיק, וועלען מיר זיא איהם אָבגעבען צוריק. ער וועט שוין וויסען וואָס צו טהאָן מיט איהר.

— ניין, איך וויל זיא ניט האָבען קיין איין מינוט ביי זיך אין הויז.

דאָ זיצט מען אין איינע ציטערניס, זינט עס האָבען זיך אָנגעהויבען דיא פערפלוכטע אינוועסטיגיישאָנס און באַדער זיך נאָך דאָ ארום מיט אַזאַ גרינגע חיה. אדרבה, זיי אַ בריה, פיהר זיא ארוים אויף דער גאַס.

— לאָזט מיך צו איהר ! — האָט רוביניק אַ זאָג געטהאָן אַ טראַכט טהאָנדיג — איך וועל אייך זאָגען דיא וואָרהייט, אַז ווען איך וואָלט ניט דערזעהען „אייקעלע בויך" אויפ'ן דיפאָ וואָלט איך זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער זאַך, און אויב איהר ווילט איהר ניט, וואָלט איך שוין געוואוסט וואָס מיט איהר צו טהאָן. זיא איז ביי אונז קיין בראָך ניט. ווען מען ברענגט איין אַזאַ, ברענגט זיא מעהר פרנסה איידער דריי אַנדערע. נור מיר געפעלט ניט, וואָס „אייקעלע בויך" האָט מיך דערזעהען אויפ'ן דיפאָ, ווען איך בין מיט זיי ביידען אַראָבגעגאַנגען פון טריין. און איך וויל אייך שוין זאָגען אין גאַנצען: איך גלויב אַז איהר האָט עס אונז אָבגעטהאָן אַ טריק און האָט איהם אומיסטנע אונטערגעשטעלט.

— ווער? — האָט מאַדאַם גאָטער מיט אַ מין איבערראַשונג אַ פרעג געטהאָן — מיר? זאָלען מיר דער'הרג'עט ווערען דאָ אויפ'ן אָרט. וואָס, קרייזי וועלען מיר זיין, אריינשטעכען זיך אַליין אַ מעסער אין האַרצען, וואָס?

— מיר פערשטעהען דיא טריקס ! — האָט אַ זעץ געטהאָן מיט'ן קולאַק אין טיש רוביניק און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעגאָסען מיט בלוט און זיין פנים האָט אָנגענומען אַ שוידערליכען אויסדרוק; דאָס איז געווען דער פנים פון אַ רוצח, וועלכער איז געווען אַזוי ניט ענליך צו דעם געוועהנליכען מילדען אויסדרוק פון זיין פנים. ער האָט איצט אויסגעזעהען וויא דאַן, ווען ער איז בעפאַלען רויזלען און האָט זיא געסטראַשעט און וויא ער האָט אויסגעזעהען בשעת ער האָט אין וויטעבסק אויפ'ן וואקזאַל זיך געגרע־בענט מיט דעם פאַקטער פון האָטעל. ער האָט נאָך אַמאָהל אַ זעץ געטהאָן אין טיש, זאָגענדיג: און אויב אייקעלע וועט צו מיר צושטעהען איצט, איך זאָל איהם ווידער געבען געלד, וועל איך וויסען, אַז איהר האָט עס איהם אָנגע־שטעלט.

— שאַט אַב ! — האָט זיך אַ הויב געטהאָן נעגען איהם גאָטער — אָדער איך וועל דיר צושמעשען דיין חזיר'שע פּיים! מיר שטעלען קיינעם ניט אָן, און באַרגענען קענען מיר אַז מיר ווילען, דאַט'ז אָלל!

— גוט! וועל, וועל! זאָל זיין אַזוי ! — האָט קאַלט געזאָגט רוביניק — איך וועל אייך אַמאָל לערנען וויא צו פיהרען ביזנעס. איהר וועט שוין פערזאָגען דאַן אַ צעהנטען צו מאַכען טריקס: קויפען, רעכענענזיך, באַר־גענען, קאָמפּליינען, אַז דיא ווילט איהר ניט, דיא טויג ניט, און אין דערזעלבער צייט אונטערשטעלען „סקווילערס", וועלכע זאָלען אויסצאַפּען צוריק דאָס געלד וואָס איהר צאָהלט אָפּ. מיר וועלען שוין זעהען!... יונגאָ!... אַז אַ קאָפּ וועט דאַרפען דורכגעלעכערט ווערען וועלען מיר זיא דורכלעכערען.

ער האָט גערעדט רוהיג, אָבער איז געוואָרן בלייך ווען ער האָט עס געזאָגט.

— וועלען מיר זעהען! — האָט געענטפערט דערויף גאָטער מיט היץ — אי עס נאָט עפרעיד — נור וואָס דיא ראָוזי בריקעט זיך, זאָג איך אייך, אז מען דאַרף דאָ טרייען אַ פּאָר טעג און דאַן וועלען מיר זעהען.

— דאָס וועל איך אייך פאַרשפּאָרען. איז זיא פאַר אייך ניט קיין גוטע כחורה, נעהם איך זיא גלייך צו פון דאַנען.

— גאָר ניט נויטיג צונעהמען. רעד זיא איין אדרבא, זאָל זיא נור אביסעל כאָטש איינשטילען זיך, וועלען מיר זיא האַלטען.

— ניט נויטיג! איך וועל זיא גלייך נעהמען צוריק. און האָט קיין טענות ניט. לאָזט אָקאָרשט מיר אַליין ארויף צו איהר. הייסט ארויפטראָגען איהרע קליידער. דערוויל גרייט דאָ אָן דיא קעש פאַר יענע. זיא רעכענט ניט, אויב זיא איז ביי אייך אַ בראָק.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען ערשט צווישען זיי אַ שטאַרקע האַמפּעריי, אָבער מיט אזא שפּראַך, וועלכע עס ווייס נור דיא אונטערוועלט, דיא וועלט פון גענגס, שקלאַפּען־הענדלער, מוסרים, געלד־צאַפּער און אַלע סאָרטען חברה־לייט, אַ שפּראַך, וועלכע דער לעזער וועט ניט פערשטעהן און וועלכע לאָזט זיך אין דרוק ניט איבערגעבען. אָבער פון דעם געשפּרעך וואָלט מען פאַרשטעהן, אז דאָס הויז פון דיא גאָטערס איז געוועזן אַ מין סטאַנציע, פון וועלכער עס פלעגען געליפערט ווערען אונגליקליכע קרבנות, פערפיהרטע און אריינגעפאַלענע אין נעץ, פאַר פערשידענע פלעצער און פערשיעדענע שטעדט. מען וואָלט פון דעם געשפּרעך אויך פערשטעהען אז רובּיניק מיט דעם מאַקס קאַרץ זיינען שותפים פון אַ גאַנצער חברה שקלאַפּען־הענדלער, וועלכע פאָהרען ארום אין פערשיעדענע געגענדען און שטעדט און כאַפּען אריין דורך פערשיעדענע מיטלען אונגליקליכע נפשות.

פון דעם געשפּרעך וואָלט זיך אויך ארויסגעשטעלט, אז עס עקזיסטירט אַן אנדער חברה, וועלכע איז ניט בעסער פון דער, אָבער וועלכע בעשעפטיגט זיך ניט מיט ליפערן און אריינכאַפּען אין נעץ אונגליקליכע נפשות, נור וועלכע צאַפּען זייער פּרנסה דערפון, וואָס זיי היטען אָב דיא חברה־לייט, ווען זיי כאַפּען אריין אָדער ווען זיי ליפערן זייערן אַן אַפּפער ערגעץ און סטראַשען אז זיי וועלען אויסזאָגען פון חדר, אויב מען וועט זיי ניט געבען אַ בעשטימטע סומע.

זיי צאַפּען פון דיא וואָס ליפערן, צאַפּען פון דיא מיאוסע הייזער, וואָהין דיא ווייסע שקלאַפינען ווערען געליפערט און צאַפּען פון דיא ווייסע שקלאַפּינען אַליין. דיזע חברה איז געפעהרליך פאַר דיא ווייסע שקלאַפּען־הענדלער ניט נור דערמיט וואָס זיי מכר'ען, זאָנדערן אויך דערמיט וואָס זיי רעכענען זיך אַליין אָב מיט דיא, וועלכע ווילען זיי ניט צאָהלען קיין בלוט־געלד. זיי בעפאַלען אַ געמבלינג־הויז און נעהמען צו געלד און דער אייגענטהי־

מער פון געמבלינג הויז מוז שווייגען, אויב ער וויל ניט, אז אין זיין הויז זאל פארקומען א שיסעריי און דיא פאליציי זאל שוין דאן מוזען שליסען אזא פלאץ. זיי היטען אב דיא גאסען־מיידלעך און וועה צו יענער, וועלכע האט ניט קיינעם פון דיא חברה־לייט, וועמען זיא צאהלט צו זיין איהר בעשיצער.

רוביניק האט געהאט א חשד, אז גאטער מיט זיין פרוי בעלאנגען אליין אויך צו יענע חברה לייט, אז גאטער איז דער ארגאניזירער פון יענער גענג און אז ער לאזט זיי אלע מאהל פאראוים וויסען, ווען עס ווערען פון יענער חברה געליפערט וואהין עס איז. אונגליקליכע נפשות, כדי אז א טהייל פון'ם פרייז, וואס זיין הויז צאהלט פאר דיא לעבעדיגע וואארע זאל ארוים־געצאפט ווערען צוריק.

טהיילווייז איבער דעם וויל ער האט דאס געוואלט אויסגעפינען אויף זיכער און טהיילווייז איבער דעם וואס ער האט אליין עפעס געפיהלט צו רויזלען ניט אזוי וויא צו דיא צעהנדליגע קרבנות וועלכע ער האט שוין אונגליקליך געמאכט, האט ער בעשלאסען אוועקצונעהמען זיא פון דאנען, אויב ער וועט ניט קריגען דעם בעשטימטען פרייז, וועלכען ער האט אויס־געזעצט.

— געה, נעהם זיא און ווערג זיך מיט איהר ! — איז געווען דאס לעצטעווארט, וואס גאטער האט איהם געזאגט נאך זייער לאנגען קריעג, אין וועלכען מען האט געסטראשעט איינעם דעם אנדערן מיט מעסערס און רעוואלווערען.

רוביניק איז ארויפגעגאנגען אויבען מיט דער מאדאם גאטער, וועלכע האט איהם אבגעשלאסען דיא טהיר און איז אליין אבגעטראטען און ארייג־געלאזען בלויז איהם. רויזעל האט דערהערט וויא מען שליסט דיא טהיר און אין שרעק, אז מען געהט זיא פייניגען, האט זיא ווידער א כאפ געטהאן א שטוהל אויף צו פערטהיידיגען זיך.

רוביניק האט עס דערזעהען גלייך ביים אריינקומען, האט זיך אבגע־שטעלט און איז גאנץ קאלט געבליבען שטעהן, ניט ריהרענדיג זיך פון ארט. זעהענדיג זיין קאלטקייט און רוהיגקייט, האט רויזעל אראבגעלאזען דעם שטוהל און איז געבליבען אויך שטעהן. אזוי זיינען זיי געשטאנען איינער נע־גען אנדערען שטומערהייט. רוביניק קוקענדיג אויף איהר קאלט און רוהיג, מיט דער געלאכענער מינע אויף זיין פנים, און רויזעל קוקענדיג אויף איהם מיט פייעריגע אויגען, וועלכע הבען געשאסען פיילען. זיא האט געפיהלט וויא צו אויפהויבן דעם שטוהל, ציעלען זיך און צושפאלטען איהם דעם קאפ, דער'הרג'ענען איהם אהן רחמנות.

ווען עס זיינען אריבערגעגאנגען דיא ערשטע מינוטען פון יעדענס ניט זיכערהייט מיט דעם געגנער, האט רוביניק א זאג געטהאן :

— אויב איהר ווילט, איך זאל גלייך ארוים און איהר דיינקט, אז

דאָס וועט פאַר אייך זיין בעסער, געה איך דיא סעקונדע אַרויס. אָבער איהר קאָנט אַליין פאַרשטעהן, אַז האָבען צו טהאָן מיט דעם בעל הבית פון דעם הויז, איז ניט בעסער וויא האָבען צו טהאָן מיט מיר. ווייניגסטענס פאַר־שפּרעך איך אייך איין זאַך: איך וועל אייך ניט אָנריהרען.

רויזעל האָט געפיהלט אַז זיא וואָלט דעם מענשען דערוואָרגען מיט איהרע אייגענע שוואַכע הענד און ניט דער מינדסטער געפיהל פון רחמנות וואָלט זיך דערוועקט אין איהר. אָבער ווען ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער וועט איהר ניט אָנריהרען, איז דאָס פאַר איהר עפּעס געוועזען וויא עס וואָלט איהר אַ גליק געטראָפען און ביי איהר זיינען שוין איצט דיא מאָרד־געדאַנקען פערוואַנדעלט געוואָרען אין זוכען אַ מיטעל צו ראַטעווען זיך:

— וואָס... וואָס... האָט איהר צו... צו מיר געהאַט?... וואָס... וואָס האָב איך אייך געטהאָן? פאַר וואָס... פאַר וואָס?...

— פאַר וואָס?... — האָט זיא מיט אַזאַ טאָן און אָהן אַטהעם אַרויסגעשטאַמעלט דיא ווערטער, וועלכע האָבען געקענט ריהרען אַ שטיין — אַ גזלן אין וואַלד, דער גרעסטער... דער גרעסטער מערדער אין דער וועלט וואָלט דאָך דאָס ניט געקענט טהאָן... וואָס האָט איהר צו מיר געהאַט? פאַר וואָס, פאַר וואָס האָט איהר מיך אונגליקליך געמאַכט?... וואָס האָב איך אייך געטהאָן? איך האָב דאָך אייך ניט געקענט, ניט געוואוסט, קיין מאָהל אין מיינע אויגען ניט געזעהען... דער גרעסטער מערדער אין דער וועלט וואָלט דאָס ניט געקענט טהאָן...

זיא האָט געפיהלט, אַז איהר כאַפּען אָן ספּאַזמען, וועלכע שטיקען איהר האַלז. זיא האָט אָבער גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז זיא מוז זיך שטאַרקען. האָט זיא ניט גענוג געוויינט? וועלען דען טרעהרען נעהמען אַזעלכע מערדע־רישע הערצער? וועט דען געבעט איהר דאַ העלפען? און זיא האָט זיך אָנ־געשטריינגט מיט אַלע כוחות אַראָבצושלינגען איהרע טרעהרען און ניט צו פאַלען אין אונמאַכט.

זיא האָט זיך ערשט איצט אַ כאַפּ געטהאָן ווידער, אַז זיא איז כמעט גאָר אַ נאַקעטע.

— הייסט מיר ברייננגען מיינע קליידער! — האָט זיא אַ געשריי געטהאָן — הייסט מיר ברייננגען מיינע קליידער!... אָדער שטעכט מיר אַריין אַ מעסער אין הארצען און מאַכט אַ סוף.

— איך וועל אייך ניט אריינשטעכען קיין מעסער אין הארצען. צו וואָס זאָל איך דאָס טהאָן. שרייט ניט אַזוי, איך וועל אייך הייסען אַרויפטראָ־גען גלייך אייערע קליידער.

ער איז אַרויסגעגאַנגען און האָט געלאָזען דיא טיהר אָפען. דאָס האָט אויף איהר אויך געווירקט צו שטילען אביסעל איהרע נערווען. זיא איז צוגעלאָפען צו דער טהיר, האָט אַריינגעקוקט אין קאָרידאָר, האָט אַראָבגע־קוקט אַראָב דיא טרעפּ, זיא האָט זיך געפּרופט צוהערען, האָט קוים געהערט

עפּעס רייד פון אונטערשטען עטאזש, אָבער אין אַ שפּראַך וואָס זיא פּער־שטעהט ניט; זיא איז אַריין צוריק אין צימער, מורא האָבענדיג טאָמער קומט ווער אַרויף און זיא איז אָהן קליידער.

א היבשע צייט האָט געדויערט ביז רוביניק איז אַרויף צוריק טראָ־גענדיג איהרע קליידער. ער האָט זיי אַריינגעוואָרפען אינעווייניג אין צימער, אַליין ניט אַריינקומענדיג און האָט אַ זאָג געטהאָן:

— נאַט אייך אייערע קליידער, טהוט זיך אָן אויב איהר ווילט דאָ ניט בלייבען און דערנאָך וועל איך מיט אייך ריידען, אויב איהר וועט זיך לאָזען רעדען. און איך ערוואַרט פון אייך, אַז איהר וועט זיין פערנינפטיג און וועט זיך לאָזען רעדען. מיט געשרייען וועט איהר גאָר ניט אויספיהרען, געשרייען וועלען אייך ניט העלפען.

זיא האָט געשוויגען, האָט ניט געענטפערט, האָט נור צוגעמאַכט דיא טהיר, ער זאָל ניט זעהען וויא זיא טהוט זיך אָן. זיא האָט זיך אָנגעטהאָן און האָט עפּעס איצט דערפיהלט זיך דיזעלבע רויזעל וויא אַמאָהל; זיא האָט געעפענט דיא טהיר, פון דיא אויגען האָבען געראָנען טרעהרען. אָבער שטילע טרעהרען. זיא האָט גאָרנישט גערעדט, איז אָבגעגאַנגען צוריק און האָט זיך אוועקגעזעצט אַראָבגעלאָזענערהייט דעם קאָפּ און האָט געוואַרט.

רוביניק איז אַריינגעגאַנגען און האָט אָנגעהויבען קאַלט:

— קען מען מיט אייך איצט רעדען און איהר זאָלט זיך ניט וואַרפען אויסגראַבלען דיא אויגען?

זיא האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט פעראַכטונג און האָט זיך אָבגעקעהרט.

— ווילט איהר דאָ ניט זיין? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

— זייט זיכער, אַז איך וועל זיך בעסער אַ מיתה אָנטהאָן איידער דאָ בלייבען.

זיא האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט דערנאָך אָנגעהויבען מיט אַזאַ הארציגען געבעט, אַז עס האָט געקענט ריהרען אַ שטיין:

— זאָגט מיר, וואו איז דער מאַקס, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר מיינעם אַ חתן? ער איז מיט אייך צוזאַמען... דאָס האָט איהר ביידע מיך אונגליקליך געמאַכט... אַי! אַי! מאַמע! פאַר וואָס ווער איך ניט משוגע! — האָט זיא אָנגעהויבען רייסען זיך דיא האָר פון קאָפּ.

— הערט אויף! — האָט געזאָגט רוביניק — דערפון וועט אייך גאָרניט אַרויסקומען. איך וויל מיט אייך ריידען אָפען, דאָס איז אונזער גע־שעפט, ווען איהר זאָלט ניט זיין קיין עקשן'טע און וואָלט מיך וועלען פאָל־גען, וואָלט איהר געבליבען רוהיג....

— איך וועל זיך עפּעס אָנטהאָן! איהר זאָלט צו מיר ניט ריידען! איהר זאָלט צו מיר ניט ריידען. איהר זייט דיא נידריגסטע חיה, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט. איהר האָט מיך אונגליקליך געמאַכט! טויט מיר שוין

בעסער! פון וואנען האב איך געוואלט וויסען, אז עס זיינען פאראן אזעלכע מערדער אויף דער וועלט.

— דאס זיינען דאך אלץ פערפאלענע זאכען — האט ער מיט דערזעלבער קאלטקייט געזאגט — איהר זייט דאך שוין אריין אין אזא לעבען. זיי זיינען דאך אזעלכע מענשען וויא איהר. זיי האבען אויך אזוי גע׳טענה׳ט, אז זיי וועלען זיך עפעס אנטהאן.

— נו, וועט איהר זעהען, אז איך בין ניט אזוי וויא אלע. איך פארשטעה שוין איצט גאנץ גוט אלעס; איך פארשטעה שוין פאר וואס איהר האט מיך רואינירט, געשענדעט, ווייל איהר האט גערעכענט, אז אלעס וועט שוין זיין פערפאלען און איך וועל מוזען איינגעהן אויף אזא לעבען. אי, וואס פאר א בלינדער מענש איך בין געווען, און בלינד האבען געמוזט נעביך זיין דיא אלע, וועלכע איהר פארפיהרט; דאס איז פאר אייך א געשעפט... אבער איהר וועט זעהען... איהר וועט...

זיא האט א כאפ געטהאן א גרויסע נאדעל פון איהר הוט, וועלכע ער האט ארויפגעטראגען צוזאמען מיט איהרע קליידער און האט גענומען שטעכען אין איהר האלז׳ ער איז א שפרונג געטהאן אין איין אויגענבליק און האט א כאפ געטהאן איהר האנד. און ווען מיט איין אויגענבליק שפעטער וואלט אפשר שוין געווען פערפאלען. אבער ער האט פערכאפט אין דער צייט. זיא האט זיך נור פערוואונדעט, בלוט האט אנגעהויבען טריפען. ער האט זיא צוגעהאלטען, האט א רוף געטהאן נאך הילף. דער שווארצער איז ארויפגעלאפען. ער האט איהם געהייסען ברייגנען וואטע און לייוועגט, וועהרענד זיא איז געבליבען זיצען א בלייכע, מיט וואהנזיניגע אויגען און האט מיטביידע הענד געשטויסען איהם פון זיך.

עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז רוביניקען איז געלונגען צו פערבאנדאזשירען איהר האלז, און דאס וואלט איהם אפשר ניט געלונגען אפילו נאך דעם וויא עס זיינען ארויפגעלאפען דיא מאדאם גאטער מיט איהר מאן און האבען זיא צוגעהאלטען און אויך מיט דער הילף פון דעם שווארצען, ווען ער וואלט בעת מעשה צו איהר ניט גערעדט מיט דערזעלבער געשעפטליכער קאלטקייט, אז זיא וועט דא מעהר ניט בלייבען.

— צו וואס טויג אייך דאס צוקאלעטשען זיך און בלייבען ניט טויט ניט לעבעדיג ? — האט ער צו איהר גע׳טענה׳ט, — איך זעה, אז מיר וועלען מיט אייך גאר נישט מאכען און איך פערזיכער אייך, אז איך שיק אייך אב צוריק א היים. איך וואלט אייך שווערען, אבער איהר וועט דאך מיין שבועה ניט גלויבען. איהר זייט דאך ביי מיר אין דיא הענד כאי־וויא־סאי. פרופט דאך אויף איין ווייל בלויז בערוהיגען זיך. איהר נעכטיגט דא איבער בלויז דיא נאכט. קיינער וועט אייך מעהר ניט ריהרען, קיינער וועט צו אייך ניט צושטעהן, און מארגען פיהר איך אייך אוועק פון דאנען און איהר וועט זיך זעצען אויף א שיף און וועט פאהרען צוריק.

זיא האָט איהם געפאָלגט, ניט ווייל זיא זאָל איהם גלויבען, נאָר ווייל זיא האָט ערשטענס פערלאָרען איהרע כוחות און צווייטענס האָט זיא דאָך קיין אנדער ברירה ניט געהאַט.

ווען איהר האַלז איז שוין געווען פערבונדען איז גאָטער מיט זיין פרוי ארויסגעגאנגען און רוביניק איז נאָך פערבליבען.

— געפעלט אייך דער פּלאַן צו פאָהרען צוריק א היים צו אייך? — האָט ער איהר א פרעג געטהאָן.

— איך בעט פון אייך קיין זאך מעהר ניט. איך ווייס דאָך שוין אַז אלע מיינע רייד וועלען זיין אומזיסט.

— וועט איהר זיך בערוהיגען איצט?

— צו וואָס דארפט איהר מיין רוהיגקייט? איך דארף ניט אייער פריינדשאפט. שיקט מיך אָב א היים, און רעדט צו מיר ניט קיין גוטינקע ריידעלעך... איך פערשטעה ניט צו וואָס איהר טהוט דאָס?

— איך ווייס אויך ניט צו וואָס איך טהו עס. אָבער איך טהו וויא איך זאָג אייך. איך נעהם אייך מאָרגען פריה צו פון דאַנען.

— איך האָב מורא דאָ צו נעכטיגען.

— און ווען איך זאָל אייך פיהרען אנדערשוואו וועט איהר דען ניט מורא האָבען? אומעטום וועט דאָך זיין דאָס זעלביגע. נעכטיגט שוין בעסער רוהיג איבער דאָ. איהר קאָנט זיכער זיין, מען וועט אייך געבען א צימער, צו וועלכען עס איז דאָ נור איין טהיר, און איהר וועט זיך פערשליסען פון אינעווייניג און איבערלאָזען דעם שליסעל אין טהיר, אויב איהר גלויבט מיר ניט.

— וואָס קאָן איך דען העלפען, איך מוז דאָך אייך שוין גלויבען.

— איצט רעדט איהר וויא א מענש. נו, אַז איהר בלייבט שוין דאָ נעכטיגען, ראטה איך אייך איהר זאָלט שוין וואָס עסען.

זיא האָט פערניינענד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, איך וועל ניט עסען ביז איך וועל ניט זיין צוריק אויפ'ן שיף, און וועל זיך ניט זעצען אויף קיין שיף, וואו דער קאפּיטאַן אליין וועט מיר ניט זאָגען וואָהין דער שיף געהט. און איך וועל קיינעם ניט גלויבען, אויב דאָס זיינען אייערע בעקאנטע.

— ווילט איהר זיך אויסמאָרען פון הונגער?

— הלואי זאָל אזוי זיין. בעסער שטאַרבען פון הונגער איידער איינגעהן אויף אזא לעבען, צו וועלכען איהר ווילט מיך צווינגען.

— אָבער איך זאָג דאָך אייך, אַז מען וועט אייך מעהר ניט צווינגען, און זייט זיכער, ווען איך זאָל אייך וועלען צווינגען וואָלט איך געפינען דיא מיטלען און וואָלט מיט אייך ניט דארפען איצט זיצען און ריידען.

— וואָס אַארט אייך אָבער, אַז איך עסס ניט. איהר זייט דאָך וויא יענע ווילדע מענשען וואָס מען דערצעהלט, אַז זיי כאַפּען אריין א געפאנגע-

נעם, קאָרמענען זיי איהם ביז ער ווערט פעט און דערנאָך בראָטען זיי איהם אָב. צו וואָס דאַרפט איהר אַז איך זאָל עסען?

— איך וויל ניט, אַז איהר זאָלט קראַנק ווערען.

— איך בין שוין גענוג קראַנק.

— וויא לאַנג איהר וועט עסען וועט דאָס אַלעס אריבערגעהן. און אַז איהר עסט ניט און נעהמט זיך נאָך אַזוי דאָס לעבען קאָן טאַקע זיין שלעכט.

— פאַר וועמען שלעכט?

— פאַר אייך שלעכט. איהר וועט דאַן קיין מאָל ניט קאָנען דערלעבען צו זעהען אייער מוטער.

— מיין מוטער! אָ, מוטער! מאַמעלע! מאַמעלע! מאַמעלע! — האָט זיא ווידער אריינגענומען דעם קאָפּ אין דיא הענד — מערדער, איהר דערמאָהנט נאָך מיין מוטער. זיא איז אוודאי געשטאָרבען פון הארצווייטאָג. עס איז דאָך מכתמא א ליגען גאָר, ווען איהר האָט מיר דאַן געזאָגט אין זאבלנדאָווקע, אַז איהר פאָהרט עס צו מיין מוטער, איהר געלד געבען און דערצעהלען איהר דיא גאַנצע אויסגעטראַכטע געשיכטע. אַלעס איז געווען פאַלש. מאַקס איז ניט קיין אמריקאַנישער גביר, איהר זייט ניט זיינער קיין סעקרעטער. אַלעס פאַלש, ער מוז אריינכאַפּען מיידלעך דורך טהאָן כלומרשט א שידוך, און אויב דאָס געהט ניט איין, דאַן קומט איהר מיט אייער גלאַטען צינגעלע און מיט אייערע קאוואַלערסקע מאַניערען און כאַפּט אריין דיא אָרעמע באַשעפענים אויף אַן אַנדער אופן. איהר זייט ביידע שותפים, דאָס זעה איך שוין. איהר זייט אוודאי מערדער אויך. גאָט ווייס וויפיעל אַזעלכע אונגליקליכע וויא איך איהר האָט אויף אייער געוויסען. אָבער הלואי וואָלט איהר מיך ערמאָרדען. איצט פאַרשטעה איך, אַז מען האָט יענעם מערדער וועלכען איהר רופט מאַקס קאַרץ, אַרעסטירט מסתמא פאַר הרג'ענען א מענשען. האָט איהר, זיין שותף, גענומען זיך טהאָן דיא ארבייט וועלכע ער האָט געוואָלט טהאָן. איך פאַרשטעה שוין אַלעס, אַלעס. אָבער סיידען מיר האָבען ניט קיין גאָט אויף דער וועלט. עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז גאָט זאָל דאָס צוקוקען און שווייגען. ער וועט שוין געפינען א מפלה פאַר אייך. מערדער! מערדער! מערדער!

רוביניק איז ניט אין כעס געוואָרען און האָט זיך אויך ניט גערייצט. ער איז געבליבען קאַלט און רוהיג, האָט געוואַרט ביז עס איז ווידער אריבער דער אַנפאַל פון היסטעריקס און האָט דערנאָך געזאָגט:

— איז וויא בלייבט? וועט איהר עפּעס עסען? איהר האָט אפשר מורא, מען זאָל אייך ניט איינגעבען סם?

— הלואי וואָלט איהר מיר איינגעגעבען סם, איך וואָלט פּטור געוואָרען דאַן פון מיין לעבען.

— זעהט איהר, היינט וואָס האָט איהר צו פערלירען? איך וועל אייך

געבען נאָך אַ מיטעל. איך וועל אַרויסשיקען אהער מאַשקאַ'ן און זיא וועט מיט אייך עסען צוזאַמען.

— מאַשקאַ! איהר האָט זיא שוין געמאַכט פאַר אַ געזונקענע. האָט גענומען אַן אָרעמע, עהרליכע דאָרפס־מיידעל, האָט איינגערעדט איהרע על־טערן אַז זיא וועט זיין אַ דיענסטמיידעל און האָט זיא אריינגעכאַפּט אין אייער נעץ. איהר האָט נאָך מיך בענוצט אַלס אייערע אַ העלפערקע דערייין, איהר האָט מיך בענוצט פאַר אַ מיטעל צו קאָנען זיא אַוועקנעהמען פון איה־רע עלטערן.

— נו, ווילט איהר זיך אפשר שלאָגען מיט מיר פאַר איהר אויך ?— האָט ער אַ פרעג געטהאָן — אויב איהר וועט זיך נעהמען שלאָגען מיט מיר פאַר דער גאַנצער וועלט, וועט איהר בלייבען אָהן כוחות. קימערט זיך פאַר זיך אַליין און לאָז אייך ניט אַארען פאַר אַנדערע.

— אַזעלכע זיינען אַקוראַט פאַר אייך. אַ דאָרפיש מיידעל, וואָס ווייס זיא? זיא האָט זיך אודאי גאָרנישט געראַנגעלט.

— זיא וועט דאָך דאָ לעבען וויא אַ פּריצתה — האָט רוביניק קוים אַ שמייכעל געטהאָן — וואָס וועט איהר פעהלען? אָבער צו וואָס דיא אַלע רייד! ענטפערט מיר: וועט איהר עסען? וועל איך אַרויסשיקען צו אייך מאַשקאַ'ן.

— שיקט זיא אַרויף.

רוביניק איז אַרויסגעגאַנגען. און פאַר דער צייט וואָס ער האָט זיך געזאַמט, האָט רויזעל אָנגעהויבען גוט צו בעטראַכטען איהר לאַגע און איז נאָך אַמאָל געקומען צום שלום, אַז זיא דאַרף זיך שטאַרקען, ניט פאַרלירען זיך, ניט פערלירען כוחות. וויא לאַנג זיא פערלירט ניט איהר געזונד און איהר פערשטאַנד, איז נאָך אפשר דאָ האָפנונג. אפשר וועט ער זיא טאַקע אָבשיקען צוריק, זעהענדיג אַז מען קאָן מיט איהר גאָרנישט מאַכען, און אפשר איז דאָס עפּעס אַ נייע פּאַסטקע, וואָס ער וויל איהר אונטערשטעלען? יעדענפאַלס געווינט זיא דאָך אַלץ צייט. יאָ, עס איז גוט, וואָס ער וועט איהר ברייננגען מאַשקאַ'ן; זיא וועט מיט איהר ריידען, וועט ביי איהר פרעגען, וויא אַזוי זיא האָט זיך געלאָזט איינריידען; זיא וועט איהר אויך זאָגען, זיא זאָל זיך ניט לאָזען, זיא זאָל זיך ראַנגלען און זוכען אַרויסצורייסען זיך, פיעלייכט וועלען זיי צוזאַמען קאָנען עפּעס טהאָן.

רוביניק איז ענדליך אַרויפגעקומען ווידער און האָט זיא גערופען, זיא זאָל געהן מיט איהם; ער וועט איהר וייזען דעם צימער, וואו זיא וועט איבערנעכטיגען און דאָרט איז אָנגעגרייט עסען, און דאָרטען איז אויך מאַשקאַ, האָט ער איהר ערקלעהרט.

זיא האָט מורא געהאַט צו ריהרען זיך פון אָרט, האָט איהם אָנגע־

קוקט ווי צו וועלן טרעפען, דערקענען פון זיין האלטונג, צי איז דא עפעס ווידער ניט א פאכטקע אנגעשטעלט.

— הייסט עס, איהר גלויבט מיר ווידער ניט? דאס מאכט מיר ניט אוים. אבער וואס מיינט איהר, איך פיהר אייך צו דער שחיטה? נו, זיצט, זיצט, אויב איהר דענקט, אז איהר קאנט זיך בעפרייען פון דאנען און ניט ריהרען זיך פון ארט. זיצט אוןווארט, ביז עס וועט ארייגפליהען דורך'ן באלקען א העלד און וועט אייך ארויסנעהמען אויף זיינע פליגלען און ארויס־פליהען מיט אייך.

רויזעל האט זיך אויפגעהויבען, זעהענדיג ווירקליך, אז עס האט קיין זינען ניט צו זיצען אויף איין ארט. אבער יעדער טריט, וואס זיא האט געשטעלט, איז געווען עפעס אזוי וויא זיא וואלט מורא האבען, אז אט־אט עפענט זיך א תהום און זיא פאלט אריין אין אבגרונד.

א היבשע צייט האט עס געדויערט, ביז זיא איז אראב דיא טרעפלעך נאך רוביניק'ן און האט דערזעהן מאשקא'ן אין א קליינעם צימער זיצענדיג מיט אן אראבגעלאזטען קאפ לעבען א טישעל, אויף וועלכען עס איז געשטאנען וואס צו עסען.

ווען זיא האט דערזעהען איצט מאשקא'ן, ניט קוקענדיג דערויף וואס מאשקא איז געווען אנגעטהאן אין דעם זעלביגען קליידעל, וואס האט פריהער אויסגעזעהען פאר איהר אזוי עקעלהאפט, אזוי אבשטויסענד, האט זיא אבער איצט דערפיהלט, וויא זיא וואלט דערזעהען אן אייגענע שוועסטער, א שטי־קעל האפנונגס־שטראהל אין איהר אונגליק. זיא האט זיך שוין מעהר ניט אומגעקוקט, איז א לאף געטהאן צו איהר; מאשקא האט זיך אויף דעם ער־שטען מאמענט דערשראקען, האט דערנאך אבער אויך א הויב געטהאן זיך פון פלאץ און דיא צוויי אונגליקליכע זיינען ארויפגעפאלען איינע דער אנ־דערער אויפן האלז און האבען זיך ביטערליך צו־וויינט. בייביידען האבען זיך געגאסען נאכאנאנד די טרעהרען אהן אן אבהאלט, וויא זייערע הערצער וואלטען זיך רייסען ארויס פון ברוסט. זיי האבען זיך ניט געקאנט אבציהען איינע פון דער אנדערער.

רוביניק איז געשטאנען א היבשע ווייל און האט געווארט, ניט שטע־רענדיג זיי און ניט זייענדיג אויף קיין מאמענט געריהרט פון דיעזער הערצ־רייסענדער סצענע, וועלכע האט געקאנט ריהרען דוכט זיך אפילו א שטיין. ווען זיי האבען זיך אביסעל איינגעשטילט און רויזעל האט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט ער א זאג געטהאן:

— איך וועל דא אייך ביידען איבערלאזען. ווען איהר וועט זיין פארטיג מיט'ן עסען, וועט אריין דיא דיענסט און וועט צונעהמען פון טיש. מאשקא וועט אייך דאן דארפען איבערלאזען און איהר וועט דא בלייבען נעבטיגען, סיידען איהר ווילט זיך דא דורכגעהן נאך אין אנדערע צימערן און ריידען מיט אנדערע מיידלעך.

און ער האָט זיי איבערגעלאָזען אליין.

רויזעל האָט זיך אָבגעקעהרט ווידערווילִיג. איהר האָט זיך געדוכט, אַז זיא זעהט זיין צוועק, אַז ער וויל זיא איינשטילען און זאָל זיך דערוויל ביסלעכווייז צוגעוועהנען דאָ. איבער דעם שלאָגט ער איהר פאָר, אַז זיא זאָל זיך דורכגעהען איבער'ן הויז און דורכריידען זיך מיט דיא אנדערע מיידלעך. אָבער ניין — זיא וועט שוין איצט זיין פאָרזיכטיג מיט יעדען טריט וואָס זיא מאכט. זיא וועט ניט ארויס פון דעם צימער און וועט ניט זוכען דאָ אין הויז מיט קיינעם קיין בעקאנטשאפט. ווער וויים וואָס פאַר מענשען דאָ זיינען.

ווען רוביניק איז אוועק האָט זיא זיך אויפגעהויבען, האָט פערשלאָסען פון אינעווייניג דיא טהיר און האָט אַ טראַכט געטהאָן, אַז זאָלבענאַנד וועט אפשר זיין לייכטער צו געפינען אַ מיטעל, וויאַ צו בעפרייען זיך פון דאַנען. זיא איז צוגעגאַנגען צו מאַשקאַ'ן, האָט זיא ווידער אָנגעקוקט, האָט זיך אָנגעבויגען און האָט איהר אַ קוש געטהאָן. וויאַ ביטער איהר איז געווען אויפן הארצען, האָט זיא געפיהלט עפּעס וויא צוצוטוליען צו זיך ווערען און אין דערזעלבער צייט אַ רחמנות אויף זיך און אויף איהר.

— מיין אונגליקליכע, אָרעמינקע, מאַשינקע.

מאַשקאַ האָט דערפיהלט אזאַ דאַנקבאַרקייט צו איהר, וויא זיא וואָלט אין איהר איצט אַ צערטליכע שוועסטער, אַ ליעבליכע מוטער געפונען.

— עסט עפּעס — האָט מאַשקאַ זיאַ געבעטען — איהר זעהט אויס אזוי שלעכט, אזוי אָבגעמאַטערט. דאָ זיינען שלעכטע מענשען.

— דערצעהל מיר, מאַשינקאַ, טהייערינקע. דערצעהל מיר אַלעס וואָס מיט דיר איז פאָרגעקומען. און וואָס האָכטו געזעהען אין דעם הויז? וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?

— איך וועל אייך דערצעהלען אלעס. אָבער איהר מוזט וואָס עסען. איך קאָן ניט זעהען אייך אזוי.

— האָט דיר דאָס רוביניק אָנגעלערנט, דו זאָלסט צו מיר צושטעהן, אַז איך זאָל זיך צווינגען צו עסען? — האָט איהר רויזעל אַ פרעג געטהאָן מיט פאָרוואורף.

— ניין, — האָט מאַשקאַ מיט אַ קינדערשען ברוגז אָנגעבלאָזען זיך, — ער האָט מיר געזאָגט איך זאָל געהן אהער און עסען מיט אייך, ווארום איהר ווילט ניט עסען דאָ און אז מיט מיר וועט איהר עסען. אָבער איך טהו דאָס ניט ווייל ער האָט מיר געזאָגט. ער איז אויך אַ שלעכטער. איך האָב איהם ליעב געהאַט און האָב איהם נאָך איצט אויך ליעב. אבער איך וואָלט איהם דערשאָסען ווען איך וואָלט געקאָנט. איך וואָלט זיך אליין דערשאָסען פאַר וואָס איך ליעב איהם. איך וויל איהם מעהר ניט ליעבען און איך ליעב איהם דאָך און האָב פאַר איהם מורא. אָי האָב איך פאַר איהם מורא.

— מען האָט דיך אויך געשלאָגען? — האָט רויזעל מיטלײדיג אַ פרעג געטהאָן, זעהענדיג אַז מאַשקאַ פיהלט זיך אויך אונגליקליך.

— זיי וואָלטען מיך געשלאָגען ווען איך זאָל ניט פאָלגען. זיי זיינען שלעכטע מענשען. זיי זיינען זעהר רייכע, אָבער שלעכטע מענשען, פערדאָר־בענע מענשען, גאָר שלעכטע.

— וואָס האָסטו דאָ געזעהען ?

— דאָרטען זיינען רייכע זאַלען און פיעל מיידלעך געהן אָנגעטהאָן אזוי וויא איך און טאַנצען און טרינקען און שיכור'ן און — פרעגט מיך ניט, דאָ זיינען פּאַסקודנע זאַכען, זעהר פּאַסקודנע זאַכען.

— האָסטו געוואוסט פריהער, אז מען פיהרט אונז אין אזא הויז?

— ניין, פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך האָב גאָר ניט געוואוסט אז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע רייכע און פּאַסקודנע הייזער. ער האָט מיר דאָך צוגעזאָגט גאָר אַנדערש.

— יא, ער האָט דיר צוגעזאָגט, אז דו וועסט ביי אונז דיענען.

— ניין, דערנאָך אָבער האָט ער מיר צוגעזאָגט אז איך וועל ניט דיענען. ער איז אויך אַ שלעכטער מענש, זעהר אַ שלעכטער. ער מיינט איך פערשטעה ניט וואָס ער האָט מיט מיר געטאָהן. איך פערשטעה דאָך שוין אַלעס... אַלעס פערשטעה איך... דאָ איז פאַראַן איין מיידעל, איז זיא אויך אַ רוסישע, האָט זיא מיט מיר אָנגעהויבעןריידען, האָט זיא מיר דערציילט, אז דאָס האָט מען מיך פערקויפט אַהער, וויא מען האָט זיא פערקויפט... פאַר געלד... און דאָס געלד נעהמט אָב יענער, וועלכער עס פערקויפט. האָט ער דאָך דאָס אויך מסתמא גענומען פאַר מיר געלד און האָט מיך פערקויפט... און זיי מוזען טאָהן אַלע פּאַסקודנע זאַכען און נעהמען דערפאַר געלד און אָוועקגעבען דער בעל־הבית'טע פון דעם פּאַסקודנעם הויז... וויעפיעל געלד מען האָט נעהמט זיא אָב. טאָמער ניט ? שלאָגען זיי און הרג'ענען און טהוען אוים אַ נאַקעטע, אז מען קאָן אפילו ניט אַנטלויפען.

— און דוא פאָלגסט און האָסט זיך געלאָזען איינריידען ? — האָט רויזעל אַ פרעג געטאָהן — אַך, מאַשקאַ, איך וועל שוין בעסער דעם טויט אייסקלייבען. פאַר וואָס האָסטו זיך געלאָזען ?

— מיך האָט ער דאָך שוין אָבגענאַרט פריהער, כאַזאיושקאַ — האָט מאַשקאַ אַ פערצווייפעלטע געזאָגט — ער האָט מיר געזאָגט אז ער ליעבט מיך און ער־האָט ביי מיר גערויבט מיין הארץ, איך האָב איהם אויך געליעבט... דערנאָך... דערנאָך האָט ער אויפ'ן שיף מיר געהייסען, איך זאָל פאַר איהם פערדיענען געלד פון דעם אָפיציער און ער האָט נאָך געוואָלט איך זאָל פערדיענען אויך פון דיא אַנדערע אָפיציערען. אָבער דאָס האָב איך איהם שוין ניט געקאָנט פאָלגען, נאָר מיט דעם ערשטען אָפיציער האָב איך איהם געפאָלגט און האָב איהם געגעבען גאָלדענע מטבעות, וואָס דער אָפיציער האָט מיר געגעבען...

— זעהסטו, מאַשינקאַ, דוא ביסט אויך טהיילוויז שולדיג אין אונזער אונגליק. פאַר וואָס האָסטו מיר ניט דערצעהלט דאָס, ווען מיר זיינען געווען

אויף דער שיף? פאר וואס האסטו מיט איהם געהאט געהיימניסע און האסט מיר ניט דערצעהלט? ווען איך וואלט דאס וויסען וואלט איך גלייך פערשטעהען וואס פאר א סארט מענש ער איז און מיר וואלטען זיך בעסער אריינגעווארפען אין ים, נאר וואלטען אהער ניט געפאהרען.

— פון וואנען זאל איך וויסען אייך צו דערצעהלען. איך האב דאך ניט גערעכענט קיין שלעכטעס. ער האט מיר געליעבט. איך האב געמיינט דאך, אז ער ליעבט מיך דאס מיט אן אמת, קאן מען דען דערצעהלען אן אנדערן ווען מען ליעבט. איך בין נאך געווען זעהר איפערזיכטיג און האב זעהר שטארק געליטען, ווען איך האב געזעהען, אז ער איז גוט צו אייך. איך האב געמיינט, אז איהר האט זיך אין איהם אויך פערליעבט און איך בין געווען אזוי אין כעס... אויף איהם און אויף אייך...

— יא, ער האט מיך אויך גענארט... גענארט מיט זיין ליעבע — האט זיך אבגעזיפצעט שווער רויזעל. אבער ניט וועגען דעם פרעג איך דאך. איך פרעג, ווען דו האסט דערזעהען, אז ער איז אזא, וואס הייסט דיר טאהן אזעלכע פאסקודנע זאכען און דו זאלסט איהם געבען דאס שענדליכע געלד, פאר וואס האסטו דאס מיר ניט דערצעהלט, איך וואלט דאך שוין דערזעהען..

און רויזלען האט זיך פארגעשטעלט, אז ווען מאשקא וואלט איהר דאס דאן דערצעהלען וואלט זיא זיכער שוין אלעס פערשטעהן און זיי וואלטען זיך נאך געקענט ראטעווען.

און נאך לאנג האבען דיא צוויי אונגליקליכע מיידלאך גערעדט און אויסגעגאסען דיא הערצער איינע פאר דער אנדערער. און ווען מאדאם גאַ־טער איז ענדליך ארויפגעגאנגען און האט א ווארף געטאהן א קרומען בליק אין צימער האט זיך מאשקא אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען ארויסגעהן. רויזעל האט א נעהם געטאהן איהר האנד, האט זיא צוגעצויגען צו זיך און האט איהר שטילערהייט א שעפּצע געטאהן:

— מאשינקא, זוך א מיטעל און רייס זיך ארויס פון דאנען. און טאָ־מער וועל איך זיך ארויסרייסען וועל איך שוין זעהען דיך צו ראטעווען. מיר זיינען זעהר אונגליקליך אריינגעפאלען. גאט וויים, וויא מיר וועלען זיך ארויסרייסען.

— איך בין שוין פערפאלען — האט מאשקא געענטפערט, נור פאר אייך וועל איך גאט בעטען, איהר זאלט וויינינגסטענס ארויסראטעווען זיך פון אזא שלעכטען ארט.

זיי האבען זיך צוקושט און מאשקא איז ארויס. און וויא זיא איז נאר ארויס האט רויזעל געכאפט און האט פערשלאסען פון אינעווייניג דיא טיהר. זיא האט דערנאך גענומען ארומקוקען זיך, האט דורכגעטאפּט דיא וואנד, צו איז עפּעס ניטא א געהיימע טיהר, דורך וועלכער מען קאן אריינ־געהן און בעפאלען זיא. קיין צייכען פון אזא געהיימען ארייננאנג האט זיא

ניט געפונען. זיא איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו דעם איינציגען קליינעם פענס־טער, וואָס איז געווען אין צימער.

דאָס פענסטערל איז געווען מיט אייזערנע גראַטעס און איז ארויס־געקומען אין שמאָלען הויפעל, וואָס מען האָט זאָגאר ניט געקאָנט אָנרופען א הויף, נאָר אזוי עפּעס א פוסטער שטיק פלאַטץ ארום מיט געמויערטע ווענד. דאָס זיינען דיא ווענד פון הויז און קיין פענסטער זעהט זיך ניט אין יענע ווענד, טויבע הויכע ווענד, און דאָס האָט עפּעס אויסגעזעהען וויא א טיעפער געמויערטער ברונען, אזוי פינסטער און שוידערליך האָט עס אויס־געזעהען א קוק צו טאָהן אין דיא שויבען פון פענסטער.

און איהר איז ארויפגעקומען אויפ׳ן זינען וויא גוט עס וואָלט געווען, ווען מען וואָלט געקאנט עפענען דאָס פענסטער און ווען עס זאָלען ניט זיין דיא אייזערנע גראַטעס. אויב עמיצער וואָלט בעפאָלען זיא, גאָטער אָדער רוביניק, אָדער ווער ניט איז פון זייערע לייט, וואָלט זיא געקאָנט ארויס־שפּרינגען פון פענסטער און אראָפּשליידערען זיך אין דיעזען טיעפען ברונען.

אָבער איהר איז איצט עפּעס אביסעל לייכטער געוואָרען אויפ׳ן האַר־צען איידער פריהער. איהר אויסגיסען דאָס הארץ פאַר מאַשקאַן און מאַש־קאַס רייד מיט איהר האָבען אביסעל פערקלענערט דיא שרעקליכע פערצוויי־פלונג, אין וועלכער זיא האָט זיך איינגעפונען מיט א שטונדע צוריק. זיא האָט געקאָנט עסען.

— יא, איך מוז עסען צו איך וויל צו ניט — האָט זיא זיך געזאָגט — איך מוז האָבען כח.

און אין איהר האָבען זיך אָנגעהויבען ערוועקען האָפנונגען. אפשר וועט רוביניק האַלטען וואָרט און וועט זיא טאַקע ארויספיהרען פון דאַנען און שיקען זיא צוריק אויף א שיף. עפּעס האָט ער אפנים דאָך מורא און דיא אַנדערע אויך פאַר איהרע געשרייען און פאַר איהר ראַנגלען זיך. אפשר האָבען זיי פערשטאַנען און פערשטעהען, אז זיי וועלען מיט איהר גאָר נישט אויספיהרען און זיי וועלען זיא אָבלאָזען, פאַר וואָס עפּעס דוקא ארויפזעצען זיא אויף א שיף צו פאָהרען צוריק אהיים, דאָס דארף דאָך קאָסטען זיי געלד? צו וואָס וועלען זיי זיך נאָך לאָזען קאָסטען געלד ? סיידען זיי האָבען פאַר עפּעס מורא.

זיא האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט קלאָהר מאַכען, וואָס עס קאָ־נען זיין רוביניק׳ס פּלענער. אָבער וואָס זיינע פּלענער זאָלען ניט זיין דאַרף זיא זיך גרייטען צו קעמפּפען אויב ער מיינט דאָ ווידער עפּעס אונטערצו־שטעלען א פּאַסטקע.

פאַר איהר איז איצט דורכגעלאָפען דיא גאַנצע געשיכטע, וויא ער האָט זיא פערפיהרט פון דער היים. ער האָט דאָך מסתמא גאָר איהרע בריעף צו דער מוטער גאָר ניט אָבגעשיקט, האָט זיי מסתמא צוריסען און אוועק־געוואָרפען. געוויס האָט ער אזוי געטאָהן כדי מען זאָל ניט כאַפּען א סליאַד

וואו זיא געפינט זיך, און זיא איז דא איינע אליין, אין דער פרעמד. קיינער פון איהרע וויים גאר מסתמא קיין האאר ניט דערפון, אז זיא איז אבגעפאה־רען מיט רוביניקען. אין דערהיים מוז מען געווים רעכענען, אז ענטוועדער עמיצער האט זיא ערמארדעט און בעגראבען אדער זיא האט זיך אליין גע־נומען דאס לעבען דאן, ווען זיא איז אוועק פון הויז.

זיא מוז דיא ערשטע זאך לאזען וויסען אהיים, זיא מוז א טעלעגראַ־מע שיקען, א בריעף שיקען. אפשר ווען זיי וועלען זיך דערוויסען וועלען זיי עפעס זוכען א מיטעל וויא אויסצוגעפינען זיא, וויא צו ראטעווען זיא, ווען אפילו עס דארף נעהמען אזוי לאנג ביז א בריעף וועט קומען אהין און ביז זיי זאלען קאנען צוקומען אהער קיין אמעריקא. יא, זיא מוז שרייבען, מעל־דען וועגען זיך, דאס איז דער ערשטער שריט. אבער וויא ? שרייבען דא א בריעף און אבשיקען איז דאך אזוי אונמעגליך וויא ארויסגעהן פון דאנען.

לאנג איז זיא געזעסען און געטראכט וועגען דער מעגליכקייט צו רא־טעווען זיך, ווען זיא זאל לאזען וויסען אין דער היים אין וואס פאר אן אונ־גליק זיא איז ארייגעפאלען. אבער ווער וועט אונטערנעהמען זיך צו פאהרען אזוי וויים זיא ראטעווען ? איהר אלטע מאמע ? דאס הארץ זאגט איהר, אז דיא מאמע מוז זיין קראנק און צובראכען פון איהר אונערקלעהרליכער פערשווינדונג. און איצט ערשט איז איהר ארויפגעקומען אויפ׳ן זינען איהר אמאליגער געליעבטער, איהר גוטער לעהרער, איהר אמת׳ער פריינד זרחי. איצט ערשט האבען זיך איהר געעפענט דיא אויגען און זיא האט דערזעהען פאר וואס זרחי איז עפעס ארומגעלאפען וויא א משוגענער ארום זייער הויז אין דעם טאג פון דער חופה. מסתמא האט איהם דאס הארץ געזאגט, אז דא שטעקט פאר איהר א׳ן אונגליק. און ווער וויים צו איז ניט זיין ארעסט, דאס וואס זיא האט איהם געזעהען אין אן ארעסטאנטסקען כאלאט, צו איז דאס אויך ניט אן אינטריגע פון דיזעלבע חברה׳לייט איבער דעם וואס ער האט זיא אודאי געוואלט פערהיטען פון דעם אונגליק !

א, וואס פאר א גאלדענער מענש ער איז ! וואס פאר א מלאך ! איז ער דאס אפשר ארייגעפאלען אין אן אונגליק. זיא מוז זיך צו איהם ווענדען. זיא מוז איהם שרייבען, אויב עמיצער וועט אונטערנעהמען צו ראטעווען זיא, צו זוכען מיטלען יעדענפאלס וויא צו ראטעווען זיא, וועט דאס זיין זיכער זרחי אויב ניט קיין אנדערער.

איהר גליק איז געווען אין דעם אונגליק, וואס עס האט זיך איצט אזוי געשטארקט איהר האפנונג, וואס זיא האט זיך אנגעכאפט פאר זרחי׳ס נאמען וויא פאר א רעטונג מיטעל, ווען ניט, ווער וויים צו וואלט זיא ארי־בערגעטראגען איהרע יסורים, צו פערדאנקען דיעזער האפנונג האט זיא אויך ענדליך געקאנט איינשלאפען אויף דעם קליינעם בעטעל, וואס האט זיך איינגעפונען אין דעם צימער. זיא האט זיך ניט אויסגעטאהן, זיא האט מורא געהאט אראבצוציהען פון זיך די קליידער, אבוואהל דיא היץ אין צימער

האָט זיא געשטיקט. דאָס איז געווען איינע פון דיא שטיקענדע, מיט דאַמפף דורכגענומענע נעכט פון שפּעטען אויגוסט אין ניו־יאָרק.

.12

שווער איז געווען איהר שלאָף, און נאָך שווערער איז געווען איהר ערוואַכען. זיא האָט געפיהלט אַ שרעקליכען קאָפּ־וועהטאָג ווען זיא האָט זיך אויפגעכאַפּט. עס איז געווען שפּעט אויף טאָג. אָבוואָהל אין צימער איז געווען האַלב־דונקעל, אָבער דיעזע האַלבע דונקעלהייט איז געווען אין צימער שטענדיג. זיא האָט געפיהלט זעהר נערוועז און איז געווען אונגעדולדיג: ווער וועט איצט קומען? רוביניק אָדער גאַטער? און וועט רוביניק טאָהן וויא ער האָט פערשפּראָכען? וועט ער זיא אַרויספיהרען פון דאַנען? וועט ער עפּעס אַ נייע פאַסטקע אונטערשטעלען? וואָס פאַר אַ פאַסטקע קאָן דאָס זיין?

דיא היץ איז געווען אַזוי שטיקענד, אַז זיא האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגען, זיא מוז זיך איינוואַשען; זיא מוז האָבען אַביסעל פרישע לופט ווארום זיא ווערט דערשטיקט. זיא איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן צימער, איז עטליכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער טיהר און האָט זיך ניט געקאָנט ענטשליעסען צו זאָל זיא אויפשליסען און אָן עפּען טאָהן די טהיר אָדער ניט. זי איז דאָך ניט מעהר וויא אַ מענש. זיא מוז וואַגען, מוז ריזיקירען אַרויסצוגעהען פון צימער. אפשר וועט זיא אַליין געפינען וואו איינצוואַשען זיך אָדער זיא וועט פיעלייכט דערזעהען ווען פון הויז און מען וועט איהר זאָגען. זיא האָט אָן עפּען געטאָהן דיא טיהר, וועלכע האָט געפיהרט צו אַ קאָרידאָר, האָט אַרויסגעשטעקט בלויז דעם קאָפּ און האָט זיך צוגעקוקט. אַ קאָרידאָר און עס זעהען זיך עטליכע טהירען אין ליינג פון קאָרידאָר. עס זעהט עפּעס אויס וויא אַ מין האָטעל, וויא אַן אַכסניה. און שטיל — אַ טויטליכע שטילקייט הערשט. זיא הערט זיך צו שטאַרק. שטיל, זאָל דאָס זיין אַזוי פריה, אַז אַלע שלאָפען נאָך? זיא האָט צוגעמאַכט צוריק דיא טהיר, איז זיך ווידער דורכגעגאַנגען עטליכע מאָהל איבער'ן צימער און האָט זיך ענדליך ענטשלאָסען. עס איז דאָך שוין טאָג — דער טאָג פליסט עפּעס ניט איין אַזוי פיעל שרעק אין דיעזען אונבעקאַנטען הויז וויא דיא נאַכט. זיא איז דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, האָט ניט געוואַגט צו עפּענען וועלכע ניט איז פון דיא טהירען. זיא איז געגאַנגען ווייטער און האָט דערזעהען אַן אָפּענע טהיר אין אַ גרעסערען צימער, אַ מין זאַל מיט אַ גרויסען פיגור־שפּיגעל אַקוראַט אַנקעגען אריינגאַנג. זיא איז אַריין. דער זייגער אין אַ ווינקעל פון'ם זאַל האָט געוויזען שוין אויף צעהן. צעהן אַ זייגער — האָט זיא זיך געוואונדערט און אַלע שלאָפען נאָך! און אין איהר האָט זיך ערוועקט אַ האָפנונג: אפשר וועט זיא גאָר קאָנען אַרויסלויפען דרויסען. צו דער רעכטער זייט פון זאַל איז אַ טהיר האַלב־אָפען. זיא איז דרייסט צוגעגאַנגען און האָט אָן עפען געטאָהן — אַ צימער וועלכען זיא האָט געדאַרפט, אַ באַדע־צימער.

זיא האָט זיך איינגעוואַשען, האָט געברויכט זעהר פיעל קאַלט־וואַסער און האָט זיך דערפיהלט אַזוי ערפרישט, וויא אַ משא וואָלט עפּעס אַראָב פון איהר פּנים. אין דער מינוט האָט זיא אָבער דערהערט טריט אין זאַל.

זיא האָט נאָך געהאַלטען אין מיטען וואַשען דעם פּנים, אָבער זיא איז גלייך אַרויסגעלאָפען פון באַדע־צימער אין זאַאַל און זיא האָט דערזעהן געגען זיך קיין אַנדערען וויא רוביניק'ן. ער האָט אַ שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ, מיט דערזעלבער קאַלטער, געשעפטליכער זיכערהייט. זיא האָט ניט געענטפערט אויף זיין בעגריסונג, האָט נור גלייך אַ פרעג געטאָהן:

— וועט איהר האַלטען וואָרט?

— אויב איהר ווילט אַזוי.

— איהר האָט צוגעזאָגט, אַז איהר וועט מיך פיהרען צו אַ שיף, אויף וועלכען איך וועל קענען פאָהרען צוריק וויא איך בין געפאָהרען אַהער.

— יא, אויב איהר וועט וועלען פאָהרען.

— וואָס הייסט, צו וועל איך וועלען פאָהרען? ביי אייך איז נאָך אַ פראַגע, צו וועל איך וועלען פאָהרען?

— ניט צו וועט איהר וועלען, זאָנדערען צו וועט איהר קענען פאָהרען?

זיא האָט איהם אָנגעקוקט.

— וואָס קוקט איהר מיך אָן? איך זאָג, אַז איך וועל האַלטען מיין פערשפּרעכען אויב איהר וועט קענען פאָהרען. וואָס איז דאָ צו פערשטעהן? יעדענפאַלס, לאָמיר איצט ניט רעדען וועגען דעם. אויב איהר ווילט אַוועק פון דאַנען, דאַן מאַכט זיך פערטיג און לאָמיר פאָהרען. אַן אויטאָמאָביל איז שוין אָנגעגרייט און וואַרט דאָ לעבען הויז.

— אַן אָטאָמאָביל? — האָט איהם רויזעל אָנגעקוקט אַקוראַט וויא זיא וואָלט עפּעס דעריין גופא שוין וואָס פאַרדעכטיגט. זיא איז נאָך קיין מאָל אין איהר לעבען אין קיין אויטאָמאָביל ניט געפאָהרען. געזעהען האָט זי שוין אין דיא גרויסע שטעדט, וועלכע זיי זיינען פערביי־געפאָהרען, גענוג פון דיעזע קאַרעטעס אָהן פערד. אָבער זיא האָט קיין מאָהל ניט אַ טראַכט געטאָהן אליין צו פאָהרען אין אַזאַ זאַך. דאָס מוז דאָך קאָסטען אַזוי טהייער. צו וואָס גיט ער עס אויס אַזוי פיעל געלד? ער קען דאָך שוין איצט ניט איינשמועסען זיא, אַז דאָס איז איהר מאַנס געלד. וועט ער פון איהר טובה וועגען אויסגע־בען גלאַט געלד. ע ר! דער גזלן! דער פערפיהרער! דער רוצח! אַנדערש האָט זיא אויף איהם ניט געקענט קוקען.

— איך וויל מעהר בלינדערהייט ניט געהן מיט אייך. איך וויל ווי־סען וואוהין איהר וועט מיך פיהרען.

— צום האַפען, וואו אַלע שיפען שטעלען זיך אָב, וואו איהר וועט זיך קענען זעצען אויף אַ שיף, אויב איהר וועט וועלען.

— לאָזט מיך גאָר געהן אליין. לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען, איך

דארף ניט, אז איהר זאלט מיך פיהרען. לאזט מיך ארויס פון דאנען און איך וועל געהן אליין.

— וואוהין?

— וואוהין מיינע אויגען וועלען מיך טראגען.

— מיט וואס? איהר האט דאך קיינע מיטלען ניט א טאג איבער־צוקומען.

— וואס אארט אייך פאר מיר? איך וועל בעטלען, איך וועל בעטען נדבות ביי גוטע מענשען.

— ניין, דאס וועט איהר ניט קענען טאהן.

— פארוואס?

— ווייל איך וועל אייך ניט לאזען.

— איהר ווילט מיך ווידער האלטען אין אייערע לאפעס?

— ניין! איך שווער אייך. אבער איהר וועט דאך מיין שבועה ניט גלויבען. איך וועל מיט אייך מעהר ניט האבען צו טאהן.

— ווער דען? דער הערר גאטער. איהר זייט ביידע וויא איין מאמע וואלט אייך געהאט. איך וועל ניט פאהרען מיט אייך און קיין אויטאמאביל.

— נו, ווי איהר ווילט זיך — האט ער גענומען פארשפילען זיין רע־קעל — בלייבט זיך דא אייך געזונטערהייד. איך דארף אוועק פאהרען.

זיא האט זיך דערשראקען, האט זיך אווארף געטאהן פאר איהם אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו וויינען אויף דאס נײ, בעטען זיך וויא א קינד.

— איך וועל אייך ניט זידלען! איך וועל זיך מיט אייך ניט קרימען. אבער קען דען זיין, אז אין אייער הארצען איז ניטא קיין פונק פון מענש־ליכקייט, קיין האאר פון געפיהל? איהר זייט דאך א מענש, איהר האט דאך אויך אן אלטע מוטער — האט איהר מיר דערצעהלט. אדער אפשר איז דאס אויך געוועזען א ליגען. איך וועל פאר אייך גאט בעטען ווי לאנג איך וועל לע־בין, איך וועל אפילו ניט דערמאהנען וויא אונגליקליך איהר האט מיך גע־מאכט. איך וועל אייערע הענד קושען. האט אויף מיר רחמנות, סיידען אז ניט, דער׳הרג׳עט מיך שוין בעסער!...

זיא האט גערעדט אהן א לאגישען צוזאמענבונד און איהרע ווערטער זיינען איבערגעריסען געווארען יעדע ווײלע פון איהרע אייגענע שלוכצען.

— שטעהט אויף! און איך זאג אייך אויס רחמנות אויף אייך: קומט מיט מיר. איהר וועט שוין זעהען, אז איך בין אויך א מענש און ניט אזא גזלן וויא איהר שטעלט זיך פאר. נור גענוג צו טענה׳ן, איך האב זיך שוין דאס אנגעהערט גענוג. פאלגט וואס איך זאג אייך. טהוט זיך אן, מאכט זיך צורעכט און פאהרט מיט מיר. מיר וועלען שוין טענה׳ן אויפ׳ן וועג. דאס איז ניט נאהענט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אויף איהם א קוק געטאָהן מיט האַס און צאָרן און האָט א זאָג געטאָהן:

— גוט, איך האָב קיין ברירה ניט, איך געה... אָבער איך זאָג אייך פּאָראויס, איך גלויב ניט אין אייערע ווערטער, איך גלויב ניט אין אייער רחמנות.... אָבער איך האָב ניט וואָס צו פערליערען און... מיר.... מיר וועלען נאָך זעהען.... סיידען... סיידען דיא וועלט איז שוין קיין וועלט ניט.

ער האָט ניט געענטפערט, קענטיג געוועזן, אז ער וויל וואָס שנעלער זיא אוועקפיהרען פון דאַנען. און קיין וואונדער איז ניט געוועזן וואָס ער האָט זיא געוועלט וואָס שנעלער אוועקפיהרען. דער פערדאַכט, וועלכען ער האָט געהאַט, אַז גאַטער מיט זיין פרוי בעלאַנגען צו דערזעלבער חברה געלד־צאַפּער, וועמעס אָנפיהרער עס איז דער מאַן, וועלכען ער האָט בעגעגענט אויפ'ן דיפּאָ, האָט זיך פערשטאַרקט אין זיין זינען. ער האָט שוין בעוויזען צו ערקונדיגען זיך, אַז מען זוכט אָבצוסטראַשען איהם מיט דיא חברה טראַנספּאָרטירער פון אונגליקליכע באַשעפעניסען דערמיט, וואָס דיא פּאָלי־ציי וועט מאַכען אַ בעפאַל אויף גאַטער'ס הויז און וועט ארעסטירען דיא אַלע מיידלאַך, וואָס געפינען זיך דאָרט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט זיין אַן אָנשטעל כדי מען זאָל קענען ביי זיין געגנג אַרויסצאַפּען ניט נור גליידך עט־ליכע טויזענד דאָלאַר, נור אַרויפלעגען נאָך אַ העכערע אָבצאָהלונג פון דער, וואָס זיי צאָהלען איצט.

עס איז פאַר איהם געוועזן אַ געפאַהר, אַז רויזעל זאָל דאָ בלייבען איצט. מיט מאַשקאַ'ן וועט ער נאָך קענען אויספיהרען וואָס ער וויל. וואָס ער וועט איהר הייסען זאָגען, וועט זיא זאָגען, האָט ער גערעכענט, און ער איז ביי זיך געוועזן זיכער דעריין. אָבער אין רויזלען וועט דיא פּאָליציי גע־פינען אקוראַט דאָס, וואָס עס וועט זיין אַ זיכערער בעווייז, אַז עס איז פאַ־ראַן אַן אָרגאַניזירטער האַנדעל פון ווייסע שקלאַפעריי. דערפאַר האָט זיך דאָס דיא מאַדאַם גאַטער געשטעלט מיט אַזאַ שטאַרקייט געגען איהם. רובי־ניק האָט זעהר מורא געהאַט, אַז דאָ זאָל ער ניט אריינפאַלען מיט זיין גאַנ־צער באַנדע, און דאָס איז געוועזן אויך דיא אורזאַכע, וואָס ער אַליין איז נאָך ניט געוועזן זיכער, וויא ערוועט זיך דאַרפען באַגעהן מיט רויזלען. פיעל־לייכט וועט ער טאַקע געצוואונגען זיין אוועקצוזעצען זיא אויף אַ שיף און אָבשיקען זיא צוריק אהיים, ווען עס וועט קיין אַנדער ברירה ניט זיין.

עס האָט ביי רויזלען ניט לאַנג געדויערט אָנצוטאָהן איהר זשאַקעט און זיא איז אַרויסגעקומען פון איהר צימער.

— און מיינע זאַכען? — האָט זיא אַ פרעג געטאָהן.

— אייערע זאַכען ליעגען שוין אין אויטאָמאָביל. איך וועל ביי אייך אייערע שמאַטעס ניט גנב'ענען — האָט ער געענטפערט אונגעדולדיג.

זיא איז ביי זיך אַלץ דרייסטער געוואָרען, וואָס מעהר זיא האָט בע־מערקט זיין צוטראָגענהייט און זיין נידערגעשלאָגענהייט. וויא ער האָט פון

אָנפאַנג ניט געזוכט רוהיג צו זיין און רײדען קאַלט, געשעפטליך, האָט ער אָבער זיין ראָלע ניט געקאָנט אויכהאַלטען און זיא האָט געקאָנט דערקענען, אַז ער איז עפּעס שטאַרק אַראָבגעפאַלען ביי זיך, האָט פאַר עפּעס זעהר מורא. און זיא האָט נאָך מעהר פערשטאַנען, אַז זיין מורא האָט עפּעס צו טאָהן מיט איהר, אַז זיא איז דאָס דיא אורזאַכע פון זיין מורא.

זיי האָבען זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און זיא האָט צוערשט קלאָהר דערזעהען דיא גאַס און דעם דרויסען פון הויז, אין וועלכען זיא האָט זיך איינגעפונען. עפּעס האָט עס אין דער ליכטיגקייט פון טאָג אויסגעזעהען גאַנץ אַנדערש וויא ביי נאַכט. איהר איז אַרויפגעקומען אויף'ן זינען, אַז עס איז גוט צוצוקוקען זיך שטאַרק אום צו קאָנען דערקענען דעם פּלאַץ. אָבער דער אוטאָמאָביל האָט וויא א רים געטאָהן זיך שנעל פון פּלאַץ איידער איהר אויג האָט געכאַפּט דעם נומער פון הויז. זיא האָט נור געמערקט דיא ערשטע צוויי ציפערען ...57.... וואָס זיא האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ! דיא איבעריגע צוויי ציפערען האָט זיא ניט געזעהען. אָבער זיא האָט געמערקט, אַז עס זיינען געווען נאָך צוויי ציפערען.

דער אויטאָמאָביל איז געלאָפען שנעל, אַז עס איז פאַר איהר געווען אונמעגליך צו קאָנען אַריינגעהמען אין געדעכנים וויא דיא גאַס זעהט אויס און וויא מען קעהרט זיך אַריין אין דער גאַס. זיא האָט אָבער געזעהען, אַז באַלד נאָך דעם ווי דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ קעהר געטאָהן פון דער גאַס אין אַן אַנדערער, האָט זיך דערהערט דאָס הוזשען פון אַ צוג און ווען זיי זיי־נען באַלד דורכגעפאָהרען אַ מין קליינעם טונעלכעל, און אין דעם מאָמענט אויבען איבער'ן טונעל איז דורכגעלאָפען אַ לאַנגער פּאַסאַזשיר־צוג.

ווייטער איז זיא שוין גאָר צוטומעלט געוואָרען. זיי זיינען דורכגע־פלויגען, אָבער טאַקע ממש וויא געפלויגען דורך לאַנגע גאַסען, וואו עס זיינען געגאַנגען טראַמוואַיס, וואו עס זיינען אין דער הויך געגאַנגען צוגען, גאַסען וואו עס איז געווען שטיל און ריין און זעהר ווייניג מענשען, אָבער שעהנע, רייכע הייזער, און גאַסען וואָס זיינען געווען געדיכט מיט מענשען און מיט פוהרען. איהר האָט זיך געמישט אין דיא אויגען און קאָפּ און זיא האָט שוין אַ טראַכט געטהאָן, אַז אומזיסט וויל זיא ביי זיך פערצייכענען אין געדעכנים. צו געדיינקען וויא ער האָט זיא געפיהרט, דורך וועלכע גאַסען, אום צו קאָנען געדיינקען דעם וועג. זיא וועט קיין מאָל ניט קאָנען געדיינקען.

נור אַט זיינען זיי צוגעפאָהרען צו אַ פּלאַץ, וואו דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ ווײלע אָבגעשטעלט. זיא האָט גוט אַ כאַפּ געטהאָן מיט די אויגען דעם פּלאַץ — אַזאַ מין פּלאַץ קאָן מען דערקענען אַלע מאָל, ווען מען איז נור איין מאָהל געווען, און באַלד איז איהר אויך אַרויפגעקומען אַ געדאַנק פּרו־בירען, אַרויסשפּרינגען פון אויטאָמאָביל, צולויפען צו וועמען און בעטען מען זאָל זיא ראַטעווען. אָבער דער אויטאָמאָביל האָט זיך פּלוצלינג אַ קעהר

געטהאָן און געטראָגען זיך איבער א לאנגען, אונגעהייער לאנגען בריק איבער א טייך.

מעהר אלס דיא איבערראשונג פון דעם גרויסען לאנגען בריק, וואס הענגט אויף אזעלכע לאנגע, דיקע קאנאטען, האט אויף איהר געווירקט איצט דאס, וואס דעם פלאץ וועט זיא שוין געדיינקען גאנץ גוט, ווען עס זאל קו־מען צו וואס. זיא האט זיך געזוכט אריינצונעהמען גוט אין קאפ דעם פלאץ פון וואנען מען פארקירעוועט זיך צום בריק און דעם בריק גופא, אבער אריבער דעם בריק האט זיא געקוקט, געקוקט און האט זיך ווייטער צוטו־מעלט. וויעדער טומעלדיגע גאסען, שטילע גאסען, אייזענבאהנען איבער׳ קאפ, גרויסע מאגאזינען און ענדליך שיטערער דיא הייזער, הילצערנע, קליינע הייזער, שטיקלעך פעלד, בוימער, גאר כמעט אזוי וויא אין אָרשע.

דעם גאנצען וועג האט זיא איהר מויל ניט געעפענט און ער האט צו איהר אויך גארנישט גערעדט. נור איצט ווען דיא הייזער זיינען געוואָרען גאנץ שיטער און עס האבען זיך אָנגעהויבען ציהען פעלדער נאך פעלדער, האט זיא זיך דערשראָקען און האט א פרעג געטהאָן:

— וואו זיינען מיר ? — און איז נאך בלייכער געוואָרען וויא זיא איז געוועז.

— איהר זעהט דאך.

— איך זעה, אז מיר זיינען אויסער שטאָדט...

— האט איהר שוין מורא, אז איך זאל אייך ניט קוילען ?

דאס האט איהר נאך מעהר א שוידער געטהאָן.

— שרעקט זיך ניט ! שרעקט זיך ניט ! מיר וועלען באלד ווידער אריין אין א שטאָדט, אין א שטעדטעל, אין א שטעדטעלע, נו, געפעלט שוין אייך ? און איהר וועט קומען אהין א לעבעדיגע. שרעקט זיך ניט, שרעקט זיך ניט !

— אין וועלכען שטעדטעל קומען מיר ? — האט זיא א פרעג גע־טהאָן, דערזעהענדיג פון וויטען געדיכטע הייזער און דיא בלאנקע אבשפיעג־לונג פון גרויסען ים, וויט ביז דעם ראנד פון הימעל.

— וואס מיינט איהר מיט אייער פראגע ? און אז איך וועל אייך זאגען א נאָמען, וועט איהר דען וויסען ?

— איהר האט צוגעזאָגט, אז איהר וועט מיר קיין שלעכטעס ניט טהאָן, און אָט ווייזט איהר מיר שוין ווידער, אז איך בין ביי גזלנים אין דיא הענד. פאר וואס האט איהר מיר מורא צו זאָגען דעם נאָמען פון דער שטאָדט ?

— איהר פרעגט אזא פראגע, וועלכע איך דיינק, אז איהר פערשטעהט אליין, ווארום איהר זייט קליגער און כיטרער וויא איך האב געדיינקט וועגען אייך.

— און דאס איז וואס איהר ווילט ניט לײדען !— האט זיא מיט

צאָרען אַ זאָג געטהאָן — אָבער איך וועל האָבען געגוג שכל צו פערשטעהען אַלע אייערע פּלענער. איך וועל מעהר קיין נאר ניט זיין. דאָס מעגט איהר זיכער זיין.

— דעריין בין איך שוין זיכער — האָט ער מיט איינגעהאַלטענעם כעס געזאָגט — און דערפאַר דיינק איך, אַז איך דאַרף אייך ניט ערקלעהרען דיא אורזאַכע, פאַרוואָס איך זאָג אייך ניט דעם נאָמען פון דער שטאָדט. ווען איהר זאָלט בלייבען אַ היגע, וועט איהר שוין אליין וויסען.

— איהר האָט מורא, איך זאָל קיינעם ניט לאָזען וויסען, וואו איך בין, וואוהין איהר האָט מיך פאַרפיהרט ?

— יאָ.

— און איהר האָט דאָך אָבער צוגעזאָגט, אַז איהר מאַכט מיך שוין פריי, אַז איהר וועט מיך אָבלאָזען און איך זאָל קאָנען פאָהרען אהיים !

— וואָס מיינט איהר ! — האָט ער אויף איהר שוין אַ געשריי געטהאָן מיט אונגעדולד — איך וועל אייך לאָזען, איהר זאָלט גלייך לויפען מיך מסר'ען, דערצעהלען גאַנצע מעשות, און מיר זאָלען ניט נור פערלירען דאָס גאַנצע געלד, וואָס איהר האָט אונז אָבגעקאָסט, נור איהר זאָלט נאָך מיך אַריינברייגנען אין אַ... אין אַ... אין צרה...

רוביניק איז פאַר דעם לעצטען אבענד געוואָרען אזוי אויפגערעגט, מורא האָבענדיג, אַז דיא גאַטערס שטעלען איהם אונטער אַ פּאַסטקע, דאָס ער האָט פערלאָרען זיין געוועהנליכע רוהיגע האַלטונג און זיין איבערלייגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעצייכענט פון דער גאַנצער באַנדע, צו וועלכער ער האָט בעלאַנגט.

ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט זיך מיט זיינע אונבעדיינקטע ווערטער אַרויסגעגעבען דערוייל פאַר רויזלען. ער האָט איהר געוויזען, אַז ער האָט מורא, זיא זאָל ניט לויפען וועמען דערצעהלען. איהם האָט דאָס שוין גלייך פערדראָסען. זיא וועט דאָך גלייך וויסען איהר מאַכט, וואָרום ער האָט דאָך איהר געזאָגט, אַז וויא זיא זאָל נור דערצעהלען, וועט ער אַריינפאַלען אין אן אונגליק.

און זיא האָט ווירקליך זיך אַליין געוואונדערט, וואָס ער האָט דאָס איהר געזאָגט, אָבוואָהל זיא האָט עס כמעט אַליין פערשטאַנען. איהר איז גלייך געקומען צום געדאַנק : הייסט דאָך דאָס, אַז דאָ זיינען אויך פאַראַן מענשען, וועלכע וועלען איהר העלפען, וועלכע וועלען זיך פאַר איהר אָננעהמען.

זיא האָט שוין ווידער אַ טראַכט געטהאָן . אפשר אַרויסשפּרינגען און צולויפען צו וועמען פון דיא מענשען אין גאַס ?

רוביניק האָט אָנגענומען איהר האַנד און האָט אַ זאָג געטהאָן :

— דאָ וועט איהר האָבען דיא מעגליכקייט צו טהאָן וויא איהר פאַרשטעהט און וויא איהר ווילט. דאָ איז לעבען דיא שיפען און אַז איהר

וועט בעשליסען צו פאהרען אהיים, וועלען מיר זעהען, נור קיינער דארף דער־
פון ניט וויסען. קומט !

דער אויטאמאביל האט זיך פלוצלונג אבגעשטעלט. דער שאופער איז אין א זעקונדע ארויסגעשפרונגען און איז שוין געווען לעבען טהיר. די טהיר פון הויז האט זיך געעפענט, בלויז אויף א גאניק פון צוויי טרעפלאך איז געווען ארויפצוגעהן און שוין איז מען אין הויז.

— דא האט איהר שוין מער קיינעם ניט וואס מורא צו האבען — האט איהר געזאגט רוביניק און האט וויא כלומרשט געהאלפען איהר אויפ־הייבען זיך, אבער אין אמת'ן האט ער זיא דאס א נעהם געטהאן ארויסצו־געהן. זיא האט געוואלט צוריקציהען זיך. אבער זיי האבען ניט צייט געהאט נאך צו מאכען עטליכע טריט אויף דעם גאניק, וויא זיא איז האלב מיט העפ־ליכקייט האלב מיט געוואלד אריינגעשטופט געווארען אין טהיר און די טהיר האט זיך גלייך פערמאכט הינטער איהר.

— דארט האט זיא געזעהען עטליכע מענשען, א פאאר מענער, א פאאר יונגע פרויען, וועלכע האבען צו איהר צוגעשאקעלט מיט דיא קעפ, אבער אהן ווערטער. רוביניק האט זיך צו זיי א ווענד געטהאן און האט גע־זאגט :

— מיר וועלען דא ביי־אייך איינשטעהן עטליכע טעג און איך האף, אז איהר וועט מיין פרייליין בעהאנדלען וויא עס דארף צו זיין. וואו איז איהר צימער ?

איינע פון דיא פרויען האט א שאקעל גיטהאן מיט'ן קאפ און האט געזאגט :

— פליז.

זיא האט אנגעוויעזען אויף א קליינעם טרעפ. און ווען רויזעל האט זיך אומגעקוקט און האט עפעס ניט געוואוסט, וויא זיא זאל איצט האנדלען, האט רוביניק איהר אין דער שטיל א זאג געטהאן :

— זייט נור ניט קיין צו גרויסע חכמניות, דא ווייסען זיי דאך פון קיין זאך ניט. דא בעזארגען זיי א שיפסקארטע, ווען איך דארף וועמען שיקען צוריק, און אויב איהר ווילט זיך בעפרייען, ראטה איך אייך, דערצעהלט זיי דא גאר נישט.

זיא איז ארויפגעגאנגען נאך דער פרויענצימער, צוזאמען מיט רו־ביניקען, איז אריין אין צימער, אין וועלכען מען האט איהר אנגעוויזען, האט מיט כעס אראבגעווארפען איהר זשאקעט און דיא הוטעלע, האט זיך א זעץ געטהאן אויף א שטוהל, האט זיך צוריק אויפגעהויבען, האט זיך אוועקגע־שטעלט געגען איהם און האט א זאג געטהאן מוטהיג, מיט א פעסטקייט :

— נו, האט איהר מיך געבראכט ווידער גאט ווייס וואוהין, און פון דאנען וועט איהר מיך פיהרען פיעלייכט ווייטער דער רוח ווייס וואוהין און וועט מיר אלץ וועלען פארדרייהען דעם קאפ. איהר זעהט, איך בין שוין

געקומען פאַלשטענדיג צו זיך. איך פיהל, אַז איך בין מעהר ניט דיא שוואַ־בינקע רויזעל פון אָרשע, וועלכע איהר האָט פאַרפיהרט. זייט אָפען, האָט דיא גזלן׳ישע האַרץ צו זאָגען מיר : וואָס געהט איהר איצט מיט מיר טהאָן ? וואָס ווילט איהר פון מיר ? זאָגט מיר בעסער אָפען ! איהר האָט געהאט דיא רציחה צו טהאָן ערגערע זאַכען. פאַרוואָס זאָלט איהר ניט האָבען דעם גזלן׳ישען מוטה צו זאָגען מיר ?

— בערוהיגט זיך !

— נו, צו וואָס דאָס בערוהיגען ? איהר זעהט, אַז איך קאָך זיך מעהר ניט, וויין ניט, ווער ניט היסטעריש, צו וואָס דאַרפט איהר דיא אומזיסטע רייד : "זייט רוהיג !„ וואָס אַארט אייך, צי איך בין רוהיג, צי איך בין אונ־רוהיג ? ענטפערט מיר ! אָבער אויב איהר ווענט מיר ווידער וועלען פערדרע־העז דעם קאָפּ, וועל איך גלייך פארשטעהן, איך פארזיכער אייך.

— זאָגען אייך ?

— זאָגט.

— איך וויל, איהר זאָלט פאָהרען צוריק. אָבער... דאָס דאַרף דאָך קאָסטען מינדעסטען הונדערט דאָלאַר. פערדיענט דאָס געלד און פאָהרט.

— איך פערשטעה ניט וואָס איהר מיינט איך זאָל פערדיענען דאָס געלד, אויב איהר מיינט פערקויפען זיך צו שאַנדע, האָב איך אייך געענט־פערט, אַז איך וועל אויסוועהלען בעסער דעם טויט איידער אַזאַ לעבען. אויב איהר מיינט אָבער איך זאָל דורך אַרבייט פערדינען, לאָזט מיך נור אָב, איך וועל זיך פארדינגען פאר אַ דיענסט ערגעץ, איך וועל פאַדלאָגעס וואַשען, איך וועל וואַשען גרעט, איך קען פארדיענען ביי דאַמען־היטעלעך, ווען איך זאָל נור געפינען אַרבייט און איך וועל וויא עס איז אויסאַרבייטען אויף הוצאות צו קענען פאָהרען צוריק אַהיים. ביי אייך בעט איך דאָך ניט. לאָזט מיך נור אָב.

רובינזיק האָט פערמאַכט דיא טהיר, וויא בלומר׳שט, אַז דיא מענ־שען אין הויז זאָלען ניט הערען וואָס זיי ריידען. און ער האָט איהר איצט אָנגעהויבען איינצורעדען, אַז קיין אַרבייט וועט זיא ניט געפינען, אַז זיא קען קיין זאַך ניט פערדיענען און וועט נור האָבען גרעסערע צרות, איהר וועט אויסקומען צו נעכטיגען אין גאַס און מען וועט זיא אַרעסטירען און זיא וועט ערגעץ פערפוילט ווערען אין געפענגניס און וועט זיך מיט קיינעם ניט קענען אפילו צונויפריידען, מען וועט ניט וויסען אפילו וואו זיא איז אהינגקומען.

— און ווען איהר פאָלגט מיך מיט גוטען, וועט פאַר אייך זיין דאָס בעסטע. ווער וועט וויסען אין דער היים וואָס איהר האָט דאָ געטאָהן ? איך פערזיכער אייך, אַז אין צייט פון איין מאָנאַט וועט איהר האָבען גענוג אויף צו פאָהרען אהיים און איהר וועט זיין דיזעלבע רויזעל אין אָרשע וויא איהר זייט געווען. מיר דאַרפען נור פון אייך אַרויסשלאָגען דיא הוצאות וואָס מיר

האבען אויף אייך אוועקגעלעגט. אנדערש וועט איהר זיך ניט ארויסדרעהען פון דאנען.

— דערצו האט איהר דאס מיך געפיהרט אהער? ווידער דאסזעלביגע?

— ניין, ניט דאסזעלביגע. דא וועט מען אייך קיין שלעכטעס ניט טאהן. און אויב איהר בעשליסט זיך ניט איצט, וועט איהר אין גאנצען מעהר קיין מעגליכקייט ניט האבען מיט וועמען ניט איז צונויפריידען זיך, ווארום איך וועל אוועק און איהר וועט מיך קיין מאהל מעהר אין דיא אויגען ניט זעהען.

— א, הלואי וואלט איך אייך בעסער קיין מאל פריהער אויך אין מיינע אויגען ניט געזעהען! — האט זיא זיך אבגערופען — מיך ארט גאר ניט וואס איך וועל אייך אין דיא אויגען ניט זעהען. איך קען זיך פארשטעלען צווישען וועלכע באנדיטען איהר וועט מיר איבערלאזען. אבער איך קען זיך ניט פארשטעלען, אז ווער זיי זאלען ניט זיין, ערגער פון אייך קענען שוין קיין מענשען ניט זיין.

— גלויבט איהר, אז ווען איהר זאלט ארייגפאלען צו אזעלכע מענשען וויא גאטער וועט אייך בעסער זיין. מען וועט אייך שלאגען, מען וועט אייך צוקיילען און צוביילען און אפשר גאר ערמארדען. מען וועט אייך מיט געוואלד אויסטהאן א נאקעטע און איהר וועט בלייבען א פערשפארטע אין א צימער א נאקעטע ביז איהר וועט זיך ניט קענען העלפען. אונטערוואַרפט זיך בעסער מיט גוטען צו דאס אונפערמיידליכע. איהר זעהט, איך וויל געגען אייך קיין געוואלד ניט געברויכען. איך האב אייך דא געבראכט אין א פלאטץ פון גוטע מענשען, זייט נור ניט איינגעשפארט וועלען זיי זיין גוט צו אייך.

רויזעל האט זיך ווידער געכאפט צו איהר מוטעל, האט געכאפט א שטוהל און געוואלט איהם געבען אין קאפ. ער האט פון איהר האנד א כאפ געטהאן דיא שטוהל, וואס זיא האט אויפגעהויבען און האט א זאג געטהאן מיט כעס:

— אויב איהר ווילט בלייבען א לעבעדיגע, בעסער הערט עס אויף. ער האט ארויסגעריסען דיא שטוהל פון איהר האנד, אז ער האט איהר שיער דיא האנד ניט אויסגעדרעהט און האט זיא אבגעשטויסען זאגענדיג:

— מעהר וועט איהר מיך אין דיא אויגען ניט זעהען.

און ער איז ארויס איבערלאזענדיג זיא איינע אליין. זיא איז געבליבען א פערלארענע. וואס זאל זי איצט טאהן, איהר לאגע האט זיך ניט געענדערט. און דא האבען זיך אנגעהויבען אנדערע יסורים פאר איהר. מען האט איהר צימער ניט פערשפארט, אבער צוקומען צו דער דרויסען טיהר האט מען זיא ניט געלאזען. און דיא מענשען פון הויז האבען זיך צו איהר בענומען גוט, פריינדליך, נור זיי האבען צו איהר געהאלטען אלץ אין איין

ריידען, אז איהר שיקזאַל איז פערזיעגעלט. זיא וועט שוין פון דאגען ניט ארוים כיידען זיא וועט פיהרען אזא לעבען וויא אלע אין דיעזען פלאַטץ.

עטליכע טעג איז זיא דאָ אזוי געווען. מען האָט זיא נאָך צו קיין זאַך ניט געצוואונגען, אָבער עס איז פאר איהר געווען ניט בעסער פון צוואַנג. מען האָט איהר אַלערליי אָנבאָטונגען געמאַכט. מזומן געלד קען זיא האָבען. ציירונג וועט מען איהר קויפען, אין קאַרעטען וועט מען זיא אַרומפיהרען. זיא האָט מיט פעסטקייט געענטפערט, אז זיא וועט זיך צו שאנדע ניט פערקויפען. זיא האָט אָנגעהויבען בעטען איין זאַך, מען זאָל איהר געבען בלויז טינט, פעדער און פּאַפּיער און לאָזען זיא אַ בריעפעל שיקען אהיים צו איהר מוטער. צו איהרע פריינד, עס איז אָבער געווען וויא רייד צו דער וואַנד.

דיא לעזער געדענקען אָבער דעם בריעף, וועלכען זרחי האָט פון איהר ערהאַלטען, דעם בריעף וואָס איז געווען אדרעסירט צו איהם קיין אָרשע און וועלכען ער האָט בעקומען זייענדיג אין וויטעבסק, ווען ער איז פריי געוואָרען פון טורמע אין דענעבורג און איז געפאָהרען צוריק. זיי געדענקען וואהרשיינליך וויא מיר האָבען איהם געלאָזען זיצענדיג אין זלמן כזית'ס אכסניא און האָט זיך בעגאָסען מיט טרעהרען לעזענדיג רויזעל'ס בריעף, וואָס איז געווען געשריעבען אזוי אין אונאָרדנונג, וואו זי האָט אָבער דערצעהלט וויא אזוי איהר איז געלונגען איינבעטען זיך ביי אַ מאַן, וועלכער האנדעלט מיט ציערונג און וועלכען מען האָט אריינגעשיקט צו איהר, זיא זאָל זיך אויסקלייבען אַ שטיקעל ציערונג טאָמער וועט מען זיא דערמיט הענען געווינען פאר אַ שענדליכען לעבען. דער לעזער געדענקט אויך געוויס, אז זיא האָט אין יענעם בריעף דערצעהלט, אז דער מאַן האָט אָנגערופען דעם שטעדטעל, וואו זיא געפינט זיך „קונאיילע" און פערשטעהט מסתמא, אז דאָס איז געווען קוני־איילאַנד.

# דריטער טהייל

## זרחי פאָהרט קיין אמעריקא.

מיר קעהרען זיך וויעדער אום קיין וויטעבסק, וואו זרחי האָט בעקומען דיא בריעף, וועלכע האָבען איהם שוין קלאָהר געוויעזען, אין וואָס פאר אַ נעץ רויזעל איז אריינגעפאַלען. פאר איהם איז שוין איצט ניט געווען וואס צו טהאָן אין וויטעבסק, וואו ער האט פריהער געטראַכט צו בלייבען, ביז ער וועט געפינען אַ סליאַד פון רויזלען. איצט דאַרף ער דאָך שוין קיין סליאַד ניט; ער ווייס, אז זיא איז אין אמעריקא, אין אַ שטעדטעל ערגיץ לעבען ניו־יאָרק, און דאס שטעדטעל רופט זיך ק ו נ אָ א י י ל ע.

ער מוז פאָהרען קיין אַמעריקאַ און זעהען דאָרט אויסצוגעפינען זיא.

אבער ניט אזוי לייכט קען ער דאס טהאן. ער איז קיינמאל ניט רייך געווען, האט קוים געמאכט א לעבען פון געבען אוראקען, אין העברעאיש הויפט־זעכליך, און דיא עטליכע רובעל, וועלכע ער פלעגט קענען אפשפארען, פלעגען ביי איהם אוועקגעהן אויף זיין ערפינדונג, אויף ביכער, אזוי, אז ביי איהם זיינען קוים געבליעבען עטליכע צעהנדליג רובעל, און דיא זיינען אוועק גע־גאנגען שוין פאר דער צייט זינט ער איז ארעסטירט געווארען.

איין מיטעל איז פאראן: בענוצען זיך מיט זיין פראווידענס'ער פריינד'ס פארשלאג, ארויסצושיקען איהם א קארטע, אויב ער בעשליסט זיך צו קומען קיין אמעריקא. און דאס איז געווען דאס ערשטע, וואס ער האט געטאהן. ער האט זיך גלייך געזעצט און אנגעשריעבען צוויי בריעף, איינעם צו זיין פריינד אין פראווידענס, וועלכען ער האט געבעטען אין נאמען פון אלעס וואס הייליג און טהייער איז, אז ער זאל פאר איהם תיכף ארויסשי־קען א שיפס־קארטע אויף זיין ארשע'ר אדרעס, און אויב עס איז פאר איהם מעגליך אויסצובארגען איהם נאך עטליכע דאלאר דערצו אויף הוצאות, ווייל ער איז געבליעבען אהן מיטלען דורך אן אונגליק, וואס איהם האט פאסירט. ער האט פערזיכערט זיין פריינד, אז ער האט גרויסע אויסזיכטען און וועט זיכער פערדיענען אין אמעריקא גענוג אויף אבצוצאהלען זיינע חובות.

ער האט זיין פריינד קיין זאך ניט געשריעבען פון דעם הויפט צוועק, צוליעב וועלכען ער בעשליסט זיך צו פאהרען קיין אמעריקא; ער האט דאס ניט געטאהן דערפאר, ווייל ער האט מורא געהאט, אז יענעם זאל דאס ניט אבהאלטען פון צו שיקען איהם א קארטע און אויסבארגען איהם אויף דער הוצאה. זרחי איז געווען א גאנץ קלוגער, איבערלייגטער מענש, א בר־דעת, און האט גאנץ גוט פערשטאנען, אז ווען ער זאל שרייבען זיין פריינד וועגען וואס ער פאהרט קיין אמעריקא, וועט יענעם אפשר ארויף אויפ'ן זינען, אז עס איז א ריזיקא איהם צו בארגען געלד, ווארום ער וועט זיך גאר פער־דרעהען א קאפ מיט ראטעוועט אן אונגליקליכע און וועט גאר נישט טהאן פאר זיך. וויא רחמנות א מענש זאל ניט האבען, נאר ווען מען איז פון ווייטען, געהט עס בלויז ביז'ן קעשענע.

עס קאן זיין, אז ווען ער וואלט געשריעבען גענוי דיא געשיכטע מיט רויזלען, וואלט זיין פריינד אפשר אויך מיטפיהלען, אבער ערשטענס איז ער איצט ניט אימשטאנדע אזוי גענוי צו בעשרייבען דיא געשיכטע, ווייל ער איז צו־נערוועז, און איז עס ניט אימשטאנד איצט צו טהאן, און אזוי בלויז שרייבען, קאן דאס איהם מעהר שאדען איידער נוצען.

דערפאר אבער האט ער געשריעבען א בריעף וועגען דעם צו דעם רעוו־רענד יודמאן, אין וועמענס ווערטער ער האט געזעהען א מענשען מיט א ברייט הארץ און אן ענערגישע נאטור, וועלכער איז עפעס ניט פון דיא מענ־שען, וואס זאגען זיך „מיין שטעדטעלע איז פון ווייטען, וואס ארט עס מיך פאר לייטען?“ ער האט ניט נור אנגעשריעבען א בריעף, אין וועלכען ער

האָט איהם איבערגעגעבען רויזעל׳ס געשיכטע, נאָר האט נאָך דערצו אראָב־גענומען אַ קאָפּיע פון רויזעל׳ס בריעף און האט צוגעשיקט צו דעם יודמאַן׳ען קיין פילאַדעלפיא, פיעללייכט וועט ער קאָנען עפּעס דערוויל אונטערנעהמען פאר איהר רעטונג. ער האט דעם הערר׳ן יודמאַן׳ען ערקלערט, אז ער האָפט אליין צו קומען קיין אמעריקא און בעקאַנט ווערען מיט איהם.

„אבער עס וואלט געווע אודאי אַ פערברעכען, אַז יעדערער וואס קען פערזוכען צו רעטען דיא אונגליקליכע, זאָל עס ניט טהאָן בעפאר נאָך איך אליין וועל האבען דיא מעגליכקייט צו זיין אויפ׳ן פּלאץ. ווארום איך קאָן אייך גאָר אזוי פיעל אין ווערטער ניט אויסשרייבען, וויא אונשולדיג עס איז דער קרבן אליין. אייך זאָל נור חס־וחלילה ניט ארויף אויף דיא געדאַנקען, אז זיא אליין איז אין עפּעס שולדיג. אַז זיא האט מיט איהר ווילען געלאזט זיך פארפיהרען, און אז זי האט געקאָנט אויף אירגענד וועלכער וויזע צו־שטימען צו פיהרען אַ שענדליכען לעבען. איהר קאנט דאס זעהען פון דער אונגליקליכער׳ס בריעף אַליין. עס ציטערען איהר דיא הענד שרייבענדיג דיעזען בריעף און פאַרשטעלענדיג וואס זיא מוז נעביך איבערלעבען זינט זיא האט מיר געשריעבען איהר בריעף....“

און וויא זרחי האָט זיך ניט געשטאַרקט, האבען זיך פון זיינע אויגען געגאָסען טרעהרען, שרייבענדיג דיא אויבערשטע ווערטער צו רעוורענד יוד־מאַן. ער האט אוועקגעשיקט דיא בריעף און האט מעהר אין וויטעבסק ניט גע־וואָלט פערברענגען קיין איין טאָג, ער איז געפאהרען גלייך קיין אָרשע. איין זאַך האָט איהם געמאטערט, ער האט געוואלט וויסען, אויב דער יונגערמאַן, וועלכען ער האט דאן געטראָפען אין האָטעל אין אָרשע, וועלכער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס מאקס קארץ׳ס סעקרעטער, איז דאס דערזעלביגער יונגערמאַן, וועגען וועלכען רויזעל שרייבט, אז ער איז דאס איהר פערפיה־רער. דער טייפעל ווייסט, וויפיעל עס זיינען דאַ אין דער באַנדע, וואס בע־שעפטיגען זיך מיט דיעזען אונמענשליכען האנדעל. און אפשר איז דאס גאָר אַ דריטער, אַן אַנדערער?

און נאָך איין זאַך איז געווען, וואס ער האט זיך געוואָלט דערוויסען, נאָך איידער ער וועט האבען דיא מעגליכקייט צו פאָהרען קיין אַמעריקא. דאס איז, וואו עס איז אהינגעקומען מאקס קארץ, לויט דעם בריעף פון זיין פריינד פון אָרשע, האָט מען דעם חברה־מאן מיט׳ן עטאַפּ אָבגעשיקט אין מאָהליוועד טורמע, פון וואנען ער איז ארויסגענומען געווארען אויף פארוקע. דאס האט איהם אינטערעסירט דערפאר, ווייל דאס ווייזט דאָך, אז אויסער מאַקס קארץ׳ען און רוביניק׳ען, מוזען דאָך זיין נאָך חברה־לייט, וועלכע זייי־נען מיט זיי פערבונדען; עס זיינען פאראַן אזעלכע, וועלכע נעהמען ארויס אויף פארוקע און זיי מוזען דאָך האבען גענוג געלד, ווען זיי קאָנען אלעס אויספיהרען.

ער האט אויסגעארבייט אַ פּלאַן פון טהעטיגקייט. ער פאָהרט גלייך

קיין אָרשע, וועט דאָרטען ערקונדיגען זיך וועגען אַלעס, וואס עס איז פאָרגע־קומען נאָך זיין ארעסט, ביז רויזעל איז פערשוואונדען געווארען און געגוי אונטער וועלכע אומשטענדען זיא איז פערשוואונדען; דערווייל וועט ער זוכען מיט רויזעל'ס מוטער'ס הילף און מיט דער הילף פון מאַנכע בעקאַנטע צו בע־קומען געלד אויף הוצאות; אויב ער וועט קריגען גענוג אַז אויף אַליין קויפען אַ שיפס־קארטע און נאָך האבען געלד אויף איבעריגע הוצאות אויך, וועט ער מעהר ניט פערווייילען און וועט אפילו ניט ווארטען אויף זיין פראָווידענס'ער פריינד'ס ענטפער. טאָמער וועט ער אָבער דעריין ניט ערפאָלגרייך זיין, וועט ער יעדענפאלס זוכען צו קריגען אזוי פיעל געלד וויפיעל מעגליך פאר הוצאות אַ חוץ דער שיפס־קארטע און וועט דיא צייט, ביז אַ שיפס־קארטע וועט איהר אָנקומען פערנוצען אויף זאמלען אויסקינפטע, אריבערפאָהרען אין מאָהילעוו, אויסגעפינען פיעלייכט וואו עס איז אהינגעקומען מאקס קארץ. אפשר געפינט זיך דער חברה־מאן ערגיץ אין אַן אַנדער שטאָדט און זוכט אריינצוכאַפּען אין זיין נעץ נאָך אַזעלכע אָפּפער וויא רויזעל.

מיט דיעזען פּלאַן אין זינען איז ער געקומען קיין אָרשע. קיין מענש־ליכע פעדער איז ניט אימשטאַנד צו שילדערען דיא בעגעגעניש פון זרחי'ן מיט רויזעל'ס מוטער, ווען ער איז אָנגעקומען אין אָרשע און איז גלייך געקו־מען אויף בעזוך צו איהר. וויא ער וואלט דאָ ניט געוועזען שוין אַ לאַנגע, לאַנגע צייט פון יאהרען, אזוי איז זרחי'ן פאָרגעקומען ווען ער איז ארויף אויפ'ן הויף, אויף דעמזעלבען הויף, וואו ער האט זיך מיט אַ פינף וואָכען צוריק ארומגעדרעהט אין דער פריה פון דעם טאָג פון דער אונגליקליכער חתונה, טאָמער וועט ער קענען ווארענען רויזלען. און ווען ער איז אריין אין הויז, האָט זיך איהם אַזש אָנגעהויבען צו מישען אין דיא אויגען אזוי איבערוועל־טיגט איז ער געווארען פון זיינע יסורים'דיגע געפיהלען. אָבער האט איהם דערזעהען יאַכנע איטע. וויא אַלט, ווי צובראָכען, וויא איינגעהויקערט זיא איז געווארען פאר דער צייט.

זיא איז צו איהם צוגעלאָפען וויא אַ מוטער פאלט צו צו איהר איינציג ליעבליך קינד, וועלכען זיא האט ניט געזעהען פאר יאהרען און וועלכען זיא האָט שוין גערעכענט גאָר פאר געשטאָרבען. איהרע טרעהרען און איהרע יאָמער־ווערטער פון אַן אונגליקליכער האָבען איהם געצוואונגען צו שטאַרקען זיך. ער איז דאָך ניט קיין אַלטע אידענע, ער דאַרף זיך ניט פערליערען, ער דאַרף זיא טרויסטען און אין דערזעלבער צייט מיט איהר ערנסט דורכריידען זיך.

ווען ער איז געפאהרען אהער איז ער געווען ענטשלאָסען צו ריידען מיט איהר אָפען, פאָרשטעלען איהר אזוי ווייך וויא מעגליך, רויזעל'ס אונגליק, זיין פאָרזיכטיג וויא ער דערצעהלט עס איהר, אָבער דערצעהלען איהר מוז ער. נור איצט, ווען ער האט דערהערט איהרע רייד איהרע קלאָג־ווערטער, האָט דאס פון איהם אוועקגענומען דיא קראפט צו קענען ריידען מיט איהר אָפען.

ער האט געמוזט עפעס אויסטראכטען, אז זיא זאל אביסעל וויסען, אבער זאל דאך ניט וויסען דעם גאנצען שוידערליכען אמת. ער האט איהר ערקלערט, אז רויזעל׳ס חתן, מאקס קאריץ, האט געהאט מיט זיך א פריינד, א סעקרעטער זיינעם, און ער רעכענט אז דיזער סעקרעטער האט געמוזט רויזלען איבער־רעדען, זיא זאל אנטלויפען מיט איהם.

— וואס רעדט איהר ? וואס רעדט איהר ? מען זאגט, אז דיא ליעבע קען אזוי פארבלענדען אז מען זאל ניט וויסען אליין וואס מען טהוט. אבער איהר קענט דאך רויזלען בעסער וויא אנדערע קענען זיא, וועט זיא גאר א ווייל נאך דער חופה, אין מיטען פון אזא אונגליק, נאך דעם וויא מען האט איהם ארעסטירט גאר פערליעבען זיך אין אן אנדערן, אין א סעקרעטער ? וואס רעדט איהר ? וועז ? וואו ? און ווער האט גאר איהם אין דיא אויגען געזעהען ? ער האט אונז קיינמאל ניט פארגעשטעלט זיינעם א סעקרעטער; וואס פאר א מין סעקרעטאר ? איהר גלויבט אויך אזוינע נארישקייטען ? זיא איז דאך דיא גאנצע צייט פאר דער חתונה פון שטוב ניט ארויס. וואו האט זיא געקענט מיט אזא מענשען בעקענען זיך ?

— אבער איך וויים דאך, יאכנע־איטע, אז דער זאגענאנטער אמעריקאנער חתן, האט געהאט געבראכט מיט זיך א יונגען מאן א סעקרעטאר, ווען ער איז געקומען צוריק פון קיעוו, וויא ער האט דאן ערקלעהרט.

— נו, האט זיך דאס רויזעל גענומען און פערליעבט אין איהם ? ווען ? וויא אזוי ? פאר וואס זאל זיך דאס אייך דוכטען.

— ניין, יאכנע־איטע, מיר דוכט זיך קיין זאך ניט. אלעס וואס איך זאג, איז ניט אהן א גרונד. זיא האט דאך געמוזט מיט וועמען אוועקפאהרען.

— יא, מיט עמיצען איז זיא געפאהרען... מיין אונגליק, מיין גרויסער אונגליק ! יאנקעל דער קרעטשמער, יאנקעל ארשער דערצעהלט, אז זי איז פארביי געפאהרען זיין קרעטשמע אויף א גויאישע פוהרעל און אז ער האט מיט איהר גערעדט, האט זיא געזאגט, אז זיא פאהרט קיין וויטעבסק. מיט וועמען זיא איז דאס געפאהרען וויים איך ניט. גאט וויים, אפשר זייט איהר גערעכט. אבער אלץ וואלט זיא דאך א בריעף געשריעבען.

— האט איהר אליין גערעדט מיט יאנקעל ארשער ?

— וואס פרעגט איהר אזעלכע זאכען ? וועט דען א מאמע זיצען און גאר נישט טהאן ווען אזא אונגליק טרעפט ?

זרחי האט אין ווייטערען געשפרעך מיט יאכנע איטע׳ן געזוכט צו געבען איהר אנדייטונגען וועגען רויזעל׳ס אומגליק און האט איהר אויסגע־זאגט, אז ער האט ערהאלטען א בריעף פון רויזלען, האט אבער געזוכט צו טרייסטען זיא און בערוהיגען :

— און מיר האט זיא דאס מורא צו שרייבען ? — האט געוויינט יאכנע איטע און האט ניט געוואלט אויספרעגען קיין גענויערעס, וויא זיא וואלט עפעס געפיהלט דיא שוידערליכקייט פון איהר טאכטער׳ס לאגע.

— ערשטענס דאַרפט איהר זיך בערוהיגען. מען דאַרף דאָך גאָט דאַנקען, וואָס זיא לעבט און איז געזונד, איהר האָט זיך דאָך דערויף אויך ניט געריכט — האט זיא געטרייסט זרחי — און וואס זיא שרייבט אייך ניט, איז אפשר אַ בריעף פערפאַלען געוואַרען, און אפשר דערפאַר, ווייל זיא ווייס, אז ווען זיא שרייבט מיר, וועל איך אייך דאָך אַלעס איבערגעבען, יאָ, זיא איז נעביך אריינגעפאלען, צווישען שלעכטע מענשען, אָבער איך האָף, אז איך וועל אַליין אין גיכען זיין אין אמעריקאַ, און וועל איהר קענען העלפען.

— איהר פאָהרט קיין אמעריקאַ? — האט יאכנע־איטע איהם אָנגעקוקט און האָט געפיהלט ווי צו כאַפּען קושען זיין האנד אויס דאנקבארקייט.

זיא האט כמעט אָנגעהויבען צו פערשטעהען דעם גאַנצען אמת און האט פערשטאַנען אפילו, וואס עס מוז זיין דער צוועק פון זרחי'ס רייזע קיין אַמעריקא. זיא האט אָבער אַלץ ניט געוואגט אפילו אליין פון איהר מויל ארויסצורייִדען, וואָס איהר הארץ האָט איהר געזאָגט.

— איהר האָט איהר שוין געשריעבען? וואס האט איהר געשריעבען? ראַטעוועט מיך און שרייבט פאר מיר אָן אַ בריעוועל צו איהר — האט יאכנע־איטע געבעטען דורך טרעהרען — איך בין דאָך אליין אַ קנאפּע שרייבערין און איצט, אויף דער עלטער, האבען מיר אָנגעהויבען דיא הענד צו ציטערען. אָי, זרחי, זרחי, איך בין שוין גאָר אַ צובראָכענער שאַרבען. ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך זיך צופוס אַוועקגעשלעפּט קיין אמעריקאַ.

— ווען איך וואָלט געהאט גענוג מיטלען, וואָלט איך אייך געוויס מיטגענומען, יאכנע־איטע, אָבער איך ווייס אליין ניט, וויא איך וועל זיך דורכשלאָגען. איך האב נאָך געמיינט, אפשר וועט איהר קאָנען עפּעס קריגען ערגעץ, אויסקעהרען זיך אין עטליכע רובל, און ויאָלט ניט וועלען צופיעל פערוויילען דאָ.

— איך האָב דאָך גאָר נישט און פערדיען קוים בה"ש אפילו אויף מיין אויסקומעניש. זיא האָט דאָך מיר גאָר דער'הרג'עט, אז איך האָב קיין כח ניט צו ארבייטען און מיינע אויגען זיינען מיר שוין שוואך — האָט געקרעכצעט יאכנע־איטע — איך וועל פארזעצען מיינע לעצטע בעביכעס, וועל לויפען צו מיינע קרובים...

— ניין, זעהט איהר, דערפון וואָלט איך אייך וועלען אָבהאַלטען. זיי וועלען זיך אָנהויבען נאָכפרעגען, און דאָס בעסטע איז, צו האַלטען בסוד דיא גאַנצע געשיכטע. עס וועט דאָך קיין נוצען ניט ברענגען, ווען אלע וועלען וויסען....

— און זיא וועט נעבעך קריגען אַ מיאוס'ען נאָמען. מיין אומגליק, מיין גרויסער אומגליק! — האָט זיך שוין ניט געקענט צוריק האַלטען יאכנע־איטע.

— נו, טהוט וואס איהר קענט, נאָר קיינער זאָל ניט וויסען, אויף וואָס איהר דאַרפט דאָס געלד. איהר דאַרפט זיך אַלץ מאַכען וויא איהר האָט

קיין בריעף ניט, וויא איהר האט נאָך קיין סליאר ניט געפונען.

— האָט רחמנות, זרחי, נעהמט מיך מיט, ווארום אז זיא וועט שוין קומען א געראטעוועטע, מיין קינד, וועט זיא מיך שוין ניט געפינען א לעבע־דיגע.

איהר לאגע האט אזוי צובראָכען זרחי׳ן, אז ער האט איצט אָנגעהויבען שטארק צו טראכטען, אז עס וואלט טאקע בעסער געווען ווען ער זאָל פאָהרען מיט איהר צוזאמען, ווען ער זאל נור קענען דערשלאָגען זיך דיא מיטלען.

— הלואי וואלט עס נור מעגליך געווען, יאכנע־איטע.

— ראטעוועט מיך, איך וועל שוין דורכשלאָגען זיך מיין וועג. איך וועל נדבות בעטען, איך וועל זיך ווענדען צו גוטע מענשען, איך וועל לויפען צו מיינע קרובים, איך וועל פערקויפען אלעס וואס איך האב, איך וועל צונויפ־שלאָגען עטליכע רובל...

— דאן וועט אָבער מיר זיין שווער צו קריעגען פאר זיך אויף הוצאות. סיידען מיר זאָלען ווארטען ביז וואנען מיינער אַן אמעריקאנער קרוב וועט מיר צושיקען א שיפס־קארטע — האט ענדליך געזאגט זרחי — און דערווייל וועל איך מוזען טהאָן דאָ וואס נויטיג איז. און איהר זעהט צו קריעגען וואס מעהר געלד.

— און איהר וועט דאָ בלייבען אין אָרשע דערווייל ?

— איך וועל זיין דאָ, אָבער איך וועל דארפען צופאָהרען פריהער צום קרעטשמער, צו יאנקעל אָרשער. אפשר וועל איך פון דאָרט ערקונדיגען זיך, ווער עס איז געווען דער יונגער מאן, מיט וועלכען זיא איז געפאהרען.

— אז יאנקעל וויים דאָך ניט, זאָגט ער. ער האט געזעהען א יונגען מאן, זאָגט ער, אָבער ווער דער יונגער מאן איז, פון וואנען, פון וואָס, ווייס ער ניט. — האט יאכנע איטע ערקלעהרט.

— איך מוז אָבער אליין זיין. ווען ער וועט מיר בעשרייבען דעם יונ־גען מאן, וועל איך וויסען. דערנאָך וועל איך קומען אהער, וועל זעהען, וואו עס האלט מיט אייך, מיט׳ן געלד קריעגען, און וועל דערנאָך מוזען אריבער־פאָהרען קיין מאָהילעוו.

— אויף וועגען דעם ?

— איך האב קיין אַנדערע געשעפטען ניט. איך וועל אייך שוין אויס־זאָגען, צוליעב וואס איך פאָהר אהין. איך וויל אויסגעפינען, וואו ער איז אהינגעקומען. דאס איז פאר אונז זעהר נויטיג.

— טהוט, טהוט אלעס וואס איהר פערשטעהט... גזלנים, מערדער, זיי האָבען מיין קינד אומגליקליך געמאכט. פארוואָס האָב איך אזוי פארזינדיגט ביי גאָט ? אָי, רבונו של עולם, אפשר שטראפט מיך גאָט, פאר וואס מיר האָבען געזוכט צופיעל גליקען, געוואלט רייך ווערען, טהאָן א רייכען שידוך.

* * *

זרחי האט ווידער געזוכט זיא צו טרייסטען, און פון דעם טאָג זייענען זיי ביידע געוואָרען שטאַרק בעשעפטיגט. זרחי איז אָבגעפאָהרען צו אַלעם ערשטען צו יאַנקעל אָרשער, צו מאַכען דאָרט זיינע אויספאָרשונגען, און יאַכנע איטע האט אָנגעהויבען ארומצולויפען צו קרובים און צו בעקאַנטע, און האט געזוכט צונויפצושלאָגען דיא עטליכע רובל.

ניט לייכט איז דאס דער אַלטער צוברָאָכענער מאַמען אָנגעקומען; זיא האט ניט אויסגעזאגט, צו וואס זיא שנאָרעט צונויף דיא עטליכע רובל, און דערפאר איז דאס איהר אַזוי שווער אָנגעקומען, ווייל מען האָט ניט געוואוסט, צו וואָס זיא דאַרף מיט איין מאָל אַזוי פיעל געלד. דערנאָך האָט זיא ערשט אָנגעהויבען צו זוכען קונים אויף איהרע הויז־יאַכען.

א גוטע זאַך האט זרחי געטאָהן, וואס ער איז אריבערגעפאהרען צו יאַנקעל אָרשער. ער האט דאָרט פון יאַנקלען ערקונדיגט זיך, אַז דער פויער וועלכער האָט געפיהרט רויזלען מיט דעם יונגענמאַן קיין וויטעבסק, איז וואַסילי פון דאָרף זאַבלודאָווקע.

— דאס האב איך זיך ערשט ניט לאַנג דערוואוסט — האט איהם יאַנקעל ערקלערט — ווארום דאמאָלסט האב איך זיך דאָך ניט צוגעקוקט. וועניג פוהרען שטעלען זיך אָב? נאָך דעם וויא איך האָב זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער מעשה אין אָרשע, האָב איך געזוכט אַלץ צו דערמאָהנען זיך מיט וועמען זיא איז געפאהרען, איך מיין וויא יענער פויער האט אויסגעזעהען, אָבער האב בשום אופן ניט געקענט אויסגעפינען. גראד ערשט לעצטע וואָך האב איך אין זאבלודאָווקע געקויפט אַ קאַלב ביי אַ פויער, און ער הויבט מיר אָן דערצעהלען אַ מעשה, אז ער האט געהאָפט צו האבען געלד פון זיינע אַ טאָכטער, וועלכע איז אוועק קיין אמעריקא, אָבער ער הערט פון איהר ניט.

— „וויא לאַנג איז זיא אין אמעריקא?" — פרעג איך איהם.

— „וואס, דוא געדענקסט ניט, יאַנקעל?" — זאָגט ער מיר און הויבט מיר אָן צו דערצעהלען, וויא ער האט געפיהרט זיין טאָכטער מיט אַ יונגען קופּעץ יעוורעיטשיק און אָן ארשער פּאַניא.

און יאַנקעל האָט איהם דערצעהלט, וואס ער האט זיך דערוואוסט פון וואַסילי'ן. זרחי האָט פון איהם מעהר ניט געזוכט אויסצוגעפינען, ווארום ער האט ניט געוואָלט, אז יאַנקעל אָרשער אליין זאָל פאַלען אויף אַ חשד. איהם האט זיך געדוכט, אַז אַלע קענען לעזען אויף זיין פנים, וואס מיט רויזלען איז. און יאַנקעל איז טאַקי צוגעשטאַנען מיט אויפרעגעניש.

— איך וויים קיין זאַך ניט — האָט זרחי געזאָגט — דאָס זוך איך אַליין אויך אויסצוגעפינען.

— זאָג איך דאָך אייך, אז וויא איך פארשטעה פון וואַסילען איז דאס יענער יונגערמאַן געפאהרען קיין אַמעריקאַ און מיט איהם אויך רויזעל און וואַסיל'ס מיידעל אלס איהרע א דיענסט. עפּעס א מאָדנער עסק. איהר פאַרשטעהט עס? איך ניט. — האט יאַנקעל זיך צורעדט.

— איך פארשטעה עס אויך ניט — האט געענטפערט זרחי און האט געזוכט אבצופאהרען וואס שנעלער קיין זאבלודאווקע.

— מען דארף דאס דער ארימער יאכנע־איטע'ן דערצעהלען, האט געטענה'עט יאנקעל — ווארום איך פארשטעה ניט, וואס דאס איז עפעס פאר אזא מאדנע זאך... און ווי אין וואסער ?....

זרחי האט איהם שוין אבער דערויף ניט געענטפערט, האט זיך געאיילט שנעלער פאהרען קיין זאבלודאווקע, וואו איהם איז ניט געווען שווער אויסצוגעפינען דעם פויער. און פון דעם פויער האט ער שוין אויסגעפונען אקוראט, וואס עס איז פארגעקומען אין דיא פאאר טעג, ווען רובּיניק איז דארט איינגעשטאנען מיט רויזלען און וויא זיין טאכטער מאשקא איז געדונגען געווארען צו פאהרען קיין אמעריקא אלס א דיענסט. קורץ, אלעס וואס דער לעזער ווייס שוין פון דיא פריהערדיגע שילדערונגען.

פאר זרחי'ן איז שוין קיין צווייפעל ניט געווען, אז דער יונגערמאן, דער פאן רובּיניק איז דאס דערזעלביגער וואס האט זיך פארגעשטעלט אלס דעם מאקס קארץ'ס סעקרעטאר. ער האט ביי זיך פערצייכענט אויך וויא דעם פויערס טאכטער זעהט אויס און אז מען רופט זיא מאשקא. אבער דאס נאך ווייניג, ער האט געפיהרט דעם פויער אין וואלאסט, וואו ער האט ארויסבעקומען פון וואלאסטנאי שרייבער אן אודאסטאווערעניע, אז אין דעם און דעם טאג איז ארויסגעגעבען געווארען דער און דער קרעסטיאנקע א פאספארט און אז אזא און אזא פערזאן האט זיא געדונגען פאר א דיענסט צו פיהרען זיא קיין אמעריקא.

— אזעלכע דאקומענטען וועלען מיר צוניץ קומען — האט זיך געזאגט זרחי.

דעם פויער האט ער אבער ניט דערצעהלט אום וואס עס האנדעלט זיך, האט איהם בלויז געזאגט, אז איהם איז דאס נויטיג, ווייל ער פאהרט קיין אמעריקא און ער וויל דורך דעם אויסגעפינען דעם פאן רובּיניקס אדרעס. דער פויער מיט זיין פרוי האבען איהם געבעטען מיט טרעהרען אין דיא אויגען, אז ער זאל שוין דארט אין אמעריצע אויסגעפינען מאשקאן, ווייל דאס מיידעל איז ווי אין וואסער פארשוואונדען און שיקט קיין געלד ניט און לאזט פון זיך ניט הערען.

מיט דיעזע אויסקינפטע איז ער אוועקגעפאהרען פון זאבלודאווקע קיין מאהילעוו. ניט לייכט איז איהם דא אנגעקומען אויסצוגעפינען ווער עס האט ארויסגענומען אויף פארוקע דעם אמעריקאנער חברה־מאן מאקס קארץ. ער האט געמוזט אנקומען צום פראקוראָרס קאנצעלאריע. דאס איז איהם געווען שווער דערפאר, ווייל אומעטום איז אויסגעקומען צו שמירען. ער האט געזעהען אויסצומיידען צו בעטען צוליעב דעם הילף ביי וועמען ניט איז פון דיא אידישע קהל'שע טהוער אדער פון קאזיאנע ראווין, ווייל ער האט זיך דערמאהנט אויף דיא טובות פון דעם ארשער קאזיאנע ראווין.

א גאנצע וואָך האָט ער פערבראכט אין מאָהילעוו ביז ער האט זיך ער־קונדיגט, אז אויף פּארוקע האָט ארויסגענומען מאקס קארצען מאיר ווילייטשיק, וועלכער האָט א הויז אויף דובראָווינקע. ער איז געלאָפען צו מאיר ווילייטשיק, דענקענדיג, אז ער וועט זיכער דאָ אָנשטויסען זיך עפּעס אויף א חברה־מאַן פון זעלבען חדר, וואס מאקס קארץ און רובּיניק. וויא ערשטוינט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט געפונען א פיינעם בעל־הבית א אידען, וואס האנדעלט מיט פעל.

— וואס וועט איהר זאגען גוטעס ? — האָט איהם מאיר, אן עלטערער איד מיט א היבּשען בייכעל און א סוחרישען פּנים, א פרעג געטאָהן.

„ווער וואלט עס גלויבען א קוק טאָהן׳דיג אויף אזא אידען — האָט זרחי א טראַכט געטאָהן — אז דאס איז פון יענער פערדאָרבּענער באנדע, וואס פארנעהמט זיך מיט אזא מסחר !“

ער האט זיך באלד אָבער געכאַפּט, אז ער האט א טעות געמאכט. אויף מאיר׳ס פראגע אין א סוחרישען טאָן האָט זרחי אָנגעהויבען צו ענטפערן פרעך :

— איך ווייס ניט, אויב איך וועל אייך זאגען עפּעס גוטעס. איך בין צו אייך געקומען פרעגען וועגען אן אנגעלעגענהייט, וואס וועט אייך מסתמא זעהר ניט שמעקען.

— וועגען וואס איז דאס, יונגערמאַן ?

— וועגען דעם אַמעריקאנער, וועלכען איהר האָט גענומען אונטער אייערע פליגלען.

מאיר האָט איהם אָנגעקוקט וויא א משוגענעם.

— אן אמעריקאנער ? יונגערמאַן, איהר מאכט א טעות, איך האָב מיט אַמעריקאַ קיינע געשעפטען ניט. איך ווייס ניט וואס איהר מיינט.

פאר זרחי׳ן איז דאָס געווען א סימן, אז דער מאיר וויל זיך אָבּטרייסלען כלומר׳שט. אז ער ווייס ניט פון וואס צו זאגען, וואס עס איז מעהר בע־וויז, אז ער מוז שטעהן אין פערבינדונגען מיט דעם חברה־מאַן.

— וואס הייסט, איהר ווייסט ניט וואס איך מיין ? דאס וועט אייך ניט העלפען, פעטערעל, א י ה ר האט איהם ארויסגענומען אויף פּארוקע.

— אויף פּארוקע ? ווידער א פּארוקע. עפּעס א נייע אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ ? וועמען ארויסגעהמען אויף פּארוקע ? לאָזט מיך לעבען, איך בין ניט קיין קהל׳שער בעל־טובה און נעהם ניט אויף קיין פּארוקעס. איין מאָהל אָבּגעבריהט זיך. זאָגט מיר, וואס ווילט איהר, יונגערמאַן !

— האט איהר ניט ארויסגענומען אויף פּארוקע א געוויסען מאַן מיט׳ן נאָמען מאקס קארץ ?

— מאקס קארץ ? — האָט זיך שוין אָנגעכאַפּט מאיר — יא, נו, ווער זייט איהר ? אפשר ווייסט איהר עפּעס פון איהם ? צו ניט זיינער עפּעס א פריינדעל, א קרוב ?

און מאיר האט זיך אוועק געשטעלט אזוי, וויא ער וואלט עפעס גע־וואלט פארשטעלען זרחי'ן דעם וועג, טאמער וועט ער וועלען אנטלויפען. זרחי האט ניט געוואוסט צו איז דאס אן אנשטעל אדער דער בעל־הבית'ישער איד איז אויך עפעס מיאוס אריינגעפאלען. ער האט אנגעהויבען ריידען מיט פאר־זיכט אום אויסצוגעפינען דעם אמת.

— ענטשולדיגט — האט ער געזאגט — איך זעה, אז מיר פערשטע־הען זיך ניט איינער דעם צווייטען.

— ניטא וואס צו פארשטעהן — האט שוין בייזלעך געענטפערט מאיר ווילייטשיק — זאגט מיר ווער זייט איהר? וואס ווייסט איהר פון דעם מאקס קארץ? וואס זייט איהר זיינער?

— מיין נאמען איז זרחי, נאטהאן זרחי, איך קום פון ארשע, וואו דער מאקס קארץ איז ארעסטירט געווארען און פון וואנען מען האט איהם מיט'ן עטאפ געשיקט אהער קיין מאהילעוו; איך וויל אויסגעפינען וואו ער איז אהינגעקומען? איהר האט איהם דא ארויסגענומען אויף פארוקע.

— און איהר זייט דאס זיינער א פריינד, וואס?

— ניין, פארקעהרט.

— זאגט זשע מיר אדרבה, וואס איז דאס פאר א נפש און וואו כאפ איך איהם? — האט שוין א פרעג געטאהן מאיר.

— הערט איהר וועגען דעם בין איך דאך צו אייך געקומען.

— צו מיר? אדרבה, העלפט מיר איהם געפינען.

און נאך א לאנגען ניט קאנען זיך צונויפריידען האט זרחי אויסגעפו־נען, אז מאיר ווילייטשיק איז אריינגעפאלען מיט זיין פארוקע. ער איז א גבאי אין גלעזערשען בית־מדרש, וואו עס דאווענט יאשע משה דער קירזשנער; יאשע משה איז אריינגעפאלען אין אסטראג אונשולדיגערהייט איבער א וועקסעל. מאיר ווילייטשיק האט זיך פאר איהם אנגענומען. און אט האט זיך געמאכט, אז בעזובענדיג איהם אין אסטראג מיט לייבאוויטש דעם אדוואקאט, האט יא־שע משה אין מיטען א זאג געטאהן לייבאוויטשען, אז דא זיצט א יונגערמאן, וועלכער זאגט, אז ער איז אונשולדיג אריינגעפאלען איבער א טעות, א מסירה, אז ער האט א פאלשען פאספארט, אז דאס רואינירט זיינע געשעפטען און ער וויל איינלייגען געלד, אז עמיצער זאל איהם בלויז ארויסנעהמען אויף פארו־קע. דערצו דארף מען א אידען וואס האט א הויז און לייבאוויטש קען דערביי גוט פערדיענען. ערקלעהרט האט דער יונגערמאן, אז איהם דארף אנקומען אן אנווייזונג פון קיעוו אויף מאהילעווער קאמערטשעסקער באנק און אויב עס וועט זיך געפינען אזא הויז־בעזיצער וואס זאל איהם ארויסנעהמען, וועט דיא אנווייזונג אנקומען אויף זיין נאמען און זיין אדרעס. וויא ראטעוועט מען דאס ניט א אידען פון א צרה, ווארום דער יונגערמאן האט ממש געוויינט, אז ביז וואנען ער וועט מיט'ן עטאפ אנקומען קיין קיעוו, וואו מען וועט בעשטעטיגען, אז ער איז דאס דיא פערזאן טאקע פון פאספארט, וועלען זיינע געשעפטען

חרוב ווערען. קורץ, לייבאָוויטש האָט איינגעשמועסט ווילייטשיק'ען, אז ער זאָל געבען פּארוקע. וואָלטען זיי געהאט שכל פריהער אויסצוגעפינען וועגען וועלכע אנגעלעגענהייטען דער יונגער מאַן זיצט, וואס פאר א קלאגע עס איז געגען איהם. ניין, האט זיך מאיר ווילייטשיק פערלאָזען אויף לייבאָוויטש דעם אדוואָקאט; לייבאָוויטש דער אדוואָקאט האָט זיך פערלאָזען אויף יאָשע משה דעם קירזשנער און האט טאָקע געקוואָפּעט זיך אויף דעם הונדערטער, וואס דער יונגערמאַן האָט צוגעזאגט און טאָקע איהם דערלאנגט כלומר'שט אויף הוצאות.

דער יונגערמאַן, דער מאקס קארץ, האט זיי געגעבען אַן אדרעס צו טעלעגראפירען גלייך קיין קיעוו, און די טעלעגראמע האָט געלויטעט: „שיקט גלייך ארויס אַן אָנווייזונג אויף 2000 רובעל אויף דעם אדרעס — מאיר ווי־לייטשיק, דוגראָווינקא, מאָהילעוו נאַ דניעפּער.“ און דערווייל האט מאיר אָנ־געגעבען זיין הויז אין טויזענד רובעל און לייבאָוויטש דער אדוואָקאט האָט דורכגעמאכט דעם עסק. אזוי גיך וויא דיא פּאפּיער איז אונטערגעשריעבען געווארען און לייבאָוויטש איז ארויס מיט דעם מקס קארץ, האט ער זיך אויס־גענדרעהט און ניט געווארען. ער האט זיך פּשוט אָבגעטראָגען און וואו אָנוויי־זונג, ווען אָנווייזונג — פערפאלען וויא אין וואסער! דערווייל שטעקט מאיר ווילייטשיק'ס הויז אלס זאלאָג, און ווען עס וועט קומען, אז מען וועט פאָדערן דעם חברה־מאַן צו א פראָצעס, וועט פאר מאיר ווילייטשיק זיין זעהר ניט גוט. זוכט דערווייל לייבאָוויטש דער אדוואָקאט, אז עס זאָל בעגראָבען ווערען דער גאנצער עסק מיט דער קלאגע געגען דעם מאקס קארץ, ווייל ער האט דאָך דאס איינגעשמועסט מאיר ווילייטשיק צו געבען דיא פּארוקע.

— ווייסט איהר וועמען איהר האט דאס דערווייל געראטעוועט און וועמען איהר זוכט עס נאָך איצט צו ראטעווען דורך בעגראבען אלע פּאפּיערען וועגען איהם? — האָט זרחי מיט קריינקונג א פרעג געטאָהן.

— איך ווייס ניט, נור איך פארשטעה שוין, אז דאס מוז זיין א קע־שעניק, א פערד־גנב, א פאלשער געלד־מאכער אדער דער רוח ווייס ווער. לייבאָוויטש האט שוין געמוזט פון דער דיעלא אויסגעפינען ווער ער איז, נור ער שעהמט זיך אויסצוזאָגען. מיר זיינען זעהר שעהן ארייגעפאלען! אדרבא, זאָגט איהר מיר, וואס איהר ווייסט, וואו געפינט מען איהם? וואו כאפּט מען איהם?

זרחי האָט ניט דערצעהלט אין גאנצען, אבער האט געגעבען צו פאר־שטעהן, אז ער זוכט דעם סליאד פון דעם חברה־מאַן וועגען זעהר א גרויסען כארבערעכען. ער האט אָבגעמאכט מיט מאיר ווילייטשיק, אז ווען ער וועט וואס אויסגעפינען, זאָל ער איהם לאָזען וויסען און דאן וועט מאיר ווילייט־שיק מיט דעם אדוואָקאט לייבאָוויטש טאָהן דאס זייעריגע, אז עס זאָל ארויס פון אויבען אויף דאס וואס זיי זוכען איצט צו צורייבען. א האלב־ענטוישטער

איז דאן זרחי אוועק פון מאָהילעוו צוריק קיין אָרשע, וואו ער האט געפונען דאס, אויף וואס ער האט געהאָפט.

ער האט געפונען א בריעף מיט א שיפס־קארטע, וואס זיין פראָווידענ־סער פריינד האט איהם צוגעשיקט און דערצו נאָך אויך א פופציג רובעל געלד. יאכנע איטע האָט איהם אָנגעזאגט דיא שמחה, אז זיא האָט אויך צונויפגע־שלאָגען צוויי הונדערט רובעל און זיא קען פאָהרען מיט איהם קיין אמעריקא.

פאר זרחי'ן איז שוין געווען זיכער, אז ארומיאגען זיך אין רוסלאנד זוכען ערגיץ מאקום קאָריץ וועט זיין אן אומזיסטע ארבייט. אָבער פאהרען אין אמעריקא און זוכען אין אזא גרויסער מדינה א מענשען, וועלכען מען בע־האלט, איז דאָך עפּעס אויך וויא זוכען א נאָדעל אין א זאסיק תבואה. וויא וועט ער קענען אויסגעפינען, וואו רויזעל געפינט זיך, ווען זיא ווייס אליין ניט וואו זיא איז? אומזיסט האָט ער געזוכט אין א לאנד־קארטע פון פעראייניג־טע שטאאטען צו געפינען דיא שטאָדט קונאיילע, עס זיינען דאָרט פאראן אלערליי זאָנדערבארע נעמען פון שטעדט, אָבער אזא נאָמען קונאיילע געפינט ער ניט.

ער האט געוואלט ארויספאָהרען פון רוסלאנד שוין מיט עפּעס אן אָנ־דייטונג אויף א סליאד, ער זאל ניט זיין אזוי בלינד ווען ער וועט קומען אין דער פרעמדער מדינה. אָבער ער האט בשום אופן ניט געוואוסט, אויף וועלכען אופן צו נעהמען זיך דאפיר. אָבער דאָך האָט ער זיך בעשלאָסען צו לאָזען זיך אין וועג צוזאמען מיט רויזעלס מוטער.

— עפּעס דאָס הארץ זאָגט מיר — האָט ער איהר א זאָג געטהאָן, ווען זיי האבען זיך שוין געזעצט אויפ'ן פוהר צו פאהרען קיין וויטעבסק אום פון דאָרט צו פאָהרען מיט'ן באהן קיין ניישטאַט, וואו זיי זאלען אריבער דעם גרענ־ניץ — עפּעס דאס הארץ זאגט מיר, יאכנע איטע, אז דאָ ערגעץ, אין מאָהי־לעוו, אין ארשע, אין וויטעבסק אָדער אפשר טאקע אין קיעוו קען מען ערגעץ ועפינען שותפים פון דיא באנדיטען, וואס כאפּען אריין מיידלעך אין זייערע נעצען. מיר וועלען פערבייפאָהרענדיג ווידער אראָבפאָהרען קיין זאבלודאָווקע, טאָמער האט דער גוי בעקומען דאָך א בריעף אדער וואס פון זיין טאָכטער און דאס וועט אונז אפשר אָנווייזען א סליאד.

— טהוט וויא איהר פארשטעהט, זרחי, פריהער גאָט און דערנאָך איהר. וואס ווייס איך, אן אלטע אידענע, וואס צו טאָהן. איך וואלט נור וועלען גיכער זיין אין דער אמעריקא, איך וועל דאָרט געהן פון הויז צו הויז, פון גאס צו גאס, פון שטאָדט צו שטאָדט, ביז איך וועל געפינען מיין קינד, אומעטום זיינען דאָך פאראן מענשען, וואס האבען גאָט אין הארצען, טאָמער וועלען זיי מיר העלפען.

ניט קיין גרינגע זאך איז געווען פאר זרחי'ן מיט יאכנע־איטע'ן דאָס אָבפאָהרען און געפינען תרוצים פאר פריינד און בעקאנטע. מענשען האבען עפּעס האלב אָנגעשטויסען זיך, האלב נעטראפען און האָבען געזוכט אויסצו־

געפינען פון איהר. זיא האט אלעמען אבער געענטפערט איינס:

— רויזעל מוז זיין ערגעץ אין אמעריקא אין איך דארף צו איהר פאה־רען. זרחי פאהרט, פאהר איך מיט איהם.

ווייטער דערפון האט מען זיך ניט פון איהר ניט פון זרחי׳ן ניט געקאנט דערשלאגען. און אזוי האבען זיי פערלאזען ארשע, האפענדיג, אז דער שיקזאל וועט זיי אנשטויסען אויף רויזעלע׳ס סליאד.

א גליקליכער געדאנק איז עס געווען, וואס זרחי׳ן איז איינגעפאלען נאך אמאל צו בעזוכען זאבלודאווקע. אום דאס צו טהאן, האט ער גענומען א פוהר בלויז ביז יאנקעל ארשער׳ס קרעטשמע, האט דארט איבערגעלאזען יאכנע איטע׳ן און איז אליין נאך אמאל צוגעפאהרען צו זאבלודאווקע, האט ווידער בעזוכט מאשקא׳ס פאטער. ער האט איהם געפונען א פרעהליכען.

פון משקאן׳ן איז אנגעקומען א בריעף מיט פונפצעהן רובעל און איה־רען א בילד. אין בריעף איז געווען געשריעבען זעהר וועניג און זעהר מיט א צובראכענעם רוסיש, אז עס איז געווען שווער אויסצומאכען וואס זיא טהוט, נאר פאר דיא פויערשע עלטערען איז געווען גענוג, וואס אויפ׳ן בילד געהט זיא אנגעטהאן וויא א פאנענקע און זיא האט געשיקט גאנצע פונפצעהן רובעל, הייסט עס, אז זיא איז גליקליך. אן אדרעס איז אויך געווען: נומער 2...8 עלפטע עווענוי, ניו יארק.

זרחי האט זיך אנגעכאפט אן דעם אדרעס וויא אן א רעטונגס־מיטעל, האט איהם איבערגעשריעבען ביי זיך אין נאטיץ־ביכעל מיט גרויסע ווערטער און האט געזוכט צו קאפירען דיא בוכשטאבען פינקטליך, פערגלייכענדיג עטליכע מאהל דיא איבערגעשריעבענע מיט דעם אריגינאל. און ער האט זיך נאך דערמיט ניט בעגנוגענט — ער האט געוואלט אויך האבען מאשקא׳ס בילד; אבער דאס איז איהם געווען שווער צו קריעגען. דיא עלטערען האבען בשום אופן ניט געוואלט איהם געבען דאס בילד, נאך דעם וויא ער האט זיי גע־באטען גאנצע פינף רובעל. עפעס האבען זיי זיך פון דיא פינף רובעל ניט געוואלט ענטזאגען, נאר האבען אבערגלויביש מורא געהאט, צו פערקויפען איהר בילד.

— שרייבט איהר, זיא זאל שיקען אן אנדערען — האט ער זיי גע־וואלט איינריידען. אבער דאס האט ניט געהאלפען.

— ווער עס זאל שרייבען איז ביי אונז ניטא — האבען זיי זיך פער־ענטפערט.

— וועל איך פאר אייך אנשרייבען א בריעף — האט ער זיך אנגע־שלאגען.

— קאן זיא דאך ניט לעזען — האט דער פאטער געפונען א תירוץ. דער פויערשער קאפ האט ניט פערשטאנען וויא נאריש זיין תירוץ איז.

— איהר וועט דאך איהר ענטפערען אויף איהר בריעף — האט אר־גומענטירט זרחי.

— געענטפערט האָבען מיר שוין — האָט דער פאָטער געזאגט, — נאָר דעם בילד געבען קאָנען מיר ניט.

זרחי איז געפאַלען אויף אַן איינפאַל:

— גיט מיר בלויז דעם בילד ביז איך וועל קומען קיין וויטעבסק, וועל איך אייך איהם אָבשיקען צוריק — האָט ער געבעטען דעם פויער.

דעם פויער, און איבערהויפט דער פויערטע, מאַשקאַ'ס מוטער, איז דאָס געוואָרען פאַרדעכטיג. עפּעס פלעגט זיא דיא גאַנצע צייט יאָמערען וועגען איהר מאַשקאַ'ן און האָט זיך אפילו וועניג געטרייסט, ווען איהר איז אָנגעקומען דאָס בילד מיט'ן געלד:

און אויף וואָס דאַרפט איהר מיין מיידעל'ס בילד? — האָט זיא א פרעג געטהאָן בייזלאַך.

— ווייל איך פאָהר קיין אמעריקא, בין א פריינד פון דער דאַמע, מיט וועלכער זיא איז געפאָהרען — האָט ערקלעהרט איהר זרחי — און אַזוי וויא מיר האָבען פון דער דאַמע לאַנג שוין קיין בריעף ניט געהאַט, רעכען איך דורך אייער טאָכטער צו ערקונדיגען זיך וועגען איהר, אויב זיא דיענט שוין ביי איהר מעהר ניט.

— האָט מיין טאָכטער מסתמא געפונען אַן אנדער פּלאַץ, ביי וועמען צו ארבייטען. נישקשה, ווען מען וויל ארבייטען, געפינט מען גוטע מענשען פאַר וועמען. זיי זאָלען נור צאָהלען, און א מיידעל איז זיא וואָס קאָן ארבייטען, א קלוגע, א לעבעדיגע איז זיא. ניט פאַרפאַלען ווערען און ניט צולאָזען ווערען זאָל זיא נור דאָרט און קומען כמעט אויף אונזערע עלטערע יאָהרען זעהען זיך מיט אונז — האָט זיך צורעדט דיא פויערטע און האָט אויסגעלאָזען יאָמערליך — גאָט וויים, גאָט וויים, צו וועלען מיר נאָך ווען דערלעבען צו זעהען אונזער טאָכטער. זיי זאָגען דאָך, אז פון אמעריקא צוריק צו קומען איז שוין אַזוי וויא פון יענער וועלט צו קומען. גאָט וויים! גאָט וויים!

— זעהט איהר, — האָט זרחי גענומען ווירקען אויף דער מוטער'ס געפיהלען — איך וועל זיא דאָך אויסזוכען אין אמעריצע, און צו זיא אַרבייט ביי אונזערע אָדער ניט, נור איך וועל דאָך איהר אָבגעבען א גערוס פון אייך און וועל איהר איבערגעבען וואס איהר מאַכט און וואָס איהר וועט מיר נור זאָגען איהר צו דערצעהלען. איז דאָס פאַר אייך גאר נישט ווערטה?

— וואָ סאיז צו ריידען, זעהר פיעל ווערטה — איז דיא מוטער שוין ווייכער געוואָרען — אָבער צו וואס דאַרפט איהר, אז מיר זאָלען אייך געבען איהר בילד? זיא איז דאָך אייך א פרעמדע — א מיידעל איז א מיידעל, וואָס האָט איהר אויף איהר בעזונדער צו קוקען?

— איהר פערשטעהט מיך ניט. ווען איך ווייז איהר, אז איך האָב איהר בילד, וועלכען איהר האָט מיר געגעבען, דעמאָלט וועט זיא דאָך מיר גלויבען, אז איך האָב אייך געזעהען, און אז עס איז אמת, וואָס איך דערצעהל איהר פון אייך.

— וויא זשע וועט איהר ווייזען איהר דאָס בילד, ווען איהר זאָגט, אז איהר וועט פון וויטעבסק אונז איהם אָבשיקען צוריק? — האָט וויא גע־כאפּט איהם ביי א פאלשקייט מאַשקאַ׳ס פאָטער.

— ווייל אין וויטעבסק וועל איך אריין צו א פאָטאָגראפער און וועל איהם קאָפּירען.

— א טשי עטאָ מאָזשנאָ? — האָט איהם אָנגעקוקט דער פויער.

— געוויס קאָן מען — האָט פערזיכערט זרחי — עס דארף נור דויערען א צוויי אָדער דריי טעג, איז פארטיג אן אנדער בילד, פונקט אזוי וויא דער.

דער פויער האָט זיך געקראַצט דיא פּאַטילניצע און זרחי האָט גע־זעהען, אז ער גלויבט ניט אז ער וועט בעקומען דאָס בילד צוריק צוגעשיקט.

— ווייסט איהר וואָס — האָט זרחי געפונען א מיטעל — פאהרט מיט מיר קיין וויטעבסק, איך וועל בעצאָהלען פאר דיא צוויי אדער דריי טעג און ווען עס וועט פארטיג ווערען א קאָפּיע פון בילד, וועל איך נעהמען דיא קאָפּיע און איהר וועט צונעהמען אייער בילד צוריק.

דיא פויערשע פאמיליע איז נאָך לאנגער בעראטהונג איינגעגאנגען אויף דעם פארשלאג, זעהענדיג דעריין אן איינקונפט פון עטליכע רובעל. עס איז געבליעבען, אז דער פויער זאָל איינשפּאַנען פערד און וואָגען, פאהרען צו יאנקעל ארשער׳ס קרעטשמע און פון דארט וועלען זיי צוזאמען מיט יאכנע איטע׳ן פאָהרען קיין וויטעבסק. זרחי האָט אויסגערעכענט, אז דאָס וועט איהם אפילו קאָסטען איבעריגע פון צוועלף ביז פופצעהן רובעל, וועלכע ער האָט ניט גערעכענט אויסצוגעבען, און ביי איהם מיט יאכנע איטע׳ן איז יעדער גראָשען געצעהלט, אָבער דאָך האָט ער זיך געפרעהט, וואס עס האָט זיך אזוי געמאכט, ווייל ער האָט גערעכענט, אז מאַשקאַ׳ס בילד וועט איהם זיכער געבען מעהר מעגליכקייט צו געפינען רויזלען. האָבענדיג מאַשקאַ׳ס בילד און איהר אדרעס וועט ער זיא דאָך קאָנען אויסזוכען, ווען אפילו זיא איז שוין ניטאָ אין דער וואָהנונג, וואו זיא האָט דעם אדרעס אָנגעגעבען, ווארום דאָס האָט ער גאנץ גוט פערשטאַנען, אז אויף אדרעסען אליין פער־לאָזען זיך קען ער ניט, בפרט ווען עס האנדעלט זיך וועגען אזעלכע נפשות וואס זיינען פערקויפט צו שאנדע. היינט האָט מען זיי אריינגעגעבען אין אזא פּלאַץ און אין א וואָך ארום — אין אן אנדערען. און אז מאַשקאַ איז אויך פון דעם זעלבען באנדיט מסתמא פארקויפט געוואָרען אין א שאַנד־הויז, — וועגען דעם איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט געוועזן. מען קען דאָס שוין דער־קענען פון דעם בילד אליין, פון איהר קליידונג.

אָבער דאָ איז ער ארויף נאָך אויף א סליאַד, אויף וועלכען ער האָט זיך גאָר ניט גערעכנט, און דאָס איז געוועזן צו פערדאנקען דעם אומשטאנד, וואס ער איז געפאָהרען מיט דעם פויער, מיט מאַשקאַ׳ס פאָטער, קיין וויטעבסק.

.2

מען קאָן זיך פאָרשטעלען, וואס דיא אונגליקליכע מוטער האָט געפיהלט, ווען זרחי האָט איהר ערקלעהרט, אז דער פויער, וועלכער עס פיהרט איהר איצט קיין וויטעבסק, איז דאָס דער, אין וועמענס הויז רויזעל איז איינגעשטאַנען נאָך דעם, וויא זיא איז אוועק פון דער היים אין יענעם אונגליקליכען פארנאַכט נאָך איהר חופּה.

זרחי האָט איהר שוין דערצעהלט, אז דעם פויער׳ס טאָכטער, א יונגע מיידעל מיט דעם נאָמען מאַשקאַ, איז אויך אוועקגעפיהרט געוואָרען צוזאַמען מיט רויזלען קיין אמעריקא מיט אן אנשטעל, אז זיא וועט דאָס דיענען ביי רויזלען. יאַכנע איטע האָט שוין פערשטאַנען קלאָהר אלעס און האָט געפאָלגט זרחי׳ן, אז זיא זאל נאָר פאר דעם פויער ניט ארויסריידען זיך וועגען דעם, וואס זיי פערשטעהען.

— ערשטענס — האָט איהר זרחי געזאגט — וועט דאָך דאָס איהם ניט העלפען און אונז ניט העלפען; צווייטענס, קאָן ער א קוק טהאָן אויף אונז אויך מיט פערדאכט, און עס קאָן זיך דאָ גלייך פערקאָכען א גאַנצע קאשע — העלפען וועט עס ניט, נאָר דאָס וועט אונז צושלאָגען אונזער נסיעה און עס וועט גאָר נישט ארויסקומען. לאָמיר אקאָרשט זיין דאָרט אויפ׳ן פלאַץ, און ווען מיר וועלען ראַטעווען רויזלען, וועלען מיר אויך זוכען צו ראַטעווען דיעזע פויערטעלע, אויב זיא וועט זיך וועלען לאָזען ראטעווען, ווארום ווער וויים, וואס פאר א מיידעל דאָס איז.

— רעדט ניט אזוי, רעדט ניט אזוי — האָט געזאָגט א געשטיקטע פון טרעהרען יאכנע איטע — אַנדערע קאָנען נאָך אזוי מיינען, וועגען מיין רויזלען אויך ניט קענענדיג זיא. דיא גוי׳אישע מיידעל מוז אויך זיין א פערפיהרטע, א פערואונגליקטע. אויף אלעמען איז א רחמנות. גענוג האָט אונז גאָט געשטראָפט, און מען טאָר שוין וועגען קיינעם שלעכט ניט מיינען, וואו מען וויים ניט דעם אמת.

— איהר זייט גערעכט, איך האָב דאָס נור אזוי געזאגט, ווייל אט שרייבט זיא דאָך צו איהרע עלטערען, זאגט זיא גאר נישט, און שיקט זיי נאָך געלד און א בילד, וויא גאר עפּעס א גליק וואלט איהר געטראָפען.

— וואס דען זאל זיא נעבעך טהאָן? אפשר האָט זיא מורא צו שרייבען, אפשר קאָן זיא זיך ניט העלפען און רעכענט, אז שוין פערפאלען. אַי, זרחי, זרחי, גאָט האָט אונז גענוג געשטראָפט, לאמיר ניט זאָגען וועגען אנדערע.

און זיא האָט גענומען אויספרעגען ביים פויער וועגען אלע איינצעלהייטען פאר דיא פּאָאר טעג, וואס רויזעל איז געוועזען ביי איהם אין הויז. און ווען דער גוי האָט אלץ ניט אויפגעהערט צו זאגען, אפּנים פון איהר בעפריעדיגונגס־וועגען, אז רויזעל איז געוועזען מונטער און שעהן, האָט זיא זיך שטארק צואוויינט, און ניט געקאָנט זיך צוריקהאלטען.

— וואָן מאַיע טאָזשע טאַק פּלאַטיע — האָט דער פּויער אַ זאָג געטהאָן, מיינענדיג צו פערגלייכען יאכנע־איטע׳ן מיט זיין פּלונית׳טע — אַ טשאַהאָ טאָם פּלאַקאָט, וו׳אַמעריצע לעפּשע — האָט ער געטרויסט יאכנע־איטע׳ן.

און וויא זיי זיינען אריינגעפאָהרען מיט׳ן שאָסע אין שטאָדט, אויף זארעטשיי, האָט דער פּויער צום ערשטען מאָל אַ זאָג געטהאָן:

— אָט אזוי, געדענק איך, זיינען מיר דעמאָלט אויך אריינגעפאָהרען אין וויטעבסק, ווען דער זייגער האָט שוין געשלאָגען 12 אויף מיטאָג־צייט.

— זיינען זיי דאָס מיט דיר געפאָהרען פון זאבלודאָווקע אהער? — האָט זיך אָנגעכאַפּט זרחי.

— אַ יאַק זשע? — האָט דער פּויער געענטפערט — צו וואס וואָלטען זיי געדארפט דינגען אַן אנדער פוהר, ווען עס איז דאנקען גאָט דאָ אַן אייגענע?

— און וואו האָסטו זיך מיט זיי אָבגעשטעלט? — האָט זרחי אַ פרעג געטהאָן און האָט זיך אליין געוואונדערט אויף זיך, וויא איז דאָס איהם ניט איינגעפאַלען פריהער אויסצופרעגען דעם פּויער וועגען דעם, אזוי וויא ער וואָלט דעריין געפונען דעם שליסעל, וועלכער וועט שוין איהם איצט עפענען אַלעס.

— וואו? איך וויים, וויא דען? איך געדענק ניט דעם נאָמען פון דער האָסטיניצע, אבער איך וויים וואו מיר זיינען געפאָהרען. און אויב דו ווילסט, פּאַן, קענען מיר פאָהרען גלייך אהין.

— געוויס, מיר דארפען דאָך האָבען וואו איינצושטעהן — האָט געענטפערט זרחי, און זיין הארץ האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען ביי דעם געדאנק, אז אָט איז ער ווידער אין וויטעבסק, וואו עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט דיא סצענע ביים וואָקזאַל, ווען ער האָט רויזלען געזעהען פאָהרענדיג אויף אַן איזוואָשטשיק.

דער פּויער האָט אַ פּאָאר מאָל אויפ׳ן וועג זיך אָבגעשטעלט און געקראַצט זיך דיא פּאָטילניצע, צו דערמאָהנען זיך, וואוהין ער דארף פערקירעווען, און ענדליך האָט ער אַ געשריי געטהאָן: „וואָן, אַנאָ!“ דערזעהענדיג פון ווייטען דיא דרעזדענער גאָסטיניצע, וואוהין רובּיניק איז דאַן פערפאָהרען מיט רויזלען און מיט מאַשקאַ׳ן.

זרחי איז אזוי נערוועז געוואָרען, ווען זיי זיינען צוגעפאָהרען צו דער גאָסטיניצע, אז ווען עס איז ארויס אנטקעגען דער פאקטאָר פון גאָסטיניצע, וועלכען דיא לעזער קענען שוין פון דער צייט, וואס רובּיניק מיט רויזלען זיינען דאָרט איינגעשטאַנען, אז ער איז געבליעבען אָהן ווערטער, ווען דיעזער האָט איהם אַ פרעג געטהאָן:

— איהר ווילט איין נומער מיט אייער מוטער אָדער צוויי. מיר האָבען ביליגערע נומערען און טהייערערע; וועט איהר לאַנג דאָ איינשטעהן?

זרחי האָט איהם געוואָלט ערשטענס זאגען, אז דיא אלטע פרוי איז ניט זיין מוטער און צווייטענס, אז ער וואָלט וועלען דעם זעלבען צימער, וואו עס האָט זיך אָבגעשטעלט מיט אזא און אזא צייט צוריק אזא און אזא יונגערמאַן מיט צוויי פרויענצימער. דאָס הארץ האָט איהם אָבער געזאגט, אז ער זאָל בעסער שווייגען וועגען דעם.

— איין צימער וועט פאר אונז ניט זיין גענוג — האָט ער גענטפערט און האָט זיך עפעס מיט א בעזונדער אויפמערקזאמקייט צוגעקוקט צו דעם פאקטער — אָבער ניט קיין טהייערע, עס מאכט ניט אויס, אז קלענערע.

נאָך דעם וויא מען האָט שוין אריינגעטראָגען זייערע זאכען און זרחי איז געקומען א ביסעל צו זיך, האָט ער געבעטען יאכנע־איטע'ן, אז זיא זאָל למען־השם מיט דעם פאקטער אָדער מיט קיין אנדער מענשען ניט רייד־ דען וועגען קיין זאך, זאל ניט דערצעהלען אפילו, אז זיי פאָהרען דאָס קיין אמעריקא, און ער האָט דיא ערשטע זאך גענומען מאשקאַ'ס בילד און אוועק־ געטראָגען צו א פאָטאָגראַפער, בעשטעלענדיג ביי איהם א פיערטעל דוצענד קאפיעס. דער פאָטאָגראַפער האָט איהם פערשפּראָכען, אז אין צייט פון צוויי טעג אויפ'ן דריטען וועלען דיא קאפיעס זיין פארטיג.

דעם זעלבען טאָג, פאר־נאַכט, האט ער שוין מאשקאַ'ס בילד גע־ קאָנט אוועקגעבען דעם פויער, האָט איהם אָבגעצאָהלט פאר צווייבען א פאָר טעג פון ארויספאָהרען פון זאבלודאָווקע ביז ער וועט קומען אהין צוריק, און פאר דיא פוהר־געלד און האָט איהם פערשפּראָכען צו זאָגען מאשקאַ'ן אין אמעריצע, אז זיא זאל ניט זשאַלעווען צו שיקען נאָך עטליכע רובעל, ווען זיא וועט נור האָבען.

בלייבענדיג ביי־נאַכט אליין אין זיין צימער, נאָכדעם וויא יאכנע־ איטע איז אריין אין איהר צימער לייגען זיך שלאָפען, האָט ער לאנג ארומגעשפאציערט הין און צוריק. ווער ווייס, אויב דאָס איז ניט דער זעל־ בער צימער, וואו רויזעל האָט גענעכטיגט. ער וואָלט וועלען אזוי א פרעג טהאָן דעם פאקטער, אנגעבען איהם סמנים. עפּעס רייצט עס איהם צו ווע־ לען וויסען, וואו רויזעל איז איינגעשטאַנען, און אויב זיא האָט דאָ ניט גע־ וואָהנט אין איין און דעם זעלבען צימער מיט איהר פערפיהרער. ער האָט זיך אליין פארוואורף געמאכט פאר אזא געדאנק, אָבער עס האָט איהם דאָך ניט געלאָזט רוהען.

ער האָט אן עפען געטהאָן דיא טהיר, איז ארויס אין קאָרידאָר, און ער האָט נאָך ניט צייט געהאט צו קומען צו א בעשלוס, צו זאל ער רופען דעם פאקטער אָדער ניט, וויא דיעזער איז עפעס וויא אויף דיא שפּיצען פינגער אזוי שטיל שוין געווען לעבען איהם, מיט א כיטרען ווינק אין דיא אויגען און מיט א זיסליכען, אונטערטהעניגען שמייכעלע אויפ'ן פּנים.

— איהר דארפט מיך?

— איך... איך... האָב אייך געוואָלט פרעגען — האָט זיך צוגעשטא־

מעלט זרחי, ניט ווייסענדיג וויא אנצוהויבען. אָבער דער פאקטער האָט אפנים פערטייטשט זיין פערלעגענהייט אנדערש.

— אייער מוטער שלאָפט שוין, מאכט ניט אויס — האָט ער איהם געזאָגט צוואווינקענדיג ווידער ביטרע.

— וואָס?...

— א פיינס, אבער גאר אזא, וואָס... איך קאָן פאר אייך אויסקלייבען... נור עס זיינען פאראן פערשיעדענע פרייזען...

זרחי האָט פערשטאנען, וואס דער פאקטער מיינט דאָ איהם אָנצובאָטען. און אין דער מינוט איז ער אפילו אויפגעבראכט געווארען און האָט מיט אן עקעל געוואָלט אָבטרייבען פון זיך דעם פאסקודנעם מענשען. אָבער ער האָט זיך גלייך צוריקגעהאלטען און האָט געזאָגט.

— דאָס איז דען אייער פרנסה?

— אָט וויפיעל איהר ווערט געבען, איך קאָן האווירען אונזערע אורחים, אָבער טאקע א פיינס, וויא איך זאָג אייך.

און פון וואנען ברייגגט איהר זיי?

— וואָס הייסט פון וואנען? דאָס ווייסט שוין א נאש בראט.

זרחי האָט איבערוועלטיגט זיין עקעל און האט זיך ענטשלאָסען צו מאכען זיך, וויא ער וואלט ווירקליך איינווילינגען צו לאזען צו זיך ברייגגען א פראָסטיטוטקע. נור דערוויל וועט ער זיך מיט איהם צוריידען איבער אזעלכע זאכען, ווארום זיין הארץ זאגט איהם, אז דאָ וועט ער עפעס קאָנען אויסגעפינען.

— הערט, איך בין דאָ ביי אייך אין וויטעבסק צום ערשטען מאָל — האָט ער געזאָגט — און איך ווייס ניט, וויא ביי אייך געהען דאָ צו אזעלכע עסקים.

— אויף וואָס דארפט איהר דאָס וויסען? — האָט א פרעג געטהאָן דער פאקטער, טראכטענדיג ביי זיך, אז ער האָט דאָס צו טהאָן מיט א יאָלד, וועלכען מען קאָן נעהמען אויף זיכער, און אפשר טאקע פערדיענען פון איהם עטליכע גריוועניעס — אדרבא, זאגט מיר וואָס איהר ווילט, וועל איך אייך ענטפערען, און קריעגען קאָן מען אלעס. צו אונז פערפאָהרען אהער אפילו פריצים, און אפילו זיי שטעל איך צופריעדען.

— אָבער פון וואנען האָט איהר דאָס געטראָפען מיך צו פרעגען? — האָט זרחי געפרואווט אלץ טאפען דעם וועג וויא איהם אויסצופרעגען — איך האָב דאָך אייך געקאָנט אבזידלען אויך, טאָמער שטעהען מיר גאר ניט אָן אזעלכע זאכען.

— כע, כע, זאלט איהר געזונד זיין — האָט זיך א קנייטש געטהאָן דער פאקטער — פאר וואָס גאר זידלען זיך, אייך קומט דען עפעס אָב, אז איך פרעג? קיין מאָנאכען זיינען ביי אידען ניטאָ, און קיין פרוש, וויא איך

זעה, זייט איהר אויך ניט, נו, מעג מען דאָך פרעגען. ווייטער האָט קיין פאראיבעל ניט.

— און איהר פרעגט עס אלעמען, ווער עס פארפאָהרט נור אהער?

— ניין, וויא דען מיינט איהר? איך פרעג נור אייך, זאלט איהר געזונד זיין! און ווייטער קאָנען מיר שוין פערשטעהן אויפ'ן פנים ועמען צו פרעגען. אמאָל פארשפאָרט מען גאָר צו פרעגען דעם אורח, דער אורח פרעגט אליין זיך נאָך, אויב ער איז קיין יאָלד ניט.

— און דאָס טהוט איהר מסתמא, אז דער בעל־הבית וואס האלט דיא גאסטיניצע זאל ניט וויסען?

— פאר וואָס עפּעס ניט וויסען? וואָס איז דאָס זיין עסק? ער איז דאָך ניט קיין רב און ניט קיין חסידישער רבי, און פון פרנסה טהוט דער קאָפּ ניט וועה. נאָר דערצעהלען איז מען איהם ניט מחויב, ווייל ער וויים אליין.

— הייסט דאָס, אז איהר האלט דאָ ביי אייך אזא פרנסה, אן איינפאָהר הויז מיט...

— וואס הייסט, מיר האלטען? א פאקטער דארף זעהען צופריעדען שטעלען דיא געסט, און דאָס איז זיין פרנסה, ווארום פערלאָזען זיך אויף דיא אטיעזדנע אליין, וואס אן ארימער פריץ אדער א שטיקעל סוחר לאָזט, קען מען האָבען ניט מעהר וויא וואסער אויף קאשע. און אזוי מאכט מען א פערטעל רובעל פון דאָס, א האלבען רובעל פון עפּעס אנדערש, קען מען מאכען אויף דער הוצאה.

— און ווען איהר ברייגגט אזא, פון וואנען נעהמט איהר זיא, דאָך מסתמא פון א שאנד־הויז?

— ניין, פון וואנען דען, פון ווייבערשער שוהל זאל איך זיא ברייגגען? — האָט כיטרע א לאך געטהאָן דער פאקטער.

— הערט, און וויא איז, אז איך וועל אייך בעצאָהלען דאָס זעלביגע וואס איהר קאָנט פערדיענען פון צושטעלען אזעלכע, נאָר איהר זאלט מיר דערצעהלען וויא אזוי איהר קריעגט זיי.

— וויא אזוי? וואָס איז דאָס אייך אזוי נויטיג צו וויסען? — האָט איהם שוין אָנגעקוקט דער פאקטער.

— צוליעב קיין זאך ניט. נור מיינער א קרוב איז אויך אין דעם עסק. אייך מעג איך דאָך זאָגען. פאר אן אנדערען וואָלט איך זיך שעהמען. אָבער איהר זייט דאָך אליין אויך אין דיא זאכען, איז פאר אייך דאָ ניטאָ וואָס צו שעהמען זיך. און ער שמועסט מיך אלץ איין, אז איך זאָל מיט איהם ווערען א שותף; ער מאכט, זאגט ער, פיעל געלד דערביי, און איך בין, זאגט ער, א נאַר, וואס איך וויל מיט איהם ניט אריין אין דעם עסק. אָבער איך גלויב איהם ניט, ער איז א צו קלוגער יונג און ער וויים אז איך האָב עטליכע הונ־

דערט רובעל, מיינט ער אפשר אריינצוכאפּען מיינע עטליכע הונדערט רובעל, און וואָס קאָן איך איהם דערנאָך טהאָן.

— איז וואָס ווילט איהר פון מיר וויסען? פארדיענען א פּאָאר רובעל וואָלט איך אויך ווֶעלען. נור זאגט מיר, וואס איהר ווילט אויסגעפינען, וועל איך אייך זאָגען. וואו וואָהנט אייער קרוב?

— ער וואָהנט אין קיעוו, נאָר ער האלט אין איין ארומפאָהרען. ער זאגט מיר, אז ער פאָהרט דאס ארום קויפען דיא סחורה, און ווען איך פרעג איהם, וויא קויפט מען דאָס, אום איך זאָל וויסען, אויף וואָס ער דארף געלד, איך וויל דאָך ניט אריין בלינדערהייט, ענטפערט ער מיר אלץ, אז דאָס איז א סוד־זאַך, וואָלט איך ווֶעלען וויסען, וויא דאָס איז.

— זייט איהר דאָס געקומען צו מיר פרעגען? — האָט איהם מיט חשד אָנגעקוקט דער פאקטער.

— איך בין ניט געקומען אהער צוליעב פרעגען אייך, נאָר אז עס איז געקומען צו רייד.

— אז איך וואָלט האָבען עטליכע הונדערט רובעל, וואָלט איך אייך געפיהרט אזעלכע זאכען בעסער אייד'ער אלע אייערע קרובים, ווארום זיי זיינען מסתמא יאָלדעס.

— עס קען זיין, איך רעכען אויך אזוי.

— וויא רופט מען אייער קרוב? איך קאָן עפּעס אויך ניט איינעם פון אזעלכע, אפשר קאָן איך איהם; איז ער קיינמאָל ניט געוועזן אין וויטעבסק?

— ניין, וויא ער האָט מיר געזאָגט, איז ער ניט אליין דעריין. עס זיינען דעריין עטליכע, זיינען זיי צוטהיילט אין בעזונדערע געגענדען. ער האָט מיך אין קיעוו בעקאנט געמאכט מיט איינעם, וואס איז גאר א בראַנד אין דיא זאכען. און יענער פאָהרט עס ארום אין וויטעבסק, אין מאָהילעוו, אין קיעוו, און פיהרט פון דיא שטעדט דיא סחורה אזש קיין אמעריקא.

— נו, ווייס איך שוין ווער דאָס איז — האָט א זאָג געטהאָן דער פאקטער. איך קאָן זיי שעהנע עטליכע. אויב איהר ווייסט דעם נאָמען, וועל איך אייך זאָגען, צו איך קאָן איהם צו ניט.

— פון וואנען זאָלט איהר איהם קענען? אז ער איז גאָר אין אמע־ריקא דיא מעהרסטע צייט.

— פון וואנען איך קען איהם? איהר זאגט מיר נור, אז איהר זייט זיכער, אז ער מאכט געשעפטען אין אמעריקא, וועל איך אייך שוין זאָגען, צו איך קאָן איהם צו ניט. אפשר איז גאָר דאָס דער, וואס מאכט געשעפטען אין בראזיליע?

— וויא מען פיהרט פון דאנען אויך קיין בראזיליע?

— איז וואָס חדוש'ט איהר זיך? איך ווייס ניט, וואו דאָס וואקסט דיא בראזיליע, אָבער קיין מאָנאַכען זיינען דאָך דאָרטען אויך דיא מענשען ניט. און וואו מען קאָן מאכען געשעפטען, מאכט מען. ווען איך וואָלט גע־

קאַנט לייענען און שרייבען און זיין אזא סוחר וויא זיי, מיינט איהר, איך וואלט ניט געמאכט מעהר געלד פון זיי? און אז מען איז א פּראָסטער מענש דארף מען זיך בעגוגענען מיט א האלבען קערבעל דאָרט, וואו דיא חברה מאכען טויזענדער.

— מאכען זיי טויזענדער? איז דאָס טאקע אמת, וואס מיין קרוב האָט מיר געזאָגט?

— איהר זאגט מיר נור, וויא מען רופט איהם.

— מיין קרוב אָדער זיין שותף, וואס פיהרט סחורה דורך וויטעבסק?

— דער וואס דורך וויטעבסק. ווארום ביי אונז אין גאסטיניצע שטע־לען זיי זיך דאָך אָב, ווען זיי דארפען דאָ. און ווען זיי זיינען דאָ מאך איך שוין עטליכע רובעל.

— זיינען זיי דאָ אָפט?

— אָ, ווען זיי זאָלען דאָ זיין אפט, וואלט איך אפשר אויך געווען אזוי רייך וויא זיי. און אזוי פּטר'ט מען מיך אָב מיט א פּאאר רובעל און גאר נישט. וואָס קען איך מאכען? אלץ בעסער וויא גאר נישט. איז וויא רופט מען איהם?

— רוביניק.

— אָ, רוביניק! איהר דערצעהלט מיר איהם? איך קאָן איהם אן אבגעשונדענעם. דאָס איז א בראַנד, דאָס איז א פייער. האָט איהר טאקע רעכט, ער פיהרט טאקע קיין אמעריקא. ער איז דאָך א גאנצער אמעריקאנער.

— איז ער אָפט דאָ?

—אמאָל טרעפט, אז א פּאר מאָל אין יאהר און אמאָל ניט. נור אז ער איז דאָ, שטעהט ער דאָך דאָ איין.

— ווירקליך?

— געווים. איהר פרעגט מיך וועגען איהם. ווילט איהר דאָס אריינ־געהן אין געשעפט מיט אייער קרוב, וואס פיהרט מיט איהם געשעפטען? איך וועל אייך געבען בעסערע מענשען, און אז איהר האָט געלד, קאָנען מיר מאכען בעסער. רוביניק איז דאָך איצט גאר אין אמעריקא, און ביז ער וועט קומען אמאָל אהער, וועט דאָך אודאי דויערען א יאָהר, אויב ניט מעהר.

— פון וואנען ווייסט איהר?

— פון וואנען איך וויים? וואס בין איך, א שמש אין קלויז? איהר דערצעהלט מיר? ער האָט דאָך ערשט דאָ ניט לאנג אוועקגעפיהרט סחורה קיין אמעריקא. איך האָב זיי אליין אוועקגעפיהרט צום וואקזאל. ער איז א ביטערער יונג. מיט איהם דארף מען זיך היטען.

— עפעס זעה איך, אז איהר האָט אויף איהם א כעס.

— א כעס? איך וועל נאָך דעם יונג אמאָל אין קאטאָרגע פארשיקען. זאָל ער נאָר דעם צווייטען מאָל דאָ זיין. דער יונג מאכט געלד, און ביז איהר רייסט פון איהם ארוים א רובעל קומט עס אָן מיט גרינע ווערים.

— איהר קאָנט איהם אין קאטאָרגע פארשיקען ? וויא אזוי ?

— פרעגט ניט וויא אזוי, אז איך וויל קאָן איך.

— דאָס זאָגט איהר, ווייל איהר ווילט מיך אָבשלאָגען פון צו מאכען געשעפטען מיט איהם און איהר אליין וואָלט וועלען מאכען געשעפטען מיט מיר, אָבער איך קאָן דאָך אייך ניט גלויבען אויפ'ן וואָרט — האָט געזאָגט זרחי, געברויכענדיג דעם וואָרט געשעפטען, ווייל דער פאקטער האָט איהם געברויכט.

— הערט, אויב איהר מיינט טאַקע, וואָס איהר זאגט, טאָ קומט מיט מיר, וועל איך אייך פיהרען אין אן אָרט, וואו איהר קאָנט וויסען פון האָאר ביז גאָר וועגען רובּיניק'ען. זיא וויים שוין אלעס, זיא קאָן איהם פון דער היים. דאָס וועט זיין א געשעפט.

— ווער איז זיא ?

— איך וויל וויסען, וואס וועל איך דערוויילע דערפאר האָבען ? — האָט איהם אין מיטען א פרעג געטהאָן דער פאקטער, ניט ענטפערענדיג אויף דער פראגע ווער דיא זיא איז.

— פאר וואָס האָבען ?

— פאר וואָס איך וועל אייך פיהרען און מאכען געשעפט.

— וואָס ווילט איהר האָבען ?

— דריי קערבּלעך.

— גוט, איך וועל זעהען, אז עס וועט ווערטה זיין, וועל איך אייך בעצאָהלען. נאט אייך דערווייל א רובעל — האָט איהם זרחי געזאָגט.

— טאָ קומט.

— ווייט דארף מען דאָס געהן ?

— אז איהר וועט נעהמען אן איזוואָזטשיק איז דאָס גאָר ניט ווייט.

זרחי האָט איינגעוויליגט, און דער פאקטער האָט איהם געפיהרט מיט אן איזוואָזטשיק אין איינער פון דיא פערוואָרפענסטע געסלעך. עס איז שוין געווען עלף אוהר ביי־נאכט. לעבען א הויז מיט פערמאכטע לאָדען האָבען זיי זיך אבגעשטעלט. פאר דער טהיר איז געהאנגען א לאנטערנע. ארויפגעהענדיג אויפ'ן גאניק האָט זרחי דערהערט דיא קלאנגען פון א פארטעפּיאנאָ און טומעלדיגע קולות, וויא עפּעס אויף א חתונה, אין א קרעטשמע, אויף א יאריד — אלעס צוזאמען.

דער פאקטער האָט איהם אריינגעפיהרט אינעווענינ, און ביי זרחי'ן האָט פערציטערט דאָס הארץ: ווער וויים, וואוהין ער איז דאָ פערפיהרט געוואָרען. ער האָט זיך אָנגעהערט אזוי פיעל שוידערליכע מעשיות, וואָס עס קומט פאָר אין אזעלכע ערטער אין דיא גרויסע שטעדט, און דער געדאנק נאָך, אז רויזעל מוז זיך אויך געפינען אין אזא פּלאַץ, האָט איהם שיער אראָבגעשלאָגען פון דיא פיס.

— דאָ איז דאָס פּאָניע דיא טייטשקע — האָט איהם דער פאקטער

ערקלעהרט — זיא איז ניט די בעל־הבית'טע, נור אן אויסהעלפערקע צו פיהרען דעם געשעפט. פון איהר וועט איהר זיך אלעס דערוויסען וועגען רוביניק'ען, וואָס אַרט אייך.

— צו וואָס וועט זיא מיר דאָס זאָגען?

— דאָס וויים איך שוין. ווען זיא וואָלט געקאָנט דערטרינקען איהם אין א לעפעל וואסער, וואָלט זיא. זיא איז דאָך אליין געוועזן שוין גאָר א סאָדערזשאטעלניצע (אייגענטהימערין) פון א גרויסען הויז, וואו עס פלעגען קומען שוין גאָר גרויסע פּריצים, נור ער האָט זיא געבראכט צו אזא לאַגע, אז מען האלט זיא דאָ איצט מעהר פון רחמנות וועגען איידער ווייל מען דאַרף זיא.

דער צימער, אין וועלכען זיי זיינען אריין איז געוועזן א גרויסער, פיער־עקעדיגער, מיט אלטע רויטע טאפּעטען, וועלכע זיינען פלעצערווייז געוועזן באדעקט מיט גרויסע, געלע פלעקען פון אלטקייט, און בעלויכטען פון א הענג־לאָמפּ. ארום דיא וואנד זיינען געוועזן צושטעלט ווייכע שטוהלען, אקאנאפּע און טישלאך — אלץ ביליג־פערפּוצטע, אלטע מעבעל, און ביי דער וואנד אין הינטער־גרונד א פּארטעפּיאַנאָ, לעבען וועלכער עס איז געזעסען אן אויסגעמאָגערטער יונגער־מאַן, מיט א מין אָפּגעניצעוועטען פּנים און מיט בלויע ברילען, וואס האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א ליידענדען פון עפּעס א מיאוס'ער קראנקהייט, און ער האָט געקלאפּט אויף דער פּאַרטעפּיאַנאָ, אויסקלאפּענדיג טענץ־מוזיק.

עטליכע פּאָארלעך, צווישען וועלכע עס האָט זיך געזעהען אן אונטער־אָפיצערסקער מונדיר, האָבען זיך ארומגעדרעהט אין א פרעהליכער פּאָלקע איבער'ן צימער, צוטופּענדיג שטארק מיט דיא פיס. וואו ניט וואו זיינען געזעסען מענער פון פערשיעדענעם אויסזעהען און פערשיעדענעם אלטער מיט פרויענצימער, אין לייזע קליידלעך פון פערשיעדענע מאָדעס, אָבער אלץ פון שרייענדע קאָלירען און אונגעלומפּערט, האלב־נאַקעט. אייניגע זיינען געזעסען לעבען טישלאך, אויף וועלכע עס זיינען געשטאַנען פלעשער און גלעזלעך, זיינען געזעסען האלב־שיכור'ע און גאנץ־שיכור'ע. א ריח פון טאַבאַק, דורכגענומען מיט'ן ריח פון קעראָסין, פון זייף און פון ביליגען פּערפיום, וואס צורייסט דיא נאָז, האָט אָנגעפילט דיא גאנצע לופט פון צימער.

זרחי האָט זיך ניט צוגעקוקט בעזאָנדערס צו דאָס ארומרינגלענדע. איהם האָבען זיך נור געוואָרפען אין דיא אויגען דיא אבשייליך־אָנגעפארבטע, פרעכע, האלב־קראנקע און גראָב־אויסגעלאסענע פּנימ'ער און פּאָזען פון דיא פרויענצימער און א פּאָאר עקעלהאפטע, עפּעס מערדערישע פּנימ'ער פון מענער. ער איז געוועזן אזוי צוטומעלט, אז ער האָט אפילו ניט געזעהען, וויא מאנכע קוקען אויף איהם, וויא אויף עפּעס אן אונגעוועהנליכען גאסט. איהם איז געוואָרען פינסטער אין דיא אויגען פון דעם געדאנק, אז אין אזא נעסט

פון פערדאַרבענהייט געפינט זיך ערגעץ רוויזעל, אַבוואַהל ניט אין רוסלאַנד. אַבער דאָרט וואו זיא איז מוז דאָך אויך זיין דאָס זעלביגע.

— איך האָב מורא, מיין מוטער איז ניט גאָר איינגאַנצען געזונד, — האָט ער אָנגעהויבען זאָגען דעם פּאַקטער, פיהלענדיג אז ער וועט דאָ ניט אימשטאַנד זיין לאַנג צו בלייבען און וועט פיעלייכט ניט קאָנען אויסהאַלטען זיין ראָלע — און איך האָב איהר איבערגעלאָזען אליין אין גאַסטיניצע...

— הערסטו, איהר האָט נאָך ניט צייט געהאַט אריינצוגעהן, שוין צוריק! צו־וואָס זשע זיינען מיר געגאַנגען? — האָט איהם געפרעגט דער פּאַקטער, צוזווינקענדיג דערוויל צו עמיצען פון דיא פרויענצימער, ווארום ער איז דאָ געווען פּאַני־בראַט מיט אַלעמען, קענטיג — און א מיידעל וועט איהר ניט נעהמען? וואַרט, איך וועל באַלד ארויסרופען פּאַניע דיא טייטשקע, זיא איז דאָרט אין דעם צווייטען צימער, וואו עס איז דער בופעט. וויא? איהר וועט גאָר ניט הייסען שטעלען עפּעס? הייסט געבען א פלע־שעלע. געשעפט, וויא רעז!

— אויב מיר קאָנען מיט איהר איצט ניט ריידען, זאָל זיין — האָט געזאָגט זרחי — מיר וועלען דאָס לאָזען אויף אין־דער־פריה, ווען דאָ איז מסתמא ניט אזוי פול מיט מענשען.

— אָי, זייט איהר א מלמד, האָט קיין פּאַראיבעל ניט. אָט קומט זיא טאַקע ארויס. אויב איהר ווילט אריין אין אזא געשעפט, דאַרפט איהר דאָך קיין יאָלד ניט זיין.

דאָס האָט דערמאָהנט זרחי'ן, אז ער מוז שפּיעלען זיין ראָלע פון א פיינעם יונג, א כוואַט, אַבוואָהל ער האָט געפיהלט, אז ער זוכט צו בריה'ן זיך אויף א גאַנץ אומגעלומפּערטען אופן.

— איהר ניט מיינט, אז איך בין אזא נעביכקע — האָט ער זיך אָנ־גענומען מיט מוטה און א זאָג געטהאָן — איך זעה בלויז אויס אזוי, אַבער א געשעפט פארשטעה איך.

— דאָס איז בעסער וואָס איהר קוקט אזוי אויס — האָט א קעהר געטהאָן מיט דיא אויגען מעשה פיינער־יונג דער פּאַקטער — נעבאַי וואָלט איך האָבען אזא פרומע טשורווע, האַ־האַ, וואָלט איך דאָס געמאַכט געשעפּ־טען, אזש א רויך וואָלט געגאַנגען. דיא גאַנצע זאַך איז צו האָבען אזעלכע קוקערס אין קאַטשאָן און א קנאַקער אין גלאָק, און דערצו נאָך א פּאָאר שעהנינקע טאָוועלעך, דעמאָלט געהט עס א געשעפט, כאָטש אין מאַקאַריעוו אויפ'ן יאַריד!

זרחי האָט איהם אָנגעקוקט, ניט פערשטעהענדיג זיינע ווערטער. ער האָט ניט געוואוסט, אז קוקערס מיינט אויגען, קאַטשאָן מיינט א קלוגען קאָפּ און א קנאַקער אין גלאָק הייסט, א געשליפען צינגעל אין מויל. ער האָט אָבער פערשטאַנען, אז דאָס מיינט, אז עס איז גוט אין דיעזען געשעפט, ווען עמיצענס אויסזעהען איז פערפיהרעריש, און ער האָט זיך אָבגערופען:

— יא, דעריין האָט איהר רעכט. רוביניק איז אזא, און דארום געהט עם איהם.

— ע, ברודער לעבען, רוביניק, זיא וועט אייך שוין דערצעהלען. ער איז נאָך דערצו אויף סמעטענע מיט פּאַרפעל אויסגעוואקסען.

— יא — האָט געענטפערט זרחי, אָבוואָהל ער האָט ניט פערשטאַנען, אז דאָס הייסט אריסטאָקראַטישע מאַניערען און געבילדעט.

— איהר וועט שוין הערען, וואָס פאַניע דיא טייטשקע וועט אייך באַלד דערצעהלען. פריילין רעטעכלעך! — האָט ער זיך א בויג געטהאָן וויא אַבלאַכענדיג צו א דיקע, קורצע פּרויענצימער מיט אָנגעפּודערטע באקען און וואסערדיגע אויגען, אונטער וועלכע עם האָבען זיך ארויסגעזעהען וויא אָנ־געלאָפענע בלויע רינגען — געבען זיי א רוף דיא מאַדאַם פאַניע.

דיא פרויענצימער האָט זיך א קרים געטהאָן, וויא זיא וואָלט דערמיט עפּעס וועלען מאַכען א חנ׳עוודיגען איינדרוק, האָט זיך דערנאָך א קעהר געטהאָן צום פּאַקטער מיט דעם הינטערשטען טהייל קערפּער און האָט זיך טיעף א בויג געטהאָן, זאָגענדיג מיט א הייזעריגען קול:

— ווילקאָמען! — און זיא איז אוועק אין דעם בופעט־צימער.

— איהר שמעקט קיינמאָל ניט, וואָס איך רוף זיא „פריילין רעטעכ־לעך", ווארום זיא וויל מען זאָל זיא רופען פריילין גרעטכעל. אָבער זיא וועט מיך פּאָלגען — האָט ער ערקלעהרט — וועט מיך פּאָלגען אין פייער און אין וואסער.

אין דער צייט האָבען זיך שוין ארום זיי ארומגעדרעהט עטליכע פרויענצימער פון פערשיעדענע געשטאַלטען. זרחי האָט געפיהלט, אז איהם קעהרט צו ברעכען פון דיא פאַסקודנע ריחות און פון דיא גרימאַסען וועלכע זיי מאַכען, דענקענדיג דערמיט געפעהלען צו זיין.

— וואָס איז יענע, אויך א טייטשקע? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן וועגען דער פריילין גרעטכען, סתם אזוי אום צו פרעגען עפּעס.

— א טייטשקע, און אויב איהר האָט פיינד טייטשקעס, קענט איהר דאָ אויסקלייבען פון וועלכען סאָרט איהר ווילט, פּוילישע, רוסישע, לאַ־טיישקעס און אידישקעס — האָט א ווינק געטהאָן וויעדער פיינע־בריה׳שדיג דער פאַקטער.

— ניין, מיר זיינען דאָך געקומען צוליעב עפּעס — האָט זיך אויס־געקעהרט זרחי.

— טאָ הייסט דאָך שטעלען עפּעס — האָט דער פאַקטער געזאָגט — עם וועט שוין געהן א גאַנג, און מיר, וואָס איהר האָט צוגעזאָגט, דאַרפט איהר אויך ניט אָבלייגען. און אָט קומט שקאָציעל, זיא אליין, פאַניע דיא טייטשקע.

צו זיי איז צוגעגאַנגען א הויכע, דונקעלע פרויענצימער, מיט אָנגע־פארבטע באקען געדיכט רויט און אן איינגעפאַלענעם פּנים, אָבער גרויסע

גרויע אויגען. בעפאַר זיא איז צוגעקומען נאָהענט, האָט זיא בייזלעך געקוקט און זיך א פּאָאר מאָל אָבגעשטעלט, וויא זיא וואָלט עפּעס מיט פערדאַכט געקוקט אויף דעם פּאַקטער. אָבער ווען זיא איז צוגעקומען נעהענטער, האָט זיא געזוכט צו מאַכען א שמייכלענדען פּנים, וואס עס האָט זיך צו איהר גאָר ניט צוגעפּאסט.

— הייסט עפּעס שטעלען — האָט איהם שטיילערהייד א ציה געטהאָן פאַר'ן ארבעל דער פּאַקטער — איך וועל הייסען פאַר אייך געבען א פלע־שעלע ליקער.

— גוט.

— א פלעשעלע ליקער! — האָט א געשריי געטהאָן, וויא א מין פערגיטיגונג דער פּאַקטער, ווען פּאַניע דיא טייטשקע איז שוין געווען לעבען זיי — דאָס האָב איך זיי געבראַכט.

— דעם ערשטען מאָהל ביי אונז? — האָט זיא א פרעג געטהאָן — פאַר וואָס נעהמט איהר ניט קיין שטוהל. מאַריא!

א אינגערע מיידעל אין א שווארצע קלייד מיט א ווייסען שירצעל, גאָר עפּעס ניט עהנליך צו דיא איבעריגע, האָט אָנגעהויבען צו געהן וויא א פערשעהמטע.

— אהא, דיא רבי'צען, אקוראט וויא געטראָפען — האָט א ריהר גע־טהאָן דער פּקטער זרחי'ן מיט'ן עלענבויגען.

זרחי האָט געזעהען, אז דאָס רופט מען זיא צו פון זיינטוועגען און זיין פּנים האָט זיך בעגאָסען מיט א רויטקייט.

— מיר זיינען דאָך געקומען וועגען עפּעס — האָט ער פערדריסליך א זאָג געטהאָן דעם פּאַקטער, ווען זיי האָבען זיך געזעצט לעבען א ווינקעל־טישעל, אויף וועלכען פּאַניע דיא טייטשקע האָט זיי אָנגעוויזען.

— יא, זיי זיינען געקומען וועגען געשעפט — האָט איהר דער פּאַק־טער א ווינק געטהאָן. זעצט זיך, דאָס האָב איך זיי געבראַכט, און עס וועט שוין געהן וויא געשמירט.

— געשעפט, לאָמיר הערען! — האָט זיא ווידער קרום און מיט פערדאַכט א קוק געטהאָן — זאָל איך אריינרופען דיא ווירטהין?

— ניין! — האָט געזאָגט דער פּאַקטער, צונעהמענדיג דיא פלעשעל ליקער פון דער דיקער פרויענצימער, וואס האָט איצט צוגעטראָגען אויף א טאַץ מיט דריי גלעזלעך.

— און ווער בעצאָהלט? — האָט פּאַניע געפרעגט געשעפטליך, און האָט ארויפגעלעגט דיא האַנד אויף'ן פלעשעל, און א ווענד טהאָענדיג זיך צו זרחי האָט זיא א זאָג געטהאָן — מיין הערר, ביי אונז צאָהלט מען דאָ פריהער.

— וויפיעל? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן.

— איין רובעל.

זרחי האָט אַרויסגענומען אַ רובעל עפּעס אונבעקוועמערהייד און האָט אַרויפגעלעגט אויפ'ן טיש. פאַניע דיאַ טייטשקע האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט אַ פערעכטליכען שמייכעל און האָט אָבגעלאָזען דיאַ האַנד פון פלעשעל.

— זיי זיינען געקומען. איך האָב זיי געבראַכט מאַכען געשעפטען — האָט ווידערהאָלט דער פאַקטער און גענומען אָנגיסען דיאַ גלעזלעך, אָבער גאָר גוטע געשעפטען.

— וואָס פאַר געשעפטען ,

— וויל אַליין עפּענען מיט אייך אַ גרויסען אָרט. מען האָט איהם גע'שדכנ'ט, ער זאָל דאָס מאַכען מיט אַן אַנדערען, און איך האָב זיי גע־בראַכט, זיי זאָלען דאָס טהאָן מיט אייך. קיין בעסערע, זאָג איך, דאַרף מען ניט. גאָלד, זאָג איך, קען מען שאַרען מיט ביידע הענד און נאָך מיט אַ הראַבליע. און סחורה דאַרפען מיר צו קיינעם ניט אָנקומען. פאַניע דיאַ טייטשקע, זאָג איך, האָט געפיהרט שוין גאָר גרויסע הייזער, ווען רוביניק וואָלט זיא ניט בעראַבעוועט און אַריינגעוואָרפען אין אַסטראָג.

פאַניע האָט פּלוצלונג אַ ציה געטהאָן אַ פויסט און אַ רוק געטהאָן דעם פאַקטער אונטער דער נאָז.

— זאָל איך גע'הרג'עט ווערען! — האָט זיך דער פאַקטער אָנגע־הויבען צו שילטען — זאָל איך אַ מיתה משונה איינגעהמען אויף דעם אָרט, וויא איך מיין געשעפט.

— פעי, דאַ דיעלאַ ראַזומעי — האָט כוואַטסקע אַ זאָג געטהאָן פאַניע און אָנגעשטעלט דיאַ האַנד אין דיאַ זייטען, קוקענדיג וויא אַ גאַנצע שררה'טע אויף דעם פאַקטער — וועלכער רוביניק? איך קען ניט קיין רוביניק'ען, זנאַט ניע זנאַיו אי וועדאַט ניע וועדאַיו.

— אָבער איך זאָג, אַז זיי ווילען עפּענען אַליין אַ הויז — האָט זיך צוגעבויגט נעהענטער צו איהר דער פאַקטער. זיי האָבען אַ קרוב, וועלכער ברומבעלט מיט רוביניק'ען און דער קרוב וויל דאָס, אַז זיי זאָלען אַריינלייגען דאָס גאַנצע געלד מיט זיי און אַרומפאָהרען כאַפּען אַנטיקלעך פאַר אַמעריקע. איך האָב זיך דערוואוסט, קלעהר איך: ניין, דיאַ כאָלעריע וועט דיך כאַפּען, אַ נכפה וועט דיך אויסקייקלען! מאַכט דאָס, זאָג איך, בעסער מיט פאַניע דיאַ טייטשקע, און מיר וועלען טרינקען מאַהאַריטש, איז דאָס זיי געפעלען געוואָרען. זאָל איך אַזוי דערלעבען אַראָב פון דעם אָרט, אַז ניט זאָל איך איינגעשלאָגען ווערען. און אַ פּאָאר רובעל וועל איך אויך פערדיענען.

— טססס... — האָט פאַניע אַ וויין געטהאָן מיט'ן פינגער אויף דער נאָז און אַ קוק טהאָענדיג אויף זרחי מיט פערדאַכט און אונגלויבליך, האָט זיאַ אַ פרעג געטהאָן — יאַ, ווירקליך?

— יאַ — האָט געענטפערט זרחי.

— דוראַק! — האָט אַ זעץ געטהאָן פאַניע דעם פאַקטער אין ברוסט

און האָט אַ ווינק געטהאָן איהם, אַ קעהר טהאָענדיג דיא אויגען אין דער זייט.

— וואָס געקומען אהער? פּששש — קיינער דאַרף ניט וויסען. מיר זיינען אזוי געקומען. איך האָב אריינגעבראַכט אַ גאַסט, דאָס איז אַלעס.

פאַניע האָט געגומען אן אנגעגאָסענע גלעזעל און האָט אויסגע־טרונקען מיט איין שלונג, וויא זיא וואָלט וועלען ווייזען איהרע פעהיגקייטען, זאָגענדיג:

— דאָס קען מען מאַכען.

— וויל ער דאָס, זאָגט ער, אָנהויבען מיט רוביניק׳ס אַ שותּף — האָט ווידער אָנגעהויבען דער פאַקטער — זאָג איך איהם: וואָס אַארט אייך, רוביניק איז אַ האַלז־שניידער, ער וועט אייך אָבקאָכען פון קאָפּ ביז דיא פּיס. קומט מיט מיר צו איהר. מיט איהר קאָנט איהר מאַכען דיא בעסטע געשעפ־טען. צו וואָס דאַרפט איהר, מיט שוואַרץ יאָהר, אמעריקאַ? און זיא וועט אייך דערצעהלען, וועה רוביניק איז. זיא וואָלט איצט אַ קיסר׳טע געווען ווען ניט רוביניק. בין איך ניט גערעכט?

— סיידען איך וועל קראַפּירען, אויב איך וועל איהם ניט דערשטעכען גלייך וויא ער וועט קומען אהער אין וויטעבסק. אהאַ, ער האָט זיך ניט גע־ווייזען, ווען ער איז דאָ געווען דאָס לעצטע מאָהל, דאָ ניט לאַנג צוריק. ווען ער וואָלט זיך ווייזען, וואָלט ער שוין פערזאָגען אַ צעהנטען... ראַזבאָיניק!...

— האָט שוין אויסגעשאָסען ענדליך פאַניע.

און זיא האָט דאָ געגומען זידלען זיך מיט דיא גראָבע, סאַלדאַטסקע רוסישע זידעל־ווערטער, אַ כאַפּ טהאָענדיג דעם פאַקטער פאַר׳ן אויער און אַ ריס געטהאָן.

— ניט געקומען מיר זאָגען, ווען ער איז דאָ געווען, געדענק׳ן וועט איהר דאָס מיר, יאַשצערקעס איהר אזעלכע, קראַקאָדילען פאַסקודנע, אמע־ריקאַנער כאָלערע זעלבע...

— איך האָב ניט געקאָנט, איך האָב מורא געהאַט.

— מורא געהאַט? און איך האָב פאַר איהם קיין מורא ניט, וועל איך אויף איהם אַלעס אויסזאָגען און קיין מורא האָב איך ניט! מיט מיינע ציינער וועל איך איהם צובייסען גליעדערווייז, צוקייען און ארויסשפּייען — אַט וואָס!

גיפטיגע פּיענע האָט זיך געוויעזען איצט אויף איהרע ליפּען, איהרע באַקען האָבען געצוקט וויא פון ספּאַזמען, אַ קרענקליכקייט האָט זיך געצייגט אין איהר גאַנצען אויסזעהען, נאָר דיא אויגען האָבען אָנגעהויבען בליצען, וויא שוועבעל.

— זייט איהר דאָס אויף איהם אזוי בייז? — האָט זרחי געפרעגט, זוכענדיג צו מאַכען דעם איינדרוק, וויא ער וואָלט געווען גלייכגילטיג.

— בייז? — האָט זיא אַ פינסטערען לאַך געטהאָן — בייז? ווען

מען וואלט פאסענווייז שינדען זיין הויט, וואלט איך געשטאנען און געשא־
טען זאלץ אויף דיא אפגעשונדענע פאסען און וואלט געריבען און געריבען,
און דערנאך ערשט פעפער.

— טערקישען פעפער, כא־כא־כא — האט געזאגט דער פאקטער
אריינגיסענדיג דאס דריטע גלעזעל — און דא וועט עס געהן געשעפט, און
איהם וועלען מיר דערטרינקען וויא א הונד.

— טערקישע כאלערע! — האט אויף איהם בייז א קוק געטהאן
פאניע — ער רעדט אויך. האט געשווינגען וויא יורקעס הונד ווען מיין בלוט־
זויגער איז דא געווען. געכאפט ביי איהם א פינף־רובעלדיגע, איז געווען
פערשטאפט דיא גלאטקע? איך וועל אייך ווייזען!

— אבערווארט, זאל ער דא זיין נאך אמאל, וועל איך שוין גלייך
קומען צו לויפען אהער און גיב א זאג: פאניע, ער איז דא!... קומט, שטעכט
איהם אויס דיא אויגען. זשוליק! ער האט מיך אויך בעשווינדעלט.

— בעשווינדעלט! — האט אויף איהם קרום א קוק געטהאן פאניע
— ער רעדט אויך בעשווינדעלט. האלעדרילע, וואס האט ער אייך געקאנט
בעשווינדלען! גלייכט זיך אויך צו מיר! קריך ניט מיט'ן חזיר'שען שנוק
וואו מען הייסט ניט. און איך וועל איהם אנלערנען!... ווארט אקארשט!...
נאך א יאהר ווארטען? וועל איך ווארטען...

— האט ער אייך פיעל שלעכטעס געטהאן? — האט זיך אלץ גע־
וואלט דערשלאגען א ווארט זרחי.

— געטהאן גענוג.

— איך מיין עפעס, אז גענוג — האט זיך אריינגעמישט דער פאק־
טער — איך זאג אייך, א קיסר'טע וואלט זיא שוין לאנג געווען, ווען ניט ער.

— ווילט איהר טאקע עפענען אזא ארט? — האט זרחי'ן אין דער
שטיל א פרעג געטהאן איצט פאניע און האט זיך ארומגעקוקט — איך וויל
ניט, מען זאל דא הערען, דיא ווירטהין קען זיך דערוויסען, דאן איז שלעכט.

— געוויס מיינט ער, צו וואס דען האב איך איהם געבראכט צו
אייך?

— געבראכט אהער, אז זיא זאל דאס דערהערען, דיא אלטע מכשפה,
און זאל מיך פון הויז ארויסיאגען?

— וויא דען האב איך געזאלט טהאן? איך וויים, אז זיא איז דאך
ביי זיך דארטען אויבען, און איהר זייט דא דיא גאנצע בעל־הבית'טע, פיהרט
דעם גאנצען געשעפט.

— יא, איך פיהר, און יעדען ביי־נאכט זוכט מען דורך מיינע קליי־
דער, טאמער האב איך בעהאלטען וואו א רובעל.

— אבער ווען רוביניק וואלט אייך אזוי ניט...

— פערשטאפ דיין גלאטקע! — האט זיא א זעץ געטהאן דאס גלע־
זעל אויפ'ן טיש — רוביניק! רוביניק! הויבט אן און הערט ניט אויף;

וויים, אז מיר שטעכט עס ווייא מיט שפּיזען אין הארצען, ווען מען דער־מאָהנט זיין נאָמען, און ער הערט ניט אויף אַלץ רובּיניק און רובּיניק.

— האָט ער אייך בע׳גנב׳עט? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן, ווע־רענדיג שוין אונגעדולדיג.

— בע׳גנב׳עט? דאָס איז גאר נישט. אָבער אויב איהר ווילט טאַקע מאכען געשעפט, דארפט איהר מיט מיר ריידען ניט דאָ, וואָלט איך אייך דערצעהלען, וועלכע געשעפטען איך וואָלט מאכען איצט, ווען ניט דער מערדער.

— וואָס אארט אייך, אז זיא וועט אייך דערצעהלען, וועט איהר זיך שוין היטען פון רובּיניק׳ס חברה ווייא פון א בייזען פּאָהיביל. זאָג איך א ליגען?

— אָבער ניט דאָ.

— וואו דען? — האָט זרחי געפרעגט — קאָנט איהר ניט קומען צו מיר אין גאָסטיניצע?

— האָלובטשיק! — האָט פאניע איהם א גלעט געטהאָן איבער׳ן באַק, פון וואָס זרחי האָט זיך אָבגעצויגען און האָט פערכאַפּט:

— קומט מאָרגען, און זאָגט מיר איצט, וועלכע צייט איהר קאָנט קומען, ווארום איך דארף דאָס וויסען.

— זיא וועט שוין קומען, איך וועל זיא ברייגגען — האָט געזאָגט דער פאקטער — און מיר וועלען מיט אייך מאכען געשעפט. וואָס אארט אייך, געלד וועלען מיר שארען. איהר פרעגט איהר, זיא וועט אייך זאָגען. צוויי א זייגער מאָרגען ביי־טאָג — יא?

— גוט, זאָל זיין צוויי א זייגער. ביי מיר איז, אז מיט א גוטען מענ־שען, וועל איך אפילו דורך פייער און דורך וואסער — האָט זיא מיט א פרעהליכען טאָן געזאָגט, און וועגען רובּיניק׳ען וועל איך אייך דערצעהלען אלעס. און אז מען דארף עדות, קאָן איך שטעלען אפילו עדות...

זיא האָט אָבער נאָך ניט צייט געהאט צו ענדיגען דיא ווערטער, ווייא עס האָט זיך דערהערט א בריאזג פון א פלאַש, וואָס איז געפלויגען אין א וואַנד און א קוויטש פון א פּרויענצימער מיט א ווילדער זידלעריי, וועלכע האָט איבערשטיגען אלע אנדערע קולות.

— אהא, א דראקע! — האָט זיך א שטעל געטהאָן דער פאקטער, און א שרעקליכע סצענע האָט זיך איצט אָבגעשפּיעלט פאר זרחי׳ס אויגען. דער שיכור׳ער אונטער־אפיציער, וועלכען ער האָט געזעהען פריהער ארומ־בעהמענדיג דיא דיקע פּרויענצימער, וועלכע דער פאקטער האָט בעגריסט אלס „פריילין רעטעבלעך“, האָט זיא איצט געוואָרגען מיט דער רעכטער האנד ארום האלז, וועהרענד זיא האָט געהאלטען איהרע נעגעל איינגעגראָבען אין זיין לינקער באַק און געבריקעט איהם מיט דיא פיס; בלוט האָט זיך גענאָ־סען פון דעם אונטער־אפיציער׳ס פנים ווייא פון א דבר־אחר, און זיא האָט

געכאָרכעלט מיט א פערשטיקטער שטימע און דיא אויגען זיינען ביי איהר שיער ארויסגעשפרונגען פון אונטער'ן שטערען, וויא ביי א דערוואָרגענער.

איין פרויענצימער איז צוגעשפרונגען און האָט מיט א פלאַש גע־קלאַפּט דעם אונטער־אָפיציער איבער'ן האנד מיט דער גאנצער מאכט, האָט אָבער פון צו־שטאַרקער בעוועגונג זיך א גליטש געטהאָן און איז אנידערגע־פאַלען. אלע זיינען אויפגעשפרונגען, אנדערע האָבען געלאכט מיט א בעזוי־פענעם געלעכטער. עס איז געוועזען א ליארעם, א בראזשגעריי פון גלעזער, א זידלעריי, טומעל, געשלעג, אז מען האָט ניט געקענט צונעהמען ווער וועמען.

— מען דאַרף לויפען נאָך פאָליציי — האָט געשריען דער פאקטער

— און איהר האלט צו דיא קעשענעס דערווייל...

אָבער זרחי האָט איהם אָנגענומען ביי דער האנד און האָט געזאָגט:

— מישט זיך ניט! קומט, לאָמיר געהן, איך וויל דאָ מעהר ניט בלייבען.

— לאָמיר זעהען, ווארט — האָט זיך געריסען דער פאקטער — וואָס האָט איהר מורא?

— קומט! אז ניט געה איך אליין! — האָט איהם שוין בייז געזאָגט זרחי — איך מוז געהן, מיין מוטער פיהלט דאָרט ניט גוט, און איך מוז געהן.

— און געשעפט?

— מאָרגען, מאָרגען! זיא וועט קומען מאָרגען, וועלען מיר זעהען.

— אז איהר זאָגט געהן, לאָמיר געהן! — האָט געזאָגט דער פאקטער, וועלכער איז שוין געווען שיכור'לעך.

— לאָמיר נעהמען אן איזוואָזטשיק! — האָט געזאגט זרחי, וויא זיי זיינען נור ארוים פון טהיר, איבערלאָזענדיג א הינטער זיך דיא קולות און געשלעגערייען.

ער האָט געפיהלט, וויא ער וואלט ארויסגעקומען פון א גיהנום, און האָט זיך נור געוואונדערט, וויא ווייט געזונקען עס קאָנען זיין מענשען.

— זיא איז א סטערווע! — האָט זיך צורעדט דער פאקטער — וואָס מיינט איהר, בין איך א יאָלד? איהר וועט דען מיט איהר אריין אין געשעפ־טען? ווילט איהר, וועל איך מיט אייך מאכען דיא בעסטע געשעפטען. און רובּיניק'ען וואלט איך וועלען זעהען א בעגראָבענעם. אין אסטראָג האָט ער זיא דאָך אריינגעוואָרפען פאר א פּוילישע מיידעל, וואס האָט זיך אויפגע־האַנגען, און אויפגעהאנגען האָט זיך דיא מיידעל איבער איהם. זיא וועט אייך דערצעהלען.

ניט געקאָנט איינשלאָפען האָט זרחי, ווען ער איז געקומען צוריק אין גאסטיניצע אין זיין צימער. ער האָט עפּעס געפיהלט, אז ער האָט געדאַרפט געהן אין א באָד, גוט ארומוואַשען זיך, וויא זיין קערפּער וואלט עפּעס פאַס־קודנע פארשמוצט געוואָרען און דער עקעלהאפטער גערוך פון יענעם פלאַטץ, וואו ער איז געווען מיט'ן פאקטער, וואלט איהם פערפאָלגט.

ער איז איינגעשלאָפען ערשט מיט'ן גרויען אויף טאָג. יאכנע־איטע איז אין איהר צימער שוין לאנג אויפגעשטאנען און זיא האָט געטראָפען דעם וועג אליין ארויסצוגעהן פון גאָסטיניצע, איינקויפען פערשיעדענע עסענווארג, ביז וואנען זרחי וועט אויפשטעהן און אָנגרייטען איהם צו עסען, האָט געהייסען מען זאָל ניט ארויפטראָגען קיין סאמאָוואר, ביז וואנען ער וועט זיך ניט אויפכאפען. זיא איז שוין געוועזן מיט אלעם פארטיג, און האָט זיך געוואונדערט, וואס ער שלאָפט נאָך אלץ. זיא האָט צו איהם געפיהלט, וויא ער וואָלט געוועזן איהר אייגען, לייבליך טהייער קינד, וויא ער וואלט איהר פערביטען איהר רויזלען, האָט ניט געוואָלט איהם וועקען.

אָבער זעהענדיג, אז עס איז שוין נאָך עלף א זייגער און ער שלאָפט נאָך אלץ, איז זיא עפּעס שטארק אונרוהיג געוואָרען. פון איהר צימער האָט א טהיר געפיהרט צו זיין צימער און דיעזע טהיר האָט זרחי ניט פערשלאָסען. זי האָט עטליכע מאָהל שוין געעפענט דיא טהיר און אריינגעקוקט, אָבער איצט האָט זיא זיך ענטשלאָסען אריינצוגעהן, האָט זיך גענומען וויא אויפראמען דעם צימער, און האָט זיך זעהר דערפרעהט, ווען ער האָט זיך א הויב געטהאָן פון בעטעל מיט א מין שרעק:

— ווער איז דאָס?

— דאָס בין איך — האָט זיא געזאָגט, און איהר האָט זיך עפּעס געוואָלט אזוי צולייגען: „דאָס בין איך, מיין טהייערער זוהן, מיין ליעבעס קינד". אָבער זיא איז נור געבליעבען שטעהן, קוקענדיג אויף איהם מיט דאנקבארע אויגען.

— אָ, מאמעלע — האָט ער א זאָג געטהאָן, וויא צוטרעפענדיג איהר — טאקע גוט, וואָס איהר זייט אריין, אז ניט, ווער ווייס, וויא ווייט אין טאָג איך וואָלט געקאָנט אריינשלאָפען.

דאָס וואָרט „מאמעלע" האָט אזוי געווירקט אויף דער אונגליקליכער מוטער, אז זיא איז צוגעגאנגען און האָט איהם א קוש געטהאָן אין שטערן:

— גאָט זאָל אייך בעצאָהלען פאר אלץ, זרחי.

— נור ניט געוויינט, מאמעלע — האָט ער געזאָגט מיט א בעזונדער מונטערקייט — מיר וועלען אָבלייגען פון היינט אָן דיא טרעהרען אויף דעם טאָג, ווען מיר וועלען וויינען פון שמחה, וואס מיר האָבען געראטעוועט רויזלען און געפונען זיא א געזונדטע, און אז זיא וועט זיין דיא זעלביגע ליעבע, שעהנע, גוטע רויזעל וואָס אמאָל.

— גאָט ווייס! גאָט ווייס! — האָט צוריקגעהאלטען איהרע טרעהרען יאכנע איטע.

— פערלאָזט זיך אויף מיר! — האָט געזאָגט זרחי, פיהלענדיג עפּעס פלוצלונג, וויא ביי איהם וואלטען זיך ערוועקט קרעפטען א וועלט איבערצוקעהרען.

און זיין מוטה האָט זיך גענומען דערפון, וואס ער האָט ערווארט, אז

פאניע דיא טייטשקע וועט איהם היינט דערצעהלען עפעס, וואס וועט איהם געבען וויא א מין שליסעל, ער זאל קאנען אויסגעפינען, וואו דער רוביניק קאן זיך געפינען, וואוהין ער האט געקאנט פארפיהרען רויזלען און האבען א בייטש געגען איהם, צו קאנען אפילו אין אמעריקא איבערגעבען איהם און אלע זיינע חברה־לייט צום געריכט.

— נור אט וואס איך וועל אייך בעטען, מאמעלע, — האט ער געזאגט יאכנע איטע'ן און בעשלאסען זיא אזוי שוין שטענדיג צו רופען — נאכ'ן עסען וועט איהר זיך א ביסעל ארומשפאציערען אין וויטעבסקער גאסען, איהר דארפט נור זעהען ניט צו פערבלאנדזשען, ווארום איך האב נאך ארומצולויפען און עטליכע עסקים צו פערריכטען.

יאכנע איטע האט זיך אין אלעם פערלאזען אויף איהם, האט ניט געפרעגט, און האט גאר זאגאר מורא געהאט צופיעל צו פרעגען, וואס פאר אן עסקים דאס זיינען. זיא האט געוואוסט, אז וואס פאר איהם איז נויטיג צו וויסען וועט שוין זרחי איהר זאגען. ער פערשטעהט מסתמא וואס ער טהוט און וייס מסתמא בעסער פאר וואס זיי דארפען זיך אבשטעלען אויף א פאאר טעג דא.

עס איז געווען שוין א זייגער איינס, ווען זיי האבען זיך ספראוועט מיט זייער עסען, און זרחי האט איהר געזאגט:

— קומט, מאמעלע. איך וויל מיט אייך ארא בגעהן אין גאס און אייך ווייזען, וויא ניט צו פערליערען דעם וועג.

— איך וועל ניט פערליערען, וואס בין איך עפעס א פיצעל קינד — האט איהם פערזיכערט יאכנע איטע — און וויא האב איך געפונען אין דער פריה צו געהן אין קרעמעל און איינקויפען אויף אנבייסען.

— אבער איך וואלט וועלען, אז איהר זאלט ניט איילען זיך צו קומען, ווארום ביז פיער א זייגער וועל איך זיין פערנומען, און וואס וועט איהר טהאן איינע אליין אין אייער צימער אין גאסטיניצע. איך וויל ניט, אז איהר זאלט זיצען איינע אליין און טראכטען, דערפון וועט אונז קיין גוטעס ניט ארויסקומען. געהט זיך בעסער דורך און קוקט זיך צו צו דיא גאסען, וועט דאס אייך א ביסעל פערטרייבען דיא צייט.

יאכנע־איטע האט ניט געזוכט קיין צייט־פערטרייב. נאר זיא האט ביי זיך אבגעמאכט, אז זיא פאלגט איהם, וואס ער זאל ניט הייסען. מסתמא אז ער זאגט אזוי און וויל אזוי, ווייס ער געוויס וואס ער רעדט. און זיא איז אוועק שפאציערען איבער וויטעבסקער גאסען, וויא ער האט געזאגט, ביז פיער א זייגער. דעם וועג וועט זיא שוין ניט פערליערען.

זרחי איז ארויף צו זיך אין צימער און האט געווארט. עס איז נאך ניט געווען קיין צוויי, וויא דער פאקטער האט צו איהם אין צימער אריינגעפיהרט פאניע דיא טייטשקע. זיא האט איצט, אן אנגעצויגענע אין א לייכטען מאנטעל, מיט א היטעלע אויפ'ן קאפ און מיט א האנדשוה, ניט געמאכט

אויף איהם אזא אבשטויסענדען איינדרוק וויא נעכטען ביי־נאכט. היינט איז עפּעס געווען אין איהר האלטונג מעהר מענשען־ווירדע, אָבוואָהל זיא איז אריינגעקומען עפּעס ארַאָפּגעפאלען ביי זיך אנשטאָט דעם וואס נעכטען האָט זיא געהאלטען דעם קאָפּ אין דער הויך און געקוקט עפּעס מיט חוצפה'דיגען שטאָלץ, וויא עפּעס רעכטס.

— זיצט — האָט זרחי געזאגט און האָט זיך אויך געפיהלט מעהר אין א צושטאנד אויסצופרעגען פון איהר אלעס איידער נעכטען, ווען ער איז געווען אין יענעם זומפּ, וואס האָט אויף איהם געמאכט אזא שווידערליכען איינדרוק — זיצט, נעהמט אראָב אייער היטעלע און מאנטעל.

— געוויס, אזא געשעפט מאכט מען דאָך ניט איינס, צוויי דריי, — האָט געזאגט דער פאקטער.

— און אייך וועל איך בעטען, אונז איבערלאָזען אליין — האָט זרחי געזאָגט דעם פאקטער, וועלכער האָט אויף איהם איצט א קוק געטהאָן מיט פערדאכט, וויא ער וואָלט זאָגען: אזוי גאר?

— אז איהר מיינט, איהר וועט קאָנען אויסקומען אהן מיר, איז דאָס אייער זאַך.

— ווען מיר וועלען אייך דארפען, וועלען מיר אייך ארייגרופען — האָט איהם זרחי געזאגט — זייט זיכער, אז מיר וועלען אָהן אייך קיין גע־שעפט ניט מאכען.

— פאר קיין פאל אין דער וועלט ניט — האָט זיא שוין אויך צוגע־שטימט, וויא זיא וואָלט עפּעס דערפיהלט א שטאָלץ, וואס ער וויל מיט איהר בלייבען אליין אין צימער.

— זאָל איך ארייגברייגנען א פלעשעלע ליקער? — האָט דער פאק־טער א פרעג געטהאָן, שטעהענדיג שוין לעבען אָפענער טהיר.

— עס שאדט ניט, — האָט געזאָגט זרחי, און האָט שוין געוואָלט געהן אין קעשענע נאָך געלד.

אָבער דאָ האָט זיך פאניע א קעהר געטהאָן, קרום א קוק געטהאָן אויף דעם פאקטער און א זאָג געטהאָן:

— צו וואָס?

— אזוי, מאהאריטש פאר געשעפט מאכען, וויא דען?

— געה, געה! — האָט זיא איהם א זאָג געטהאָן מיט א בעפעהלענ־דען טאָן — ווען מען וועט דארפען טרינקען מאהאריטש, וועט מען נאָך דיר שיקען, דערווייליע דארף מען נאָך ניט.

דער פאקטער האָט א ווינק געטהאָן מיט'ן אויג און געמאכט א גריי־מאסע, וויא ער וואָלט מיט איהר געווען אדרבה ואדרבה און איז ארויס; קענטיג, אז דאָס האָט ער זיך נור געמאכט אזוי, אבער אין אמת'ען איז ער ארויס אן אונצופריעדענער.

— זאָל ער געהן — האָט זיא א זאָג געטהאָן, געבענדיג בייז א קוק

אויף דער טהיר — אויף א מענש, קריכט אויף מיט זיין שנוק, וואו מען דארף איהם ניט, טאָמער וועט ער אַ ביינדעל אָבלעקען. אויף אזעלכע דארף מען אפילו א שפּוי ניט טהאָן. צופיעל עהרע פאר זיי! ווארפט איהם צו א רובעל, קויפט איהר איהם אָב אין גאַנצען, און ער צאַפּט אויף וואו ער קען נור. אָבער וואָס איז אין גאַנצען זיין פּריין? א גראָשען! איך קען זיי אלעמען אויסגעבונדען. פארשטאָפּט איהם דיא גלאָטקע מיט א רובעל, וועט ער אייך נאָך א קוש טהאָן דיא פּאדעשווע.

זיא האָט עס ארויסגערעדט גיפטיג. זרחי האָט זיך צוגעהערט, און האָט אויף איהר געקוקט דיא גאנצע צייט, טראכטענדיג: ווער ווייס, מיט ועמען נאָך פון דיעזער געזונקענער געזינדעל, פון דיעזע ברואים פון דער אונטער־וועלט, עס וועט אויסקומען צו עסק'ן זיך, ביז וואַנען דער צוועק וועט זיין עררייכט. מען דארף זיך צו זיי צוקוקען, מען דארף זיך געוועהנען צו עסק'ן זיך מיט זיי און אמאָל שפּיעלען דיא ראָלע, וויא איינער פון זיי.

— טפוי! — האָט זיא ענדליך א שפּוי געטהאָן — זיי רעגען מיר נור אויף, חיות אזעלכע! און איהר מיינט מאַקע צו מאכען געשעפט?

זיא האָט צוגעזשמורעט איין אויג און מיט דער אנדער אויג געקוקט דורכדרינגליך אויף איהם, וויא מען קוקט אויף אַ בילד, אום צו דערקענען בעסער.

— איך האָב זיך נאָך אליין ניט ענטשלאָסען — האָט געענטפערט זרחי, וועלכען עס איז געווען איצט שווער איבערצוטראָגען איהר בליק, און וועלכער האָט ניט געוואוסט וויא אין דער ווירקליכקייט צו האַלטען זיך. איהם איז געווען אזוי שווער צו שפּיעלען דיא ראָלע פון איינעם, וואָס וויל ארייננגעהן אין אַזעלכע געשעפטען — איך וועל הערען, וואָס איהר וועט זאָגען.

— ווער איז רוביניק'ס פריינד, וועלכער שלאָגט אייך פאָר, איהר זאָלט ארייננגעהן אין שותפות מיט איהם? פרעגט מיך, איך וועל אייך זאָגען וועגען איהם, אויב איך קאָן איהם.

— איך גלויב ניט, אז איהר קאָנט איהם — האָט געצויגען לאַנגזאַם דיא ווערטער זרחי — ער איז דאָ אין וויטעבסק, דוכט זיך, קיינמאָל ניט געוועזען.

— און אז ניט אין וויטעבסק? — האָט זיא איהם אָנגעקוקט פערדעכטיגט — פון מיר דארפט איהר ניט בעהאַלטען, איך קען זיי אלעמען אָב־געשונדענערהייט.

— זיין נאָמען איז מאַקס קארץ — איז איצט איינגעפאלען זרחי'ן א קלוגער געדאנק.

— וויא? מאַקס קארץ? מאַקסעלע דער רויטער, מיינט איהר אפשר?

— ניין, ער איז ניט קיין רויטער, ער איז א דונקעלער, מיט שווארצע האָאר, א ניעדריגער, א געזעצטער, מיט א ברייטער פּלייצע.

— ניט קיין רויטער ? מאַקס ? — האָט זיא איבערגעפרעגט, נאָכ־טראַכטענדיג וויא זוכענדיג עפּעס אין איהר עראינערונג.

— יא, מאַקס... מאַקס קאַרץ...

— קאַרץ ? א שווארצער ? אזא קען איך ניט. דאָס האָט מיט איהם רוביניק געוויס זיך פערבונדען, ווען איך בין געזעסען.

— איהר זייט געזעסען ?

— יא, אין אסטראָג ! דריי יאָהר, און מען האָט מיך שיער ניט פער־משפּט אויך אויף קאַטאָרגע. נאָר זיי האָבען געזעהען, אז איך בין ניט שולדיג. און אַלץ איבער איהם — ער האָט עס געוואָלט פון מיר פּטור ווערען און אומגליקליך געמאכט מיר אויף אייביג.

— ווער ?

— אייער רוביניק, מיט וועלכען מען רעדט אייך איין צו מאַכען שותפות. אבער ער וועט מיט אייך אויך מאַכען אזוי. איך זעה, אז איהר זייט א שטילער, וועלען זיי פון אייך ארויסצאַפּען וויפיעל איהר האָט, און דערנאָך קאַפּוט, וועלן נאָך אייך אונגליקליך מאכען. ווען איהר ווילט עפּענען א הויז, פרעגט מיך. מאכט עס מיט מיר און מיר וועלען מאַכען געלד און ווע־לען דאָס פיהרען פיין — דיא גרעסטע גאַספּאָדא וועלען צו אונז קומען. וואָס אַרט אייך ?

— דאָס איז שוין רעכט — האָט זיך אבגערופען זרחי — עס איז אָבער אינטערעסאנט צו וויסען...

— וועגען דעם אנדערען ? — האָט זיא איהם איבערגעשלאָגען — דאָס וויים איך ניט. וויא רופט איהר איהם ?

— מאַקס קאַרץ ?

— איז דאָס געוויס פון דיא, מיט וועלכע ער פיהרט זיינע אמעריקאַ־נער געשעפטען. דאָס האָט ער אָנגעהויבען שוין ווען מען האָט מיך ארייננגע־זעצט, איז ער אנטלאָפען קיין אמעריקא. און דאָס איז געווען זיין גליק. דער־נאָך האָב איך זיך דערוואוסט, אז ער איז געקומען און האָט זיך אויסגעדרעהט צו בלייבען פריי. וואָס אָבער האָב איך איהם געקאָנט טהאָן, ווען איך בין גע־זעסען אן ארעסטאַנטקע.

— פאַר וואָס ?

— פאַר דושעהובסטווע.

— פאַר מאָרד ?

— און איך בין אונשולדיג. שולדיג איז ער.

— ווען האָט דאָס פּאַסירט ?

— ערשט צוויי מיט א האַלב יאָהר וויא איך בין ארויס. דריי יאָהר בין איך געזעסען, איז דאָס געווען מיט זעקס יאָהר צוריק.

— מיט זעקס יאהר צוריק ? — האָט זיך געוואונדערט זרחי — איז ווען האָט ער געקאָנט אָנהויבען צו בעשעפטיגען זיך מיט אזעלכע זאכען. ער

איז דאָך נאָך אזוי יונג.

— אזוי יונג? — האָט א שטעכיגען לאַך געטהאָן פאניע — יונג, דער ערשטער קאָפּ, מיינט איהר, אויפ'ן פּלייצע. איהר קענט איהם דען גוט?

— איך האָב איהם געזעהען.

— איז וויא אלט זעהט ער אויס אין אייערע אויגען.

— א יאָהר פינף־און־צוואנציג, ניט מעהר.

— מעגט איהר צולייגען נאָך א צעהנדליג וועניגסטענס, אדער א דריצענד יאָהרען.

— וויא לאנג קענט איהר איהם שוין?

— איך? — האָט שטעכיג א לאַך געטהאָן פאניע — שוין א יאָהר דרייצעהן, און ער האָט שוין דאן געמוזט זיין אלט ארום פינף אָדער זעקס־און־צוואנציג. מוז ער שוין איצט זיין נאָהענט פון פיערציג. אנדערע מאכט ער אלט און קראנק אָהן יאָהרען, אָבער אליין כאפּט איהם ניט דער טייוועל. זיין מאַמע איז אויך אזא געווען, האָט אָבער קראַפּירט, קראַפּירען זאָל ער אויך וואו ער געפינט זיך.

— איהר האָט געקענט זיין מוטער? .

פּאניע האָט זיך אָבגעקעהרט, האָט א זיפץ געטהאָן אזוי, אז ביי זרחי'ן האָט זיך איצט צום ערשטען מאָהל דערוועקט מיטלייד מיט דיעזער פּרויענצימער, בעזאָנדערס ווען זיא האָט עטליכע מאָל שוין א הוסט געטהאָן מיט איינעם פון יענע הוסטען, וועלכע דערמאָהנען אויף טשאכאָטקע. ווער ווייס, האָט ער א טראכט געטהאָן, אפשר איז זיא אויך אמאָל פערפיהרט געוואָרען, איז אפשר פון אן עהרליכער פאמיליע? אָבער אפשר אויך אמאָהל אן עהרליך קינד געווען ביי א מוטער, אזוי וויא רויזעל ביי יאכנע־איטע'ן. עפּעס איז צו מערקען נאָך אין איהר שפּורען פון אמאָליגער מענשליכער ווירדע.

א ווייל איז זיא געזעסען פערטראכט. ער האָט נאָר אויף איהר געקוקט מיטליידיג און האָט ניט געוואוסט וויא צו פרעגען איהר ווייטער וועגען רוביניק'ען. אָבער דאָ האָט זיא זיך אליין פּלוצלונג א קעהר געטהאָן און האָט איהם א פרעג געטהאָן:

— און וויא אלט, מיינט איהר, בין איך?

ער האָט זיך געפונען אין א פערלעגענהייט. זיא האָט איהם אויסגעזעהען שוין איבער פיערציג, ניט קוקענדיג דערויף, וואס איהרע איינגעפאלענע באקען זיינען געווען שטארק רויט אָנגעפארבט. זיא האָט אָבער ניט געווארט אויף זיין ענטפער.

— אין גאנצען קיין אכצעהן בין איך ניט אלט געווען, ווען איך האָב צום ערשטען מאָהל דערקענט דעם מערדער, אייער רוביניק'ען.

— רופט איהם ניט מיינער — האָט איהר געזאָגט זרחי — איך... איך... קען איהם נור פון ווייטען.

— יא, אכצעהן, און איצט בין איך נאָך קיום דרייסיג געוואָרען.

און דאָ האָט זיא איהם גאָר ניט געבעטענערהייד אליין אָנגעהויבען דערצעהלען דיא געשיכטע פון איהר בעקאַנטשאַפט מיט רוביניק׳ען. זיא האָט איהם דערצעהלט, אז זיא איז דיא טאָכטער פון אנשטענדיגע עלטערען. איהר פאָטער איז געווען א פערוואַלטער פון א קליינער אימעניע לעבען ריגא. דער פאטער א דייטש, דיא מוטער איז געווען א לאַטישקע. זיא האָט געהאט אַן אנשטענדיגע ערציהונג. אבער זיא איז ערשט זעבצעהן יאהר אלט געווען, ווען צו זייער פריץ אין אימעניע איז געקומען צו גאסט זיינער א פלימעניק — א יונגער אקציזנער טשינאָווניק און ער האָט בעוואונדערט איהר שעהנקייט, איהר לעבענס־לוסטיגקייט, איבערהויפט איהר טאַנצען און איהר זינגען. זיא האָט זיך אין איהם פערליעבט פאר קיין זאך ניט, מעהר ניט דערפאר, וואָס אין איהר איז געווען פיעל לעבען און זיא איז גערען געווען עמיצען צו ליע־בען, בפרט אז ער פלעגט איהר אזוי פיעל קאמפּלימענטען זאגען פאר איהר זינגען און טאַנצען. ער האָט זיא איינגעשמועסט, אז זיא וואָלט געוואָרען א גוטע אָפּערא־זינגערין, אַן אקטריסע. ער איז אוועקגעפאָהרען צוזאגענדיג איהר צו שרייבען, ווען ער וועט זיין פארטיג, אז זיא זאל צו איהם קומען און ער וועט שוין פאר איהר געפינען א פלאטץ אין א טהעאטער. ער האָט איהר אבער קיינמאָל ניט געשריעבען, און ווען זיא האָט אָנגעהויבען פיהלען דיא פרוכט פון זייער ליעבע, האָט זיא מורא געהאט פאר איהר פאָטער, וועל־כער איז געווען זעהר א שטרענגער, און איז אנטלאָפען פון דער היים.

זיא האָט געהאט אין זינען צו לויפען צו איהר געמיינטען געליעבטען, האָט איהם אָבער ערגעץ ניט געקאָנט געפינען, איז געבליעבען אָהן מיטלען און האָט זיך געשטעלט דיענען ביי א שענקער אין דענענבורג. זיא האָט אָבער אויך דאָרט לאנג ניט געקאָנט זיין, האָט געהאט א טויט קינד אין שטאָדטי־שען האָספּיטאָל אין דענענבורג. און ווען זיא איז ארויס, האָט זיא פעסט ענטשלאָסען צו ווערען א זינגערין, האָט זיך קוים דערשלאָגען צוריק קיין ריגא, האָט געשריעבען איהרע עלטערען, אָבער איהר מוטער איז שוין געווען גע־שטאָרבען פון הארצוועהטאָג, וואס זיא איז פערשוואונדען, און איהר פאָטער האָט איהר געענטפערט, זיא זאל זיך מעהר אויף זיינע אויגען ניט ווייזען. זיא האָט געהאט אזוי פיעל קרענקונג, אז זיא האָט זיך ענטשלאָסען, דאָס זיא מוז פיהרען אַן עהרליכען לעבען און ערררייכען איהר קאריערע. זיא איז אָנ־געקומען צו א שניידערין און האָט זיך אין א פּאָאר מאָנאַט ארויפגעארבייט צו פערדיענען עטליכע רובעל א וואָך; אויף דעם געלד פלעגט זיא אויסקומען און נאָך צאָהלען א מוזיק־לעהרער פאר לערנען זינגען.

ביי דער שניידערין אדער מאָדיסטקע, וואו זיא האָט געארבייט, איז געווען איין קונד, מאַדאם רוביניק, וועלכע האָט געהאלטען א רייכע ביער־האַלע מיט א מין האָטעל. אין דער ביער־האַלע פלעגען פערקעהרען רייכע געסט, ווארום יעדען אבענד פלעגען דאָרט געגעבען ווערען קאָנצערטען און פעראנשטאַלטעט ווערען עפענטליכע טענץ. זיא איז דער מאַדאם רוביניק

זעהר געפעהרלען געוואָרען, און זיא האָט זיך זעהר דערפרעהט, ווען דיעזע מאדאם האָט איהר פארגעשלאָגען, אז זיא וועט איהר צאָהלען א גוטען גע־האלט, זיא זאל דאָרט אויפטרעטען אלס קאָנצערט־זינגערין. זיא האָט גע־מיינט, אז דער פלאץ איז אן אנשטענדיגער; אין אמת'ען איז דאָס געוועזן א מין פערפוצטער עפענטליכער פלאץ.

און דאָ האָט דאָס דיא מאדאם'ס זוהן, וועלכער איז געוועזן א לעבע־יונג, פון וועלכען דיא מוטער האָט געוואָלט מאכען אן אפאטהעקער, וועלכער פלעגט זיא אבער בע'גנב'ענען, פלעגט נור שפּיעלען אין ביליארד, אין קאָר־טען, זיך איינגעקויפט אין לאָסקע ביי איהר. א שעהנער, א לעבעדיגער און א קלוגער איז ער געווען, האָט זיא זיך אין איהם טאקע פערליעבט, וואהנזיניג פערליעבט. ער האָט זיא אויסגעלערנט צו נעהמען פרעזענטער ביי געסט, צו־ציהען זיי צו שפּיעלען מיט איהם אין קאָרטען, און אבגעווינען ביי זיי דורך געברויכען פאלשע קאָרטען. זיא האָט איהם אזוי געליעבט, אז זיא פלעגט איהם אין אלעם פאָלגען. א געראָטענער איז ער געווען, שפּראכען האָט ער געקאָנט, אבוואָהל ער האָט קיינמאָל קיין ביכעל אין האנד ניט גענומען — עפּעס אַ טייפעלשען קאָפּ האָט ער געהאט, נו פלעגט זיא איהם פאָלגען, דענ־קענדיג, אז ער מיינט עס ערנסט מיט איהר, ווען ער האָט פערשפּראָכען צו טויפען זיך און מיט איהר חתונה צו האבען.

מען האָט ענדליך דיא ביער־האלע פערמאכט און איהם ארעסטירט פאר א פאלשען וועקסעל. ער האָט אָבער איינגערעדט זיין מוטער, אז זיא זאָל נעהמען דיא שולד אויף זיך, און אז מען וועט זיא פריילאָזען, ווען מען וועט זיך דערוויסען ענדליך, אז זיא האָט זיך געאָפּפערט פון איהר בן־יחיד'ס וועגען, און ער אליין וועט דערווייל אנטלויפען קיין אויסלאנד. דיא מוטער האָט אזוי געטהאָן, אבער ער האָט זיך גאָר אפילו ניט בעקימערט און האָט דיא מוטער געלאָזט פינסטערען אין טורמע און פערשיקען. אומזיסט פלעגט דיא פעראונגליקטע מוטער שיקען צו איהם בריעף פול מיט געוויין און געבעט — ער האָט אפילו גאר ניט געענטפערט.

— איך האָב נאָך דיא אלע בריעף — האָט פאניע זיך אָבזיפצענדיג געריהמט; אויף דעם גרונד פון דיא בריעף אליין וואָלט איך איהם געקאָנט אין קאטאָרגע פערשיקען.

— צו וואָס האָט איהר זיי געהאלטען?

— כדי צו האָבען א סטראשונאָק געגען איהם, ער זאָל האלטען זיין פערשפּרעכען — האָט פאניע זיך פארענטפערט, וויא דאָס וואָלט געווען א גאנץ נאטירליכע זאך — איך האָב דאָך איהם געליעבט וואהנזיניג אפילו נאָך דעם וויא איך האָב שוין געזעהען אויף וואס ער איז פעהיג.

— האָט ער זיין פערשפּרעכען געהאלטען?

— יאָ. ער האָט זיך געטויפט אין דארפאט און האָט מיט מיר חתונה געהאט. אָבער ערשט דאן האָבען זיך אָנגעהויבען מיינע צרות. ער האָט מיך

געצוואונגען צו קאָקעטירען און ארויסצאַפּען געלד, און ווען ניט, פּלעגט ער מיך מערדעריש שלאָגען. אָבער וואָס מעהר ער האָט מיך געשלאָגען, אלץ שווערער פּלעגט מיר זיין צו זיין ווייט פון איהם. אָ, עס וואָלט נאָך געווען לאַנג, לאַנג צו דערצעהלען.

— דערצעהלט! — האָט זרחי בלויז איין וואָרט ארויסגערעדט.

אָבער דאָ איז זיא געוואָרען היסטעריש, האָט זיך צואוויינט אויף א שוידערליכען אופן:

— איך האָב שוין לאַנג, לאַנג אויפגעהערט צו טראכטען, וואס פון מיר איז געוואָרען. ער האָט ענדליך פערשפּראָכען, אז ער וועט מיר זיין טריי, ווען איך וועל איינפיהרען א גרויס הויז, און ער האָט אויסגעקליעבען ווידער דענענבורג. ניט ווייט פון פעסטונג האָבען מיר א הויז איינגעריכט, וואו עס זאָלען הויפּטזעכליך אריינקומען אָפיציערען. איך האָב געהאט אלע מאָל דעם גליק צוצוציהען דיא „בעסטע" קונדען, אלץ אזעלכע געסט, וואס זיינען לעבע־מענשען און זשאַלעווען קיין געלד ניט. און ער האָט זיך אוועקגעלאָזען אריינצוציהען אונשולדיגע מיידלעך. איך בין געווען דאגעגען — מען קאָן שרעקליך אריינפאלען. אבער פאר איהם איז דאָס געווען גאר נישט, און ער פּלעגט ביי זיי אָבנעהמען דאָס געלד איידער איך פלעג מיט זיי נאָך א רעכ־נונג מאַכען.

— און וואו פּלעגט ער אהינטהאָן דאָס געלד?

— דער טייפעל ווייסט איהם, פלעגט דאָס פארשווונדען אין אנדערע פּלעצער און פּלעגט דערנאָך קומען ווידער צו מיר צאַפּען, און איך האָב גע־זעהען, אז ער זוכט א מיטעל פון מיר פּטור צו ווערען, ארויסצוקריעגען פון מיר דיא בעווייזע, אז ער האָט דאָס געפעלשט דעם וועקסעל און זיין מוטער'ס בריעף. אָבער וויא דאָס הארץ האָט מיר געזאגט, איך זאָל דאָס בעהאלטען און היטען וויא מיינע אויגען אין קאָפּ. מען האָט אונזער פּלאַץ גע'מסר'ט, אז ער איז צו נאָהענט לעבען פעסטונג, און איך האָב זיך דערוואוסט, אז ער האָט דאָס אליין געמאַכט דעם דאנאָס. אָבער דאָס האָב איך זיך דערוואוסט, ווען מיר האָבען זיך שוין אריבערגעקליעבען אהער קיין וויטעבסק, וואו איך בין שוין איבער איהם געווען געצוואונגען צו עפענען א ביליגע, פּראסטע שאַנד־הויז. און דאָ האָט ער מיך שוין גאָר רואינירט — האָט מיר אויף צו להכעיס איינגעליעבט זיך אין א טאָכטער פון א קאָמאנדיר, א דומע מיידעל פון אנ־שטענדיגע עלטערען און פּלעגט מיט איהר לעבען צו רייצען זיך מיט מיר, ביז ער האָט זיא אריינגעבראכט אין מיין פּלאַטץ.

— דאָס איז דיא, וואס איז בעגאנגען זעלבסט־מאָרד? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן, זעהענדיג אז איהר איז שווער ווייטער צו דערצעהלען.

— ניט איבער מיר דאָך, זאָנדערען איבער איהם. ער האָט זיא גע־פּייניגט און פערשפּארט אין א צימער, ווען זיא האָט געסטראשעט, אז זיא וועט לויפען צוריק צו איהרע עלטערען און וועט אלעס דערצעהלען. ער האָט

מיך געצוואונגען, איך זאָל האַלטען דעם שליסעל פון צימער, אין וועלכען ער האָט זיא פערשפּאַרט און האָט אליין געשיקט אַן אַנאָנימען בריעף צו איהרע עלטערען, אַז זיא איז ביי מיר פערשפּאַרט אין אַ צימער. מען איז געקומען מיט פּאָליציי און מען האָט ביי מיר געפונען דעם שליסעל און געפונען זיא אין אויפגעהאנגענע. ער איז פערשוואונדען, און מיך האָט מען אריינגעוואָרפען אין טורמע, וואו איך בין קראַנק געוואָרען און נאָך צוויי יאָהר טורמע און אַ האַלב יאָהר אין האָספּיטאָל, האָט מען מיך ארויסגעלאָזען אַ צובראָכענע, אַ קראַנקע, אַן ארעמע. האַלט מיך דאָס איצט דיא ווירטהין פון דעם פּלאַץ, וואו איהר זייט געווען, אויס רחמנות אלס אַ בופעטשיצע — אויס רחמנות און טרייסעלט אויס יעדע נאַכט מיינע קליידער, און אַז זיא געפינט אַ רובעל נעהמט זיא דאָס צו.

— וואו זיינען אַלע אייערע בעווייזע, וויא איהר האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז דער שולדיגער אין איהר זעלבסט־מאָרד?

— איך האָב זעקס בריעף, דריי פון איהם צו איהר און דריי פון איהר צו איהם. דיעזע בריעף זיינען צו מיר אריינגעפאַלען דורך דעם, וואס ער האָט איבערגעלאָזען אין איילעניש זיינעם אַ קאָסטיום, וואו דיא אַלע בריעף — איהרע בריעף און זיינע, וועלכע ער האָט מסתמא פון איהר אוועקגענומען, זיינען געלעגען אין אַ קעשענע. און פון דאָרט איז קלאָהר דיא גאַנצע געשיכטע. זיא האָט איהם געסטראשעט מיט זעלבסט־מאָרד, סיידען ער וועט מיך אוועקוואַרפען און וועט מיט איהר הייראטהען, און אוועקוואַרפען זיינע שמוציגע געשעפטען, און ער האָט איהר געענטפערט מערדעריש, אַז ער האָט ניט דאַגעגען זיא זאָל זיך אויפהענגען, אַ בעוויוז קען זיא האָבען, אַז אין יעדען צימער, וואו זיא וועט זיין מיט איהם וועט ער אימער לאָזען אַ שטריקעל, און אַז וואָס שיידען זיך מיט מיר אנבעלאַנגט, האָפּט ער, אַז איך וועל זיך אויך אויפהענגען, אויב איך וועל זיך ניט פערגיפטען. דאצו האָב איך נאָך עדות וועגען פיעלע זיינע טהועכצען. מיין איינציגער צוועק איז געווען נאָכדעם וויא איך האָב זיך בעפרייעט, צו נעהמען פון איהם ראַכע, אָבער ער איז וויא אַ טייפעל, וויא אויף צו להכעיס דרעהט ער זיך דאָ ארום אַ פּאָאַר מאָל אין יאהר, קומענדיג פון אמעריקאַ, און איך קאָן איהם ניט כאַפּען.

— און דיא פּאָליציי?

— קויפט ער אונטער.

— און וויא האָט מען גערופען דיא זעלבסט־מערדערין?

— יעלענא גרוזין.

— און דיא בריעף האָט איהר נאָך ביי זיך?

— יאָ. סיידען איך וועל ניט לעבען, פון איהם ראַכע וועל איך נעהמען

— האָט זיא אויסגעלאָזען — און איהר היט זיך פון געשעפטען, אין וועלכע ער איז פערמישט.

— קאָן איך ביי אייך קריעגען דיא בריעף?

זיא האט איהם אנגעקוקט מיט פערדאכט, האט זיך אויפגעהויבען און אנגעצונדענע:

— א, איהר זייט עם אונטערגעשיקט פון איהם, איהר זייט זיינער און אנגעשטעלטער, אויסצונארען פון מיר דיא בריעף! איך האב אבער געוואוסט, אז דיעזער שמוציגער פאקטער פון גאסטיניצע איז זיינער און אונטערגע־קויפטער... שדים אזעלכע, ריידען מיר איין, אז געשעפטען וועלען זיי מא־כען.

— ששש... בערוהיגט זיך. זעה איך אויס אלס אזא?

— יא, אבער ער האט אויך קיינמאל ניט אויסגעזעהען אלס אזא באנדיט!

— זעצט זיך און בערוהיגט זיך. איך פאדער ביי אייך קיינע בריעף ניט. נור הערט מיך אויס, איך וועל אייך דערצעהלען דעם גאנצען אמת — האט זרחי אנגעהויבען מיט א פעסטקייט — איצט, ווען איהר אליין זייט אונ־גליקליך, און וויא איך זעה, איז אין אייך נאך געבליעבען א שפור פון מענש־ליכקייט, וועט איהר אפשר פארשטעהן, וואס איך וועל צו אייך ריידען. אייער לעבען איז געווען א שרעקליכער, א געזונקענער, א פארברעכערישער, און בלייבענדיג בלויז א קראנקע, אן ארימע, האט איהר אפשר חרטה, ווען איהר דערמאהנט זיך אויף אייער מוטער, אויף אייער פאטער..

— הערט אויף! — איז זיא געווארען היסטעריש — רעדט צו מיר ניט אזוי. איהר זייט אלע...

— ער האט זיא אנגענומען פאר'ן האנד:

— איך זעה, אז איהר פיהלט מיינע רייד, און ווילט זיך בלויז פער־טויבען. שווייגט א וויילע! איך בין געקומען אהער ניט צו מאכען מיט אייך געשעפטען. איך בין וויט פון אזעלכע געשעפטען — מיין צוועק איז ארוים־צורייסען א קרבן פון אייערע הענד. דער קרבן איז פארפיהרט געווארען פון רוביניק'ען קיין אמעריקא, און איך פאהר דאס מיט איהר מוטער קיין אמע־ריקא זיא צו ראטעווען און אויפדעקען דיא מעשים פון אייער רוביניק'ען און זיינע מיטהעלפער. אויב איהר גלויבט מיר ניט, וועל איך אייך ווייזען דיא ארימע אלטע מוטער פון דער פערפיהרטער... אין צווייטען צימער שטעהט זיא איין, זיא וועט באלד אריין.

אבער דא האט זיך פאניע אזוי דערשראקען, אז זיא האט זיך אויפ־געהויבען און אנגעהויבען צו געהן:

— איך וויל ניט, איך וויל ניט זעהען, איך בין אליין אן אונגליק־ליכע, איך האב מורא פאר אן אלטע מוטער. וואס בין איך שולדיג? ער איז דאך מיין מערדער אויך...

— בערוהיגט זיך, איך וועל אייך ניט צווינגען דיא אלטע צו זעהען. איך דערצעהל דאס אייך, ווייל איך וויל אייך ניט נארען; איהר זייט גענוג אבגענארט געווארען פון מענשען, און מענשען האבען אייך גענוג אבגע־

נארט. איהר ווילט ראבע נעהמען פון רוביניק׳ען, איך זוך דאס אויך; איך האב זיך דערוואוסט פון אייך פיעל זאכען, וואס קענען מיר העלפען. העלפט מיר אויסצופיהרען דאס, וואס איהר אליין ווילט.

— און וואס וועל איך האבען דערפון?

— איך קאן אייך גאר נישט פארשפרעכען פארלויפיג. בלויז איין זאך פערשפרעך איך אייך, אויב איהר ווילט פטור ווערען פון אייער געגענווער־טיגען לעבען. איך פערשפרעך אייך צו האבען אייך אין זינען, ווען אונזער צוועק וועט זיין עררייכט — האט איהר אנדערע, בעסערע האפנונגען?

— וויא וועט איהר איהם אבער כאפען? ווייסט איהר וואו אמעריקא איז, און וואו ער איז אין אמעריקא?

— איך ווייס וואו אמעריקא איז, אהין וועט מיך פיהרען א שיף, אבער וואו ער איז אין אמעריקא ווייס איך נים. ווייסט איהר?

זיא האט אראבגעלאזען דעם קאפ און האט הארטנעקיג געשוויגען.

— איך זעה, אז איהר ווייסט עפעס יא.

— און אז איך ווייס, וואס קען איך טהאן פון דאנען קיין אמעריקא?

— האט זיא געענטפערט.

— וואס־זשע ווייסט איהר?

— איך ווייס, וואס אונזערע א מיידעל, וועלכע איז אנטלאפען פון אונז און איז אוועק קיין אמעריקא האט געשריעבען. זיא פיהרט איצט אן עהרליכען לעבען, האט חתונה געהאט און איהר מאן איז א הענדלער מיט ציערונג, האט זיא מיר געשריעבען, אז זיא האט שוין עטליכע מאל געזעהען רוביניקען, נאר זיא האט איהם קיינמאל ניט געזאגט, אז זיא ווייס ווער ער איז פון דער היים און וועגען מיר, ווארום זיא וויל ניט איהר מאן זאל זיך דערוויסען, ווער זיא איז געווען און וואס פאר א לעבען זיא האט געפיהרט.

— און וויא איז איהר אדרעס? גיט מיר איהר אדרעס און אייער בריעף, און איך פערשפרעך אייך, אז מיר וועלען זארגען פאר אייך אזוי גיך, וויא מיר וועלען געפינען וואס מיר זוכען.

ניט אזוי לייכט האט עס זרחי אויסגעפיהרט, איהם איז אויסגעקומען דיא גאנצע מאכט פון זיין שפראך אנצוואווענדען. אבער ענדליך האט ער גע־ווירקט, פארשפרעכענדיג איהר, אז דער פאקטער וועט פון קיין זאך ניט וויסען.

זיא האט צוגעזאגט איהם דאס מארגען צו ברייננען. און וויא פער־וואונדערט איז ער געווארען, אז זיא האט געהאלטעןווארט — איז געקומען מארגען אקוראט אין א ווייל ארום נאך דעם וויא ער האט אבגענומען פון דעם פאטאגראף מאשקא׳ס בילדער. און ווען זיא האט איהם אבגעגעבען אלע בעווייזע, וואס זיא האט געהאט נעגען רוביניק׳ען און דעם אדרעס, וועלכען זיא האט געהאט פון דער פריינדין, וואס האט אוועקגעווארפען איהר שענד־ליכען לעבען און האט אין אמעריקא חתונה געהאט, האט זיא איהם געזאגט:

— איך גיב אייך אלעס, ווייל דאָס הארץ זאגט מיר, אז איהר זייט ניט וויא דיא אלע מענשען, וואס האָבען מיך שטענדיג אָבגענארט. איך האָב שוין ניט וואס צו פערליערען. נאָר ווען גאָט וועט אייך העלפען, פארגעסט ניט אויף מיר.

ער האָט ארויסגענומען צעהן רובעל און האָט איהר געגעבען זאָגענדיג:

— דאָס איז אלעס וואָס איך קאָן אָבשפּאָרען פון וועג אייך צו געבען, אָבער איך רעכען דאָס ניט פאר קיין בעצאָהלונג. ווען איך וועל אויספיהרען אלעס, וועל איך, און אייך מיינע פריינד אויף אייך ניט פארגעסען. קאָנט איהר ניט אוועקווארפען אזא לעבען?

— וועלכען לעבען? איך לעב דאָך ניט; מען גיט מיר בלויז א שטי־קעל ברויט און א פלאץ וואו צו שלאָפען פאר מיין דיענסט. זאָל איך געהן בעטלען? — האָט זיא געזאָגט, איינגעהענדיג דיא צעהן רובעל אין דיא אונ־טערשלאג פון איהר יאקעל, דאָ פאר זיינע אויגען.

זיא איז עפּעס שטארק אויפגערעגט געוואָרען פון זיינע לעצטע ווער־טער און איז ארויסגעלאָפען, זאָגענדיג:

— פאָהרט געזונטערהייד! וואס איך האָב געקאָנט, האָב איך פאר אייך געטהאָן. וואס ווילט איהר נאָך פון מיר?

זרחי איז געבליעבען שטעהן אין טהיר אָהן ווערטער. עפּעס האָט ער דערפיהלט מיטלייד מיט איהר, בעזאָנדערס ווען זיא האָט זיך צוהוסט, וויא ער האָט געהערט אויבען, ווען זיא איז געלאָפען שנעל אראָב דיא טרעפּ.

.4

מיט א בעזונדער פרייד איז ער אין א ווייטע ארום אריינגעלאָפען צו יאָכנע־איטע'ן אין צימער און א זאָג געטהאָן:

— מאַמעלע, מיר האָבען דאָ מעהר ניט צוליעב וואס צו בלייבען. מיר פאָהרען מיט דעם פריהסטען צוג, וואס מיר קאָנען קריעגען. איצט איז שוין ביי מיר דאָס הארץ רוהיגער. מיר וועלען זיא געפינען באלד, וויא מיר קומען צו פאָהרען.

און דיא זיכערהייט זיינע איז געקומען פון דעם נייעם אדרעס, וועל־כען ער האָט בעקומען פון פאניע דיא טייטשקע. זיא זאגט, אז יענע פריינ־דין איהרע האָט איהר געשריעבען, דאָס זיא האָט א פּאָאר מאָל בעגעגענט רובּיניק'ען, הייסט עס, אז ער וועט פון איהר קאָנען אויסגעפינען, וואו דער רובּיניק קאָן זיך ערגעץ געפינען, און ווען ער קריעגט איהם, וועט ער שוין וויסען איצט וויא מיט איהם צו האנדלען, אז ער וועט מוזען אויסזאָגען, וואו ער האָט אהינגעטהאָן רויזלען און וועט מוזען קריעגען זיין שטראָף מיט דער גאנצער באנדע, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט דיעזען שוידערליכען מעדכען־האנדעל. עלענד וועט ער דאָך דאָרטען ניט זיין. ער האָט דאָרט זיין פּראָווי־דענס'ער פריינד און רעוורענד יודמאַן.

פול מיט דיעזע האפנונגען איז ער געווען און האט דעם גאנצען וועג געזוכט אויך איינצופליסען דיעזע האפנונגען אין יאכנע־איטע׳ן. עס וואלט געווען איבערפליסיג צו שילדערען זייער גאנצע רייזע קיין האמבורג, דיא אונ־אנגענעהמליכקייטען, וועלכע זיי האבען געהאט אויפ׳ן וועג, וויא אלע עמיג־ראנטען, וועלכע פאהרען נאך ניט אויף קיין רייכען אופן.

פאהרענדיג אויפ׳ן דאמפפער „פירסט ביסמארק" האט ער אין דיא לאנגע טעג און מאנכע שלאפלאזע נעכט פון דער רייזע, קוקענדיג וויא דער דאמפפער טראגט זיך איבער דעם גרויסען אקעאן געטראכט אלץ וועגען דעם, וויא וועלען זיין זיינע בעציהונגען צו רויזלען, ווען זיא וועט זיין א בעפרייעטע דורך איהם. אין מאנכע מאמענטען זיינען זיינע טרוימערייען געגאנגען אזוי ווייט, אז איהם האט זיך געדוכט, דאס זיא וועט איהם איצט נאך זיין ניט דער ערך טהייערער איידער זיא איז פריהער געווען — אזוי פיעל יסורים וויפיעל זיא מוז איבערטראגען!

און ער פלעגט פערטראגען ווערען אין זיין פאנטאזיע אזוי ווייט, אז איהם האט זיך געדוכט, אפשר איז איהם בעשערט דורך אזא אונגליקליכען אופן קומען קיין אמעריקא, און דארטען אפשר טאקע ערדרייכען אויך זיין לעבענס־צוועק, פערווירקליכען זיין ערפינדונג און פון גרויסע מעגליכקייטען. און ווען ער פערווירקליכט דאס, וועט איהם אויך ניט פעהלען שוין דאן קיין רייכקייט, און וויא גליקליך וועט ער דאס זיין צוזאמען מיט רויזלען. זיי וועלען קיינמאל איינער דעם אנדערען ניט דערמאהנען פון דיעזע שרעקליכע צייטען, וואס זיי האבען ביידע איבערגעלעבט, אבער אין זיך וועלען זיי דעם גאנצען לעבען זיין בעוואוסט, אז זיי זיינען פון גרויסען אונגליק ער־הויבען געווארען צו גרויסען גליק.

און אין מאמענטען פלעגט זיך אין איהם ערוועקען אזא שרעקליכע פערצווייפלונג. וויא וועט ער זיך צו איהר קאנען בענעהמען אזוי ווי פריהער? וויא וועט ער אויף איהר קאנען קוקען וויא אויף דער פריהערדיגער געליעב־טער רויזעל, ווען זיא איז געווען שוין אין דער געזעלשאפט פון אזעלכע גע־זונקענע, פון אזעלכע פערדארבענע מענשען וויא רוביניק, וויא מאקס קארץ, וויא דער פאקטער, וויא פאניע דיא טייטשקע און עהנליכע. און וועט זיא דען אליין אויף זיך ניט קוקען אלס אויף אזא? וועט דען מעגליך זיין אויס־צומעקען אלעס וואס עס איז פארגעקומען מיט איהר? ווער ווייס וויא דאס לעבען וועט זיך געשטאלטען, און אויב זיינע גאנצע אמאליגע שטרעבונגען זיינען שוין איבער דעם אונגליקליכען פאל ניט פערלארען געגאנגען אויף אייביג.

אזוי פלעגט ער געווארפען ווערען אויף דיא כוואליעס פון זיינע גע־דאנקען, וויא דער שיף אויף דיא כוואליעס פון אקעאן. אבער ער פלעגט ענ־דיגען אימער מיט דעם ענטשלוס:

— וויא עס זאל זיך שוין רערנאך זיין, איין צוועק איז דא ביי מיר

פארלויפיג: זיא צו ראטעווען און מיט דער באנדע פון איהרע פערפיהרער זיך אבצורעכענען.

און וויא האט זיין הארץ אנגעהויבען צו קלאפען, ווען דער שיף האט ענדליך זיך גענעהענטערט צום האפען פון ניו־יארק. דאס אראבגעהן פון דעם שיף איז איהם ניט שווער אנגעקומען, אבוואהל קיינער איז איהם ניט געקומען בעגעגענען. אבער, ווען ער איז מיט דער אלטער יאכנע־איטע'ן ארויס שוין א פרייער נאכדעם וויא מען האט יעדען פון זיי געשטעלט פערשיעדענע פראגען, האט ער זיך ערשט אבגעשטעלט און אין זיין אויג האט זיך בעוויזען א טרעהר:

— וואוהין? — האט ער א פרעג געטהאן יאכנע־איטע'ן, וואס איז אין אמת'ען געווען א פראגע וואס ער האט זיך אליין געשטעלט, אבער אזוי הויך, אז זיא האט עס געהערט.

און יאכנע איטע האט אויף איהם בלויז א קוק געטהאן פערצווייפעל־טערהייד און האט זיך צואויינט.

זייער גליק איז נאך געווען, וואס זיי האבען ניט געענטפערט, נאך וואס זיי זיינען געקומען קיין אמעריקא, און ניט געענטפערט האבען זיי, ווייל גראד אזא פראגע האט מען ניט געשטעלט. ווען דיא בעאמטע וואלטען גע־וואוסט, נאך וואס זיי זיינען געקומען, וואלט זיך דערפון גופא אנהויבען א גאנצע אויספרעגעניש, און ווער וויים, צו וואס דאס וואלט געפיהרט.

זרחי האט זיך ניט פארגעשטעלט, אז ער וועט זיך דערפיהלען אזוי עלענד גלייך ביי דער אראבגאנג פון שיף. ער האט זיינע אויגען אויסגע־קוקט, דענקענדיג, אז זיין פראווידענסער פריינד וועט קומען איהם בעגעגענען, אדער דער רעוורענד יודמאן. געשריעבען האט ער זיי, אז ער פאהרט מיט דעם „פירסט ביסמארק". אבער אט שטעהט ער מיט זיין קלומיקעל, דער ים איז אהינטער זיי, פון ווייטען זעהט זיך דיא גרויסע שטאדט, צו וועלכער א קליין שיפעל פיהרט זיי, און וואוהין זיי זאלען געהן און וואס מיט זיי וועט זיין ווייסען זיי ניט.

וויא פערלארענע האבען זיי ביידע אנגעקוקט איינער דעם אנדערען, ווען זיי זיינען אראבגעגאנגען פון קליינעם שיפעל, וועלכער האט זיי צוגע־פיהרט פון עלים־איילאנד קיין ניו־יארק. פיעלע פאסאזשירען זיינען געווען ארום זיי, געמארשירט פאר זיי און נאך זיי. מאנכע זיינען אבגענומען גע־ווארען פון קרובים, וועלכע האבען זיי בעגלייט, אנדערע זיינען געגאנגען אזוי דרייסט, אזוי וויא זיי וואלטען וויסען אויף זיכער וואהין זיי געהען און זרחי מיט דער אלטער האבען זיך געהאלטען אין איין ארומקוקען. אבער ניט דער פראווידענס'ער פריינד און ניט דער רעוורענד יודמאן — אבוואהל דעם לעצטען האט ער ניט געקענט, — אבער ווען ער וואלט דא זיין, וואלט ער דאך שוין געפינען איהם.

זיי האבען צוגעמארשירט מיט אלע אנדערע אין א קליינעם הויף,

פון וואנען מען געהט ארויס אין א גאס. ארום טומעלט און ווימעלט און שווימעלט מיט מענשען; מען הערט פערשיעדענע שפראכען. א אידישער יונגער מאן איז צו זיי צוגעגאנגען און א פרעג געטהאן.

— איהר האט דא קיין פריינד ניט? איהר האט ניט וואו אבצושטע־לען זיך?

זרחי האט איהם אנגעקוקט און געענטפערט: . .

— נישקשה, פעטער, מיר האבען וואו אבצושטעלען זיך.

— איהר האט אן אדרעס, ווייזט, וועל איך אייך זאגען, וויא איהר זאלט פאהרען.

— מיר האבען אן אדרעס — האט געענטפערט זרחי, אנקוקענדיג איהם פארדעכטיג — מיר ווייסען וואוהין צו פאהרען. זארגט זיך ניט, פעטערל.

און דער יונגער מאן איז אוועק.

— מיר וואלטען אפשר געפרעגט? — האט יאכנע איטע אונענט־שלאסען געפרובט זאגען — אפשר וועט ער אונז ווייזען. א אידישער יונגער מאן.

— ווער ווייס, וואס פאר א מענש דאס איז — האט איהר מיט'ן טאן פון א פראקטישען מענשען געזאגט זרחי — אז מען האט מיר געשריעבען, איך זאל זיך היטען פון מענשען, וואס וועלען צו מיר צושטעהן, ווען מיר ווע־לען אראב פון שיף, מסתמא דארף מען זיך דאך היטען.

זרחי האט דא געהאנדעלט נאך דיא אינסטרוקציאנען, וואס זיין פראווידענס'ער פריינד האט איהם געשריעבען אין א בריעף צוזאמען מיט דער שיפס־קארטע:

„דו זאלסט זיך נור למעה"ש היטען, ווען דו געהסט אראב פון שיף אין ניו־יארק. עס וועלען זיך געפינען מענשען וואס וועלען צו דיר צושטעהן מיט עצות, אפשר דארפסטו אויסבייטען רוסישע געלד אויף אמעריקאנער, אפשר אונטערטראגען דיר דעם טשעמאדאנטשיק, ווייזען דיר, וואוהין דו זאלסט פערפאהרען, זאלסטו גאר נישט ניט ענטפערען, זאלסט זאגען, דו דארפסט ניט און ווייכען פון זיי. ווארום עס געפינען זיך געגוג מענשען, וואס מאכען א לעבען פון אויסנארען גרינע עמיגראנטען. יעדערער וואס קומט אן רופט מען א גרינער. איך וועל זוכען אליין צו קומען צו פאהרען אין ניו־יארק דיך אבנעהמען. טאמער ניט, וועט דער רעווערענד יודמאן בעטען וועמען דיך צו ערווארטען ביים שיף, ווארום איך ווייס ניט, אויב ער אליין וועט דאן זיין אין ניו־יארק. טאמער וועל איך ניט קענען קומען, און דו וועסט ניט וויסען וואס צו טהאן, ווייז א פאליסמאן (פאליציייסקען) דעם אדרעס, און דו קאנסט זיך שוין פערלאזען. ער איז מחויב דיר צו ווייזען, וויא דו זאלסט געהן".

ניט זעהענדיג קיינעם, וואס זאל זיין געשיקט פון רעווערענד יודמאן,

האָט זרחי געוואָלט בוכשטעבליך פאַלגען וואָס אין בריעף איז אָנגעזאָגט גע־וואָרען. דערזעהענדיג גלייך וויא ער איז ארויסגעגאַנגען פון הויף מיט אַלע עמיגראַנטען אָן אנגעטהאָנענעם אין א פּאָליציייסקען מונדיר, וואָס דאָס קען אפילו א גרינהאָרן דערקענען, האָט ער איהם געוויעזען זיינע אדרעסען. איי־נער איז געווען קיין פּראָווידענס, דער אַנדערער איז געווען „רעווערענד יודמאַן, קעָר אָוו מר. גרינרויט, 104 — 38טע סט. סויטה ברוקלין". דעם דריטען אד־רעס, וועלכען פאַניע דיא טייטשקע האָט איהם געגעבען: „מרס. רעבעקאַ בינס, קאָר. אכטע עוועניו און 33טע סטריט, ניו־יאָרק" האָט ער דעם פּאָליס־מאַן ניט געוויעזען.

אָבער דאָ האָט ער ווידער געהאַט אַן ענטוישונג. דער פּאָליסמאַן, וועלכער איז לויט דיא ווערטער פון זיין פּראָווידענס'ער פריינד מחויב צו זיין א וועג־וויייזער, האָט איהם נור געוויעזען א קאַר, אויף וועלכער ער זאָל זיך זעצען און האָט איהם עפּעס געזאָגט: ברידזש, ברידזש, ברוקלין ברידזש; דער פּאָליסמאַן האָט אויך דעם קאַנדוקטאָר א געשריי געטהאָן, אָנווייזענדיג אויף דיא צוויי גרינהאָרנס מיט קלומיקלעך: „טו ברוקלין ברידזש!"

א צוטומעלטער האָט ער זיך מיט יאכנע איטע'ן געזעצט אין קאַר, אָבער דוקא יאכנע איטע איז ניט געווען אזוי צוטומעלט. עפּעס אזוי וויא פּאַר איהר האָבען דיא רוישיגע גאַסען, דיא מאָדנע הויכע הייזער ביז צום הימעל, דער טומעל פון מאַסען מענשען, וואָס בעוועגען זיך אזוי געדיכט וויא ווערים אין שמוץ, — דאָס אַלעס האָט פאַר איהם וויא ניט עקזיסטירט. זיא האָט נור געהאַלטען איהרע אויגען אויסגעשטעלט, טאָמער וועט זיא צווישען דיא אַלע מענשען דערזעהען איהר רויזלען. דאָ איז דאָך דאָס שוין אמעריקאַ, און דאָ אין דער אמעריקאַ איז דאָס פאַרפיהרט געוואָרען איהר רויזעל, און זיא, יאכנע איטע, איז דאָך דאָס צוליעב דעם געקומען אהער, זוכט זיא רויזלען שוין פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, וואָס איהרע פיס האָבען בעטראָטען דיא ערד פון אמעריקאַ.

נאָך א היבשע ווײלע פאָהרען, האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגעשריען „ברוקלין ברידזש" און האָט זרחי'ן א ציה געטהאָן ביים אַרבעל, אָנווייזענדיג אויף דער טהיר ארויסצוגעהן. זיי זיינען ארויסגעגאַנגען און ווידער געבליע־בען שטעהן אין דעם טומעל און געדרענג, וואו מאַסען מענשען האָבען זיך געשטויסען, שטראָמען מענשען אהין, און שטראָמען מענשען צוריק. ווידער האָט זרחי געקוקט אין אַלע זייטען וויא א פערלאָרענער, און יאכנע־איטע, האַלטענדיג זיך אָן זיין ארבעל, האָט אַלץ געהאַט נאָך דעם איינציגען גע־דאַנק אין זינען: טאָמער וועט זיא צווישען דיא אַלע דערזעהען דאָ איהר רויזעלען.

זרחי האָט זיך ענדליך דערמאָהנט, אז דאָ דאַרף ער מסתמא ווידער טהאָן וויא אין בריעף איז אָנגעוויעזען געוואָרען: פרעגען א פּאָליסמאַן. און

גראָדע איז דאָ נאָהענט געשטאַנען אזא און האָט אויף זיי עפּעס אָפּט א קוק געטהאָן:

— קומט, מיר וועלען צו איהם צוגעהן און ווייזען דעם אדרעס — האָט ער א ציה געטהאָן יאכנע איטע׳ן און זיי זיינען געגאַנגען צום פּאליס־מאַן, וויא פּלוצלונג האָט יאכנע־איטע א געשריי געטהאָן: אָי! אָי! זרחי!

און זרחי האָט ניט צייט געהאט ארומצוזעהען זיך, וויא זיא האָט זיך א ריס געטהאָן מיט א געשריי: „דאָס איז ער!" און איז געלאָפען צום פאר־קעהר, וואס פיהרט צום בריק, וואו עס איז געשטאַנען אן אויטאָמאָביל און אין איהם זיינען געזעסען צוויי מענער און צוויי פרויען.

— ווער? ווער? — האָט זיך זרחי געלאָזען נאָך איהר, וועלענדיג זיא אבהאַלטען.

אָבער זיא האָט וויא ניט געהערט און האָט געשריען:

— אָט איז ער, זרחי! דער חתן! דער מערדער!...

עס איז געוואָרען א טומעל ארום זיי, מענשען האָבען זיך אָבגעשטעלט, געקוקט און געוואונדערט זיך וואס דאָ קומט פאָר אזוינס. איינער פון דיא מאַנסלייט אין אויטאָמאָביל האָט זיך אויפגעשטעלט, וויא אויך א קוק צו טהאָן, וואס דאָ איז געוואָרען פאר א געלאף און טומעל. און וויא ער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט שוין זרחי איבערגעיאָגט יאכנע איטע׳ן און האָט אָנגעהויבען שרייען:

— מאַקס קאַרץ! מאַקס קאַרץ! כאַפּט איהם! האַלט!

אָבער דאָ איז דער פּאליסמאַן שוין געווען לעבען זרחי׳ן, האָט איהם ברוטאַל א כאַפּ געטהאָן פאר׳ן קאַלנער, ניט פארשטעהענדיג וואס ער שרייט און וועמען ער לויפט, און האָט איהם א פרעג געטהאָן: „וואס׳ז דהי מע־טער?" דער אויטאָמאָביל איז דערווייל אוועקגעפאהרען איבער׳ן בריק און ארום יאכנע איטע׳ן האָט זיך אָבגעשטעלט א רעדעל, מאַנכע קוקענדיג מיט־ליידענדיג, אנדערע סתם נייגיעריג, אָבער קיינער ניט פארשטעהענדיג, וואס זיא רעדט.

— וואָס ווינט איהר, מוהמינקע? — האָט איין אידישער דזשענ־טעלמען א פרעג געטהאָן.

אָי, האָט רחמנות! — האָט זיא נור ארויסגערעדט — איהר קענט דאָך ריידען אויפ׳ן היעגען לשון, הייסט איהם ארעסטירען.

אין טומעל האָבען זיך נאָך אנדערע אידישע מענער און פרויען אָב־געשטעלט, און עס איז געוואָרען א צומישעניש פון רייד און פון פראַגען. דער דזשענטעלמאַן, וועלכער האָט געוועלט דאָ אויסהעלפען דער גרינער פרוי, האָט אין טעות געמיינט, אז זיא בעט עס, מען זאָל זרחי׳ן ארעסטירען, בע־זאָנדערס האָט ער אזוי געמיינט, אז זיא בעט עס, זעהענדיג וויא דער פּאָליס־מאַן האַלט זרחי׳ן פאר׳ן קאָלנער. עס האָט געדויערט א היבשע ווײַלע ביז וואַנען מען האָט פערשטאַנען, אז ניט זרחי׳ן וויל זיא דאָס ארעסטירען, אז

ער איז דאָס מיט איהר צוזאַמען צוויי גרינהאָרנס, וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג אראָב פון שיף, און וועלכע וויסען ניט, וועלכע קאר צו נעהמען צו צו־פאָהרען קיין ברוקלין.

— און דערווייל האָבען מיר דערזעהען דעם באנדיט, וועלכען מיר זוכען — האָט זרחי ערקלעהרט דעם נאָכפרעגענדען.

דער אידישער דזשענטעלמען האָט עפּעס געקוקט קרומליך אויף דער גאנצער געשיכטע: נור וואס געקומען און זיי כאַפּען שוין באנדיטען אין אויטאָמאָבילס! ער האָט ערקלעהרט דעם פּאליסמאן וואס זיי זאָגען. דער פּאָליסמאן האָט אויך א קוועטש געטהאן מיט דיא אקסלען, וויא עס וואלט פאר איהם געווען א הארטער נוס צום צוקנאקען. ער האָט אָבער געפונען פאר זיין ערשטער פפליכט צו צוטרייבען דיא אנגעקליבענע רעדעל מענשען, און האָט דערנאָך א זאָג געטהאן צו דעם מיטליידיגען דזשענטעלמען:

— אָ, נעוועך מיינד בענדיטס! הוועך דו דיי וואָנט טו גאָו?

— וואוהין ווילט איהר געהן? — האָט דער מיטליידיגער איבערזעצט דעם פּאליסמאן'ס פראגע.

זרחי האָט געוויזען דעם אדרעס, וועהרענד יאכנע איטע האָט געהאַלטען אין איין ברעכען דיא הענד. איהר האָט זיך געדוכט, אז מענשען האָבען דאָך גערארט לויפען, זוכען, דעריאָגען: אָט האָט זיא דאָך איהם אליין געזעהען, איהר טאָכטער'ס מערדער, דעם וואס האָט זיך פארשטעלט פאר אן אמעריקאנער חתן.

— איהר זייט דאָך א איד — האָט זיא געזאָגט צו דעם מיטליידיגען דזשענטעלמען — האָט רחמנות!...

און דאָ האָט אויך זרחי געפּרואווט וועלען אָנהויבען דערצעהלען דיא מעשה. אָבער דיעזער האָט א זאָג געטהאן:

— ענטשולדיגט, איך בין זעהר בעשעפטיגט, איך האָב קיין צייט ניט. איהר וועט עס שוין דאָרט דערצעהלען, וואוהין איהר דאַרפט פער־פאָהרען.

און דער פאליסמאַן האָט זיי צוגעפיהרט צו א קאר, וועהרענד דער מיטליידיגער דזשענטעלמען האָט איהם געהאָלפען, האָט צוגערופען א אידישען אינגעל א ניוס־באָי און האָט איהם געגעבען א קוואָדער, ער זאָל פאהרען מיט דיא צוויי גרינע און וויזען זיי, וואו זיי דארפען אראָב, אין 104 אכט־און־דרייסיגטע סטריט, כויטה ברוקלין.

— אָלל־רייט, באָס! — האָט געזאגט דער באָי און האָט זיך מיט זיי געזעצט אין קאר.

אָן אויפגערעגטע, מאבענדיג מיט דיא הענד און טענה'נדיג אליין, האָט זיך יאכנע איטע געזעצט אין קאר, וועהרענד זרחי איז ערשט געקומען צו זיך, און האָט פערשטאַנען, אז זיי זיינען דאָך דאָס אין א פרעמד לאנד, וואו מענשען פערשטעהען זיי ניט, וואו אלע זיינען פערנומען מיט זייערע

אייגענע געשעפטען. ער האָט געזעהען, וויא אלע אין קאר קוקען אויף זיי וויא אויף האָטענטאָטען, און אפילו דאָס אינגעל, וואָס פאָהרט מיט זיי ווייזען דעם וועג, לאָזט אראָב דיא אויגען וויא ער וואלט זיך שעהמען פאר אלע אנדערע פאסאזשירען, וואס ער זיצט מיט דער אלטער אידענע, וועל־כע איז אזא גרינהאָרן.

— בערוהיגט זיך, יאכנע איטע — איז זרחי ערשט איצט געקומען צום שכל צו זאָגען איהר — און ווען מיר וואלטען אפילו איהם געכאפט פאר דער האנד, וואלטען מיר דאָך אויך גאר נישט געקענט אויספיהרען. איך האָב געמיינט, אז איך קען א ביסעל ענגליש פון דאָס וואס איך האָב זיך אויסגעלערנט אין דער היים פון א ביכעל, אָבער ניט זיי פערשטעהען א וואָרט פון דאָס וואס איך זאָג, און ניט איך פערשטעה א וואָרט פון דאָס וואָס זיי זאָגען.

— אָבער דאָ זיינען דאָך אויך אידען, און עס זאָל דאָס אונז ווער העלפען! צווישען אזוי פיעל מענשען און אָט זעה איך איהם מיט מיינע אויגען, דעם גזלן און גאַרנישט... ווען זיי וואָלטען מיך לאָזען צולויפען.

— נו, פון וואנען זאָלען מיר טאקע וויסען? ניין, מיר וועלען מוזען פריהער געפינען פריינד, ווארום אז ניט וועט ניט העלפען ווען אפילו מיר זאָלען דיאביידע באנדיטען כאפען מיט אונזערע הענד, און ווען אפילו מיר וואלטען מיט אונזערע אויגען געזעהען, וויא זיי פיהרען מיט גוואלט אוועק רויזלען.

— ניין, נישקשה — האָט זיך אלץ ניט געקענט בערוהיגען יאכנע־איטע — איהר זעהט דאָך, אז איך האָב איהם דערקענט באלד דעם ערשטען טאָג, וואס מיר זיינען געקומען אהער. ווען איך וואָלט איהם שוין אָנגעכאפט מיט מיינע הענד, וואלט ער שוין פון מיר ניט ארויס; מיט מיינע נעגעל וואלט איך איהם דיא אויגען ארויסגעריסען...

— דאָס גיט מיר האָפנונג, אז מיר וועלען געפינען רויזלען, און אז מיר וועלען זיי אויך כאפען. איצט זעה איך שוין, אז זיי מוזען דאָ ביידע זיין, און מכתמא איז דאָ ערגעץ אויך אונזער רויזעל.

— קינד מיינע, אונגליקליכע מיינע — האָט יאכנע איטע געבראָ־כען דיא הענד, און אָבוואָהל זיי האָבען גערעדט אין דער שטיל, פון דעסט־וועגען האָבען אויף זיי געקוקט דיא פאסאזשירען אין קאר מיט אויגען פול מיט מיטלייד, זעהענדיג עפעס, אז דאָס זיינען צוויי אונגליקליכע גרינ־האָרנס, א מוטער מיט א זוהן מסתמא. אָבער מעהר וויא מיט דעם מיטליי־דיגען בליק האָט זיך קיינער ניט אינטערעסירט.

— קאָם אָן! — האָט א זאָג געטהאָן ענדליך דער אינגעל — דאָ איז דאָס.

דיא קאר האָט געסטאָפט, און זיי זיינען אראָבגעגאנגען. צו א שעהנעם צוויי־גאָרענדיגען הויז, וויא דיא פּריוואַטע הייזער אין סויטה ברוק־

לין האָט זיי דער באַי צוגעפיהרט און האָט זיי אָנגעוויעזען אויף דעם נומער, וואו זיי דאַרפען.

זרחי האָט איהם אָבגעדאנקט, האָט זיך אָנגעהויבען שארען אין דעם לעדערנעם בייטעלע צו געפינען עפּעס א מטבעה איהם צו געבען. דער איני־נעל האָט אָבער אויך מיט א מיטליידיגען שמייכעל אויף איהם א קוק גע־טהאָן און געזאָגט: נעוואָר מיינד.

— וואָס זאָגסטו, אינגעלע? — האָט געפרעגט יאכנע איטע, דער־פיהלענדיג עפּעס דאנקבארעס צו איהם.

— איך זאָג נעוואָר מיינד, דו מיר ניט דאַרפסט געבען קיין מאָני. דער מאַן מיר געגיבט איי קוואָטער.

און צו העלפען זיי נאָך מעהר, איז דער באַי ארויפגעלאָפען די טרעפּלעך אויפ'ן סטופּ און האָט אָנגעקלונגען, וועהרענד יאכנע איטע האָט געקוקט אויף זרחי, זאָגענדיג:

— א אידישער אינגעל און איך פערשטעה ניט, וואס ער רעדט. אזא אידיש ריידען זיי דאָ, אז איך וויים גאָר ניט, וויא מיר וועלען זיך צונויפריידען.

— זיין ענגליש פערשטעה איך — האָט געזאָגט זרחי, און האָט מיט בלאָנדזשענדע אויגען געקוקט אויף דער טהיר און ארום טהיר, וועלענדיג טרעפען וואס פאר א מינים מענשען וועלען דאָ זיי בעגעגענען.

א מיטעל־יעהריגע פרוי האָט געעפענט דיא טהיר, האָט ארויסגע־שטעקט דעם קאָפּ, און איידער זיא האָט נאָך צייט געהאט א קוק צו טהאָן אויף זיי, האָט זיא א פרעג געטהאָן דעם באַי, וועלכער איז געשטאַנען דער ערשטער.

— ווהאָט דו יו וואָנט?

— איך געבראַכט דיא גרינהאָרנס, מיסעס.

— אָ, קומט אריין! קומט אריין! — האָט זיא פריהער מיט א האלב־קאלטען בליק, דערנאָך פריינדליכער, ווארימער איינגעלאָדען דיא פרוי — קומט אריין! — און זיא האָט זיי געהאָלפען אריינטראָגען דיא פעקלעך.

זיי זיינען אריינגעגאַנגען אונטערטהעניגלעך, וויא זיי וואָלטען גע־ווען ארימע לייט, וואָס קומען בעטען א נדבה, עפּעס פערשעהמטע, אראָב־געפאַלענע, עלענדע.

— וואָהנט דאָ דער הערר יודמאַן? — האָט זרחי א פרעג געטהאָן — מיר זיינען...

אָבער דיא פרוי האָט איהם איבערגעשלאָגען:

— איך וויים ווער איהר זייט. מיין מאַן איז דאָס געפאָהרען אייך בעגעגענען. ער האָט זיך אָבער מסתמא פארשפּעטיגט. ער איז אזוי ביזי. מר. יודמאַן האָט געדארפט אוועקפאָהרען און איהם האָט זעהר פערדראָסען,

וואָס ער וועט אייך ניט קאָנען געהן אָבנעהמען פון שיף, האָט ער געבעטען מיין מאָן. און מיין מאָן איז זעהר ביזי... א, איך האָב פערגעסען, איהר ווייסט דאָך גאָר ניט, וואָס ביזי איז? ער איז פערנומען, זעהר פערנומען אין ביזנעס, רופט מען דאָס דאָ ביזי. אין אמעריקא זיינען אלע ביזי, מען האָט קיין צייט ניט אפילו אויף זיך א קוק צו טהאָן. ווארט, דיא באָנדלעך דארף מען ארונטערטראָגען אין יארד, פון שיף דארף מען זיי אויסלופטערען. דאָס איז נאָך גוט, ביי אונז איז פאראן אן אייגענער יארד. זיצט, איך געה באלד אריין. דזשעיקי! דזשעיקי! — האָט זיא אנגעהויבען רופען.

עס איז ארויפגעלאָפען פון דיא אונטערשטע טרעפ אן ערוואקסענער איינגעל, האָט אויף זיי געקוקט מיט אויסגעשטעלטע אויגען..

— נו, וואס קוקסטו, דזשעיק! וועסט דערנאָך קוקען, טראָג אראָב דיא באָנדעלס אין יארד. זיצט. מיין מאַן וועט מסתמא באלד קומען! — האָט זיא מיט א פריינדליכען און אשת־חיל׳דיגען טאָן זיי געזאָגט.

און זיא האָט עפּעס אָנגעהויבען ארומצופאדען, וועהרענד אז ניט זרחי און ניט יאכנע איטע האָבען ניט געפונען קיין ווערטער וואס צו זאָגען און האָבען געקוקט מיט דאנקבארקייט אויף דער פריינדליכקייט פון דער פרעמדער פרוי, וועלכער זיי קענען ניט און וועלכע קען זיי ניט.

— איהר זייט נור־וואס פון שיף? — האָט זיא געפרעגט — זייט איהר דאָך מסתמא הונגעריג, וועל איך טאַקע גלייך מאכען וואס צו צו־בייסען. איהר האָט נאָך אודאי קיין ברעקפעסט אויך ניט געהאט. זיצט, איין ווייליטשקע נור. איהר דארפט זיך ניט שעהמען, מיר זיינען אייגענע מענשען.

פאר יאכנע איטע׳ן איז מרס. גרינרויט געווען טאַקע וויא א מלאך אראָבגעשיקט פון הימעל, ווארום אמאָל איז פאר אונז איינער, וועלכער האָט אן אפּענעם אויער אויף אויסצוהערען אונזער אָנגעוועהטאָגט הארץ יענעך גויטיגער מיטעל, אָהן וועלכען דאָס הארץ וואלט ניט געקענט אויסהאלטען. א גוט־הארציגע פון דער נאטור און איינע וועלכע האָט אין אמעריקא ניט פערלאָרען די היימישע מדות פון א אידישער ריידעוודיגער בעל־הבית׳ישער פרוי, האָט מרס. גרינרויט גלייך געוואונען דאָס פערטרויען פון דער אונגליקליכער מוטער.

— קיין מיליאָנערען זיינען מיר ניט — האָט מרס. גרינרויט מיט א ווארימער אפענהארציגקייט ערקלעהרט, ווען זיא האָט זיי אוועקגעזעצט ביים טיש, אויף וועלכען זיא האָט אוועקגעשטעלט פאר זיי מיט וואָס אונ־טערצולעהנען דאָס הארץ — נור וואס צו פארזינדיגען האָבען מיר אויך ניט. דאנקען גאָט, מיין מאָן איז אויך ניט קיין שוסטער פון דער היים. מען מאכט א שעהנעם לעבען. מר. יודמאן האָט אונז אלעם דערצעהלט פון אייער ביטערען אומגליק. דערווייל וועט איהר דאָ זיין, פלאַטץ איז דאָ גענוג, און וואָס אארט אייך — דאָס הארץ זאגט מיר, אז איהר וועט נאָך

דאַ זעהען נחת.

עס האָט ניט לאַנג גענומען, און דער מר. גרינרויט איז געקומען, און אויך ער איז מיט זיין בענעהמונג און מיט זיין גאַנצען אויסזעהען געווען אַ שטיקעל געגעזונג פאַר זרחי'ן, וויא מרס. גרינרויט איז געווען פאַר יאַכנע־איטע'ן. דאַס איז געווען אַ בעל־הבית'ישער איד פון אַ יאָהר פינף־און־פיערציג, וועלכער האָט אין דיא פופצעהן יאָהר, וואס ער איז אין אמעריקא ארויפגעאַרבייט זיך פון אַ גלאַז־פעדלער אויף אַ גרויסען סטאָר־קיפּער פון גלאַז־וואַרג און פלעגט זיין פרייע צייט אבגעבען פאַר לאָקאַלע כלל־זאַכען, וויא גמילות־חסדים, הכנסת אורחים, בעזאָרגען אמאָל אַ גרינעם, אין וועלכען ער האָט געזעהען אַ חשוב'ען מענשען א. ז. וו.

זרחי האָט זיך באַלד דערוואוסט דיא אורזאַכע, פאַר וואָס זיין קרוב פון פּראָווידענס, וויא אויך רעוורענד יודמאַן איז ניט געקומען זיי אָבנעהמען פון שיף. מר. יודמאַן'ס פאַמיליע וואָהנט נאָר אין פילאַדעלפיא, נאָר ער האָט געהאַט אויסזיכטען צו קריעגען אַן אנשטעלונג אין ניו־יאָרק, האָט זיך גראַדע געמאַכט, אַז לעצטע וואָך האָט ער אָנגענומען אַ פּלאַץ צו זיין דער רעוורענד אין אַ קאָנגרעגיישאָן אין סינגלטאָן, פענסילוויינייא. דער פּראָווידענס'ער האָט געמיינט, אַז ער וועט קאָנען אויסבעטען ביי זיין באָס אַ וואַקיישאָן אויף אַ וואָך, האָט זיך גראַדע געמאַכט, אַז אין דער פעקטאָרי, אין וועלכער ער ארבייט, איז געוואָרען זעהר ביזי, און דער באָס וויל איהם ניט אָבלאָזען, חיידען ער זאָל פערליערען זיין פּלאַץ! ניט פארשטעהענדיג מאַנכע איינציגע ווערטער פון גרינרויט'ס אידיש, האָט ער אָבער פערשטאַנען דאָס גאַנצע.

— אָבער איהר דאַרפט ניט זיין אַראָבגעפאַלען ביי זיך — האָט זרחי'ן געטרייסט מר. גרינרויט — איהר זייט ניט אַריינגעפאַלען צו גזלנים אָדער צו שלעכטע מענשען. מר. יודמאַן האָט אונז דערצעהלט אַלעס, און ווען ער האָט אונז געזאָגט וועגען אייער קרוב, וואָס קען ניט קומען, האָב איך איהם צוגעזאָגט, אַז איך וועל אייך געהן אָבנעהמען. אָבער זיי האָבען מיר אין דעם אָפיס פון דער שיפס־קאָמפּאַניע ניט געזאָגט אקוראַט דיא ריכטיגע צייט, האָב איך פארשפּעטיגט. און וואָס וואָלט זיין, מיינט איהר, אַז אייער קרוב פון פּראָווידענס וואָלט אהער געקומען? זייט דאַ וויא אין דער היים, און מיר וועלען שוין זעהען. געוועהר מיינד...

און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבען פאָהרענדיג אהער שוין געזעהען דעם מאַקס קאַרע, האָט ער זיי אַנגעקוקט אונגלויבינג:

— האָט זיך דאָס אייך אפשר געדוכט. איהר זייט געבעך אַזוי פערנומען מיט אייער אונגליק, אַז וויא איהר זייט אַראָב פון שיף, האָט איהר שוין דערזעהען דעם באַנדיט און איהר מיינט שוין, אַז מען האָט איהם געקאָנט כאַפּען. דיא היעגע פּאָליציי און דעטעקטיוווס, דאָס איז וויא ביי אונז עתיים־פּאָליציי, יאַגען זיך דאַ ארום נאָך באַנדיטען, וואָס האָבען ערשט,

כמעט פאר אלעמען אין דיא אויגען דא צוראבירט א דזשולערי־געשעפט אויף טויזענדער, און קאנען זיי ניט כאפען — מיינט איהר, אז דאס איז אזוי גרינג. מאלע וואס אייך האט זיך געדוכט, , אז דאס איז יענער! וועניג זיי־נען זיי פאראן, מיינט איהר, דא אין ניו־יארק? גענגס רופט מען זיי, און בה"ש אידען אויך גענוג צווישען זיי. דערויף איז דאך דאס אמעריקא.

— אבער איך האב דאך איהם אליין געזעהען — האט געבראכען דיא הענד יאכנע איטע, — מיינע אויגען וועלען מיך ניט נארען, כאטש איך האב שוין באלד מיינע אויגען פערלארען.

— אז דאס איז ער — האט פערזיכערט זרחי — איז ביי מיר גאר קיין שום צווייפעל ניט, הערד גרינגרויט.

— עס קאן זיין, עס קאן זיין — האט צוגעגעבען גרוינרויט, אבער געהט, כאפט איהם! אויף אן אויטאמאביל זאגט איהר? דיא גענגסטערס פאהרען נור ארום אויף אויטאמאבילס. נו, איז ער מכתמא שוין דער טייפעל וויים וואו ערגעץ. האט ע ר א י י ך אויך געזעהען?

— דאס וויים איך נים. עס זיינען געווען אזא מאסע מענשען. איך האב אזוי פיעל מענשען נאך קיין מאל אין מיין לעבען אויף איין פלאטץ ניט געזעהען.

— איהר שפיעלט זיך מיט ניו־יארק לעבען ברידזש, און נאך אקוראט מיטאג־צייט איז דאס געווען, ווען אלע געהען צו דינער, דאס איז מיטאג עסען. נו, מילא און אז איהר וואלט איהם אנכאפען ביי דער פאלע, וואס מיינט איהר? ער וואלט נאך אייך לאזען ארעסטירען. הערט מיך, איך בין עפעס ניט דעם ערשטען טאג אין אמעריקא. מען מוז דא געפינען א וועג וויא אנצוגעהן. און אין איין טאג טהוט זיך דאס ניט.

— וויא זשע זאל זיין, אדרבה, איהר זייט א גוטער מענש, גיט אן עצה.

— עצות געבען איז א גרינגע זאך. נור דיא ערשטע זאך איז, איהר דארפט זיך דא ארומזעהען וואו איהר זייט אין דער וועלט. דיא אלטע קאן דא זיין מיט אונז — האט געראטהען גרינגרויט, זיא וועט דא ביי אונז פער־דיענען איהר שטיקעל ברויט, וועט העלפען מיין ווייב א ביסעל אין שטוב אדער איך וויים וויא. ניט א דיענסט, חס וחלילה, נאר אזוי. נו, און איהר, זייט א יונגער מענש. אין דער היים זייט איהר געווען א העברעאישער לעהרער, וועט זיך דא פאר אייך געפינען א פלאטץ אין תלמוד תורה. מיט דיא גבאים בין איך בעקאנט, אליין בין איך עפעס אויך א שטיקעל בעל־הבית, וועט איהר שוין מאכען א לעבען. נור א ביסעל ענגליש, א ביסעל ענגליש דארף מען קענען. און דאס איז דאך מסתמא פאר אזא יונגען מאן, וויא איהר, ניט קיין שווערע הלכה...

— איך האב א ביסעל געלערנט ענגליש, אליין פון זיך, נאר איך זעה, אז פון לערנען פון ביכעל ביז קאנען צונויפריידען זיך אויף ענגליש איז

כרחוק מזרח ממערב — האָט איהם מיט אַ מין דאַנקבאַרען טאָן פאַר זיין פריינדשאַפט געזאָגט זרחי.

— נו, איז דאָך אודאי ניטאָ וואָס צו ריידען — האָט איהם נאָך מעהר בערוהיגט מר. גרינרויט — נור ניט געבאַפט, נור ניט געאיילט זיך צו כאַפּען דעם פיש ביים עק, וואָרום פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס.

— וואָס רעדט איהר? וואָס רעדט איהר? איהר זייט אַזעלכע גוטע מענשען, אָבער וויא קאָן אַ מאַמע רוהיג בלייבען — האָט געפּרואווט ערקלעהרען יאַכנע איטע.

— איהר זייט גערעכט, מוהמינקע — האָט טרייסטענד געזאָגט גרינרויט — אָבער וואָס קען מען מאַכען? אַז איהר וועט דאָ זיין און וועט זיך אַרומזעהען, וועלען מיר געפינען אַ וועג צום דיסטריקט אַטאַרני, דאָס איז וויא ביי אייך אין רוסלאַנד אַ פּראָקוראָר, און מיר וועלען מסתמא ניט שווייגען.

— זאָל אייך גאָט דערפאַר בעלוינען — האָט געווישט יאַכנע איטע דיא אויגען — דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז אין אַמעריקא זיינען אויך פאַראַן גוטע מענשען, און אַז זיי וועלען רחמנות האָבען אויף אַן עלענדע אַלמנה.

זרחי האָט דערזעהען ווירקליך, אַז זיינע פאָרשטעלונגען זיינען געוועזען צו פאַנטאַסטיש, דענקענדיג, אַז האָבענדיג שוין בעווייזע געגען רובּיניק'ען, וועט ער אין אַמעריקא גלייך קאָנען איבערקעהרען וועלטען. אָט האָט דער שיקזאַל געשפּיעלט אַזאַ זאָנדערבאַרען קונץ מיט זיי, אַז גלייך וויא זיי זיינען אַריינגעפאָהרען אין ניו־יאָרק האָבען זיי דערזעהען מאַקס קאַרץ, און דאָך איז ער פון זיי אַזוי ווייט, וויא זיי וואָלטען געווען אין בעזאָנדערע עקען וועלט. און גאָט ווייס, וויא לאַנג דאָס וועט נאָך נעהמען, ביז וואַנען זיי וועלען קאָנען אויסגעפינען, וואו רויזעל געפינט זיך.

— זאָגט מיר, און וואו געפינט זיך דאָ אַ שטעדטעל אָדער אַ דאָרף ק ו נ א י ל ע? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן דעם זעלבען טאָג אין אָבענד גרינרויטען, ווען יענער איז געקומען צוריק פון געשעפט אַהיים.

— קונאיילע? אַזאַ נאָמען פון אַ שטעדטיל האָב איך ניט געהערט — האָט גרינרויט געענטפערט — סיידען איהר מיינט אפשר קוני־איילאַנד.

— קאָן זיין. האָט זרחי געענטפערט. און האָט דערצעהלט דעם גוטען מענשען פון רויזעל'ס בריעף, אין וועלכען זיא האָט איהם געשריעבען, אַז זיא האָט זיך דערוואוסט, אַז דער פּלאַטץ, וואו מען האַלט זיא פערשפּאַרט געפינט זיך לעבען ניו־יאָרק און מען רופט עס ק ו נ א י י ל ע, אַז מען זעהט פון דאָרט דעם ים.

— נו, איז דאָך דאָס טאַקע קוני־איילאַנד, האָב איך דאָך געטראָפען. דאָס איז ניט ווייט פון דאַנען. אָ, דאָרטען מוזען זיין גענוג אַזוינע פּלעצער.

אַבער אַלץ בעפאַר דער ווינטער קומט אָן, און איצט, אין אָקטאָבער, איז דאָך דאָרט פּוסט און וויסט. מיינט איהר, אַז זיא געפינט זיך נאָך דאָרט ערגעץ? איך גלויב ניט. איהר מיינט, זיי וועלען זיא האַלטען דיא גאַנצע צייט אַזוי? יעדענפאַלס איז דאָס ניט ווייט פון דאַנען, אין גאַנצען פינף כּענט פאָהרען. אַז איהר ווילט, קאַנען מיר אַריבערפאָהרען. מען וועט דאָך גאַר נישט פערליערען.

זרחי האָט איהם זעהר געדאַנקט, און אויף מאָרגען זיינען זיי גע־פאָהרען אַלע אהין. גרינרויט מיט זיין פרוי און יאַכנע־איטע מיט זרחי'ן. זיי האָבען אַרומגעשפּאַציערט אין דער איינציגער ברייטער הויפּט־גאַס פון דעם אינזעל, אַריינגעקוקט זיך אין בעזונדערע געסלעך, אין איינער, אין אַ צווייטער, אין אַ דריטער; אויף יעדען הויז האָט זרחי מיט יאַכנע איטע'ן געקוקט מיט פערדאַכט, און זיי האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלץ: צו ניט דאָ, צו ניט דאָרט, צו ניט אין דעם הויז, צו ניט אין יענעם הויז.

—איך האָב דאָך אייך געזאָגט — האָט ווידער אַרויסגעוויזען זיין גענייטקייט גרינרויט — אַז אַזוי זוכענדיג וועלען מיר קיין זאַך ניט געפינען, זוך אַ נאָדעל אין אַ זאַק תבואה. עס שאַדט ניט, אַז מען גערהט אַרום און מען קוקט, אָבער מען קאָן אַזוי אַרומגעהן פון היינט ביז איבער אַ יאָהר און מען זאָל בלייבען ביי וואָס מען האָט אָנגעהויבען.

און זרחי האָט פעסט בעשלאָסען, אַז ער מוז זיך נעהמען פאַר עפּעס, אום ברויט צו פערדיענען; ער קאָן דאָך ניט פערלאַנגען, אַז מענשען זאָלען איהם אויסהאַלטען אומזיסט און זאָלען נאָך טהאָן אַלעס פון זיינטוועגען און פון יאַכנע־איטע'ס וועגען. ער האָט ערהאַלטען פון פּראָווידענס אַ בריעף, אין וועלכען זיין פריינד ענטשולדיגט זיך ווידער פאַר וואָס ער האָט ניט געקאָנט קומען אָבנעהמען איהם פון שיף און ער שלאָגט איהם פאָר, ער זאָל קומען צו איהם, וועט ער פאַר איהם קריעגען אַרבייט אין דער זעלבער דזשועלערי־פעקטאָרי, וואו ער אַרבייט. אויף דער ערשטער צייט וועט דאָס אויך זיין גוט פאַר איהם, ביז וואַנען ער וועט זיך אויסגרינען.

גרינרויט האָט געטהאָן אַלעס, אום צו געפינען פאַר זרחי'ן אַ שטעלע אַלס אַ לעהרער אין אַ תלמוד־תורה. אַבער דאָס האָט אויך געדאַרפט נעהמען איינינע צייט, און דערווייל האָט זרחי אויפגעזוכט דעם אַדרעס, וואָס פאַניע דיא טייטשקע האָט איהם געגעבען. דאָס איז דער אַדרעס פון מרס. סאַלאַמאָן בינס. ווען ער איז אַריין צו איהר און האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז ער האָט צו איהר אַ גרוס פון פאַניע דיא טייטשקע, איז דיא מרס. בינס אַ פערצייטערטע געוואָרען.

—איהר האָט אַ טעות, יונגער־מאַן, — האָט זיא געזאָגט בלייך ווערענדיג — איהר מיינט ניט מיך. איך קען ניט קיין פאַניע דיא טייטשקע, און איך וויל פון קיין זאַך ניט הערען. איך בין ניט דיא וואָס איהר מיינט.

זרחי האָט פערשטאַנען, אַז זיא האָט מורא, עס זאָל זיך ניט אויפ־

רעקען איהר פערגאנגענהייט, ווארום זיא האט עפעס יעדע ווייlע מיט צו־
שראקענע אויגען געקוקט צו דער טהיר.

— עס קרענקט מיך זעהר — האט ער אנגעהויבען, — וואס איך
פערשאף אייך דערמיט אונאנגענעהמליכקייט. אבער מיינט ניט, איך בין
ניט אזא מענש. ווען איהר וואלט מיך געקאנט נעהענטער, וואלט איהר פער־
שטאנען, אז איך בין ניט אויסען אייך דאס מינדעסטע אונאנגענעהמליכקייט
צו פערשאפען. דא האנדעלט זיך אבער אום צו ראטעווען אן אונגליקליכע...

און ער האט איהר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, פון אנהויב
ביז'ן סוף. און וויא האט ער זיך פערוואונדערט, ווען ביי איהר האבען זיך
געוויזען טרערען אין דיא אויגען. ער האט זיך דערמיט בענוצט און האט
געזעהען נאך שטארקער צו ווירקען, זאגענדיג:

— איך האב געמיינט, אז איהר וועט אליין זיך אנכאפען מיר צו
העלפען, ווארום איהר זייט דאך אליין געווען אזא אונגליקליכע, נור האט
געהאט דעם גליק ארויסצורייסען זיך און איהר זייט איצט, וויא איך זעה,
אן אנשטענדיגע פרוי, וועלכע פיהרט א בכבוד'ען לעבען.

— אין מיין אונגליק בין איך אליין שולדיג געווען. איך קאן קיינעם
ניט בעשולדיגען, און איך האב זיך אליין אויך ארויסגעריסען, קיינער האט
מיך ניט געראטעוועט, איך האב זיך אליין געראטעוועט. און איך וואלט גע־
זוען א גליקליכע, דיא גליקליכסטע אין דער וועלט, ווען איך וואלט שטענדיג
ניט מורא געהאט פאר איין זאך, מיין מאן זאל זיך ניט דערוויסען פון מיין
פערגאנגענהייט. איהר זייט אזא גוטער מענש, איהר זייט געקומען אזש
קיין אמעריקא ראטעווען א פריינדין. און שטעלט זיך פאר, וואס פאר אן
אונגליק איהר וואלט געבראכט אויף מיר, ווען איהר וואלט אריינגעקומען
און געטראפען מיין מאן אין דער היים און אנהויבען דערצעהלען די אלע
זאכען.

— זאל מיך גאט שטראפען! וואס רעדט איהר?

— וואס־זשע קען איך טהאן פון אייערט וועגען? מעהר וויא מיט
א קרעכץ קען איך אייך דאך ניט העלפען.

— יא, איהר קענט, איהר האט געשריעבען פאניע דיא טייטשקע,
אז איהר האט דא געזעהען רוביניק'ען.

— איך האב איהם געזעהען איינמאהל פאהרענדיג אין א קאר, האב
איך זיך אבגעקעהרט, ווארום איך האב מורא געהאט, ער זאל מיך ניט דער־
קענען, און איינמאהל האב איך איהם בעגעגענט אויף א באלל, וואהין מיין
מאן האט מיך געפיהרט, האב איך זיך געזעהען צו האלטען וויט פון איהם
און בין געווען אין איין ציטערנים. אבער פון וואנען זאל איך וויסען, וואו
ער קאן זיך געפינען, אז איך ווייך דאך פון אזעלכע מענשען. איך האב דאן
געוואלט אויסריידען מיין מאן, פאר וואס ער נעהמט מיר צו אזעלכע בעלער,
וואו עס קומען אזעלכע מענשען. איך האב אבער מורא געהאט, ווארום ער

וועט מיך דאך פרעגען, פון וואנען וויים איך וואס פאר א מענשען דאס זיינען. אזוי לעב איך שטענדיג אין איין ציטערנים.

— גיט מיר אבער אן עצה, וויא־זשע געפין איך איהם. אפשר קען איהם אייער מאן?

— זאל גאט אויסהיטען! איהר ווילט פרעגען מיין מאן, מיססטער, וואס האט איהר צו מיר?

— איך וועל קיין זאך ניט טהאן, וואו איהר וועט מיר אליין ניט ערלויבען. אויב איהר ערלויבט מיר ניט פרעגען אייער מאן, וועל איך דאס ניט טהאן. אבער איהר אליין...

— איך אליין זאל איהם פרעגען? מיססטער, איהר זייט דאך א קלור־גער יונגער־מאן, ווילט איהר איך זאל אליין ארויינלייגען מיין קאפ אין א פעטליע?

— וויא זשע דען זאל זיין?

— הערט, מיססטער, גלויבט מיר, איך וואלט אלץ געטהאן פאר אייך, ווארום איך טראכט נור אליין שטענדיג, אפשר וואלט איך אויסגעקויפט מיין אמאליגען לעבען דערמיט, וואס איך וואלט געזוכט צו ראטעווען אזעל־כע אונגליקליכע. א, איהר ווייסט ניט, וואס פאר א שרעקליכער, וואס פאר א שווידערליכער לעבען דאס איז. ניט אומזיסט הענגט מען זיך, פארגיפטעט מען זיך, ניט קענענדיג עס אויסהאלטען. אבער וואס קען איך טהאן?... געהט בעסער איצט אוועק, ווארום עס קאן נאך אונטערקומען מיין מאן. אויב איך וועל איהם דערזעהען ווען נאך אמאל, אדער אויב איך וועל זיך דערוויסען עפעס, וואס עס קען פאר אייך זיין א הילף, וועל איך אליין אייך קומען זאגען. לאזט מיר אייער אדרעס. נור איהר זאלט אהער ניט קומען, וויא גאט איז אייך ליעב, מאכט מיך ניט אונגליקליך.

— אבער איהר פערשפרעכט מיר?

— איך שווער אייך, נאר האט רחמנות און דערצעהלט קיינעם קיין זאך ניט.

— דעריין קענט איהר זיכער זיין.

און דערמיט איז זרחי פון איהר אוועק.

.5

אין דעם זעלבען טאג, וואס זרחי מיט יאכנע איטע'ן זיינען אנגעקומען אין ניו־יארק, איז אין דזשעק גאטער'ס הויז, וואוהין רובינזק האט ארייננגע־בראכט רויזלען מיט מאשקא'ן, און פון וואנען ער האט רויזלען אוועקגע־פיהרט אויף מארגען אין דער פריה, נאכדעם וויא ער האט געזעהען, אז זיא וועט זיך ניט איינשטילען, איז פארגעקומען פארנאכט אן אויפרעגענדע סצענע, אזא סצענע, וואס איז אפילו אין אזא הויז א זעלטענהייט.

דיא ווירטהין פון הויז, מרס. גאטהער, איז א גאנצען טאג ארומגע־לאפען וויא א פער'סם'טע, אזוי, אז אפילו דיא אונגליקליכע באשעפעניסען

וואס האָבען מורא געהאט פאר איהר שיין, האָבען געפיהלט, אז עס קומט עפּעס פאָר, פאר וואָס דיא מאדאם שרעקט זיך שטארק. עס איז אָנגעקומען דער פארנאכט, ווען דיעזע אונגליקליכע באשעפעניסען דארפען זיך אויספּוּ־צען אין זייערע זאָנדערבארע קאסטיומען, אָנפארבען זיך, בעגיסען זיך מיט ביליגע פּארפיום, אָנפּרוויזענדיג פרעך דיא האָאר — קורץ, פארטיג מאכען זיך, צו פערדינגען זייער לייב צום ערשטען בעלן, וועלכער קומט אלס גאסט און קלייבט זיי אויס, ערשט עס איז גאר ניט וויא אימער. דיא ווירטהין טרייבט זיי ניט גיכער פארטיג צו מאכען זיך וויא יעדען אויף־דער־נאכט. פארקעהרט, צו א פּאָאר איז זיא אריין אין זייער צימער און האָט געזאָגט:

— בלייבט דאָ זיצען. איהר וועט היינט ניט ארויס אין זאאל.

— דעם גאנצען אבענד ניט? — האָט א פרעג געטהאָן „מעגי ביוט“, אַן איירישע, וועלכע איז אלע מאָל געווען דרייסטער וויא דיא אנדערע.

— ניין, ניין, דעם גאנצען אבענד ניט — האָט מרס. גאטער זיא איבערגעקרימט — א גליק האָט זיי געטראָפען.

און זיא איז ארויסגעלאָפען פון דיא מיידלאך א צוקאָכטע.

מעגי ביוטי'ס צימער איז געווען לעבען מאשקא'ס, און מעגי מיט מאשקא'ן האָבען גוט געלעבט, ניט אזוי וויא מעגי מיט דיא אנדערע מיידלעך. מיט אנדערע פלעגט זיא שטענדיג קריעגען זיך און רייסען זיך, בעזאָנדערס, ווען זיא פלעגט ווערען טראקטירט פון א גאסט מיט שטארקען געטראנק. מיט מאשקא'ן האָט זיא געלעבט גוט, און פלעגט איהר דיא גאנצע צייט לערנען ענגליש ריידען, אזוי, אז מאשקא האָט מיט איהר געקאָנט זיך צונויפריידען.

— אונזער מיסעס איז עפּעס היינט אזא, אז עס מוז עפּעס זיין... איך רעכען, אז דיא פּאליס האָט זיך גענומען צו איהר.

— וועט מען דאָך אונז אויך ארעסטירען — האָט א צושראָקענע געזאָגט מאשקא.

— און אז מען וועט ארעסטירען, איז וואָס?

— איך האָב אזוי מורא.

— וואס איז פאראן מורא צו האָבען. זאלען זיי טאקע ארעסטירען. זיי וועלען דערנאָך זארויסלאָזען, וועל איך זיין פריי, וועל איך פארדיענען פאר זיך אליין. און דו דארפסט אויך קיין מורא ניט האָבען. זיי וועלען ארעסטירען, וועלען זיי פאר'משפּט'ען אויף א וואָך. דערנאָך געהט מען ארויס, און מען נעהמט זיך אליין צו וואָס מען פערדיענט. אזוי נעהמט ז י דאָך צו אלעס. האָסטו עפּעס געלד?

— ניין.

— זעהסטו, און דו ביזט שוין דאָ מעהר פון צוויי מאָנאטען און האָסט געמאכט אזוי פיעל געלד. א גאסט כאַפּט דאָך דיך דיא ערשטע, און

זיא מאכט דאָך נאָך פון יעדער פלעשעל וואסערדיגען ווין, וואס א גאכט קויפט, אום מיט דיר צו טרינקען, פון יעדער גלעזעל סעלצער, פון אלץ מאכט זיא דאָך דאלארס, דאָלארס און דאָלארס, און וואס מען בעצאָהלט אונז נעהמט זיא דאָך אויך צו.

— ווייזט זי דאָך א רעכענונג — האָט מאשקא געפרואווט זיא פארענטפערען.

— א רעכענונג אלץ, אז איהר קומט ארוים. פאר יעדער בענדעלע, פאר יעדער קנעפעלע רעכענט זיא דאָך דאלארס, דאלארס און דאלארס. און ווער קען זיי טראָגען? אז ניט דאָ אין הויז פאר געסט, זיינען דען דאָס קליידער, וואס זיינען עפּעס ווערטה?

— זיא האָט מיר געגעבען איינמאָל צעהן דאלאר און איינמאָל פינף דאלאר, האָב איך דאָס געשיקט אהיים.

— ווען דו האָסט געמאכט פאר איהר הונדערטע דאלארס, האָט זיא דיר צוגעווארפען א ביינדעל.

— האָט זיא דאָך בעצאָהלט פאר מיר.

— אָי, ביסטו א גרינהאָרן. ווּעמען האָט זיא בעצאָהלט פאר דיר? דיר אליין?

— ניין, דעם מאַן וואס האָט מיך געבראכט אהער.

— האָסטו געבעטען דעם מאַן, ער זאָל דיך ברייינגען אהער? האָט ער ביי דיר געפרעגט? איז דיר עפּעס אָנגעקומען פונ׳ם געלד, וואס ער האָט ביי איהר גענומען פאר דיר?

מאשקא האָט געשוויגען.

— פאר וואָס ענפערסטו ניט, גרינהאָרן?

מאשקא׳ן האָבען זיך געשטעלט טרעהרען אין דיא אויגען:

— דאָס איז אלץ מיין שולד — האָט זיא געזאָגט — ווייל ער האָט מיך איינגערעדט, און איך האָב ניט געוואוסט. דערנאָך האָב איך מורא גע־האט, מען זאָל מיך ניט הרג׳ענען.

— ביסטו ניט דיא איינציגע. מיר זיינען דאָ אלע אזוי. און דערפאר איז גוט, וואס דיא פּאליציי וועט איהר ארעסטירען מיט אונז אלעמען צו־זאמען. דאָס ווייס איך.

— פון וואנען ווייסטו דאָס?

— איך ווייס — האָט „מעגי ביוט" געזאָגט, און האָט זיך ארומגע־קוקט צו הערט ווער ניט — מיר האָט דאָס אויסגעזאָגט מ י י נ ע ר...

— ד י י נ ע ר? דו האָסט ווּעמען?

— יעס. האָסטו געזעהען דעם ניעדריגען מאַן מיט דיא רויטע האָאר, וואס קומט אָפט אלס א גאסט און נעהמט מיך.

— דער, וואס הינקט צו?

— ער הינקט ניט, דאָס איז ביי איהם איין פוס נור א ביסעל קיר־

צער. ער איז אָבער אַ קלוגער.

— ווער איז ער אזוינס?

— ער איז אַ בארטענדער, אויפ'ן צווייטען קאָרנער אין סאַלון לעבען זעקסטע עוועניו, דאָרט וואו דער עלעווייטער, ווייסטו? זאָגט ער מיר אַלעס. און, זאגט ער, ווען איך וועל ארויס פון דאנען, זאָל איך זיין מיט איהם, וועל איך אַליין מאַכען געלד, װן וועל דאָס קיינעם ניט דארפען אוועקגעבען, און ער וועט שוין זעהען, אז קיינער זאָל מיר גאר נישט טהאָן.

— און וועט ביי דיר אָבנעהמען דאָס געלד?

— ווער וועט אָבנעהמען? — האָט אויפגעברויזט מעני — קיינער וועט ביי מיר ניט אָבנעהמען. איהם וועל איך אַליין אוועקגעבען. דערנאָך וועט ער מיט מיר חתונה האָבען און מיר וועלען אַליין עפענען אַ סאַלון.

— יעס, וועט חתונה האָבען, וויא פאַן רובינוק האָט מיט מיר חתונה געהאט. אַלע מאַנסלייט מוזען זיין אזעלכע דאָ אין אמעריקא.

— ניין. מיינער איז ניט אזא. ער איז צו מיר גוט, ער דערצעהלט מיר אַלעס. ער האָט דאָס מיר דערצעהלט, אז ביי אונז וועט זיין דיא פאַליס און וועט אַלעמען צונעהמען. אָבער מורא דארף האָבען נאָר אונזער מיכעס, און מיר האָבען ניט וואס מורא צו האבען.

— און פאַר וואָס דארף זיא מורא האָבען?

— ווייל דאָס טאָר מען ניט. מען טאָר אונז ניט האַלטען פערשפּארט, און מען טאָר אזעלכע ביזנעס ניט האָבען.

— און איך האָב מורא.

— ניטאָ וואס מורא צו האבען. וועסט זעהען, זיא וועט קומען און וועט אונז לערנען, וואס מיר זאָלען ענטפערען, ווען דיא פאַליס וועט אונז פרעגען. דאָס האָט מיר אויך מיינער געזאָגט; ער זאָגט, אז איך זאָל ענטפערען, אז מען האָט מיך ניט ארויסגעלאָזט פון הויז איינע אַליין. דאָס איז אָך טאַקע אמת. און טאָמער וועט זיא מיך שרעקען, זאָל איך ניט הערען.

— און וואָס זאָל איך ענטפערען?

— ענטפער אויך אזוי, און זאָג אויס אַלעס.

— וויא מען האָט מיך געבראכט אהער אויך.

— געוויס, דאָס אויך.

— אז ער האָט מיך געפיהרט מיט נאָך איינער, זאָל איך אויך אויסזאָגען?

— געוויס דארפסטו אויסזאגען — האָט זיך אַ בייזער געטהאָן מעני, ווארום מיר וועלען דארפען שווערען, איז דאָך דאָס אַן עבירה פאַר גאָט, ווען מיר וועלען ניט אויסזאגען דעם אמת.

— און וואס מיר זיינען געוואָרען אזעלכע, איז דאָך דאָס אויך אַן עבירה פאַר גאָט — האָט נאאיוו געזאָגט מאַשקאַ.

— דאָס וועט אונז שוין גאָט מוחל זיין, און ווען איך וועל געהן צום

גלח וועל איך זיך ספאוועדיען. זיי לאָזען דאָך אָבער אפילו אין טשוירטש ניט געהן. דו ביכט דאָך אויך א קריסטין, דו דארפסט זיך אויך ספאוויעדיען פאר'ן גלח, וועט גאָט מוחל זיין.

— קיינמאָל ניט! — האָט מיט אן עקשנות'דיגע מינע א זאָג גע־טהאָן מאשקא, האָט אריינגעלאָזט איהר בליק אין דיא דילען — קיין מאָהל ניט, איך וואָלט זיך שעהמען אזא זאך זאָגען פאר'ן גלח.

— און איך שעהם זיך ניט, וואס איז פאראן וואָס צו שעהמען זיך? איך וועל טהאָן אזוי, וויא מיינער הייסט מיר. איך וועל אוועק פון דאנען און וועל פארדיענען פאר זיך אליין. און אויב מען וועט אונז ארעסטירען, וועל איך אלעס אויסזאָגען.

און וויא וועלען טהאָן דיא אנדערע מיידלעך?

— ווען מיר וועלען שפעטער ארויסגעהן אלע אין טאנץ־זאאל, וועל איך דאָס זאָגען דער הויכער עני'ן, און דו זאלסט עס אויך זאָגען דער גרי־נער מיימי, זיא גיז דאָך דיינע א רוסישע.

ניין, זיא איז א פוילישע, און זיא קאָן נאָך גאר ניט ריידען. וואָס מען טהוט איהר, איז ביי איהר רעכט — האָט מאשקא געזאגט אלץ מיט אן אנגעבלאָזענעם, אונצופריעדענעם פנים.

— אבער איך האָב מורא, אז זיא וועט אונז היינט ניט ארויספיהרען אלעמען אין זאאל. זיא מיינט, אז דאָ וועט אונז דיא פאָליציי ניט געפינען. און אז דיא פאלים וועט נאָך דאָ געפינען די אלע פעלערם, וואס האָבען אונז פערקויפט אהער, אי וועט עס זיין א פיק־ניק. דאָס האָט מיר מיינער גע־זאָגט.

— און דיינער איז געווים אויך אזוי וויא זיי; איך וואָלט שוין קיי־נעם ניט געגלויבט. דער וואס קומט אהער מיט רובינניק'ען, דער וואס מיט דיא שווארצע האָאר, דער ניעדריגער מיט דעם חזיר'שען פנים — האָט בייז־לעך געזאָגט מאשקא — דעם קאָן איך גאר ניט פארליידען.

— דער מאקס?

— יא, דער טייפעל וויים וויא מען רופט איהם. אויף רוסיש האָט ער זיך מיט מיר גערייצט, ווען איך האָב א פרעג געטהאָן רובינניק'ען, וואו עס איז יעצט דיא, מיט וועמען ער האָט מיך געבראכט אהער. „איך בין דאָך איהר מאַן, זאגט ער מיר, איך בין דאָך דער הערר מאקס קאַרץ, וועמענס ווייב זיא איז" — שדים אזעלכע. איצט פערשטעהט איך דאָך שוין אלעס. און וואו זיא איז, זאגט ער מיר ניט. פערדריסט מיך דאָס פאר איהר נאָך מעהר וויא פאר מיר. ווארום איך וויים גאר ניט, וואו זיא איז אהינגעקומען. זיי האָבען זיא אודאי גאָר דער'הרג'עט און אין וואכער אריינגעווארפען, ווארום זיא איז ניט אזא וויא מיר, זי וועט זיך ניט לאָזען. ווען מען האָט אונז גע־בראַכט אהער, האָט זיא אפילו דיא פאסקודנע קליידער ניט געוואָלט אָנ־טהאָן און האָט זיך געוואָרפען שלאָגען, דיא אויגען האָט זיא איהם געוואָלט

אויסגעבלעז, נאַר איך בין געווען אַ נאַר און האָב געטהאָן אַלץ, וואָס מען האָט מיר געהייסען.

— אַז אַזוי לעבען דאַרפען מיר זיי ניט — האָט אונטערגעכאַפּט מעגי — מיינער, דער באַרטענדער, זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן פיעל מיידלעך, וועלכע פאַרדיענען אַליין, און זיי דאַרפען גאַר קיין בעל־הבית'טעס ניט. קאָנען זיך אַליין קויפען שעהנע קליידער און ער וועט שוין זעהען, אַז קיינער זאָל מיך ניט בעראַבעווען. ער וויים אַלעס. זיין באָס, דער סאַלונקיפּער, איז גוט מיט דיא פּאָליס, זאָגט ער, און ער קען ביי דיא פּאָליס אויספיהרען אַלעס.

— וועט ער ביי דיר צונעהמען דאָס גאַנצע געלד און וועט דיר ניט אָוועקגעבען — האָט מאַשקאַ פּעסימיסטיש געזאָגט — וועסטו זעהען. און אַז ניט, וועט ער דיך נאָך שלאָגען אויך.

— זאָל ער שלאָגען, וואָרום איך האָב איהם ליעב, ער זאָגט מיר אַלעס.

— און איך וויל ניט — איך וויל ניט — האָט זיך צוקאַפּריזעט מאַשקאַ — אַז איך וועל זיך אויסרייסען, וועל איך אַנטלויפען און וועל זיך גאַר דערטרינקען.

— ביסטו אַ נאַר!

— איך וואָלט נור וועלען וויסען, וואו זיא איז; איך קאָן ניט אויסהאַלטען, ווען איך טראַכט וועגען איהר. אָרימע, וואו איז זיא געבעך אַהינגעקומען. דער'הרג'עט האָבען זיי זיא אודאי — האָט אַלץ גע'טענה'ט מאַשקאַ.

— איז וואָס זאָלען מיר זאָרגען פאַר אַנדערע — האָט זיא אַלץ געזוכט איינצורייידען מעגי — לאָמיר זאָרגען פאַר זיך. וועסט זעהען, וויא איך וועל טהאָן, און דו דאַרפסט אויך אַזוי טהאָן. ווען דיא פּאָליס וועט אונז אַרעסטירען און מען וועט אונז נעהמען פרעגען, זאָלען מיר אַלץ אויסזאָגען, אַז מען האָט אונז פאַרפיהרט און פאַרקויפט אַהער און געהאַלטען פערשפּאַרט, און צוגענומען פון אונז דאָס געלד, און ניט געלאָזען אַליין קיין מאָהל אַרויסגעהן, און געהאַלטען פערשפּאַרט און אַלץ געזאָגט, אַז עס קומט נאָך פון אונז אַ סך געלד... אַלעס, אַלעס וועל איך אויסזאָגען און וועל זאָגען, אַז איך וויל דאָ ניט זיין; אַז איך וויל זיין אַליין און קאָן אַליין וויסען וואָס צו טהאָן מיט'ן געלד.

— און וועסט זאָגען אויך, אַז דו ווילסט זיין מיט דיין באַרטענדער?

— ניין, דאָס וועל איך ניט זאָגען. דאָס האָט ער מיר ניט געהייסען זאָגען, איך דאַרף אפילו ניט זאָגען, וואָס איך וועל טהאָן. וואָרום מען טאָר דאָס ניט.

— און איך וועל זיי זאָגען, אַז איך וויל אַ פּלאַץ אַלס אַ דיענסט,

איך וועל שייערען, וועל וואַשען, וועל שיילען קאַרטאָפעל; איך קאָן דאָס אַלעס טהאָן, איך האָב פאַר ארבייט קיין מורא ניט. און איך קאָן פאַרדיענען עהרליכען ברויט און קיינער וועט דאָס ביי מיר ניט אַוועקנעהמען, און איך דאַרף ניט קיין באַרטענדער און דאַרף ניט קיין פּאַלים. איך האָב מורא פאַר דיא פּאַלים, איך האָב מורא פאַר זיי אַלעמען.

מעגי האָט איהר געוואָלט דאַרויף ענטפערען. אָבער זיי זיינען איבערגעשלאָגען געוואָרען פון אַ שטאַרקע קריעגעריי, אין וועלכער עס האָט זיך געהערט דער בעפעהלענדער טאָן פון דער ווירטהין, מרס. גאַטער:

— דזשאָהן! זעה, אַז מען זאָל קיין פייערען ניט אָנצינדען אין דיא פראָנט צימערען, הערסט?

— יעס'ם! — האָבען זיי געהערט וויא דער נעגער דזשאָהן האָט געענטפערט.

— אהא, איך האָב דיר געזאָגט — האָט שטילינקערהייד אַ זאָג געטהאָן מעגי צו מאַשקאַ'ן — דאָס ווילען זיי מאַכען, אַזוי וויא דאָ וואָלט קיינער ניט געוועזען און דיא פענסטער זאָלען זיין פינסטער.

— און ווען אפילו עס איז אָנגעצונדען, זעהט מען דאָך אויך גאַרנישט פון דרויסען — האָט אַלעס עפּעס וויא געזוכט איבערצושפּאַרען מאַשקאַ — עס זיינען דאָך אַלע מאָל פערמאַכט דיא אינוועניגסטע לאָדען. איך האָב איינמאָל אָבענדס אַן עפען געטהאָן אַ לאָדען און געוואָלט אַרויסקוקען אין דרויסען, וויא דיא פייערלייטע פאָהרען לעשען אַ שׂרפה, איז צוגעלאָפען דער מיסטער גאָטער און האָט מיר געגעבען אַזאַ פּאַטש איבער'ן האַנד, אַז מיר טהוט נאָך איצט וועה.

דאָס האָבען זיי גערעדט שטילינקערהייד, ווארום זיי האָבען געהערט וויא דיא קריעגעריי איז אַלץ נעהענטער געוואָרען, און ענדליך איז צום צימער צוגעגאַנגען מיסעס גאָטער מיט איינעם, וועלכען זיי האָבען געקענט אַלס „אייק בעלי" אָדער וויא אפילו אין ענגליש פלעגט מען איהם אָפט רופען מיט דעם אידישען נאָמען „אייקעלע בויך".

דיא לעזער געדענקען געוויס, ווער דער אייקעלע בויך איז. דאָס איז דערזעלביגער, וועלכען רובּיניק מיט רויזלען האָבען בעגעגענט גלייך וויא זיי זיינען אַראָבגעקומען פון טריין, דאַן ווען זיי זיינען נור וואָס אָנגעקומען, און וועלכער האָט אַ געשריי געטהאָן פון דער ווייטען: „העללאָ, שוגער־טאָנג בעני!" דיעזער אייק, וויא מיר האָבען שוין איינמאָל בעשריעבען, איז געוועזען דער אָנפיהרער פון אַ גענג, וואָס האָט געהאַלטען אין צאַפּען געלד פון אַזעלכע הייזער, וויא דיא וואָס דיא גאָטערס האָבען אויפגעהאַלטען, פון געמבּלינג־הייזער און פון פערשיעדענע פערברעכערישע געשעפטען. דאָס איז געוועזען איינע פון דיא געפעהרליכסטע באַנדעס פון ניו־יאָרק, וועלכע האָט אָנגעהויבען איהר עקזיסטענץ אויף דער איסט־סייד און האָט דערנאָך פערשפּרייט איהר מאַכט אויך אין טענדערלאָין דיסטריקט, אַז עס האָבען פאַר דיעזען

אייקעלע בויך געציטערט אפילו דיא אנטרייבער פון דיא זאגענאנטע „פע־שאנייבל ריזארטס", וואוהין עס פארקעהרען רייכע בל־בו'ניקעס.

דיא מיטגליעדער פון דיעזער גענג קאנען אויסשמעקען, וואו נאר עס איז עפעס פערברעכערישעס, וויא קעץ דערשפירען מייז, און עס איז פאר זיי קיין זאך ניט געוועזן צו קליין אדער צו־גרויס. צאפען שטענדיגע אבצאהלונג פון פערד־סם'ער אויף דער איסט־סייד און צאפען פון איינציגע, געזונקענע מיידלעך, וועלכע זוכען אין סטריט צו וועמען צו פארקויפען זיך; צאפען פון געמבלינג הייזער און צאפען אויך פון דיא וואס פיהרען איבער גע'־גנב'עטע סחורה פון איין פלאץ אין דעם אנדערען. און ווייל דער קלאנג איז געוועזן אימער, אז „אייקעלע בויך" האט פערבינדונגען אויך מיט דער פאליס, אז ער איז גאר זאפאני־בראט מיט קעפטענס און אינספעקטארס, דערפאר איז נאך דיא מורא פאר איהם און פאר זיין גענג געוועזן שטארקער. דערפאר אבער ווען אזעלכע פארברעכערישע פלעצער ווערען בעשיצט פון איהם און פון זיין גענג, קען מען זיך אויף זיי פערלאזען, אז זיי וועלען בעשיצען געגען אנדערע מוסרים און געלד־צאפער, וואס ווילען אויך אבלעקען א ביינדעל.

אמת, אפט פלעגט טרעפען, אז אפילו א געמבלינג פלאץ אדער א מיאוס'ע הייזעל, פלעגט גאר פלוצלונג בעפאלען ווערען פון עטליכע גענגסטער, וואס פלעגען צונעהמען אלע געלדער, וואס זיי האבען געפונען אין קאסע, און מען האט געוואוסט, אז דאס זיינען אנגעשטעלטע פון אייקעלע בויך אליין, כאטש מען האט איהם שוין אבגעצאהלט פאר לא יחרץ געלד. אבער אייק פלעגט דערביי מאכען א בייזע מינע און זאגען, אז ער וועט זיך שוין אברעכענען מיט אזעלכע חברה־לייט, וועט זיי דערשיסען איינציגווייז. און מען פלעגט מוזען שווייגען, ווארום ער האט שוין ניט איין מארד געהאט אויף זיין געוויסען.

דיא לעזער געדענקען אויך, אז אין יענעם שרעקליכען אבענד, אין וועלכען רויזעל מיט מאשקאן זיינען אריינגעבראכט געווארען צו דיא גאר־טערס אין מיאוס'ן הויז און דיא מיסעס גאטער האט געשריען, אז זיא האט מורא צו האלטען רויזלען ביי זיך, דען זיא זעהט שוין, אז דאס איז איינע פון יענע מיידלאך, איבער וועלכער מען קען מיאוס אבשניידען און האט איבער דעם געוואלט צודרעהען רוביניק'ען דיא געוויסע סומע, וועלכע ער האט ער־ווארטעט צו קריעגען, האט רוביניק חושד געוועזן, אז זיא און איהר מאן האבען געשלאסען א בונד מיט אייקעלע בויך'ס גענג, און אז זיי האבען דאס אונטער דעם שוץ פון אייקעלע'ן געוואלט צודרעהען איהם דיא גאנצע געלד און אנגעבמען אלס אן אויסרייד, אז זיי האבען מורא צו האלטען רויזלען ביי זיך.

אייקעלע בויך האט מיט א פאליציייסקען בליק א קוק געטהאן אויף מאשקא מיט מעני פארבייגעהענדיג און האט זיי זאגאר געגריסט: „העללא, גוירלס!" און האט א זאג געטהאן דער מיסעס גאטער:

— איט איינט נאָ פּליים היער!

— מיר קאָנען ריידען אידיש — האָט געזאָגט מיסעס גאטער, בייז אַ קוק טהוענדיג אויף דיא צוויי מיידלאך — דערפאר האָב איך דאָך דיר אוועקגענומען פון דאָרט, ווייל דאָרט זיינען אַ קאָפּעל אידישע מיידלאך, איז וויא מען יאָל ניט ריידען, וועלען זיי פארשטעהן עווריטינג. און דאָ קאָנען מיר ריידען אין דעם רום.

— נאָ, מעם! — האָט אייק אונצופריעדען געענטפערט.

— וועל, גוירלס — האָט מרס. גאטער אַ זאָג געטהאָן — געהט אריבער אין דעם אנדער רום צו מאשקא, ווארום מיר האָבען דאָ צו ריידען ביזנעס.

דיא מיידלעך זיינען אריבער אין אנדער רום, האָבען פערמאכט דיא טהיר, נור מעגי האָט זיך צוגעשטעלט מיט'ן אויער הארט צום טהיר אום צו הערען. אָבער נאָך אַ פּאאר מינוט אזוי שטעהענדיג, האָט זיא אבגעטראָטען, זאָגענדיג מאשקאַ'ן, אז זיא פערשטעהט אַ וואָרט ניט פון זייער פאָני לענגוויטש. און זיא האָט ווירקליך ניט געקאָנט פערשטעהן, ווארום מיסעס גאָטער מיט אייקען האָבען פון אלע פארזיכטיגקייטען וועגען גערעדט זייער צורראָכענעם אידיש.

— איך גלייך ניט דעם שוגער־טאָנג בעני, ער ז'יז נעסטי — האָט אַ זאָג געטהאָן אייק — און איך דענק, אז איך וועל איהם לערנען אַ לעסאָן, יו־נאָו, איך האָב קיין מורא ניט. אויב ער וועט סקווילען געגען מיר, וועט דאָס איהם ניט העלפען, ווארום מעקנעלי מיט דעם דיסטריקט־לידער זיינען לאיק בראָדערס און וואטעווער איך וועל טהאָן, וועט מעקנעלי סטענדען ביי מי ענד דהי פאלים וויל נאָט מואוו אַ ביט.

— איך האָב מורא אבער, אז מעקנעלי אליין וויל דאָ פּלייען אַ טריק אויף אונז.

— נאָנסענס, מעקנעלי איז מיין.

— אָבער זיין בארטענדער קומט אהער אריין צו אָפט, און איך גלייך ניט היז טאָק טו דהי גוירלס. רעכען איך, אז דאָס שיקט איהם אונטער מעקנעלי אויסצוגעפינען אלעס.

— נעווער מיינד, דער באַר־טענדער. מעקנעלי שיקט איהם ניט. ווען מעקנעלי וויל עפּעס וויסען, הי'ל עסק מי, און פאר זיין בארטענדער האָבען מיר קיין מורא ניט. אזעלכע פעלערס מאכט מען אַ האָל אין דהי העד; הי'ז עפרייד פאר מי, נעווער מיינד.

— סיידען נעהם און גיב אב ביזנעס — האָט מיט אַ געמאַכטער יאָגעדיגער שטימע גע'טענה'ט מיסעס גאָטער.

— דאָנטאָק! איך גלייך ניט צו הערען באָש! גאָ־אָן מיט דיא ביזנעס, נעווער מיינד. איך וועל אייך פּראטעקטען, נאָר פון דיא פעלערס דארף מען רייסען אַ פּאס. וואָס רעדט דאָרט מיט זיי אזוי יור גאטער. דיא

בעסט איז, רעדט ניט פיעל און דו עז אי סעי. מיט דיא פעלערס איז ניטא וואס צו ריידען. פאר מאקס'לען האב איך קיין מורא ניט, אז איך וועל איהם זאגען: שאטאפ! וועט ער פערשטעהן, אז איך מיין ביזנעס. ווען זיי קומען פון רוסלאנד איז דהי סיים טינג. באט רופט זיי אהער, מיר וועלען זעהען.

— ער זאגט, אז ער האט זיין גאנץ געלד פערלארען אין ראשיא, ביקאז ער איז געווען ארעסטעד, אימיצער האט געסקווילד און מען האט איהם ארעסטעד אין דעם טאג פון דער וועדינג.

— הו אין דיא העל קעהרט! — האט א פאטש געטהאן איבער'ן טיש אייק — זיי ווייסען ניט, וויא צו טהאן ביזנעס. דאס איז נא ווי' אף דואינג ביזנעס. איך וועל זיי מאכען דא אזא וועדינג, אז דיא העל!

— מען האט איהם ארעסטעד, און ווען רוביניק איז אוועקגעפאהרען שוין, האט איהם אלץ געקאסט געלד, ביז ער האט זיך ארויסגעדרעהט. ער סטראשעט אויך, אז ער וועט אבגעבען ביזנעס.

— אדער ער וועט ווערען א סקווילער, איך קען דיעזע פעלערס. טו העל וויט דעם: מאני אר לייף! יואנעסטענד.

— ששששט — האט מיסעס גאטער איהם אנגעוויעזען, אז דיא מויד־לאך אין נעקסטען צימער קאנען פארשטעהן וואס ער רעדט, ווען ער האט אנגעהויבען ריידען ענגליש, און ער רעדט נאך אזעלכע ווערטער.

— רופט גאטער'ן אהער! — האט אייק געפאדערט, און עס איז קענטיג געווען, אז ער זוכט צו מאכען דעם איינדרוק, אז ער איז אין כעס — וואס נודעט ער דארט מיט זיי?

אבער מיסעס גאטער האט פערשפארט צו געהן רופען. גאטער איז אליין אונטערגעקומען און האט א זאג געטהאן:

— נאטהינג דואינג.

— רייד דזשואיש — האט איהם א וואונק געטהאן מיסעס גאטער.

— איך זאג נאטהינג דואינג, אייק! מיר מוזען זיי אבצאהלען וואס זיי קומט, און אויב דו קאנסט ניט קאלעקטען פון זיי, איז דאס ניט מאי פאלט. זיי זאגען, אז זיי האבען פון זייער לעצטער יאזדע ניט נור גאר נישט גע־מאכט, באט זיי וועט דאס אבקאסטען דיא לעסט סענט, יו אנערסטענד.

— פייק! בלאף! — האט זיך געהיצט אייק.

— ניט קיין פייק. מאקסעל איז א טויטער, ער האט היינט געהאט אזא בעגעגעניש, אז ער האט מורא, דהער איז דענזשער.

— וועלכער דענזשער? לעט מי סי!

— ער האט היינט לעבען ברידזש, זאגט ער, געזעהען אן אלד וואומען, וואס איז דיא מוטער פון יענעם אנטיקעל, וואס איך האב ניט געוואלט האל־טען אין הויז. יו סי? דיא מאדער איז דאס געקומען קענטיג פון ראשיא צו זוכען איהר טאכטער. און מיט דער אלד־וואומען, זאגט ער, איז א יאנג מען. וואס איז געווען איהר סוויטהארט. ער האט זיי דערקענט, און זיי האבען

איהם דערקענט. זיא האָט אָנגעהויבען שרייען: קעטש הים! און האָט גע־נומען לויפען צום אויטאָ, אין וועלכען ער איז געפאָהרען, און עס האָט זיך אָנגעקליעבען א קראוד מיט פּאָלים. ער האָט דאָס דערזעהען, האָט ער געלאָזען סטים. באָט דאָ איז, זאָגט ער, געווים דענזשער, ווען זיי ווייסען שוין אז זיא איז דאָ און ער איז דאָ.

— פייק! — האָט א געשריי געטהאָן אייק — יו קענט פּול מי!

— עס איז ניט קיין פייק, ווארום ער האָט עס ערשט דערצעהלט רו־ביני'קען...

— א, שוגער טאָנג בעני!

— וועל, באָט איך זאָג דיר, אז מאקס'על האָט עס איהם דערצעהלט, און זיי זיינען ביידע צושראָקען. זיי האָבען מיט דער לעצטער יאזדע שלעכט געמאכט, און איצט נאָך שרעקט זיי דיא געפאהר אריינצופאלען און פון איהר נאָך אויך גאר נישט מאכען.

— זאָלען זיי אוועקוואַרפען זיא — האָט זיך אריינגעמישט מיסעס גאטער — און זאָל זיא געהן טו העל... זיי וועלען פון איהר קיין געלד עני־האו ניט מאכען.

— דראָפּ האָר! — האָט איהר אויך אונטערשטיצט אייק.

— דראָפּען וואָלט שוין געוועז אָל־רייט, באָט זיא איז דאָך קראַנק.

— דהען טשאָוק האָר! דערווערג זיא וויא א קאָץ, דאָט'ז אָלל! — האָט מיט מעהר בראבערקייט געזוכט ארויסצושטעלען זיך אייק.

— דאָן טאָק נאָנסעס! — האָט איהם געענטפערט גאטער — זיא ליעגט דאָך אין סיטי האָספּיטאל, נאָטינג דואינג! אז ניט וואָלט מען זיא געקאָנט טראנספּארטירען, זאגט רוביניק, קיין ארגענטינא, אָדער פּרובירען פריהער אין שיקאגאָ.

אייק האָט מיט א ווילד־בייזען בליק א קוק געטהאָן אויף גאָטער'ן, ניט ריידענדיג א וואָרט; גאָטער איז געוואָרען בלייך און האָט צוגעטראָטען א טריט נעהענטער צו אייק'ען. מיסעס גאָטער האָט געוואָלט שטעלען זיך אין מיטען, זאָגענדיג מיט א מין געבעט:

— דזשעק!

אָבער אייק האָט זיא גאנץ רוי א נעהם געטהאָן פאר דער האנד און זיא א שלעפּ געטהאָן אן א זייט. ביידע מענער האָבען זיך וויא ווילדע חיות אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען.

— וועל! — האָט געזאָגט אייק.

— נעוועראַ מיינד! — האָט געענטפערט אויך קורץ גאטער און האָט גענומען אבטרעטען.

— דו בעסער לוק אאוט! — האָט א סטראשע געטהאָן גאנץ רוהיג און קאלט אייק.

— אויב דו ווילסט טראָבעל — האָט געזאָגט גאטער — וועסטו דאָס

האָבען. איך רייד מיט דיר ביזנעס, און דו קוקסט אויף מיר אלץ טו פרייטען מי! האָב איך קיין מורא ניט און...

— דען טאָק ביזנעס! וואס רעדסטו מיר אלץ, זיי זאָגען דאָס און זיי זאָגען יענעס. ענד וואט דו יו סיי?

— איך זאָג, אז איך קאָן ניט אפאָרדען צו געבען זיי, וואס זיי מאנען, אז זיי קומט פאר גודז, און אוועקגעבען דיר עט די סיים טיים דאָס געלד, וואָס מען דארף זיי געבען. איך קין רואינד. זיי ברייננען גודז און דו נעהמסט מאָני פאר נאטהינג.

— באָט איך קאָן דיך, דזשייקעלע — האָט איהם אונטערגעשטעלט זיין פויסט אונטער'ן סאמע נאָז אייק — דערוויל בעצאָהלסטו ניט זיי, און דו גיסט מיר ניט א סענט. און איך וועל היינט געהן זעהען מעקנעלי וועגען דעם.

— נעווער מיינד דעם איייריש באָם; איך קאָן זיך זעהען מיט דעם דיסטריקט לידער אזוי גוט וויא ער. איצט איז בעפאָר עלעקשאָן ענד איך קאָן איהם טהאָן סאָם גוד, וויא דער איייריש באָם פון א סאלונקיפער. און אי נאָו סאמעטהינג וועגען געמבלינג, וואס עס געהט ביי איהם אן אין סאלון. דאָנט טיטש מי!...

ווייטער האָט ער שוין ניט געקענטריידען, ווארום אייק האָט דאָ גאָר אָהן ווערטער א זעץ געגעבען איהם מיט'ן פויסט אין דיא צייהנער, אז ער איז גלייך פערבלוטיגט געוואָרען. מיסעס גאטער האָט א כאַפּ געטהאָן אייק'ען פאר דער האנד און האָט א געשריי געטהאָן:

— מוירדערער! גענגסטער!

— שאַראַפּ! — האָט איהר בלויז געענטפערט אייק.

עס האָט געדויערט ניט מעהר וויא אן אויגענבליק, און זיי ביידע האָבען ארויסגעכאַפּט רעוואָלווערס פון דיא פאַקעטס. מיסעס גאטער האָט אָנגעהויבען קוויטשען. מעני, וועלכע איז געשטאַנען מיט מאשקאַ'ן אין צווייטען צימער, האָבען אן עפען געטהאָן דיא טהיר און האָבען קוויטשענדיג אָנגעהויבען צו לויפען אין קארידאָר; זיי אנטקעגען זיינען אָנגעלאָפען מאקס'על און רוביניק. דער שווארצער דזשאָהן, דער ניגער־דיענער פון הויז, איז ארויפגעלאָפען אויף דיא טרעפּ, האָט אָבגעהאלטען דיא מיידלאך פון צו־לויפען צו דער ארויסגאנגס־טהיר.

אָבער צו קיין שיסעריי איז ניט געקומען. אייק האָט דער ערשטער אריינגעלעגט צוריק זיין פּיסטאָל אין הינטערשטען פּאַקעט פון זיינע הויזען און האָט א לאַך געטהאָן, נאָר מיט אזא געלעכטער, וועלכער האָט געקלונגען וויא דער געלעכטער פון א היענא.

— פּוט עוויי די פּיסטעל, פּול יו! — האָט ער געזאגט.

און גאָטער האָט סאָפּענדיג וויא אן אקס לאַנגזאם אריינגעלעגט דעם פּיסטאָל אין זיין פּאַקעט. מיסעס גאטער האָט אויסגעלאָזען איהר כעס צו

דיא צוויי מיידלאך און אויך צו דיא איבעריגע עטליכע מיידלאך, וועלכע זיינען זיך צונויפגעלאָפען.

— נאָן אף יור ביזנעס! — האָט זיא א געשריי געטהאָן, און האָט זיי צוטריבען אין זייערע צימערען.

— וועל, — האָט אייק ענדליך א זאָג געטהאָן — איך וועל מאָרגען קומען. איהר וועט בעסער ווערען.

— דו וועסט ניט קריעגען קיין סענט! — האָט א ברום געטהאָן גאָטער — נעווער מיינד, איך ווייס אויך, וואו דער דיסטריקט אטוירני וואָהנט...

— כא־כא־כא! — האָט זיך צולאָכט אייק — מאָרגען וועסטו אָנגרייטען דיא גרינבעקס און מיר וועלען דאָס מאַכען סקווער. אי נאָו יו.

— דאָנט קאָם! — האָט זיך איצט אָבגערופען אונערוואַרטעט צוקומענדיג נעהענטער רוביניק, וועהרענד מאָקס קאַרץ, מיט וועלכען ער איז צוגעלאָפען אויף מיסעס גאָטער'ס געשריי, האָט איהם געפּרואווט צוריקהאַלטען — דאָנט קאָם!

— פאַר העווען סייק — האָט זיך געדרעהט צווישען זיי מיסעס גאָטער, וויא ריידענדיג צו אַלעמען — איך האָב אייך אריינגעפיהרט אהער אין רום, ביקאָז דא זיינען דיא גוירלס ניטאָ, וואס קאָנען ריידען דזשווירמען און ענגליש, ענד איהר זאָלט ניט ריידען זיי זאָלען פאַרשטעהן. אָבער איהר רעדט ענגליש און מעגי ביזט פערשטעהט דאָך, און דיא ראָשען גוירל פערשטעהט דאָך אויך. עס פעהלט נאָך, אז זיי זאָלען דערנאָך קאָנען זיין וויטנעס; באָט רעדט עט ליסט זיי זאָלען ניט פאַרשטעהן, יו פולז!

— נעווער מיינד! — האָט געזאָגט אייק — איך וועל ריידען מיט דעם גאַי סאָ, אז ער וועט מיך פאַרשטעהן, יו אנערסטענד. באָט איך וועל מיט איהם איצט ניט ריידען.

ער האָט דאָס גערעדט צו מיסעס גאָטער, ניט קוקענדיג אויף רוביניק'ען, וועלכער איז געוועזען אויסערליך געלאַסען. נאָר ווער עס האָט געקענט רוביניק'ען, האָט געוואוסט, אז ווען ער איז בלייך, איז ער דיא געפעהרליכסטע חיה.

— זאָג איהם — האָט זיך אייק געווענדעט צו גאָטער'ן, וועלכער האָט מיט'ן טאַשענטיכעל געווישט דיא בלוט פון זיין מויל, אזוי וויא עס וואָלט צווישען זיי גאר ניט געוועזען — זאג איהם, אז ער קאָן זיין שור, אז דו וועסט איהם ניט געבען נאָט ע סענט, ביקאָז דיא מאָני בעלאָנגט צו מיר. זיי האָבען מיר ניט געקאָווערט דעם לעצטען טראנספּאָרט און איך האָב ניט געקראָגען פון מאָקס'ען קיין פעני נאָך פאַר דער באַטענוואוד סטאָרי אין פילאדעלפיע, ענד איך ווייס סאמעטהינג וויא דיין גאַי האָט שטום געמאכט דעם סקווילער דהער. יו סי? ענד אויב ער דענקט, אז איך ווייס ניט, וואו ער איז נעכטען געוועזען, איז ער מיסטייקען.

רוביניק האָט ניט אראָבגענומען דיא אויגען פון אייק'ען, וועלכער האָט געזוכט אויסצומיידען זיין בליק. נור האָט גאר נישט גערעדט און האָט יעדען מאָמענט אָבגערוקט מאקס'ען, וועלכער האָט געוואלט קענטיג מיט גוטען צוגעהן און אנהויבען ריידען צו אייק'ען. אָבער ענדליך האָט זיך דאָך מאקס א דרעה געטהאָן ארום איהם און איז צוגעגאנגען צו אייק'ען.

— אייק — האָט ער געזאגט מיט זיין הייזעריגען קול — זעהסטו ניט, אז מיר זיינען אין א בעד פיקס? מיר האָבען פון דעם לעצטען טראנספאָרט גאָר נישט געמאכט. דיא וואס איך האָב געבראכט, האָט מען ניט אריינגעלאָזען און זיי זיינען נאָך איצט אויף עלים איילאנד. נאָך אזוי פיעל טראָבעל וואס איך האָב געהאט אין רוסלאנד. און ווען ניט פרענדס אווער דהער, וואלט איך דאָרט'ען געבליעבען זיצען. ענד ווען איך האָב מיט צרות געבראכט דיא דריי, זיינען זיי געבליעבען אין עלים איילאנד. וויפיעל וועט קאָסטען זיי ארויסקריגען, און איך האָב מורא, עמיצער וויל אונז דאָ שיטען פעפער. דיא צוויי, וועלכע רוביניק האָט געבראכט, האָבען אזוי פיעל געקאָסט איבער איין אריינפאלען אין לאָך. נאָו, ווילסטו גאָטער זאל דיר אוועקגעבען אונזער געלד, ענד וואס זאָלען מיר טהאָן מיט דיא טראָבעל?

— וואו בין איך נעכטען געוועז? — האָט קוקענדיג מיט א זייט א פרעג געטהאָן רוביניק, ווען מאקס האָט געענדיגט.

— נעווער מיינד! — האָט זיך געכראָברעט אייק.

— וואו בין איך נעכטען געוועז? — האָט נאָך אמאָל מיט'ן זעלבען טאָן איבערגעפרעגט רוביניק.

— ווען איך וועל דארפען וועל איך זאָגען — האָט זיך שוין געוואָלט אויסקעהרען אייק.

— אייק בויך! וואו בין איך נעכטען געוועז, גאדעם!...

— דו בעטער שאראפ!

— וואו בין איך נעכטען געוועז? דו האָסט געזאָגט, אז דו ווייסט, וואו איך בין נעכטען געוועז, וואו בין איך געוועז?

— אויב דו ווילסט וויסען צו איך ווייס, אי'ל טעל יו...

— זאָג, דו כאָקער!

— ביסט געוועז זעהען דעם קיד.

— וועל!...

— ענד איך ווייס וואט פאָר.

— וואט פאָר? — האָט מיט'ן זעלבען טאָן געפרעגט רוביניק.

— ביקאָז דו ווילסט איהם אָנרייצען אויף אונז מיט זיין גיני־גענג. נאָו, איך האָב פאר דעגאָם קיין מורא ניט.

— און איך האָב פאר איירישע גענגס קיין מורא ניט — האָט שטילער געענטפערט רוביניק, און עס איז קאָנטיג געוועז, אז איהם האָט זעהר ניט געשמעקט, וואס „אייק בעלי“ ווייס, אז ער האָט נעכטען בעזוכט קיד.

יאָעל, גלייך וויא יענער איז געקומען פון פילאדעלפיא — און אז איך געה בעזוכען מיינעם א פריינד, וועלכער איז נור וואס ארויס פון פריזאָן פון פילאדעלפיא נאָך אזא טשארדזש, איז עס ניט דיינע גאדעם ביזנעס...

— זאָג מיר ניט קיין סטאָרים, איך קען דיר שוגער טאָנג בעני! קיד יאָעל איז סטיל אונטער טשארדזש און איז אנטלאָפען פון בייל. און איך וויים וואס דער טשארדזש איז, און איך וויים אז ער איז דער פעלער, וועלכען איצעק שינדאיהם איז! יו סי, אי נאָו אף יור דואינגס. האָב איך געזאָגט מאַקס'ען גלייך וויא ער איז געקומען, אז איך וויל פון דער פילאדעלפיער סטאָרי טו האָנדערד דאָלארס ענד אי'ל געט איט!

— אָבער איך בין דאָך דאָ גאר ניט געוועזן, ניט געוועזן אין אמעריקא, ווען דאָס האָט געטראָפען, און איך וויים פון דעם ניט נאטהינג, סאָ העלפּ מי גאָד! — האָט אלץ געזוכט מיט גוטען צו פארענטפערען זיך מאקס, זוכענדיג איינצוהאלטען אויך רוביניקען, פאר וועלכען ער האָט עפּעס געהאט ענטוועדער מורא אדער אבשיי.

— כאַ־כאַ־כאַ! איך נעהם ניט צו קיין בלאָפס. וויים איך ניט, אז איצעק שינד־איהם מיט זיין סוויטהארט ריפקעלע זיינען דיינע פארטנערס געוועזן אין באטענוואוד סטריט.

— עס איז דאָך אָבער קלאָזד, דאָרטען אויך אָבגעברענט געוואָרען, און דו ווילסט אלץ סאָקען און סאָקען.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט אייק שוין איצט אלץ מיט מעהר זיכערהייט ביי זיך געלאַכט — איך נעהם ניט קיין בלאָפס, געקלאָזט אין באטענוואוד סטריט, פילאדעלפיא, ענד אריבערגעמופט קוני־איילאנד. דו איי נאָו סאמעטהינג? און איך וויים נאָך סאמעטהינג מאָר.

— ריווקעלע מיט מיין ווייב מאכען דאָרט ניט קיין ביזנעס אין קוני־איילאנד. זומער האָבען זיי דאָרט געוואָהנט און דערפאר...

— סטאָפּ! — האָט איהם שטרענג א בעפעהל געגעבען רוביניק, און מאקס האָט געפאלגט — איך קאָן ניט הערען וויא מען רעדט אזוי מיט אייקעלע בויך. מיינט ער ווירקליך, אז ער איז... וועל! — האָט ער זיך א ווענד געטהאָן צו אייק'ען — דו שרעק גאטער'ן ניט מיך! נור עס פרעהט מיך, וואס איך האָב איצט אויסגעפונען, אז גאָטער איז ניט מיט דיר צוזאמען, ווארום פריהער האָב איך געמיינט, אז ער האָט זיך מיט דיר פערבונדען אונז צו סקווייזען. אָלראיט גאָטער, נור קיין מורא ניט געהאט, איך וועל איהם פיקסען, און אייקעלע בויך וויים, אז איך זאָג פיקסען, וויים איך וואס איך רייד.

— אָבער וואָס ווייסען מיר פון פילאדעלפיא? — האָט אָנגעהויבען מיסעס גאָטער, וועלכע האָט פון זייערע רייד אלץ מעהר און מעהר אָנגעהויבען צו שרעקען זיך, ווערענד איהר מאן איז געגאנגען אָבוואשען דאָס בלוט פון זיך — מיר טהוען ניט קיינע ביזנעס אין פילאדעלפיא און מיר

זיינען ניט קיין פארטנערס אין קוני־איילאנד. וואס וויל מען פון אונז האבען?

— ווייל איהר זייט נארען! האב איך אייך לאנג געזאגט — האט א זאג געטהאן איצט רוביניק. — גאטער איז א דומער יונג, לאזט זיך נאך אויסזועצען דיא צייהנער. נאטהינג דואינג, אייק! נאטהינג דואינג. דאטז־אלל! ענד וואנס פאר אלל!... — האט ער אויסגעלאזען.

— אללרייט! — האט א זאג געטהאן אייק בויך — דהער וויל בי נא מאר ביזנעס ענד נא מאר שוגער טאנג בעני!

און ער איז ארויס פון הויז. מיסעס גאטער האט געוואלט נאכלויפען איהם וויא צו בעטען. אבער רוביניק האט זיא א כאפ געטהאן פאר'ן ארבעל.

— נא מאר! — האט ער א געשריי געגעבען און זיא איז געבליעבען שטעהן און האט מיט פלאמענדע אויגען געקוקט אויף רוביניק מיט מאקס'ען.

— עס איז פאר אייך איזי צו זאגען „נא מאר" ביקאז, איהר נעהמט דאס געלד און דאטז־אלל. אבער מיר דארפען דאך אויפהאלטען א הויז. און וואס טהו איך, אז אייקעלע בעלי געהט גלייך אוועק צו מעקגעלי'ן, און וואס מעקגעלי וויל, דאס טהוט דיא פאלים, ביקאז מעקגעלי הייסט דעם דיסט־ריקט ליעדער, און דער דיסטריקט ליעדער הייסט דיא פאלים, און דיא פאלים קומט און קלאוזד מיין הויז. וואס זאל איך דערנאך טהאן?

— נעוור מיינד, דאס איז א בלאף, א פייק — האט געזוכט איהר צו פארשטעהן געבען רוביניק — ער גיט מעקגעלי'ן בלויז א קליינעם טהייל פון דאס, וואס ער צאפט ארויס. דאס גאנצע געלד לאזט ער אראב אין זיין פאקעט.

גאטער איז איצט אריינגעקומען מיט א ריינעם פנים, און רוביניק האט זיך צו איהם א קעהר געטהאן:

— היער איז גאטער, ער וויס. איהר קאנט אליין מאכען מיט דיא פאלים אהן גאבעטווינס, און דער אינספעקטאר און דער קעפטען וועלען בע־סער פראטעקטען איידער דער דיסטריקט ליעדער, ווען איהר וועט געבען דעם אינספעקטאר האלב פונ'ם געלד, וואס אייקעלע בעלי צאפט ארויס.

— דאס איז ניט אמת! — האט ערקלעהרט גאטער — איך בין אליין סיק ענד טייערד פון אייקעלע בעלי, און וואלט איהם וועלען אנלעהרנען, באט איך וויים, אז אהן איהם וועט דער פאלים־אינספעקטאר קיין געלד ניט נעהמען. דהער וויל בי טראבעל. אבער אי דאנט קער. איך וויל איהם ווייזען, וויא צו שלאגען מיך.

— דאס לאז מיר, איך וועל איהם ווייזען. איך האב געזעהען קיד יאעל, און ער...

— קיד יאעל איז א גיני! — האט ניט איינגעשטימט גאטער — און איך וויל ניט צו האבען צו טהאן מיט גינים. זיי וועלען צאפען נאך מעהר. איך וועל טהאן סאמעטהינג עלס.

— וואס ועסטו טהאן? — האט א פרעג געטהאן מיסעס גאטער.

— איך וועל מאַכען אַ סוף פון זיי אַלעמען, אויב זיי וועלען מיר מאַכען ווייטער אַזעלכע מאַנקי־ביזנעס.

רובּיניק האָט איהם אָנגעקוקט.

— אַזעלכע זאַכען זאָלסטו ניט טהאָן, גאַטער, וואָרום איך פערשטעה וואָס דו מיינסט. דאָס וועט זיין זיך צוויי אויגען אַרויסנעהמען, אום אַן אַנדערען איין אויג אַרויסצונעהמען. צאָהל אונז אָב וואָס עס קומט, און ביזנעס וועלען געהן וויא געגאַנגען.

— און טאָמער געהט אייקעלע בּויך צו מעקנעלין און מעקגעלי צום דיסטריקט ליעדער און דער דיסטריקט ליעדער הייסט דעם פּאָליס־אינספּעקטאָר קלאָוזען מיין פּליים, וואס וועל איך דעמאָלט טהאָן? געהן בעטען ביי דיר אַ נדבה?

— מיר קאָנען ניט געבען איצט קיין געלד — האָט אויך געהאָלפען איהר מאַן מיסעס גאַטער — וואָס זאָלען מיר דערנאָך טהאָן, אויב ער וועט מאַכען אַ רעיד און וועט קלאָזען אונזערע גאַנצע ביזנעס? ווי וויל סי, דעמאָלט וועלען מיר געבען געלד.

— אַהאַ! האָט אַ ברום געטהאָן מאַקס — אט דאָס איז גאַטערעל מיט זיינע שטיקלעך. אייק איז גערעכט. דאָס איז אַן אויסרייד דערוויילע ניט צו בעצאָהלען אונז און איהם אויך ניט צו געבען.

— און איך וויים, מיט וואָס דו ווילסט סטראַשען — האָט גאַטער'ן אַ כאַפּ געטהאָן פאר דער האַנד רובּיניק — דו ווילסט סטראַשען צו געהן צו דעם דיסטריקט אַטורני. מיר וועלען מיט אַ סקווילער מאַכען וויא מיט אַלע סקווילערס.

— און וואו ביזטו נעכטען געוועזען? — האָט גאַטער אַ קוק געטהאָן מיט שטעכענדע אויגען אויף רובּיניק'ען — מיינסט איך וויים ניט, וואָס אייקעלע בעלי האָט געמיינט, ווען ער האָט דיר געזאָגט, אַז ער וויים וואו דו ביזט געוועזען. יו אַר דואינג דיא סקווילינג! דו ווילסט דערוויילע אַריינכאַפּען דאָס געלד און דערנאָך, ווען עס וועט קומען צו וואָס, וועסטו זיין אַ סטייט־וויטנעס.

— יו אַר עַ לאַיער! — האָט אַ געשריי געטהאָן ניט מיט זיין קול רובּיניק. אָבער עס קענטיג געוועזען, אַז ער שרעקט זיך. ער, אויף וועלכען עס איז קיינמאָל ניט געוועזען צו מערקען, אַז ער זאָל מורא האָבען פאר וואָס, איז עפּעס וויא צוטומעלט געוואָרען און האָט נור געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען: „יו אַר עַ לאַיער!“

מאַקס, וועלכער האָט אפּנים אויך געהאט געשראָקען זיך פאר דעם פּאָרוואורף, וועלכען מען מאַכט רובּיניק'ען, איז געשטאַנען אַ פערלאָרענער, וועהרענד גאַטער האָט מיט'ן פינגער וויא געשטאָכען רובּיניק'ען דיא אויגען, זאָגענדיג:

— היט זיך פאר איהם, מאַקס, ער וועט אונז אַלעמען פאַרקויפען.

ער איז געווען ביים דיסטריקט אטוירני און ער וועט ווערען א סטייט־וויטנעס. ער איז א סקווילער.

— איך גלויב ניט — האט מאקס געברומט גראב — ער וועט עס ניט טהאן, דאן ווארי!

עס איז איצט געווארען א רייסעריי צווישען דיא אלע פיער, מרס. גאטער, מר. גאטער, מאקס און רוביניק. יעדער פון זיי האט געמאכט בע־שולדיגונגען געגען דיא איבעריגע, און גאטער האט געשריען אין איין קול, אז ער וועט ניט געבען קיין געלד, ביז וואנען עס וועט ניט זיכער זיין, אז אלעס איז גלאט, ווארום ער וויל ניט זיין געסאקט און דערנאך ערשט גע׳מסר׳ט.

— גיוו מי מאי מאני! — האט ניט אויפגעהערט צו רעווען מאקס.

און זעהענדיג, אז זיי וועלען פון דיא גאטערס ניט ארויסקריעגען היינט אבענד קיין געלד, וויא זיי האבען דאס ניט בעקומען דיא לעצטע צייט, זייט רוביניק האט געבראכט רויזלען מיט מאשקאן, איז רוביניק א שפרונג געטהאן אראב דיא טרעפ צו דער ארויסגאנג־טהיר און עס האט זיך דערהערט א שארפער פייף.

עס האט ניט גענומען קיין אייניגע מינוט, וויא עס זיינען שוין ארויפגעלאבען אויף דיא טרעפ עטליכע חברה־לייט, און געפיהרט פון רו־ביניק׳ען זיינען זיי מיט אויסגעשטעלטע רעוואלווערס אריין אינ׳ם צימער, וואו גאטער מיט זיין פרוי און מאקס זיינען געשטאנען. גאטער האט גלייך דערקענט פון זייערע איטאליענישע פנימ׳ער, אז דאס זיינען חברה פון קיד יאעל גענג.

— מאני! — האט א זאג געטהאן רוביניק, און האט מעהר קיין אנדער ווארט ניט אויסגערעדט.

— הער מיט זיי אויף! — האט א פארציטערטע גענומען שרייען צו איהר מאן מרס. גאטער, און האט אנגעהויבען וויינען.

— מאני! — האט ווידער א בעפעהל געגעבען רוביניק.

דיא עטליכע גענגסטערס זיינען געשטאנען שטום מיט זייערע רע־וואלווערס אויסגעשטעלט געגען גאטער׳ן, וועלכער האט אפנים איצט גע־טראכט וואס צו טהאן.

— פוט עוויי דיא פיסטאלס! — האט זיך געבעטען מיסעס גאטער

— און איך וועל אייך ברייננען דאס געלד.

— געה מיט איהר, מאקס! — האט א קאמאנדעווע געטהאן רוביניק,

— און דאס געלד ברייננ אהער.

— באט מיר דארפען דאך מאכען א רעכנונג — האט טרייסלענדיג זיך א צאהן אן א צאהן געזאגט גאטער — פאר דער, וואס דו האסט גענומען צוריק אויף מארגען, קומט דאך דיר גאר נישט.

מיסעס גאטער איז אוועק שנעל און נאך איהר מאקס, וועהרענד דיא

אלע זיינען געבליעבען שטעהן אלץ אין דער זעלבער פּאָזע אונבעוועגליך.

— דו וועסט מיר בעצאָהלען פאר איהר אויך. ווען ניט דיינע חזיר׳שע שטיק דעמאָלט אבענד, ווען איך האָב זיא געבראכט, וואלט זיא איצט ניט געווען אין האָספּיטאָל, און עס וואלט ניט ארויסקומען דיא גאנצע געפאהר.

מיסעס גאָטער איז אריינגעקומען מיט מאקס׳ען. זיא האָט געבראכט געלד, בעטענדיג זיך:

— דאָס איז אלעס וואָס איז פאראן אין הויז אין קעש.

— האו מאטש! — האָט רוביניק א פרעג געטהאָן.

— סיקס האָנדרעדס ענד פיפטי! — האָט געזאגט מיט א געבראָכענע שטימע מיסעס גאָטער.

— גאָדעם! — האָט א קריץ געטהאָן מיט דיא צייהן רוביניק, נעה־מענדיג פון איהר דאָס געלד — נאָו, קאָם אָן, באָיז!... און דו, מאקס, נעהם דאָ אָב דיין טהייל.

און זאָגענדיג דאָס, איז ער מיט דיא חברה־לייט ארויס.

— וואַרט! וואַרט! — האָט זיך א לאָז געטהאָן נאָך זיי מאקס — וואַרט, רוביניק!...

אָבער אומזיסט. עס האָט זיך דערהערט אונטען דער סיגנאַל פון אן אויטאָמאָביל, און דאָס שנעלע אָבפאָהרען. מאקס איז געבליעבען שטעהן אונטען ביי דער טהיר, ניט וויסענדיג, וואָס ער זאָל טהאָן. ער האָט ארויס־געשטויסען עטליכע פלוך־ווערטער און האָט געוועלט אפּנים לאָזען זיך לויפען נאָכ׳ן אויטאָמאָביל, אבער אין דער מינוט זיינען אנגעפאהרען אנדערע צוויי גרויסע אויטאָמאָבילס, און שנעל זיינען ארויסגעשפּרונגען פון דאָרט עט־ליכע דעטעקטיווס און א פּאָאר פּאָליסלייט מיט דיא קלאַבס אין דיא הענד, און נאָך זיי א פּאָליס־פּעטטען.

דער קעפּטען האָט א כאַפּ געטהאָן מאקס׳ען נור־וואָס אראָבגעהענדיג פון סטופּ און אָנווייזענדיג אויף דער טהיר פון הויז, האָט ער א זאג גע־טהאָן:

— מאַרטש בעק!

און מאקס איז געוועזן געצוואונגען צו געהן מיט דער גאנצער מחנה פּאָליס און דעטעקטיווס צוריק אין הויז, וואו גאָטער און גאָטעריכע און דיא פערשיעדענע ווייסע שקלאַפינען זיינען ארומגעלאָפען אהין און אהער וויא פער׳סמ׳טע מייז, שרייענדיג: „א רעיד! א רעיד!"

דיא פּאָליציי האָט קיין לאנגע עסקים ניט געמאכט. דער קעפּטען איז נור דורכגעגאנגען דאָס גאנצע הויז, האָט געהייסען אלע מיידלאך מאכען זיך פארטיג. אין א ווייַלע ארום איז געקומען דער פּאטרול־וואָגען, און אלע, וועלכע זיינען געווען אין הויז, מיט אויסנאהם פון דעם נעגער און נעגערטע, וואס זיינען ביידע געווען דיא דיענערס אין הויז, האָבען אלע געמוזט זעצען

זיך אין פּאַטראָל־וואַגען, און זיינען אַבגעפיהרט געוואָרען אין פּאָליס־סטיישאַן.

— דאָס איז אייקעלע'ס ארבייט — האָט מאַקס געזאָגט צו גאַטער'ן אויפ'ן וועג צום סטיישאַן — באַט איך זאָל נאָר קאָנען ארויס, וועל איך איהם לערנען וויא צו סקווילען.

— אָבער איך האָב דיר געזאגט, — האָט מיסעס גאַטער פאַרגעוואָר־פען איהר מאַן — איך האָב דיר געזאגט, זאָלסט זיך מיט איהם ניט אָנ־הויבען. ער וועט אונז רואינירען. איך וואָלט בעסער איהם אוועקגעגעבען מעקנעלי'ס טהייל, איידער אריינשטופּען רוביניק'ען.

— און איך זאָג, אז דאָס איז ניט אייק'ס ארבייט, און איך זאָג, אז דאָס איז רוביניק. אייק האָט געוואוסט וואָס ער רעדט, ווען ער האָט געפרעגט רוביניק'ען, וואו איז ער דאָס נעכטען געווען. איך פערשטעה שוין איצט אלעס. רוביניק האָט געזעהען, אז ער איז אין א בעד פּיקס, האָט ער פריהער פערכאַפּט דעם פיש פאַר'ן עק, איז אוועק צום דיסטריקט אטוירני און האָט איהם געזאגט, אז ער וועט איהם געבען עווידענס, אויב ער וועט איהם געבען דיא מעגליכקייט צו זיין א סטייט־וויטנעס, און ער האָט איהם דערווייל אָנ־געוויעזען אויף אונזער פּלאַץ.

— אָבער ער איז דאָך אליין דאָ נור וואס געוועז, און האָט דאָך אליין אויך געקאָנט אריינפּאַלען.

— ער איז א טייפעל. ער האָט דערווייל אויסגעפיהרטביידע זאכען. ער האָט געדונגען דיא קיד יאָעל גענג ארויסצורייסען פון אונז דאָס געלד און האָט געוואוסט, אז דיא פּאָליס וועט שוין היינט זיין ביי אונז.

— און פאר וואָס־זשע האָט ער געלאָזען מאַקס'לען דאָ מיט אונז?

— אָ, איך פערשטעה שוין אויך — האָט א טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ מאַקס — איך זעה עפּעס, ער האָט מיר אזעלכע גאנגען, אז איך פער־שטעה ניט; דאָס האָט ער דערווייל אריינגעכאַפּט מיין טהייל געלד אויך, און האָט מיך אריינגעפיהרט אין א לאָך, באַט ווען עס וועט קומען צו־וואָס, וועלען מיר שוין זעהען, וועט עס וועט מיט א קאָפּ קירצער ווערען.

— און איך וועל אויף איהם אויסזאָגען אלעס, דאָס איז וואָס איך וועל איהם טהאָן — האָט געסטראשעט מיסעס גאַטער. איך וועל גלייך אלעס זאָגען דעם קעפּטען.

— נאָ יוהז! — האָט גאַטער געענטפערט — איך האָב אויך אזוי געמיינט, באַט מען דארף פריהער זעהען, וואס דאָ וועט זיין.

וויא איבערראשענד זיינען זיי געוואָרען, ווען ארויסגעהענדיג פון דעם פּאַטראָל־וואַגען, האָבען זיי דערזעהען אייק בעלי, וועלכער איז צוגע־גאנגען און האָט בעגריסט דעם קעפּטען.

— זאָל איך פאר אייך קריעגען בייל? — האָט ער א פרעג געטהאָן גאַטער'ן — איך קען אָברופען מעקנעלי אויפ'ן טעלעפאָן, און ווען איך וועל

איהם זאָגען אַללרייט, וועט ער געבען בייל פאַר אַל אַף יו. נאָו, וויים איך הו העז דאָן איט.

— רוביניק? — האָט א פרעג געטהאָן מאקס.

— שוגער טאָנג בעני! — האָט געזאָגט אייק בעלי — און ער האָט עס געטהאָן, עס זאָל מאכען דעם איינדרוק, אז איך האָב געסקווילט. ער איז דיא מינעסט קריאטשור. און איך וויים סאמטהינג מאָר. דאָס איז פאר דיך נויטיג צו וויסען, מאקסעל, ביקאָס ער האָט דיך געפולט דיא גאנצע צייט לו ווייסט ניט, וויא אזוי דיא גוירל, דיא ראָזי, קומט צו זיין אין סיטי האָס־פּיטאָל? דאָס איז געוועזן זיין פּלאַן. ער האָט אליין גע'מסר'ט יור ווייף אין קוני־איילאנד, אום מען זאָל צונעהמען דיא גוירל און אוועקשיקען זיא אין וואָירק־הויז, ביקאָס ער האָט פאר איהר מורא געהאט, זיא זאָל איהם ניט ברייננגען קיין טראָבעל, ביקאָס ער האָט ניט געקאָנט טהאָן נאטהינג מיט איהר, באָט שי טוק ווערי סיק, האָט מען זיא אריינגעגעבען אין סיטי האָס־פּיטאָל. נאָו, מורא האָבענדיג, עס זאָל זיך דערפון ניט אויסלאָזען שלעכט, ביקאָס זיא קאָן אלעס אויסזאגען, און האָבענדיג מורא פאר מיר און מעקנעלי, איז ער אוועק צום דיסטריקט אטוירני, און דערווייל האָט ער זיך פערבונדען מיט דעם קיד יאָעל גענג עגיינסט אָז און דערנאָך וועט ער סקווילען אויף זיי אויך. אָ, הי'ז ע דעוויל, באָט מיר וועלען נאָך זעהען.

— ער איז דאָך מיט א ווייִלע צוריק צוגעשטאַנען צו אונז מיט גענג־סטערס מיט רעוואָלווערס און האָט אוועקגענומען אַל דהי מאָני — האָט זיך בעקלאָגט מיסעס גאָטער.

— איך האָב געזאָגט: גיב ניט! — האָט אויף איהר בייז א קוק געטהאָן דער מאן — און זיא לויפט און כאפּט...

— האָב איך איהם געזאָלט לאָזען שיסען?

— זעהסט דאָך שוין, אז זיי וואָלטען ניט שיסען. דאָס האָט ער געמאכט געמאכט א בלאָף.

— וועל, וואָס טראכסטו, מאקס? — האָט אייקעלע בעלי א פרעג געטהאָן מאקס'ען מיט א וואונק.

מאקס איז געוועזן צוטומעלט. קענטיג געוועזן, אז זיין גראָבער קאָפּ קאָן דאָס ניט באנעהמען.

— ער איז צו־סמארט — האָט נור ארויסגעברומט מאקס און האָט א קראַץ געטהאָן דיא פּאטילניצע — איך האָב געקאָנט פערהאלטען ווערען אין געמויערטען זאק אין רוסלאנד אויך איבער איהם. עס איז געוועזן מיין גליק, וואס מען האָט מיך געשיקט אין מאָהילעוו, און דאָרט איז געוועזן א גאַי, וועלכען איך האָב איינגערעדט צו געפינען פאר מיר א ביילער, און איך וועל איהם רייך מאכען. עמיצער האָט דאָרטען אויך געסקווילט.

— דאָס האָט ער, אי'ל בעט יו! — האָט אונטערגעהעצט אייק בעלי

— ער וועט סקווילען אן היז אָאון בראָדהער.

— אָבער מיין ווייב האָט מיר געזאגט: לוק אאוט! — האָט זיך מאקס אלץ געקראצט דעם קאָפּ...

אייק האָט איהם געוואָלט נאָך עפּעס ענטפערען. אָבער דאָ איז צוגע־גאנגען איינער פון דיא דעטעקטיווס און האָט געגעבען אייק'ען א פּאטש איבער'ן פּלייצע.

— וועל!

— איט"ז אָלל־רייט! — האָט געענטפערט אייק און איז צוגעגאנ־גען מיט'ן דעטעקטיוו צום דעסק, האָט עפּעס לאנג גערעדט מיט'ן פּאליס־סארדזשען, וואס איז געזעסען ביים דעסק. אין א ווילע ארום איז ער צוגע־גאנגען צו גאָטער'ן און האָט איהם געזאגט:

— עווריטינג איז אָלל־רייט. מעקגעלי וועט באלד זיין און געבען בייל. באָט מאקס וועט מוזען בלייבען זיצען און דיא גוירלז וועט מען מוזען שיקען אין נאַיט־קאָורט.

דאָן האָט זיך אָנגעהויבען א דינגעריי. אייק האָט געוואָלט, גאָטער זאָל ניט נור בעצאָהלען, וואס ער האָט פון איהם פריהער געמאָהנט, נאָר נאָך פאר א מאָנאט פאָראויס צו זיין פּראָטעקטעט, און אויסער דעם צו פינף דאָלאר פאר יעדער ארעסטירטער מיידעל פון זיין הויז, און ער וועט שוין זעהען, מען זאָל זיי ניט שיקען אין וואָרק־הויז. ער האָט אָנגערופען אויך דעם נאָמען פון א לאָיער, וועלכער וועט דאָס אלעס פיקסען, נור עס וועט אויך קאָסטען בעזונדער.

— און איך? — האָט געפרעגט מאקס.

— נאָן אָף מיין ביזנעס! — האָט זיך געמאכט ניט וויסענדיג אייק בעלי — שיק נאָך דיין שוגער טאָנג בעני, וואס האָט אויף דיר אליין גע־סקווילט, און זאָל ער מיט קיד יאָעל דיך סייוועז, אויב ער קאָן.

— באָט, ער וועט זיך דאָך ניט ווייזען — האָט א פערלאָרענער גע־בעטען זיך מאקס — איך האָב קיין זאך ניט צו טהאָן מיט קיד יאָעל, דאָס האָט ער געטהאָן אָהן מיר און האָט מיך אויסגעסקוויזד מיין גאנצע געלד.

— און האָט דיין פרוי אויך אריינגעבראכט אין טראָבעל. ביקאָס ווען דיא ראָזי וועט בעסער ווערען אין האָספּיטאָל, וועט מען זיא אויספרע־גען און זיא וועט אלעס אויסזאגען, און אזוי וויא מען האָט זיא געפונען א קראנקע אין דיין וויפס רומס אין קוני איילאנד, וועט זיין טראָבעל פאָר האָר ענד פאָר יו.

— סעי, אייק — האָט גראָב א ברום געטהאָן מאקס — אי וויל קיל הים! איך זאָל זיך נור קאָנען סייוועזן פון דאנען.

— און אז איך וועל דיך סייוועזן, וועסטו דאָך ווידער אוועק מיט איהם און פערבינדען זיך מיט קיד יאָעל — האָט איהם פארגעווארפען אייק.

— ניין, סאָ העלפּ מי גאד! — האָט געשווארען מאקס.

— און דו וועסט מיר העלפען טו געד ריד אָף הים?

— יעס! — האָט זיך א שטעל געטהאָן מאקס.

— אָלרייט. זאָלסטו נור זאגען, אז דו ביסט דאָס אריין צו גאָטער'ן אין הויז אלס א קאָסטימער, א גאסט, יו נאָו. און דער לאָיער וועט שוין פיקסען דיא רעסט. באָט געדענק, וואָס שוגער טאָנג בעני האָט דיר געטהאָן, און דו יור בעסט...

— אָלל־רייט! — האָט מאקס דערלאנגט אייק'ען דיא האנד.

— מיינע באָיס וועלען דיר העלפען — האָט אייק א שעפּצע געטהאָן מאקס'ען אויפ'ן אויער — דו ווייסט, ווער מיינע באָיעס זיינען. דאָס זיינען ניט קיד יאָעלם גינים...

— און ווען דיא ראָזע וועט אויסזאגען אלעס, וואס זאל איך טהאָן?

— נאטהינג. וויא דו וועסט ארויס פון דאנען, זאלסטו גלייך פאָהרען צו זיך און זאָג דיין ווייף און ריוואָקעלען, זיי זאָלען ארויסמופען ענד קיינעם ניט זאָגען וואוהין, ענד עוורי־טינג וועט זיין אָלל־רייט, אָנלי מאָך אן ענד פון שוגער טאָנג בעני, ווארום ער וועט געהן נאָך ווייטער צום דיסטריקט אטוירני... יו סי?...

אייק האָט געוואוסט, וואס ער רעדט. ער מיט זיינע חברה־לייט האָבען ניט נור געקאָנט בעפאלען און צאַפּען געלד, נאָר זיינען געווען גוטע דעטעקטיווס, אָדער ריכטיגער געזאָגט, צווישען זיי זיינען געווען א פּאָאר געוועזענע דעטעקטיווס, וועלכע זיינען מיט יאהרען צוריק ארויסגעווארפען געוואָרען פון פּאָליס־דעפּארטמענט, און אויסער דעם האָט ער געהאט פערבינדונגען אויך מיט דעטעקטיווס, וואס זיינען אָנגעשטעלט אין פּאָליס־דעפּארטמענט און פלעגט זיך מיט זיי טהיילען מיט דאס אויסגעצאַפּטע געלד.

און אזוי איז דאָס געגאנגען דער עסק, אז אייק'ען פלעגט מען שוין אינפאָרמירען וועגען אלע קעהרונגען און ווענדונגען פון אלע, וואס פיהרען דעם האנדעל פון ווייסע שקלאפינען. דארום האָט ער אויך געוואוסט, וואס עס איז געוואָרען מיט'ן צווייטען מיידעל, וואס ער האָט געזעהען רוביניק'ען בריינגענדיג צוזאמען מיט מאשקאַ'ן קיין ניו־יאָרק. דאָס צווייטע מיידעל, וויא די לעזער געדענקען, איז געווען דיא אונגליקליכע רויזעל, יאכנע־איטע'ס פון אָרשע.

אומזיסט האָט רוביניק זיא דאן אוועקגעפיהרט פון גאָטער'ס הויז, איינשמועסענדיג זיא, אז ער וועט זיא אוועקזעצען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אויף א שיף, און זיא זאל פאָהרען צוריק אהיים קיין רוסלאנד. דאָס האָט ער נור געוואָלט: ערשטענס, ווייל ער האָט פערדעכטיגט, אז גאָטער האָט זיך פערבונדען מיט אייקעלע בויך, כדי פון איהם צו צאַפּען דאָס געלד, וואס ער דארף קריעגען פאר דיא געליפערטע לעבעדיגע סחורה; צווייטענס, האָט ער מורא געהאט פאר דער שטארקער אינוועסטיגיישאָן, וועלכע דער דיסטריקט אטוירני האָט אָנגעהויבען מיט דער הילפע פון סעטעלמענטז־וואָירקערס, און איהם האָט זיך געדוכט, אז מען איז אויף זיין סליאָד. זיין

פלאן איז געווען צו האלטען דערוויי פארשטעקט רויזלען, ווייל זיא מאכט צופיעל ליארעם, אבער פונדעסטוועגען אפווארטען און ניט ארויסלאזען זיא פון דער האנד, ביז עס וועט איבערגעהן דער שטורם פון דער אינוועסטיגיישאן.

ער האט זיך דאן בענוצט מיט א וואהנונג, וועלכען מאקס'עס פרוי מיט איהרע א פריינדין מיט'ן נאמען ריווקעלע, האבען זיך באזעצט אין קוני־איילאנד, נאכדעם וויא עס איז פערמאכט געווארען זייער שאנד־הויז אין באַטענוואוד סטריט איבער א שיסעריי וואס דארטען האט געטראפען. מאקס'עס פרוי מיט איהר פריינדין האבען דא ניט געהאלטען קיין שטענדיגען הויז, נאר א מין פלאץ, וואוהין גאסען־מיידלעך פון א העכערען פרייז פלעגען אריינקומען מיט מענער, פלעגען פערברייגגען אייניגע שטונדען אדער איבער א נאכט און אוועק.

דאס הויז איז געפיהרט געווארען אויף א זעהר שטילען אופן. אויסער דיא צוויי „לײדיס" האט דארט קיינער ניט געוואהנט שטענדיג; דיא לאדענס פלעגען זיין כמעט שטענדיג פערמאכט; קיין ליארעם האט מען דארט קיינמאל ניט געהערט, און דיא צוויי „לײדיס" האבען זיך געפיהרט, וויא זיי וואלטען דארט געווען בלויז צוליעב זיין אין א זומער־פלאץ. אי, וואס עס איז שוין אריבער אקטאבער, עס איז שוין אין מיטען נאוועמבער, קאלטע וועטערען זיינען שוין אנגעקומען און שטענדיגע רעגענס, און קוני־איילאנד האט ניט אויסגעזעהען וויא קיין זומער־פלאץ? נור ווער וועט דאס אזוי ווייט אינטערעסירען זיך צו וועלען וויסען.

אין הויז אהער פלעגט אפט אריינקומען א פעדלער פון דזשולערי מיט'ן נאמען סאלאמאן בינס. ער האט זיך בעקאנט מיט דיא צוויי לײדיס, ווייל זיי האבען פון איהם עטליכע מאהל געקויפט דזשולערי און האבען צוגערעדט פון צייט צו צייט אויך אנדערע פרויענצימער, וועלכע פלעגען קומען צו גאסט, אז זיי זאלען ביי איהם קויפען. ביסלעכווייז האט זיך סאלאמאן בינס ערקונדיגט, ווער עס זיינען דיא פרויענצימער, וואס קומען אזוי אפט אהער צו גאסט מיט מענער, און ער פלעגט אריינקומען אפטער, ווארום עס איז א גוטער פלאץ פאר לייזונג.

סאלאמאן בינס איז געווען אן אייגפאכער מענש, אן ארענטליכער אויף זיין אופן, ד. ה. ער וועט זיך ערלויבען צו זאגען א ליגען צוליעב פרנסה, אבער דאס איז דאך ביזנעס, און וואס טהוט מען ניט פאר ביזנעס? אבער ער איז ניט געווען קיין גנב, קיין גזלן, און וועט ניט טהאן קיין פערדארבענע זאכען. ער האט ארויבגעכאפט פון אמעריקאנער לעבען דיא פראקטישע מאטא: מיינד יור אָאון ביזנעס. און דארום האט ער זיך וועניג געקימערט וועגען דעם, וואס עס קומט פאר אינ'ם הויז פון זיינע קאסטימער. ער האט געוואוסט, אז דא זיינען מיאוס'ע געשעפטען, אבער וואס איז דאס זיין עסק — מען גיט איהם צו לייזען? מען בעצאהלט? מען דינגט זיך וועניג? דאס

איז אלעס, וואס קימערט איהם, ווייטער זאלען זיי זיך שלאגען קאפ אן דער וואנד. וועניג חטאים, וועניג פערדארבענע זאכען טהוען זיך אב אין ניו־יארק?

איין מאהל, ווען ער איז געקומען צו געהן אהער בעזוכען זיינע קאס־טימער, האט ער געזעהען, אז אין הויז איז עפּעס א שטיקעל סומאטאכע. איהם האט שוין פערדראסען, וואס ער האט ניט געטראפען ווען צו קומען, און האט שוין געוואלט אוועק צוריק, ווען דיא ליידי, מיסעס קארץ, האט איהם אבגעהאלטען און האט זיך עפּעס איבערגעשושקעט מיט דער אנדערער:

— ווארט, מיסטער דזשולערימען, — האט זיא איהם געזאגט — איהר ווילט דאך לייזען.

— סוירטעגלי — האט ער געענטפערט — קיין דאקטאר בין איך דאך ניט, וואס איך זאל קומען אויף א וויזיט בלויז זעהען וואס איהר מאכט. איך האב א גוטע בראשקע, האב איך געמיינט, אז איהר וועט עס וועלען א קוק טהאן.

— און מעהר וויא א בראשקע האט איהר ניט? — האט זיא איהם א פרעג געטהאן.

— וואלט איהר נור אזוי פיעל וועלען קויפען — האט ער געענט־פערט.

— געהט, זייט אזוי גוט, אריין אויבען, אין רעכטען צימער. דארט איז א יונגע ליידי; זאל זיא ביי אייך אויסקלייבען וואס זיא וויל, און אויב עס איז ניט טהייער, לאזט עס איהר איבער. ווארט, איך וועל מיט אייך ארויפגעהן. איהר דארפט איהר איינריידען, ווארום זיא איז א גרינהארן, און לאזט זיך שטארק בעטען.

דאס איז געווען דער צופאל, ווען רויזעל האט זיך בעקאנט מיט דעם דזשולערי־פּעדלער. געמיינט האט מען, אז דערמיט וועט מען זיא איינשטילען און מען וועט זיא מיט גוטען אבקויפען, וויא וועט זיא ניט נעהמען א דימענ־טענעם פינגעריל, א בראשקעלע אדער עפּעס אזעלכעס. און איין מאל וועט זיא זיך איינשטילען און צוגעוועהנען, וועט מען שוין דערנאך פון איהר אבנעהמען אי דיא דזשולערי, אי געלד פאר דיא דזשולערי — מען וועט שוין פון איהר אויפמאהנען אלעס. מיר ווייסען שוין פון רויזעל'ס בריעף צו זרחי'ן, אז זיא האט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און איז געפאלען אויף א פּלאן וויא צו בענוצען זיך מיט דעם דזשולערי־העגדלער, צו קאנען שיקען א בריעף אהיים.

אנפאנגס האט סאלאמאן בינס ניט געוואלט איינגעהן אויף איהר געבעט, נאר ווען זיא האט ביי איהם אויסגעקליבען כלומרשט א פינגערעל און האט זיך אנגעהויבען בעטען, האט ער איהר פארשפּראכען צו ברייגגען פּאפּיער און א סטעמפּ, און וועט אריינוואַרפען איהר בריעף אין פּאסט. ער האט איהר אבער געזאגט דערביי:

— דאָס איז אַלעס, וואָס איך קאָן טהאָן פאַר אייך. מעהר דאַרפט איהר פון מיר ניט פערלאַנגען. איך קום דאָ נור ליי‌זען פאַר סחורה, ווייטער איז דאָס ניט מיין עסק.

נור, ווען ער איז אוועק, האָט עס איהם ניט געלאָזען רוהען. דער יסורים׳דיגער פּנים פון דער מיידעל איז איהם געשטאַנען פאַר דיא אויגען. ער איז ניט קיין ארים בחור און האָט זיך אָנגעזעהען און אָנגעהערט גענוג פון אַזעלכע זאַכען. איהם קומט אויס אַמאָל צו האַנדלען מיט דיעזע סאָרטען מענשען, און זיי זיינען גוטע קאָסטימער, אָבוואָהל באַרגען זיי טאָר מען ניט, נאָר קיינמאָל פלעגט ער ניט וועלען צופיעל אריינצומישען זיך, עס קאָן איהם שאַדען אין זיינע ביזנעס. נאָר דאָ נאָכדעם, וויא ער האָט איהר שוין געטהאָן דיא טובה און האָט אריינגעוואָרפען איהר בריעף, האָט עס איהם עפּעס ניט געלאָזט רוהען.

ער האָט געוואָלט דאָס דערצעהלען פאַר זיין יונגער פרוי, מיט וועל־בער ער האָט ערשט מיט אַ מאָנאַטען אכט צוריק חתונה געהאַט, האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטען פון צו טהאָן דאָס, וואָרום עפּעס וועט זיא שטאַרק נערוועז און אויפגעבראַכט, ווען ער דערצעהלט איהר ווען, אַז ער האָט גע־מאַכט ביזנעס אין אַזאַ מין הויז. זיא ליעבט איהם אַזוי שטאַרק, אַז זיא וועט אייפערזיכטיג, וויא זיא דערהערט נור, אַז ער האָט בעזוכט אַזאַ פּלאַץ, און ער האָט זיך שוין עטליכע מאָל פערשוואָרען ניט צו דערצעהלען איהר.

— נאַרעלע — האָט ער איהר אַמאָל ביי אַזאַ געלעגענהייט געזאָגט — וואָס מיינסטו, איך געה אהין עפּעס וואָס, פון צולאַזענהייט וועגען? איך געה דאָך פון פּרנסה וועגען, און האָב קיין מורא ניט; איך האָב מיט זיי קנאַפּע עסקים, אָבגעליי‌זט, אָבגענומען דיא עטליכע דאָלאַר, און ווייטער זאָלען זיי געהן צו אַל־די רוחות.

— קאָן גאָט צושיקען לייזונג אהן זיי אויך — פלעגט זיא זיך בעטען ביי איהם און פלעגט עפּעס ווערען בעזונדער אונרוהיג.

היינט צו וואָס איז איהם דאָס נויטיג צו דערצעהלען איהר. ער האָט זיא ליעב, אָבוואָהל ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט ניט אויס ליעבע, נאָר ווייל זיא האָט געהאַט אַ פּאָאַר הונדערט דאָלאַר, וועלכע האָבען איהם גע־פעהלט צו ביזנעס. אָבער זינט ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט, האָט ער זיא וואָס ווייטער אָנגעהויבען אַלץ מעהר ליעב צו האָבען. זיא איז איהם אַזוי געטריי, האָט איהם אַזוי ליעב און ער איז איהר אַזוי טהייער, זיא היט איהם אָב וויא אַ מוטער היט אָב איהר איינציג קינד, אַז עס איז קיין וואונ־דער ניט, דאָס זיא האָט זיך ערוואָרבען ליעבע ביי איהם אין האַרצען.

ער האָט איהר ניט דערצעהלט, און אַ פּאָאַר וואָכען נאָכאַנאַנד, וויא איהם האָט זיך ניט געוואָלט וויסען, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזען מיט יענער מיידעל אין קוני־איילאַנד, פונדעסטוועגען איז ער אהין מעהר ניט געגאַנגען. ערשטענס, האָט ער מורא געהאַט, אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער

האָט מען זיך דערוואוסט, אז ער האָט געהאלפען איהר אוועקשיקען א בריעף, און מיט אזעלכע חברה איז א סכנה אָנצוהויבען זיך. ער האָט זיך אלע מאָל אויסגעהיט דערפון; צווייטענס, טאָמער איז זיא נאָך אלץ דאָרט און וועט צו איהם ווייטער צושטעהן מיט אזעלכע ביטעס, איז בעסער אויסהיטען זיך און ניט געהן.

אזוי זיינען אוועק א פּאָאר וואָכען. נאָר אט איז איהם איינמאָל אויס־געקומען צו זיין אין בעטה־ביטש ביי א קאָסטימער אויפמאָהנען א חוב — ער האָט דעם קאָסטימער ניט געפונען און איהם איז אויסגעקומען צו ווארטען א פּאָאר שטונדען, איז איהם אויפגעפאלען אריבערצופאהרען קיין קוני־איילאנד, עס איז דאָך ניט ווייט, דערווייל וועלען אריבער דיא פּאָאר שטונ־דען, וואס ער דאַרף זא וויא זא פארספּענדען אויף ווארטען. היינט אפשר וועט ער דאָרט דערווייל וואָס לייזען. און אין גרונד הארצען האָט זיך איהם טאָקע אויך געוואָלט וויסען דעם שיקזאל פון יענער מיידעל.

וויא יעדען מאנספּערזאָן האָט איהם אינטערעסירט דיא פראגע: איז דאָס טאָקע אן עהרליך מיידעל אָדער אזא איינע ווי זיי אלע, וואָס מאכען דעם אָנשטעל, אז מען האָט זיי נעבאך פערפיהרט, אונגליקליך געמאכט? דיעזע נייגיערינקייט האָט זיך ביי איהם פערבונדען מיט א געוויסען טהייל פון מיטלייד אויך. און ער איז אריבערגעפאהרען. ניט אזוי גיך האָט מען איהם אריינגעלאָזט אין הויז, נאָר ווען דיא מיסעס קארץ האָט ארויסגע־קוקט פון פענסטער און דערזעהען, אז דאָס איז ער, האָט זיא געעפענט דיא טהיר און האָט איהם געענטפערט:

— היינט דארפען מיר גאָר נישט.

איהם האָט אָבער עפּעס בעזונדער גערייצט דיא נייגיערינקייט איצט, ווען ער האָט געמערקט בעזונדער געהיימניספולעס איצט אין דעם פּלאץ.

— וועט איהר קויפען — קויפען, ניט — ניט. א קוק טהאָן עטליכע זאכען מעגט איהר דאָך.

און איידער זיא האָט זיך נאָך בעדענקט איהם צו ענטפערען, איז ער אריין און האָט געזאגט:

— האָט קיין מורא ניט, איך וועל אייך ניט שטערען; עס איז עפּעס דאָס ערשטע מאָהל, וואס איך קום צו אייך?

און איהם האָט גלייך פערדראָסען, וואס ער איז אזוי צוגעשטאַנען, וויא ער וואלט זיך דערשראָקען פאר זיין אייגענע דרייסטקייט.

— גאר א געשיכטע! — האָט דיא מיסעס קארץ א זאָג געטהאָן האלב אין כעס און האלב פיינע בריה'דיג — גאָר מורא האָבען פאר אייך. איהר זייט דאָך ניט קיין דעטעקטיוו, און פאר א דעטעקטיוו האָבען מיר אויך ניט וואס מורא צו האָבען. זעצט זיך.

סאלאמאָן בינס האָט ארויסגענומען א פּאָאר שאכטעלעך און געוואָלט אָנהויבען ווייזען וואארע.

— ווייזט בעסער ניט, ווייזט בעסער ניט. איך וואָלט אייך בעסער אומקעהרען א פּאָאר זאכען איידער קויפען.

— אדרבא — האָט זיך אָבגערופען בינס, וועלכער האָט זיך דער־פרעהט, ווארום ביים אָבקויפען צוריק פלעגט ער אלע מאָהל מעהר מאכען וויא ביים פערקויפען.

זיא האָט ארויסגענומען א בראָשקע און דעם פינגערעל, וועלכען דאָס אונגליקליכע מיידעל האָט פון איהם דאן אויסגעקליבען, און האָט געזאָגט:

— דיא בראָשקע געפעהלט מיר ניט, און דעם פינגערעל דארף איך ניט.

— אָ, דאָס רינגעל, וואס עס האָט ביי מיר גענומען דאָס מיידעל אָוִיבען, פאר וואָס געפעהלט ער איהר ניט, זי האָט דאָך איהם אזוי געגליכען?

— א גרינע חיה, זיא ווייס זעהר וואס צו גלייכען — האָט א זאג געטהאָן מיסעס קארץ און האָט עפּעס אָנגעהויבען ארומצוקוקען זיך צו דיא טרעפּ, וואס פיהרען צום צווייטען פלגאָר, פון וואנען עס האָבען זיך דער־הערט שטימען — ניין, איך האָב איצט קיין צייט ניט, איהר וועט אריינקומען אן אנדערעס מאָהל.

— וואָס וואָלט איהר אין זיי וועלען פערליערען? — האָט א פרעג געטהאָן דער דזשולערי־פעדלער.

— ניט איצט, ניט איצט! — האָט זיא איהם אָנגעהויבען איילען — איך האָב איצט קיין צייט ניט. געהט, מיסטער דזשולערימען, איהר וועט קומען מאָרגען, איבערמאָרגען.

אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאט אריינצולייגען זיינע שאכט־לעך צוריק אין קעשענע, האָט זיך דערהערט פון דיא טרעפּ א געשריי:

— קאָם היער, ברינג וואָטער! ווער איז דאָרט?

דיא מיסעס פון הויז איז א צושראָקענע געוואָרען און האָט געכאפּט א פּיטשער מיט וואסער, צושרייענדיג צום דזשולערי־פעדלער:

— געהט, מיסטער, געהט!

אָבער פון אויבען האָט זיך דערהערט א קוויטש פון א פרויענצימער, א שניידענדער קוויטש, און דיא מיסעס האָט אָנגעהויבען לויפען ארויף מיט וואסער.

— וואָס איז דאָס דאָרט? — האָט א ביסעל צושראָקען און א ביסעל אויס נייגיעריגקייט אויך אָנגעהויבען לויפען נאָך איהר דער דזשולערי־פעדלער.

אויבען איז אין טהיר פון ערשטען צימער, דיא פענסטער פון וועלכען געהען ארויס צום ים־ברעג, איז געשטאַנען א יונגער־מאן אן אויפגערעגטער, און האָט א געשריי געטהאָן:

— סיידען דערווערגען דיא פגירה און אריינוואַרפען אין אָושען!

און וויא ער האָט עס אויסגערעדט, האָט ער דערזעהען דעם פּעדלער, וועלכער איז ארויף גלייך נאָך דער מיסעס.

— ווער איז דאָס? — האָט ער א זאָג געטהאָן, נעהמענדיג ביי איהר דעם פּיטשער מיט וואסער — שי איז פעינטינג!...

דיא לעצטע ווערטער זיינען געווען געווענדעט צום פּעדלער, וויא צו פערענטפּערען זיך, און ער האָט גענומען שפּריצען וואסער אויף דעם פּנים פון א טויט־בלייכער יונגער פרויענצימער, וואס עס איז געזעסען, וויא אַן ארייגעפאלענע אָדער ארייגעוואָרפענע אין א ראָקינג־טשער, דער קאָפּ גע־בויגט אָן א זייט, דיא הענד הענגענד, וויא לעבענס־לאָז.

דער דזשולערי פּעדלער, אָדער וויא זיין נאָמען איז, סאלאמאָן בינס, האָט דערקענט גלייך, אז דאָס איז זעלבע מיידעל, וועמען ער האָט דאָן געלאָזט אויסקלייבען דזשולערי, וועלכע האָט דאָס עפּעס געטהאָן דאָן אזוי ניט וועלענדיג און וועלכע האָט זיך דאָן ביי איהם געבעטען וועגען בריעף אוועקשיקען. דעם יונגען מאַן האָט ער ניט געקאָנט ביים נאָמען, אָבוואָהל ער האָט איהם שוין א פּאָאר מאָהל געזעהען דאָ, אָבער ער האָט דאָך דאָ אויך געזעהען אנדערע אזעלכע יונגע לייט, און ער האָט בלויז געוואוסט, אז דאָס מוז זיין איינער פון דיא חברה'ניקעס.

דער יונגער־מאַן איז געווען קיין אנדערער וויא רובּיניק, וועלכער האָט זיך דאָס היינט ענטשלאָסען, שוין צום וויפיעלטען מאָהל, צו מאכען א סוף מיט רויזלען — אהין אָדער אהער. איהם האָט נאָך פאר דיא גאנצע יאָהרען, וואָס ער האָט אָבגעטהאָן דיא געפעהרליכסטע זאכען, קיינמאָל ניט געטראָפען, אז ער זאָל אזא בריאה ניט קאָנען איינברעכען. אָט איז שוין וואָכען לאנג וויא ער האָט זיא געבראכט אהער, און דיא ערשטע טעג, ווען ער האָט איהר אלץ צוגעזאגט, אז זיא וועט פאָהרען צוריק אהיים באלד וויא עס וועט נור זיין א פּאסענדער שיף און אזוי, אז עס זאָל אָבגעהן גלאט, האָט זיא זיך שוין געווען גאָר איינגעשטילט. איהם האָט זיך געדוכט, אז איינמאָל האָט זיא זיך איינגעשטילט, הייסט עס, אז זיא הויבט שוין אָן צו שליסען פריעדען מיט איהר שיקזאל. און דערנאָך, ווען זיא האָט שוין זאָגאר איינ־געוויליגט צו נעהמען דיא דזשולערי, וויא עס איז געווען דיא מיסעס קארץ'ס איינפאל, טאָמער וועט מען זיא דערמיט קאָנען נעהמען, איז ער שוין געווען זיכער, אז זיא איז שוין א געוואונענע. אָבער דאָס איז אלעס געווען אומ־זיסט. טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך פלעגט אריבער, און ווען דיא מיסעס פלעגט פּרובּירען ארייגפיהרען עמיצען און איהר פארשטעלען בלומרשט, פלעגט זיא גלייך אָנהויבען שליידערען אָדער שפּרינגען צום פענסטער, סטראַ־שענדיג, אז זיא ווארפט זיך ארויס. זיי האָבען איהר שוין געהאלטען צוגע־בונדען; זיא האָט שוין איינמאָל געמאכט אזעלכע קולות,, אז מען האָט גע־מוזט מיט א האנטוך איהר פערבינדען דאָס מויל. איצט שוין דריי טעג, וויא זיא האָט אויפגעהערט עסען.

— געהט, געהט, מיסטער — האָט זיא איהם שוין שיער אַנגעהויבען שטופּען צוריק.

— געהן נאָך א דאָקטאָר? — האָט ער א פרעג געטהאָן — פאר וואָס רופט איהר ניט א דאָקטאָר?

רוביניק האָט איהם אַנגעקוקט בייז און האָט מעהר קיין וואָרט ניט געזאָגט.

— וואס פאר א דאָקטאָר? — האָט דיא מיסעס זיך אַנגעצונדען, און זיא האָט אַנגעהויבען מינטערען רויזלען.

רויזעל האָט אן עפען געטהאָן דיא אויגען, האָט געוואָלט א ציה טהאָן זיך פון פּלאַטץ און איז ווידער צוריקגעזונקען.

— העלפט מיר אוועקלייגען זיא אין בעט — האָט רוביניק געזאָגט צו איהר.

און דאָ האָט שוין סאלאמאָן בינס אויך געגומען העלפען. זיי איז געלונגען ענדליך רויזלען אַבצומינטערען, אָבער זיא איז געבליעבען ליעגען מיט אויסגעשטעלטע אויגען אויף דעם דזשולערי־פּעדלער און האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. קענטיג געווען, אז זיא ווייס גאָר ניט, וואס מיט איהר טהוט זיך.

— לאָזט זיא אויסרוהען זיך — האָט אן עצה געגעבען בינס — און איהר מוזט דאָך רופען א דאָקטאָר. איך רעכען, אז זיא איז נעבאך שטארק קראנק.

— אָלרייט — האָט אויף איהם ווידער בייז א קוק געטהאָן רוביניק

— אז מען דארף א דאָקטאָר, וועט מען רופען. וואס ווילט איהר דאָ?

— דאָס איז אונזער דזשולערי־פּעדלער — האָט זיך דיא מיסעס וויא פארענטפערט.

— קומט ארויס פון דאנען — האָט רוביניק זיי ביידען געזאגט.

און זיי זיינען ארויסגעגאנגען, לאָזענדיג אפען דעם צימער. רוביניק איז געווען שטארק צוטראָגען, פערטראכט, וויא ער וואָלט נאָכדענקען וועגען א פּלאָן. און שוין אראָפּגעהענדיג מיט דיא איבעריגע ביידע אונטען, האָט ער שוין אפּנים אויסגעטראכט א פּלאָן און האָט אָנגעהויבען ריידען רוהיג מיט זעלבסט־זיכערהייט, פרעגענדיג בינס'ען אין דיא אויגען:

— זאָגט מיר, מיסעס, איך האָב דאָך אייך געהייסען פערשפּארען דיא טהיר. וויא אזוי איז אריינגעקומען דער מאן אהער.

— ער קומט אלע מאָהל אריין. ער איז אן אייגענער מענש, מיר זיינען זיינע קאסטימער.

רוביניק האָט א לאָך געטהאָן:

— איהר מוזט מיינען, מיסטער, אז גאָט ווייס וואָס דאָ האָט פּאסירט.

— איך מיין גאָר ניט — האָט געענטפערט בינס — איך זאָג נור, אז איהר דארפט רופען א דאָקטאָר.

— יעס, דער מאַן איז גערעכט — האָט רוביניק זיך געווענדעט צו דער מיסעס — מיר מוזען רופען א דאָקטאָר. א מאָדנע נארישע מיידעל. זיא האָט מורא, אז איהר טאטע וועט זיך דערוויסען, וואס פאר א ביזנעס זיא מאכט, וועט ער זיא פארשילטען אדער ארעסטירען אדער איך וויים וואָס. זאָג איך איהר: געה צוריק צו דיין טאטען און קיינער צווינגט דיך ניט דאָ צו זיין. האָט זיא מורא צו געהן צוריק אהיים, דער טאטע זאל זיא ניט ארויס־יאָגען. ניט אהין, ניט אהער. איך וויים ניט, וואס מען טהוט מיט איהר, און דאָ הויבט זיא גאר אן אין מיטען דערינען צו פאלען אין אהנמאכט, פאָלג מיך א ביזנעס, געה און האלט אין איין מינטערען זיא.

בינם האָט געוואוסט, אז ער וויל דאס איהם פאררייידען דיא צייהגער, האָט זיך אָבער געמאכט, וויא ער וואלט איהם געגלויבט. און רוביניק האָט צואווינקענדיג צו דער מיסעס פון הויז, ווייטער צורעדט זיך.

— אָבער איך האָב אייך געזאָגט, מיסעס, אז מיט אזעלכע דארף מען זיך ניט עסק'ען. וויל זיא פיהרען אזא לעבען, זאָל זיא געהן אין דרויסען און זוכען בעלנים. א סטריט־גוירל און וויל אז איהר טאטע זאָל זיך ניט דערוויסען. קומט זיא אהער. איהר זייט א ביזנעס־מאַן, מיסטער, פערשטעהט איהר דאָך, אז מיט אזא איז א פאסקודנע זאך. פון וואנען זאָל איך וויסען ווער זיא איז און פון וואנען זיא קומט. ווענינ אזעלכע קומען און באָטען זיך אָן?

— איהר קאָנט זיא דאָך אבער אזוי ניט לאָזען — האָט בינם געזאָגט, מאכענדיג זיך וויא ער פארשטעהט גאר נישט, אז רוביניק נארט איהם — זיא זעהט מיר אויס ערנסט קראנק צו זיין, און איהר האָט געדארפט שיקען נאָך א דאָקטאָר.

— פארשטעהט איהר דאָך, מיסטער, — האָט איהם רוביניק געענטפערט — אז ווען מען וועט ברייננען א דאָקטאָר, וועלען זיך אָנהויבען פראַגען: ווער איז זיא? וויא אזוי קומט זיא אהער? און דיא מיסעס וועט האָבען טראָבעל, און איהר ווילט דאָך ניט, אז אייערע קאָסטימער זאָלען האָבען טראָבעל. איהר ווילט דאָך קומען נאָך אמאָל און לייזען. איך אליין קויף אויך אָפט דזשולערי. איך קאָן אייך צושארען נאָך קאָסטימער. אייך דארף איך דאָס ניט דערצעהלען, אז דאָס איז אונזערע ביזנעס. קיינער צווינגט זיא ניט. זיא קאָן זיך געהן, אויב זיא וויל.

— איך פערשטעה, אז איהר רעדט דאָס אלעס, איך זאָל ניט געהן דערצעהלען ערגעץ. זאָג איך אייך, אז דאָס איז ניט מיין געשעפט. איך זאָג נור, אז זיא איז קראנק, ראטה איך אייך, איהר זאלט שיקען נאָך א דאָקטאָר.

— איך זעה, אז איהר פערשטעהט א ביזנעס, פעטער, און וועגען אויסזאגען האָבען מיר שוין גאר קיין מורא ניט. פארקעהרט, מענשען וואס ווילען אויסזאָגען, דארפען מורא האָבען פאר אונז. פאר אזעלכע מענשען איז בעסער ווען זיי לעבען גוט מיט אונז, און מאלע וואָס זיי זעהען, דארפען זיי זיך מאכען בלינד. פארשטעהט איהר שוין? אז מיר האָבען זיך שוין צורעדט,

און אז איהר ווייסט שוין דעם טראָבעל, בעמיהט זיך טאַקע, מיסטער, און געהט צו איהר ארויף און פרעגט וואס איהר פעהלט. ווארום ווען איך וועל וויעדער ארויף, וועט זיא ווייטער אָנהויבען פאלען אין אהנמאַכט און וויינען. זיא איז צופיעל פערליעבט אין מיר — האָט ער א לאַך געטהאָן.

בינס האָט ניט געענטפערט גאר נישט צוריק און איז ארויף צו דער קראנקער. און וויא נור ער איז ארויף, האָט רוביניק א כאַפּ געטהאָן מיסעס קארץ פאר דער האנד:

— וואס זיינט איהר פון זינען אראָפּ? ווען מען מאכט אָפּ, קיינעם ניט אריינצולאָזען, נעהמט איהר און לאָזט אריין א ווילד פרעמדען מענשען?

— פאר איהם איז ניטאָ וואס מורא צו האָבען. ער ווייס וואוהין ער קומט, און ווייס אז דאָ איז ניט קיין שוהל. וואלט אזוי זיין פאר אנדערעס מורא צו האָבען, וויא פאר איהם איז ניטאָ וואס מורא צו האָבען.

— דאָס הויבט זיך אָן מיט א פרויענצימער, ווען זיי דערזעהען א דזשולערי־מען פערגעסען זיי אויף אלעס.

— לאָזט דאָס צורוה. זאָגט בעסער, וואס צו טהאָן. דאָס איז דאָך איין אומגליק נאָכ'ן אנדערען. פריהער אָבגעברענט געוואָרען אין פילאדעלפיא, און איצט נעהם און אנטלויף אויך פון דאנען. און דיא וואָך דארף דאָך שוין מאַקס קומען צופאהרען. קיין געלד איז ניטאָ. און וואָס מאַך איך מיט איהר? נעהמט זיא אוועק פון דאנען. איבער איהר קאָן איך דאָך קיין אנדער ביזנעס ניט מאכען, איך האָב מורא מענשען אהערצו אריינצולאָזען.

— דאָס איז אלעס, ווייל זיא האָט זיך דערוואוסט, אז איהר זייט מאַקס'עס א פרוי. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז דאָס איז דיא, מיט וועלכער ער האָט דאָרט א שידוך געטהאָן.

— דאָס זיינען דאָך אלץ אייערע פלענער געווען אזוי צו פיהרען. איהר גיט דיא פלענער און ער פאלט אריין. איהר זייט נאָך קיינמאָל דערוויילע ניט אריינגעפאלען. איצט ווען ער וועט קומען צופאהרען און ער וועט ברייננען ווען קאָן ער דאָ וויעדער אריינפאלען, עס איז אזוי שטרענג געוואָרען. און נור מען הערט, דאָס האָט מען דאָ א הויז געשלאָסען, דאָס דאָרטען א הויז געשלאָסען און אָהן א סענט געלד געבליעבען. גיט מיר עפּעס געלד, איהר וועט דאָך דארפען אָבנעהמען, וואס אייך קומט פון גאָטערען, איז דאָך עס מאַקס'עס א העלפט.

— איהר ווייסט, אז גאָטער בעצאָהלט ניט. עס בלייבט צו ווארטען, ביז מאַקס וועט קומען. ער וועט אפשר ברייננען נאָך רעכטס, וועלען מיר ביידע זיך אָברעכענען מיט גאָטערען. דערוויילע בעט ביי מיר א דאָלאר, קאָן איך אייך ניט געבען.

— נעהמט־זשע זיא צו פון דאנען.

רוביניק האָט געוואָלט וואס ענטפערען, אָבער דאָ איז אראָבגעקומען בינס מיט אן אויסגעצויגענעם פּנים.

— וואס איז? — האָט איהם געפרעגט רוביניק.

— זיא רעדט אפּנים פון היץ, זיא ברענט וויא א פייער. עס איז ניט מיין זאך, אבער איך זעה ניט, וויא אזוי איהר קאָנט זיא לאָזען אָהן א דאָק־טאָר.

— איך האָב ניט קיין בעקאנטען דאָקטאָר, און מיר קאָנען ניט אויס־געבען קיין געלד אויף איהר, זיא האָט אונז גענוג געקאָסט.

— נו, גיט זיא אריין אין א האספּיטאָל — האָט נאאיוו געזאָגט בינס.

— איהר זייט גערעכט, — האָט געזאָגט רוביניק — ווילט איהר זיין א גוטער און מיר העלפען אבפיהרען זיא אין א האָספּיטאָל.

— איך קאָן ניט — האָט זיך שוין דערפאר דערשראָקען בינס — מען וועט מיך פרעגען, ווער איז זיא, פון וואנען פיהר איך זיא.

— נו, מיסטער, עצות געבען קאָנט איהר, דערויף זייט איהר א בעל־רחמנות אויף יענעם'ס רעכנונג — האָט איהם אָנגעהויבען שטראָפען רובי־ניק — האָט קיין מורא ניט. איך זאָג נור, איהר זאָלט מיר העלפען זיא אב־פיהרען, און אריינגעבען וועל איך זיא שוין אליין. לייזען ווילט איהר דאך, מעג מען דאך אייך אויך בעטען אמאָל אלס א גוטען פריינד א טובה טהאָן.

בינס איז אפילו זעהר ניט צופריעדען געווען, פונדעסטוועגען האָט ער עפּעס געפיהלט אזא מיטלייד מיט דער קראנקער. ער האָט זיך דערמאָהנט, וויא זיא האָט פאר איהם געוויינט דאן, און געבעטען זיך וועגען דעם בריעף. דערצו האָט ער זיך מישב געווען, וואָס האָט ער וואס מורא צו האבען; ער טהוט דאך קיין פערברעכען ניט.

— איך האָב אָבער קיין צייט ניט, איך דארף געהן קיין בעט־ביטש, וואו איך דארף אטענדען צו ביזנעס.

— טהוט עס מיר; איהר ווייסט דאך, איך בין דאך א גוטער קאס־טימער.

— וויא זאָל איך טהאָן? — האָט בינס געפרעגט.

— איהר דארפט קיין זאך ניט טהאָן. איך וועל מיט אייך פאָהרען און אָבפיהרען זיא אין א האָספּיטאָל. ווארט שוין דאָ א ווייל, איך וועל באלד בריינגען אן אָטאָמאָביל.

עס איז שוין געוואָרען פארנאכט. רוביניק איז ארוים פון הויז און האָט איבערגעלאָזען דעם דזשולערי־פּעדלער. אָבער ניט אויף לאנג. אין א האלבע שטונדע ארום איז ער געקומען צופאָהרען מיט אן אויטאָמאָביל, און אריינקומענדיג האָט ער א זאָג געטהאָן צו בינס'ען:

— קומט, העלפט, מיר וועלען זיא ארויספיהרען און אריינזעצען אין אויטאָמאָביל, און דערנאָך וועט איהר מיר העלפען דאָרט ארויספיהרען זיא פון אויטאָמאָביל און אריינפיהרען זיא אין האָספּיטאָל. איך וועל זיא שוין אריינגעבען, אייך וועט מען ניט פרעגען.

און בינס האָט שוין קיין אנדער אויסגאנג ניט געהאט, ער האָט גע־

מוזט העלפֿען איהם. דיא קראַנקע האָט געברענט וויא א פֿייער. בינס האָט געזעהען, אז זיא מוז האָבען אַן אונגעהויער הויכע טעמפּעראַטור, אָבער זיא האָט שוין ניט גערעדט פֿון היץ, איז נור געוועזן וויא אין א סטופּאַר, איהרע אויגען האָבען געקוקט פֿאַר זיך און וויא זיא וואָלט ניט נור ניט דערקענט קיינעם, וויא זיא וואָלט גאַר ניט געזעהען קיין זאַך. זיא האָט זיך ניט געהאַמ־פּערט, ווען זיי האָבען זיא אונטער דיא הענד אַראָבגעפֿיהרט. קענטיג געווען, אַז זיא ווייס גאַר אַפילו ניט אָדער פֿיהלט גאַר אַפילו ניט, אַז מען פֿיהרט זיא. און אזוי האָבען זיי זיא אריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און האָבען זיך געזעצט פֿון ביידע זייטען.

דאָ ערשט האָט זיך בינס געכאַפּט, אַז ער טהוט דאָ עפּעס, וואָס עס שלעפּט איהם אריין אלס מיטהעלפֿער אין א פֿאַרברעכען. ווען זיי זיינען צו־געקומען צום סיטי האָספּיטאַל, האָט ער געקווינקעלט, האָט עפּעס מורא גע־האַט און האָט בעשלאָסען, אַז ער וועט ניט העלפֿען.

וויא האָט ער זיך דערפֿיהלט לייכטער, ווען רובּיניק האָט איהם א זאָג געטהאָן:

— איך האָב זיך בעדענקט, אַז עס איז טאַקע ניט נויטיג, אַז איהר זאָלט מיר העלפֿען, איך וועל זיא שוין אליין אריינפֿיהרען. און איהר פֿאָהרט אָב מיט'ן אויטאָמאָביל צום צווייטען קאָרנער. איך וועל זיא אריינגעבען אין האָספּיטאַל און וועל דערנאָך צוגעהן צו אייך.

און ער האָט אליין ארויסגעפֿיהרט, כמעט וויא טראָגענדיג זיא, און האָט זיא אריינגעפֿיהרט אין הויף פֿון האָספּיטאַל. דער אויטאָמאָביל איז אָב־געפֿאָהרען צום צווייטען קאָרנער. בינס איז געזעסען און האָט געציטערט. אין א מינוט צעהן ארום איז צוגעקומען רובּיניק און האָט א זאָג געטהאָן אויף ענגליש אין דער הויך, אַז דער שאָופֿער זאָל הערען:

— דער דאָקטאָר זאָגט, אַז זיא איז גאַר ניט אזוי שטאַרק קראַנק, אין עטליכע טעג ארום וועט זיא געזונד ווערען. עס איז בלויז א לייכטע ער־קעלטונג.

און זיי זיינען אָבגעפֿאָהרען. אויף'ן וועג אָבער האָט רובּיניק גאַנץ שטיל געזאָגט בינס'ען:

— דער שאָופֿער איז אן איירישער, וועט ער מיך ניט פֿערשטעהן אַפילו ווען ער הערט. אייך מעג איך דאָך זאָגען, און איך זאָג דאָס אייך זייט דאָך מיטהעלפֿער. אָבער מיר האָבען דאָ קיין פֿערברעכען ניט געטהאָן. נור איהר פֿאַרשטעהט דאָך, אז איך האָב זיא ניט געקאָנט אריינפֿיהרען אין האָספּיטאַל, וואו איך וואָלט דאַרפֿען אָנגעבען דעם נאָמען און זאָגען, וואָס פֿאַר א קרוב בין איך איהר. געה, דערציעהל זיי, אַז זיא איז מיינע א געליעב־טע, דאָס הייסט, האָט זיך פֿערליעבט אין מיר. קורץ, איך האָב זיא אוועקגע־זעצט אויף א ביינקעל אין דעם קליינעם גאָרטען לעבען האָספּיטאַל, און בין

אליין אוועק. זיי וועלען זיא שוין אריינגעהמען, זייט זיכער, און זאָל זיא אליין זיי דערצעהלען ווער זיא איז, און וואס איהר קראנקהייט איז. אָבער איהר דארפט וועגען דעם שווייגען, ווארום אז ניט, פאלט איהר דאָך אויך אריין אין א צרה. און דאָ קאָנט איהר אראָבגעהן.

זיי זיינען געווען איצט לעבען דער פיערצעהנטער סטריט. בינס איז ארויסגעגאנגען און איז א צוטראָגענער אוועק אהיים.

עס איז שוין געווען שפּעט. בינס האָט איבערגעטראַכט דיא גאנצע זאך, און וויא ער האָט ניט מורא געהאט, ער זאָל דאָ ניט אריינגעשלעפּט ווערען אלס אן עדות אמאָל אָדער סתם זאָל ניט האָבען קיין אונאנגענעהמ־ליכקייטען איבער דעם, פונדעסטוועגען האָט ער קיין חרטה ניט געהאט. איצט וועט דאָ דיא אומגליקליכע זיין אין א האָספּיטאָל, און אזוי גאָט וויים וואָס עס וואלט מיט איהר געוואָרען. „ער מוז זיין א געפעהרליכער באנדיט“ — האָט ער געמורמעלט פאר זיך, טראכטענדיג וועגען רובּיניק'ען. און ער האָט שוין פארשאָלטען דיא ביטערע שטיקעל פּרנסה, וואס איבער דעם מוז מען האָבען צו טהאָן מיט אזעלכע אויסוואורפען.

אריינקומענדיג אהיים האָט ער געפיהלט, אז ער מוז דערצעהלען זיין פרוי. ערשטענס, מוז ער זיך דאָך פאַרענטפערען, פאר וואָס ער איז אזוי שפּעט געקומען, און צווייטענס, פיהלט ער, אז ער דארף זיך אויסריידען פאר וועמען. און פאר וועמען קאָן ער דאָס דערצעהלען, אויב ניט פאר זיין אייגענער פרוי. ער האָט איהר דערצעהלט דיא געשיכטע. זיא איז נאָך דעם מאָהל גע־וואָרען פיעל מעהר אויפגעבּראַכטער איידער וועען עס איז פריהער. נור ער האָט געזעהען, אז ער האלט זיך צוריק. קיין נעמען האָט ער איהר ניט גע־זאָגט. זיא קאָן דאָך זאָ וויא זאָ ניט אזעלכע מענשען, וואס זאָל ער איהר אָנ־רופען נעמען?

— וואָס בינסטו ווידער שוין אזוי דערשראָקען? — האָט ער איהר א פרעג געטהאָן אונגעדולדיג — עס וואָלט שוין בעסער געוועזן, איך זאָל דיר גאָר ניט דערצעהלען, אז נור דו האָסט מורא, טאָמער זוך איך דאָרט פערגעני־גען אין אזעלכע פּלעצער.

— ניין, ווער זאָגט דען דיר עפּעס דערפאר? אָבער גאָט וויים, וואָס פון אזא אונגליקליכער וועט זיין! — האָט זיא זיך עפּעס צוואויינט.

— וואָס זאָל זיין? איצט וועט זיא וועניגסטענס זיין אין א האָספּי־טאָל. און איך האָב קיין חרטה ניט, וואס עס האָט זיך גראד געמאַכט, אז איך זאָל היינט דאָרט זיין. אז ניט, גאָט וויים, וואס דער באנדיט וואָלט מיט איהר געמאַכט.

— און איצט מיינסטו איז זיא שוין פריי פון זייערע הענד — האָט זיין פרוי זיך אָבגעזיפצעט — ווען דיא באנדיטען כאַפּען אריין אן אַפּפער, וועט זיא זיך שוין פון זייערע הענד ניט ארויסרייסען.

דער מאַן האָט זיא אנגעקוקט. און זיא האָט זיך גלייך פערכאַפּט, ווערענדיג נאָך נערוועזער.

— וועניג לעזט מען זיך דען אָן אין דיא צייטונגען וועגען זייערע מערדערייען?

און זיא האָט עפּעס געפונען פאַר נויטיג אריינצוגעהן אין קיטשען און האָט זיך אַ פּאָר מינוטען נאָכאַנאַנד ניט געוויזען. ווען זיא איז אַרויס, האָט ער געזעהען, אַז ביי איהר זיינען רויט דיא אויגען פון טרעהרען.

— נו, געגוג צו וויינען! — האָט זיא שוין געטרייסט דער מאַן — קיין שוועסטער דיינע איז זיא דאָך ניט. וואָס קאָנסטו העלפען? מען דאַרף שווייגען. ווען איך וואָלט וויסען דעם נאָמען, וויא מען האָט זיא דאָרט אין האָספּיטאָל פערשריעבען און אז עס וועלען ניט זיין קיינע אונאַנגענעהמ־ליכקייטען, וואָלט אפשר אַ מצוה געווען אריינצוגעהן געוואָהר ווערען, וואָס זיא מאַכט.

און מיט דיא ווערטער האָט זיך געענדיגט זייער געשפּרעך וועגען דעם. נאָר אויף מאָרגען, ווען סאָלאָמאָן בינס האָט איבערגעלעזען אין צייטונג אַ קליין שטיקעלע נייעס, אַז ביים צופאָהר צום סיטי האָספּיטאָל האָט מען געפונען זיצענדיג אנגעשפּאַרט אָן אַ בוים אויף אַ באַנק אַ יונגע פרויען־צימער אין אָן אונבעוואוסטען צושטאַנד, און מען וויים ניט, ווער דיא פרויען־צימער איז, האָט ער פערשטאַנען, אַז דאָס איז דיא, וועלכע ער מיט דעם באַנדיט האָבען אהין געבראַכט. אין דעם שטיקעל נייעס איז אויך געשטאַנען, אַז וויא עס שיינט, מוז דיא קראַנקע זיין אַן עמיגראַנטין, און זיא איז מסתמא געגאַנגען בעטען, מען זאָל זיא צונעהמען אין האָספּיטאָל, איז אָבער געבליע־בען ערשעפּט און געפאַלען אין אָהנמאַכט וויא זיא איז נור דערגאַנגען צום האָספּיטאָל. דיא דאָקטוירים קאָנען ניט בעשטימען נאָך וואָס איהר קראַנק־הייט איז, מעגליך אַז מאַרך־פּיעבער און איהר לעבען איז אין געפאַהר.

סאָלאָמאָן בינס האָט דערפיהלט ערלייכטערט, ווען ער האָט עס אי־בערגעלעזען. ערשטענס, האָט דאָס קיין פערדאַכט ניט ערוועקט, אַז עמיצער האָט דיא קראַנקע אהינצו געבראַכט, צווייטענס, איז ער שוין זיכער, אַז דיא אונגליקליכע ליעגט אין האָספּיטאָל אונטער דער מעדיצינישער אויפזיכט פון דאָקטוירים און איז דערוויילן ארויסגעריסען געוואָרען פון דיא הענד פון יע־נעם פערדאָרבענעם מענשען. נור איין זאך האָט איהם ניט געלאָזט רוהען, דיא ווערטער וואָס זיין פרוי האָט נעכטען ארויסגעזאָגט, אַז ווען יענע כאַפּען אריין אָן אַפּפער, ווערט שוין זיין שווער פון זייערע הענד ארויסצורייסען.

אָבער דעם מאָל האָט סאָלאָמאָן בינס געהאַט אַ טעות מורא האָבענ־דיג, אַז דיא אונגליקליכע קען צוריק אריינפאַלען אין רוביניק'ס הענד. רוביניק אליין האָט געלעזען דיא נייעס אין צייטונג און האָט זיך שטאַרק דערפרעהט, וואָס דאָס איז אָבגעגאַנגען אזוי גלאַט. ער האָט פון לעצטען אָבענד אָן אַנגע־הויבען דענקען וויא צו בעוואָרענען זיך, אַז ער זאָל ניט אריינפאַלען אין דיא

הענד פון געזעץ. קיין שרעקענדיגער איז ער קיינמאל ניט געווען. ער איז אין זיין קאריערע אלס מעדכען־הענדלער און אלגעמיינער פערברעכער געווען שוין אין קריטישערע פערהעלטניסע. אבער דא האט עפעס איהם זיין הארץ אנגעהויבען זאגען, אז פריהער־שפעטער וועט ער ארייגפאלען.

אלעס האט עפעס אנגעהויבען געהן געגען איהם און זיינע געשעפטען. וואוהין ער האט זיך נאר א קעהר געטהאן, זינט ער האט געמאכט זיין לעצטע רייזע קיין רוסלאנד, איז אלץ געגאנגען מיט דיא פוטער אראב. דיא רייזע האט אבגעקאסט מעהר איידער עס האבען געקאנט איינברייגגען דיא פאאר, וועלכע ער האט געבראכט. און ווען זיין שותף מאקס, וועלכער איז אריינגעפאלען דארט און האט זיך קוים ארויסגעדרעהט, וואלט ניט בריינגען עטליכע שטיקלעך סחורה וואס מען זאל קאנען לייכט אויסברייגגען, וועט זיין פינאנציעל זעהר שלעכט. היינט האבען זיך אנגעהויבען אזעלכע שטרענגע אונטערזוכונגען, און איהם דוכט זיך, אז דעטעקטיווס זיינען אלץ אויף זיין סליאד. בעזונדער אבער האט ער מורא געהאט פאר אייקעלע בויך,, וויא עס איז שוין ערקלעהרט געווארען אין דיא פאריגע ארטיקלען.

דארום האט ער איצט פעסט בעשלאסען ביי זיך, אז ער וועט שפיעלען אזא טריק, וואס זאל איהם בריינגען אי געלד, אי זאל איהם זיכערען, אז אויב אלעס וועט אויפגעדעקט ווערען, זאל ער ארויס טרוקען, און איבערהויפט ראכע נעהמען פון אייקעלע בויך מיט זיין גענג. ער האט זיך בענוצט מיט דעם, וואס צווישען אייקעלע בויך'ס גענג און דער איטאליענישער גענג אונטער דער אנפיהרונג פון קיד יאעל איז אנגעגאנגען א לאנגאניגע קאנקורענץ און א מלחמה אויף מעסערס. ער האט אבגעמאכט מיט קיד יאעל, וועלכער איז געווען אונטער בייל אין פילאדעלפיא און איז געקומען צולויפען קיין ניו־יארק, וואו ער איז געווען אין שטענדיגע בעהעלטענעס, אז ער וועט זיך מיט איהם טהיילען האלב אויף האלב מיט אלעס, וואס ער וועט ארויסקריעגען פון דיא גאטערס, נאר ער זאל איהם געבען דריי גענגסטערס, וואס זאלען איהם אימער העלפען. ער האט קיד יאעל'ען נאך אויך א ביסעל געגעבען אנצוהערעניש, אז ווען מען וועט זיך ניט אברעכענען מיט אייקעלע'ן וועט דער לעצטער ענדליך אויסגעפינען וואו דער קיד האלט זיך פארשטעקט, און ער וועט איהם ארויסגעבען.

אין דער זעלבער צייט האט ער אריינגעשיקט צום דיסטריקט אטוירני א בריעף, אז א מאן וואס וויים אלע סודות פון דער אונטערוועלט, און וואס איז אליין פון דיא חברה־לייט, קאן איהם געבען זעהר פיעל אינפארמיישאן, אויב ער זאל נור זיכער זיין, אז ער אליין וועט דערפאר ארויס טרוקען און וועט אנגענומען ווערען אלס א סטייט־וויטנעס. דעם ענטפער פון דיסטריקט אטוירני וועט ער בעקומען אין דער פארם פון א נייעס אין א בעשטימטער צייטונג, אז עס ווערט ערווארטעט, אז א בעוואוסטער פערברעכער זאל ווערען א סטייט וויטנעס. ער וועט דאן פערשטעהן, אז דאס ווערט ער געמיינט;

ער וועט דאן זאמלען דעם גאנצען מאַטעריאל און פאקטען וואס זיינען נויטיג פאר דעם דיסטריקט אטוירני, און אין צייט פון עטליכע וואָכען וועט ער קומען און אלעס דערצעהלען און איבערגעבען זיך דעם געזעץ אין דיא הענד.

רובינק האָט זיך פערוואָרענט ניט צו טהאָן דאָס אזוי גיך, וואָרום ביז וואנען מאַקס וועט ניט קומען צופאהרען און ביז וואנען ער וועט ניט קריעגען פון גאַטער'ען א היבשע סומע, וויל ער דאָס נאָך ניט טהאָן. אויב מאַקס וועט ברייננען רעכטע סחורה און עס וועט אראָבגעהן גלאַט, און מען וועט מאַכען א פּאָאר טויזענד דאלאר, קאָן זיין, אז ער זאָל נאָך חרטה האָבען איננאנצען פון צו ווערען א סקווילער, וואָרום ער קאָן נאָך אמאָל מיאוס'ער אָבשניידען פון אזא שריט.

אזוי איז געוועזן רובּיניק'ס פּלאַן מיט עטליכע טעג פריהער איידער מאַקס איז געקומען צופאהרען און א טאָג נאָך דעם וויא רויזעל איז אריינגע־נומען געוואָרען אין האָספּיטאָל. ווען מאַקס איז געקומען א געבראָכענער אין געלד, און מען האָט אין עלים איילאנד פערהאלטען דיא עטליכע קרבנות, וואס ער האָט געבראַכט, אליין קוים ארויסדרעהענדיג זיך ניט אריינצופאלען, איז שוין ביי רובּיניק'ען געוועזן בעשלאָסען, אז ער האָט קיין אנדער אויסגאַנג וויא צו געהן טאַקע צום דיסטריקט אַטוירני.

.7

דאָס איז געוועזן אין דריי טעג ארום נאָך דעם בעפּאָל, וואָס איז געוועזן אין גאַטערס הויז. דיא גאַסען פון ניו־יאָרק זיינען פאַרהילכט געוואָרען מיט געשרייען פון דיא ניוס־באָים: „עקסטרא! עקסטרא!“ מענשען האָבען גע־כאַפּט דיא עקסטראַס, וויא הייסע בלינציקעס און האָבען געלעזען מיט נייגעריגקייט און פערוואונדערונג דיא סענסאַציאָנעלע נייעס פון א שיסערייי, וועלכע איז פאָרגעקומען אין בראָדוויי, אין סאַמע קאָכיגען פּלאַץ, וואו עס שווימעלט און ווימעלט, וויא טאָג אזוי נאַכט פון מענשען. דיא שיסעריי איז געוועזן אין מיטען העלען טאָג. עס איז דערשאָסען געוואָרען א מאַן, וואָס איז געוועזן בעוואוסט דער פּאָליציי אונטער דיא נעמען „רובּיניק“ — „שוגער־טאַנג בעני“ — „כמארטי.“

דיא שיסער האָט מען ניט געכאַפּט. נור דיא פּאָליציי איז אויפ'ן סליאַד פון עטליכע „גאַנ־מען“ פון דער קיד יאָעל גענג.

פערשיעדענע ערליי ערקלעהרונגען זיינען געוועזן אין דיא צייטונגען וועגען דער אורזאַכע פון דעם מאָרד. עס איז געוועזן ערקלעהרט, אז דיא שי־סעריי איז פאָרגעקומען ביים טהיילען זיך פון גערויבטע געלד; אן אנדער ערקלעהרונג, אז „שוגער־טאַנג בעני“ איז געוועזן א שפּיאָן ביי דער פּאָליציי און אין דערזעלבער צייט אליין א גענגסטער, פלעגט זאמלען גרעפט פאר א פּאָלים־קעפּטען, און איז געוואָרען א סקווילער; א דריטע ערקלעהרונג, אז דאָס איז געוועזן א ווייסע־שקלאַפען הענדלער, וועלכער איז געוואָרען. א „סקווילער“ און זיינע אייגענע חברה־לייט האָבען איהם דערשאָסען. דעטעק־

טיווס זיינען אויפ'ן כליאד פון איינעם פון דיא שיסער, וועלכען מען האָט געזעהען לויפענדיג מיט א רעוואָלווער אין האנד דער לעצטער, נאָך דעם וויא דיא איבעריגע זיינען פריהער צולאָפען. דערוויל איז ארעסטירט געוואָרען דער גענגסטער „אייק בעלי" אָדער „יאָקעל רייסקעפ," דערזעלבער הייסט אויך „דער גרויסער יענקי."

ביי גרינרויט אין הויז אין ברוקלין איז דעם אבענד צוגעגאנגען טומעלדיג. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג, וואָס זרחי האָט זיך געשטעלט ארבייטען אויף א פלאַץ, וועלכען גרינרויט האָט פאר איהם אָבגעזוכט אין אַן עלעקטריק־שאָפּ און זרחי איז געקומען אין אבענד דערצעהלען וועגען זיין צופריעדענהייט מיט דער ארבייט, ווארום ער האָט זיך צורעדט מיט דעם באָס וועגען זיין ערפינדונג און דיזער האָט זיך שטארק פאראינטערעסירט.

— ביז וואנען מיר וועלען זיך דערשלאָגען א טאָלק, וועגען וואָס איך מיט דער אלטער זיינען געקומען צופאָהרען אהער — האָט ער ערקלעהרט דער גוטער מיסעס גרינרויט — דערוויל וועל איך זיך אפשר צושלאָגען צו וואָס, ווארום איך האָב אימער געהאָפט אויף אמעריקא, אז דאָ וועל איך קאָנען ארויסברייננגען א געוויסע ערפינדונג, אויף וועלכער איך ארבייט שוין יאָהרען לאנג און וועלכע איך האָב אוועקגעוואָרפען אין מיטען איבער דעם אונגליק.

— הלואי זאָל גאָט געבען — האָט געענטפערט מיסעס גרינרויט, און האָט געקוקט אויף דער אלטער יאכנע איטען, וועלכע האָט שטארק זיך אָבגעזיפצט — דערוויל מוזט איהר דאָך וואָס טהאָן און נישקשה, מוהמינ־קע, זיפצט ניט. וואָס העלפט דאָס זיפצען ? אייער טאָכטער וועט זיך נאָך אייך געפינען און דאָס הארץ זאָגט מיר, אז איהר וועט נאָך זעהען נחת פון איהר.

זיא האָט דאָס געטרויסט יאכנע איטען, ווייל זיא האָט געמערקט, אז וויא דער אלטער טהוט ניט הנאה, וואָס זרחי האָט געפונען ארבייט, פון דעסטוועגען האָט איהר שטארק צונומען הערענדיג פון איהם ריידען וועגען דעם. וויא זיא וואָלט זיך א טראכט טאָהן : נאָך אלעמען זאָרגט יעדערער פאר זיך און מיין קינד נעביך ווערט פארגעסען און גאָט ווייס צו לעבט זיא גאָר ערגעץ.

—— ניט איך זיפץ, מיינע וויטאָגען זיפצען — האָט זיך פארענט־פערט יאכנע איטע — איך פארדיינק קיינעם ניט. יעדערער האָט זיך זיינע זאָרג. אָבער איך בין דאָך א מאַמע. א דאנק גאָט כאָטש וואָס עס געפינען זיך אומעטום גוטע מענשען. ווען איהר וואָלט מיך לאָזען אליין ארומגעהן אין דיא גאסען, אפשר וואָלט איך בעגעגענען וואו ארומבלאָנזשענדיג מיין פויגעלע.

— וויא געפעלט אייך — האָט מיסעס גרינרויט זיך געווענדעט צו זרחין — בעט זיך דעם גאנצען טאָג, זיא וויל אליין ארומגעהן זוכען. ביז

היינט פלעגט זיא ארומגעהן מיט אייך, זייט איהר דאך א יונגער מענש און וויא אייך איז דא אלעס פרעמד, קאנט איהר נאך אלץ געפינען אייער וועג. אבער היינט, אז איהר זייט אוועק צו דער ארבייט, וויא האב איך זיא געקאנט לאזען אליין ? איך האב איהר שוין געטאהן דיא טובה און בין מיט איהר א פאאר שטונדען ארומגעגאנגען. אבער אליין לאזען זיא האב איך מורא — וועט נאך פארבלאנזשען אדער חס־חלילה איבערגעפאהרען ווערען פון אן אויטאמאביל.

זרחי האט מיט דאנקבארקייט א קוק געטאהן אויף דער גוטער מיסעס גרינרויט, ווען עס איז מיט אימפעט אריינגעקומען מר. גרינרויט, און איידער ער האט זיי נאך בעגריסט, האט ער א זאג געטאהן :

— פערמאכט דיא סטאר אביסעל פריהער און געקומען, און...

ער האט זיך אבגעשטעלט. קענטיג געווען, אז ער האט עפעס געהאט צו דערצעהלען, נור האט עפעס אין מיטען בעדיינקט צו זאל ער מיט אמאל. יאכנע איטע האט אנגעשטעלט דעם קאפ, וויא ערוואַרטענדיג עפעס וויכטיגעם פאר זיך. זיא פלעגט יעדען טאג אזוי ערווארטען, אז ווען דער מיסטער גרינרויט וועט קומען אהיים וועט ער אפשר וואס ברייגנען א נאכריכט, וואס ער האט זיך ערקונדיגט וועגען איהר זאך, ווארום זיא האט געזעהען, אז ער נעהמט זעהר צום הארצען איהר אונגליק :

— נו, וויא איז אייך געגאנגען דיא ארבייט, מר. זרחי ? — —האט ער אין מיטען א פרעג געטאהן.

און איידער זרחי האט נאך צייט געהאט צו ענטפערען, האט גרינרויט ווידער א זאג געטאהן :

— איך האב פערמאכט דיא סטאר אביסעל פריהער כדי טאקע קומען אהער אהיים און דערצעהלען אייך... יא... איך האב גאר פארגעסען. אונזער פריינד, רעוורענד יודמאן, שרייבט מיר, אז ער קומט מארגען צופאהרען אין ניויארק און וועט דא פערברענגען א פאאר וואכען. ער פרעגט זיך נאך אויף אייך און וועגען אייערע אנגעלעגענהייטען.

— דאס פרעהט מיך זעהר — האט געענטפערט זרחי — און נאך מעהר, וואס ער וועט דא פערברייגען א פאאר וואכען. דאס הארץ האט מיר עפעס געזאגט פון אנהויב אן, זינט איך האב ערהאלטען זיין בריעף אין רוסלאנד, אז ער וועט בעהילפיג זיין אלעס אויסצוגעפינען. ער האט מיר דאן געשריעבען וועגען אונטערזוכונגען וועלכע עס ווערן אנגעגאנגען אין פילאדעלפיא און נויארק און אז ער אינטערעסירט זיך דערמיט זעהר שטארק.

— אט דאס וויל איך אייך טאקע דערצעהלען. דערפאר האב איך דאס טאקע פערמאכט פריהער דיא סטאר און געקומען אהיים. האט איהר געלעזען דיא פייפערס ?

— ניין, — האט געענטפערט זרחי — איך האב געלערענט אביסעל ענגליש אין דערהיים און איך כאפ שוין דא ניט שלעכט צו פארשטעהען וואס

מען רעדט, נור אַז איך נעהם אַן ענגלישע צייטונג קוק איך ווי א האָהן אין גני אדם און הויב ניט אַן צו פאַרשטעהן.

— וואַרט, וויא האָט איהר מיר אַנגערופען דעם חברה־מאַן, וואָס האָט כלומרשט חתונה געהאַט מיט... — האָט געפרעגט און עפּעס פערשטאַ־מעלט זיך אין מיטען גרינרויט.

— מאַקס !— האָבען אַן ענטפער געטאָהן יאכנע איטע מיט זרחי צו־זאַמען.

— ניט דער.

— מאַקס קאַרץ ! — האָט געפרופט פאַרריכטען זרחי, — אויף וועל־בען מיר האָבען זיך אַנגעשטויסען, ווען מיר זיינען אראָב פון שיף ? וועגען וועלכען איהר זייט געגאַנגען נאָכפרעגען אין פּאָליציי און ביי דעם פּראָ־קוראָר ?

— געוועהנט זיך ריידען ענגליש — האָט איהם אויסגעבעסערט גרינרויט — זאָגט דיסטריקט אַטוירני און ניט פּראָקוראָר. אָבער איך מיין דעם, איך מיין דעם אַנדער באַנדיט, וועלכען איהר האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אַנגעבען זיין נאָמען דעם דיסטריקט אַטוירני.

— רוביניק ?

— דעם רוצח האָב איך גאָר קיין מאָל אפילו אין דיא אויגען ניט געזעהען — האָט צום וויפילטען מאָהל ערקלעהרט יאכנע איטע.

— רוביניק ! און נאָך נעמען האָט ער געהאַט ?

— דאָס וויים איך ניט — האָט מיט שפּאַנונג געענטפערט זרחי — דיזע חברה־לייט טראָגען דאָך פערשיעדענע נעמען. האָט איהר עפּעס דער־וואוסט זיך ?

— מוז דאָס אודאי זיין דערזעלביגער, עפּעס אזוי דוכט זיך מיר — און גרינרויט האָט ארויסגענומען דיא עקסטרא, וואו עס איז געוועזען א בילד פון דעם ערשאָסענעם — קוקט זיך נור איין.

— שווער צו דערקענען, אָבער איך וואָלט שווערען, אַז ער איז עהנ־ליך צו איהם — האָט אנגעשטריינגט זיינע בליקען זרחי און איז מיט איין מאָהל עפּעס נערוועז געוואָרען,, ארויסשטאַמלענדיג : — זעהט, דאָס איז דאָך זיא.... דיא....

— ווער ? — האָט אויסגעשריען מיט אַנגסט יאכנע איטע — ווער? רויזעל ? רויזעלע ?

און זיא האָט געכאַפּט דיא צייטונג, וואו עס זיינען געווען לעבען רוביניקען א פּאָאַר בילדער פון פרויענצימער, האָט געקוקט, געריבען דיא אויגען, צוואויינט זיך און איז געפאַלען אין אונמאַכט.

— ניין, ניט רויזעל, ניט רויזעל, וואָס דוכט זיך אייך — האָט אָנ־געהויבען צו ערקלעהרען דער נערוועז געוואָרענער זרחי.

עס האָט געדויערט אייניגע מינוט ביז מען האָט יאכנע איטען אָב־

געמינטערט און געוועלט זיא אוועקלייגען אין בעט. אָבער זיא האָט זיך גע־שטאַרקט און געבעטען זיך:

— איך דאַרף ניט ליגען, איך בין גענוג שטאַרק, נור איך האָב דאָס געמיינט, אז זיי האָבען דאָס אפשר געפונען מיין קינד, וועה איז מיר און ווינד.

זרחי האָט ארויסגענומען מאשקאס בילד, וועלכען ער האָט שטענדיג געטראָגען ביי זיך, טאָמער בעגעגענט ער וואו דעם פּנים און האָט צוגעגלי־כען צו דעם בילד פון איין פּרוויענצימער אין דער צייטונג.

— דאָס איז זיא! דאָס איז זיא! — האָט ער געזאָגט.

— יא, דאָס איז דיזעלביגע — האָבען אויך געקוקט מר. און מרס. גרינרויט — איז דאָס ווער?

— יאכנע איטע, דאָס איז דיא מאשקא, דאָס איז דיא דאָרפּישע פויערטעלע, וועלכען דער באנדיט האָט פערפיהרט צוזאַמען מיט רויזלען — האָט מיט אויפרעגונג געוויזען זרחי.

און ער האָט שנעל דערצעהלט גרינרויטען, ווער דיא מאשקא איז און האָט אויסגעלאָזען מיט ד״ם געבעט:

— זעהט לעזט, איז וואָס שרייבען זיי דאָ? דאָ וועלען מיר דאָך שוין אלעס דערגעהן.

— הייסט עס איז דאָס מסתמא טאַקע דערזעלביגער רוביניק — האָט געזאָגט גרינרויט — נו, כשר פערדיענט. איהר קאָנט שוין זאָגען עליו השנאָבעל.

— וואָס?

— מען האָט איהם דערשאָסען.

— דערשאָכען? ווען? ווער?

— עפּעס נאָך א באנדיט, פון אן אנדער חברה. אין מיטען סאמע בראָדוויי גענומען און דערשאָסען. עס קאָכט דאָך אין שטאָדט. עקסטראַס נאָך עקסטראַס. וואַרט, דאָ וועט זיך שוין מוזען וואָס ארויסשטעלען מסתמא. דיא צייטונג שרייבט, אז דאָס האָט ער זיך מיט נאָך א באנדיט צוקריגט וועגען געלד.

— מיט מאַקסען מסתמא? מיט דעם מאַקס, וועלכער האָט זיך פאַר־שטעלט פאַר דעם אמעריקאַנער חתן.

— ניין, זיי רופען דאָ איהם ניט מאַקס, זיי רופען איהם דאָ „אייק בעלי,“ אָבער דער איז בלויז ארעסטירט אלס איינער וואָס איז עפּעס פאַר־מישט אין דער געשיכטע. נור דער שיסער איז ניט ער געוועזען. פאַלים איז אויפ׳ן סליאַד פון שיסער און מען וועט איהם מסתמא פאַקען.

— און וואָס שטעהט דאָ וועגען דעם בילד פון מאשקאן? — האָט געפרעגט זרחי — דערפון וועט מען דאָך אודאי עפּעס קאָנען אויסגעפינען.

— וועגען דעם שטעהט דאָ — האָט געקוקט אין צייטונג און ער־

קלעהרט גרינרויט — וועגען דעם שטעהט, אז דאס זיינען א פאאר פון דיא מיידלעך, וואס זיינען פערהאפטעט געוואָרען נאך מיט דריי טעג צוריק אין א מיאוסען הויז, וואו עס זיינען מיט א ווייל פריהער פאר דעם בעפאל גע־ווען דיא ביידע באנדיטען „אייק בעלי“ און דער „שוגער טאנג בעני“ דאס הייסט דער „רוביניק“ און זיי האבען זיך דארט געקריגט וועגען געלד.

און גרינרויט האט איצט אנגעהויבען ווידער צו לעזען דיא גאנצע נייעס און פערטייטשען פאר יאכנע איטען מיט זרחין.

— פארשטעהט איהר ? — האט ער געזוכט זיי צו ערקלעהרען וואס ער לייענט דא איבער — דער רוביניק איז דערשאסען געוואָרען אין מיטען בראדוויי. ווער עס האט געשאסען האט מען ניט געזעהען, אבער מען האט געזעהען, אז עטליכע חברה לייט, וועלכע זיינען געווען ארום איהם זיינען אנטלאפען און איינער, דער לעצטער, וואס איז אנטלאפען, איז ארעסטירט געוואָרען. אבער עס שטעהט נאך ניט זיין נאמען. נור אזוי וויא דיא פאָליס רעכענט, אז דאס איז א מלחמה פון צוויי גענגס, צוויי באנדעס הייסט עס, איז זיא אויף דעם סליאד פון דיא באנדעס און זיא האט ארעסטירט אן אנ־פיהרער פון דער באנדע, וואס איז געווען אנגעשטויסען אויף דעם רוביניקען. דער באנדיט הייסט אייק בעלי. ווארום דיא פאָליס האט זיך דערוואוסט, אז מיט דריי טעג צוריק איז צווישען דער גאנצער באנדע געווען א געשלעג אין א מיאוסען הויז אין דער אכט און צוואנציגסטער סטריט — א געשלעג אי־בער געלד. דערוואוסט האט זיך דאס דיא פאָליס וועגען דעם געשלעג פון א מיידעל פון יענעם הויז, מיט'ן נאמען „מעגי ביוט,“ וועלכע איז ארעסטירט געוואָרען צוזאמען מיט דיא אנדערע מיידלעך ווען דיא פאָליציי האט דעמ־זעלבען אויף־דער־נאכט געמאכט א רעיד, דאס הייסט, א בעפאל אויף דיזען הויז. און דעם בעפאל האט געמאכט דיא פאָליציי אויף דער אנצייגע פון דער מעגי ביוטס א געליעבטען, וועלכער איז געווען א בארטענדער אין דעם סאלון פון א געוויסען מעקנעלי אין זעקסטע עוועניו, נאך דעם וויא דער מעק־נעלי האט דעם בארטענדער דיסטשארזשד, דאס הייסט אבגעזאגט פון פלאץ. און דאס זיינען דיא בילדער פון דער מעגי ביוט און פון אן אנדער מיידעל, וועלכע איז אויך ארעסטירט געוואָרען צוזאמען מיט דיא אלע. און פערמישט אין דער געשיכטע איז אויך א פאָליטישען, א דיסטריקט ליעדער, וואס מעק־נעלי איז זיין רעכטע האנד.

— און אפשר... אפשר... איז דאס דארט אויך... — האט געשטא־מעלט א צובראכענע יאכנע איטע.

— רויזעל — האט איהר נאכגעזאגט זרחי און איז געוואָרען בלייך — אפשר איז זיא אויך צווישען דיא ארעסטירטע...

— ווארט, ווארט — האט זיי געזוכט צו בערוהיגען גרינרויט — מען דארף אלעס טאָהן מיט ישוב הדעת, מען דארף בעטראכטען וויא מען טהוט

און וואָס מען טהוט. מען מוז זיך זעהר היטען. לאָמיך אקאָרשט דורכלעזען נאָך אמאָל רוהיג אין גאנצען.

און ער האָט נאָך אמאָל געקוקט און געזוכט ניט דורכצולאָזען קיין איין שורה׳לע פון דיא סענסאציאָנעלע נייעס, וועלכע ווערן געוועהנליך אזוי געפּלאנטערט בעשריבען, אז עס איז שווער ביז מען געפינט א טאָלק וויא, וואָס, ווען און וואו איז דיא ריכטיגקייט פון דער פּאסירונג.

יאכנע איטע, זרחי און מיסעס גרינרויט זיינען געשטאנען און האָבען מיט נערוועזע בליקען געקוקט, וויא זיינע אויגען לויפען איבער דיא שורות פון דער צייטונג.

— אזוי איז דאָס, וויא איך האָב אייך געזאָגט, ווייטער קאָן מען דאָ גאָרנישט געפינען.

— קאָן מען דאָך אריבערגעהן אין פּאָלים העדקוואָטערס — האָט געפונען אן עצה מיסעס גרינרויט און אויסגעפינען.

— עס זאָל דערנאָך ניט זיין צו שפּעט — האָט געבעטען זיך יאכנע איטע, וויא זיא וואָלט מורא האָבען מען זאָל אָבלייגען, ווען עס ווייזט זיך שוין א שטראהל פון האָפענונג צו געפינען איהר טאָכטער.

— ביסט גערעכט, מען דארף טאקע געהן אין פּאָלים־העדקוואָטערס — האָט זיך שוין איצט מיט א מין תקיפות א הויב געטאָהן גרינרויט — איך בין א סיטיזען, וועלען זיי מיר זאָגען. עס וואָלט אפשר געלוינט בעסער מיט־צונעהמען וועמען, עפּעס עמיצען וואָס האָט א פּול. אי ווען יודמאן וואָלט דאָ געווען. ער טויג צו דיא זאכען, און מען האָט פּאר איהם אָבשיי — א רעוור־רענד און א היינטיגער, פון דיא יונגע רעווערענדס, דאָקטער יודמאן, דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש. אָבער גערעכט זייט איהר, אָבלייגען דארף מען טאקע ניט.

— קאָן מען ביינאכט געהן?

— אין ניויאָרק ביינאכט? — האָט שוין בעלעהרענד געזאָגט גרינ־רויט — ניטאָ אין ניויאָרק קיין באנאכט. און בפרט אין פּאָלים העדקוואָטערס. און איהר, מיסטער זרחי, קומט טאקע מיט מיר. דאָס מאכט ניט, וואָס איהר זייט א גרינער, אדרבא דאָס איז נאָך בעסער — וועל איך פאר אייך ריידען, הייסט עס אז איך, א סיטיזען, נעהם זיך פאר אייך אן, און טאָמער וועלען מיר זעהען אז וואָס, וועלען מיר מאָרגען מיטנעהמען אזא, וואָס וועט שוין וויסען וויא.

— איהר וועט אפשר פריהער וואָס אָבעסען — האָט פאָרגעשלאָגען מיסעס גרינרויט, וועלכער עס האָט זיך געוועלט עפּעס אויך צולייגען א האנד און העלפען איצט — ווער ווייס וויא לאנג איהר וועט זיך דאָרט דארפען זאמען.

— ניין, דאנקען גאָט, איך בין שוין זאט פון דער בשורה — איז גע־וואָרען קרעפטיגער ביי זיך יאכנע איטע — לאָמיר טאקע שוין געהן.

— איהר ניט, איהר ניט, מוהמינקע — האָט קאָמאַנדעוועט גרינרויט — אז מיר וועלען זעהען, אז עס וועט נויטיג זיין וועלען מיר אייך קומען נעה־מען. דערווייל וועלען מיר אליין אריבערפאָהרען. איהר מיינט, אז מיר געפי־נען עס שוין גלייך אוים ?

— און ער איז דערשאָסען געוואָרען, דער באַנדיט ? — האָט אַלץ ווידערהאָלט זרחי, וויא איהם וואָלט זיך ניט גלייבען אז דאָס טהוט זיך אין דער ווירקליכקייט און דאָס איז ניט אַ חלום.

— אַ צו גוטער טויט פאַר אַזאַ מערדער ! — האָט ארויסגעזאָגט איהר מיינונג מיסעס גרינרויט — איך קאָן דאָך ניט זעהן אפילו וויא מען קוילעט אַ טשיקען. נור גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר דיא רייד. איך וואָלט אַזאַ געלאָזט צושניידען אברים־ווייז און איך וואָלט קיין האָאר רחמנות ניט האָבען.

— נו, דערשאָסען, געפּגרט איז געפּגרט ! — האָט מיט אַ טאָן פון אַ פּראַקטישען מענשען זיך אָבגערופען גרינרויט — מאָהל דיר איין קויל איז פאַר אַזאַ באַנדיט טאַקע אַ צו לייכטער טויט.

און זיי האָבען זיך אָנגעטאָהן און זיינען אוועק, איבערלאָזענדיג מיסעס גרינרויט מיט יאַכנע איטען, צו שמועסען אויף זייער אופן וועגען דאָס געשעהענע און בויען האָפנונגען אז דאָס וועט שוין פיהרען צו רויזעל׳ס רעטונג.

מיסעס גרינרויט האָט טאַקע געמענט שטאַרק פּאַרדריסען פאַר וואָס זיא האָט זיי געלאָזען געהן ניט געגעסענערהייט, און יאַכנע איטען האָט יעדע מינוט פון זייער אוועקגעהן זיך געדוכט אַזוי וויא גאַנצע שטונדען, ביז דיאביידע האָבען זיך דערוואַרט אויף זרחין מיט גרינרויטען. עס איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט, ווען זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט פון פּאָלים־העדקוואָ־טערס.

און זיי האָבען געהאַט געגוג וואָס צו דערצעהלען, ווען זיי זיינען גע־קומען צוריק. אויף זרחי׳ס פּנים איז געווען צו לעזען ניט נור נערוועזיטעט פון אויפרעגונג נור אויך פון שרעק.

— וואו רויזעל איז ווייסען מיר נאָך איצט ניט — האָט ער ער־קלעהרט יאַכנע איטען באַלד ביים אריינקומען אַלס אַן ענטפער אויף איהר שטומער פראַגע, ווארום ער האָט דיא פראַגע איבערגעלעזען אויף איהר פּנים. דאָס איז געווען דאָך דיא ערשטע זאַך וואָס האָט איהר און איהם אינטערע־סירט — יאָ, מאַמעלע, מיר ווייסען נאָך איצט ניט, וויא מיר האָבען פריהער ניט געוואוסט.

— בערוהיגט זיך נור — האָט אויך גרינרויט אָנגעהויבען און קענטיג געווען, אַז ער איז עפּעס אויך ניט אין גאַנצען צופריעדען געווען מיט׳ן בע־זוך — איך האָב אייך געזאָגט. מיר דאַרפען מיטנעהמען אַ לאָיער אָדער עפּעס אַ פּאָליטישען, וואָס האָט אַ פּול, דאָס מיינט וואָס האָט אַ צד אין באַד, וויא

מען זאָגט עס ביי אונז אין דערהיים.

— איך האָב מורא, אַז פּאָליציי איז אומעטום פּאָליציי, צו דאָ, אין אַ פרייער מדינה, אָדער אין רוסלאַנד, אין אַ דעכּפּאָטישע מדינה.

— ע, דאָס ניט זאָגט — האָט מיט איהם שוין אָנגעהויבען צו האַמ־פּערען זיך גרינרויט, פאַר וואָס ער פאַרלעצט דעם כבוד פון אַמעריקא — דאָס איז גאָר צוויי בעזונדערע זאַכען. פון דאָס וואָס זיי האָבען אייך געוועלט האַלטען איז נאָך גאָר קיין בעווייז ניט, אַז זיי מיינען ניט גוט.

— ווער מען געוועלט האַלטען ? — האָט זיך אויך דערשראָקען מיסעס גרינרויט.

— הערר גרינרויט רופט עס האַלטען. און הייסען הייסט עס פּשוט אַרעכּטירען, אַזוי וויא איך פאַרשטעה.

— אייך האָבען זיי געוועלט אַרעסטירען ? — האָט פערוואונדערט זיי אָנגעקוקט מיסעס גרינרויט.

— וועה מיר ניט ! — האָט אַ פאַרצווייפעלטע געגומען ברעכען דיא הענד יאכנע איטע לויט איהר שטייגער — מעהר וויא דאָס האָט נאָך אונז ניט געפעהלט. ווייניג איז ער אָבגעקומען ? וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקע־ניס פון גאָט. זיי האָבען זיך דאָך געדאַרפט פאַר אונז אננעהמען, איז אַלע מאָהל דוקא פאַרקעהרט.

— דעם ערשטען מאָהל, ווען איך בין געלאָפען אין אַרשע צו דער פּאָליציי, האָט מען מיך אַרעסטירט, וויא אומיסטנע כדי דער אונגליק זאָל קאָנען פּאַסירען. ווארום ווען איך וואָלט ניט אַרעסטירט געוואָרען וואָלט דאָך איהר פאַרשווינדונג, איהר פּאַרפיהרונג ניט געקאָנט מעגליך זיין ; ווען מיר זיינען געקומען אַהער און יאכנע איטע האָט דערקענט דעם באַנדיט און איך האָב איהם געוועלט לויפען אַ כאַפּ טאָהן, האָט מיך אייערער אַ פּאָליסמאַן אַ כאַפּ געטאָהן פאַר׳ן קאָלנער און אַ דאַנק איהם נאָך וואָס ער האָט מיך ניט אַרעסטירט. איצט, אַז מען קומט צו אייער פּאָליציי נאָך דעם וויא עס האָט געטראָפען אַזאַ געשיכטע, ווילען זיי גאָר מיך פערהאַלטען, ד. ה. אריינזעצען — האָט זיך בעקלאַגט זרחי.

— זעהט איהר — האָט גרינרויט איהם געקלאַפּט איבערן אַקסעל — דאָס איז טאַקע וויא דער רוסישער גוי זאָגט : ביים שרעק זיינען גרוים דיא אויגען. איהר זייט שוין אַזוי אָנגעשראָקען געוואָרען פון דיא אַלע זאַכען, אַז אייך דוכט זיך איצט אויך גאָט ווייס וואָס, פון דעסטוועגען זעהט איהר דאָך, אַז מען האָט אייך ניט אַרעסטירט.

— ווייל איהר האָט געזיכערט, אַז איך וועל גאַנץ זיין.

— נאַטירליך, פאַר אַ סיטיזען האָבען זיי דרך ארץ.

און ערשט איצט, נאָך דעם וויא דיא מיסעס גרינרויט האָט דערווייל געשטעלט אויפ׳ן טיש וואָס צו עסען און האָט זיי איינגעבעטען זיי זאָלען זיך זעצען און עסען וואָס, זיי מוזען דאָך זיין פאַרהונגערט, האָט גרינרויט אָנגע־

הויבען צו דערצעהלען כסדר, וואס עס איז פארגעקומען אין פאלים העדקוואַר־טערס.

ער האט דערצעהלט, אז מינדעסטענס א שטונדע האט זיי נאר גע־דויערט ביז וואנען זיי האבען זיך געקאנט צושלאגען, אז מען זאל זיי אויס־הערען. מען האט זיי אלץ אבגעשיקט פון איין אפיסער צו אן אנדער אפיסער. ווען זיי האבען שוין ענדליך דערשלאגען זיך, און זרחי האט אנגעהויבען צושטעהן, אז גרינרויט זאל פרעגען אלץ, צו האט מען ניט געפונען ערגעץ רויזלען, און גרינרויט האט איהם געפאלגט און געפרואווט דערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע, האט איהם דער סארזשען איבערגעשלאגען, זאגענדיג, אז דאס איז ניט וויכטיג.

— דאנט טעל אז כטארים! שרייט ער אלץ — האט דערצעהלט גרינרויט — און זאגט, אז זרחי דארף בלייבען איבער א נאכט און מארגען זאל איך ווידער קומען. דאס הייסט, ארייגזעצען איהם דערווייל, ניט ארעס־טירען אלס עפעס שלעכטעס, נור פערהאלטען אלס א וויטנעס. סטייטש, טענה איך, ער איז דאך דער זוכער און ניט דער געזוכטער, וואס הייסט, איהר דארפט איהם פערהאלטען? ענטפערט ער מיר, דער סארזשען, איך זאל זיי ניט לערנען, זיי וויסען זייערע ביזנעס.

— איך האב גאר ניט פערשטאנען פאר וואס דאס איז; קיין פאס־פארט קלעהר איך מיר דארף מען דאך ניט אין אמעריקא, וואס זשע בינדט ער זיך? — האט צוגעלייגט פון זיין זייט זרחי.

— איך זעה, אז ס'איז שלעכט — האט פארטגעזעצט ווייטער זיין ערצעהלונג גרינרויט — האב איך זיך שוין אוועקגעשטעלט און געזאגט: נא סער! איך וויל זעהען דעם טשיף אוו פאלים. אבער איך האב זיך אוועקגע־שטעלט אזוי, אז ער האט געזעהען, אז איך בין א סיטיזען. ווארום אז ניט, זאג איך, וועל איך אין מיטען נאכט לויפען צום מעיאר, נעווער מיינד, אז ארעסטירען ארעסטירט אונזביידען, זאג איך: ווי אר נאט טיפס! מיר זיינען ניט קיין גענגסטערס! קורץ, עס איז ארייגעקומען אן אינספעקטאר און האט אנגעהויבען ריידען גאר אנדערע דבורים.

— געדארפט גלייך געהן צום אינספעקטאר — האט קריטיש א זאג געטהאן מיסעס גרינרויט — זיי וויסען דאך נור צו נעהמען גרעפט.

— נו, דאס קאן ברוך השם אן אינספעקטאר אויך. אבער ער האט שוין נאר אנגעהויבען אנדערע דבורים, האט געבעטען זעצען זיך און האט אנגעהויבען אויספרעגען. אבער וויא אויכפרעגען מיט אלע קלייניגקייטען. און געמוזט אונטערשרייבען, אז מארגען וועט זרחי קומען.

— און איך דארף מיט זיך ווידער ברייגגען אלע פאפירען וואס איך האב וועגען רוביניקען און וועגען מאקסען. זיי וויסען אפנים ווער דער מאקס איז אדער וואו ער איז. ווארום ער האט מיר געוויזען זיין בילד — האט ער־קלעהרט זרחי.

— זיי וועלען איהם שוין כאפען — האט פערזיכערט גרינרויט — ער האט געוויזען פריהער עטליכע בילדער פרעגענדיג אויב זרחי קען זיי, האט זרחי א כאפ געטאהן איין בילד און האט א וויינ געטאהן, אז דאס איז ער, דער באנדיט, דער מאקס.

— ער האט מיר געוויזען אויך בילדער פון פיעל פרויענצימער און געפרעגט איך זאל דערקענען דיא, וועלכע איך זוך, אבער איך האב דארט ניט געפונען — האט ערקלעהרט זרחי.

— אבער וואס וועט שוין זיין, אז זיי וועלען פער'משפט'ן און מיין טאכטער איז נעבעך אלץ ערגעץ אין אונגליק — האט זיך בעקלאגט יאכנע איטע — זאלען זיי פון דיא מערדער פריהער אויסגעפינען וואו זיא איז און דערנאך זיי משפטן.

אזוי זיינען זיי געזעסען ביז צוויי א זייגער און גערעדט וועגען דאס געשעהענע, ביז גרינרויט האט א זאג געטאהן :

— נו, וואס קאן מען מאכען ? מיט גוואלד קאן מען משיח'ן אויך ניט אראבברייגגען. מיר וועלען זעהען וואס מארגען וועט זיין. ארבייטען געהן קאנט איהר שוין מארגען ניט.

8.

און דער מארגען האט זיי געבראכט גרויסע נייעס — דעם ערשטען סליאד פון רויזלען.

איידער עס איז נאך געקומען דיא שטונדע, וואס גרינרויט האט גע־דארפט געהן מיט זרחין אין פאליס העדקוואטערס, וויא גרינרויט האט נעכ־טען געגעבען זיין אונטערשריפט, איז רעוורענד יודמאן געקומען צופאהרען. אלע האבען זיך דערפרעהט, וויא אין זיין האנד וואלט געווען דער שליסעל צו דער לייזונג פון דער טראגישער פראגע : וואו און וויא געפינט מען דאס פעראונגליקטע מיידעל ?

יודמאן האט בעגעגענט זרחין וויא אן אלטען גוטען בעקאנטען און האט מיט זיין טאן פון א דיינקענדען, סאלידען מענשען מיט א ווארעם הארץ, געבראכט עפעס גרויס בערוהיגונג פאר זרחין און יאכנע איטען. ווען ער האט זיך דערוואוסט וועגען זייער נעכטיגען בעזוך אין העד־קוואטערס, האט ער ערקלעהרט זרחי'ן, אז ער דארף זיך ניט אייכען צו אורטהיילען.

— אין דער פאליציי, וויא אין אלע אנדערע טהיילען פון דער געזעל־שאפט, געפינט איהר פארשיעדענע : עס זיינען פאראן כאבארניקעס, וועלכע זיינען יד אחת מיט דיא באנדעס פון רויבער, מערדען־הענדלער און אלערליי פערברעכער, און עס זיינען פאראן עהרליכע פאליציי־בעאמטע, וואס זוכען צו טאהן זייער פפליכט. יעדענפאלס וועלען מיר זיך היינט זעהען מיט דעם דעפיוטי טשיף און פאליס, וועלכען איך האב דערצעהלט פון אייער אונגליקס־געשיכטע דאן נאך, ווען איך האב אייך געשריעבען.

— האב איך אייך געזאגט, אז ווען מר. יודמאן וועט קומען וועט

גאָר אנדערש זיין — האָט געפּיהלט זיך אויף מוטהיגער גרינרויט — און אפשר זאָלען מיר טאַקע מיטנעהמען א לאָיער אויך אָדער עמיצען פון דיא פּאָליטישענס.

— ניין, הויבט זיך מיט זיי ניט אָן — האָט געראטהען יודמאַן — אין אן אנדער צייט וואָלטען אזעלכע נויטיג געווען. איצט אָבער זעה איך ניט דיא נויטיגקייט.

און זרחי מיט גרינרויטען האָבען שוין היינט גאָר ניט געהאט אזא בעגעגעניש אין פּאָליס־העדקוואָטערס, וויא לעצטען אבענד. נאָך איידער רעוורענד יודמאַן האָט בעוויזען צו זאָגען, אז זיי ווילען זעהען דעם דעפּיוטי טשיף אָוו פּאָליס, האָט מען זיי טאַקע גלייך צו איהם אריינגעפיהרט. יודמאַן האָט איהם גלייך דערמאָנט, אז ער איז דערזעלביגער, וועלכער האָט זיך צו איהם געווענדעט פריהער אמאָל.

— אַ, וועגען אייך האָב איך דאָס היינט דערמאָנט זיך, ווען מען האָט מיר רעפּאָרטירט וועגען דיזער אנגעלעגענהייט. צו אייער גליק האָבען מיר דעם באַנדיט אין דיא הענד. דאָס האָט איין שווין דיא צווייטע שוויין אויפגעפרעסען. דעם וואָס איהר רופט מאַקס קאַרץ איז דער מערדער פון דעם רנ־ביניק. ער לייקענט עס נאָך, אָבער עס איז שוין בעוויזען.

און אויף דעם דעפּיוטים בעפעהל האָט מען אין א ווײַלע ארום אריינגעבראַכט דעם, וועלכען זרחי האָט בעגעגענט אין ארשע אלס דעם אמערי־קאַנער רייכען חתן.

— דאָס איז ער! — האָט פארשטיקט ארויסגעשריען זרחי, בלייך ווערענדיג.

אומזיסט זיינען געווען אלע פראַגען, וועלכע מען האָט איצט געשטעלט דעם ארעסטאַנט. ער האָט געלייקענט, אז ער האָט ווען געזעהען זרחין, אז ער איז געווען אין אזא שטאָדט וויא ארשע, אז ער האָט געקענט אזא מיידל פון ארשע. און ניט דערשלאָגענדיג זיך פון איהם קיין געשטענדנים האָט מען איהם אוועקגעפיהרט צוריק אין דזשייל.

— אייגענטליך פאַר דער פעראורטהיילונג פון דעם באַנדיט — האָט דער דעפּיוטי ערקלעהרט יודמאַן'ען—דאַרפען מיר ניט האָבען קיין מעהרערע אנקלאַגען. ער וועט זיין גע'משפט פאַר מאָרד ערשטען גראַד און וועט זעלבסט־פערשטענדליך געהן אויפ'ן עלעקטריק טשער. פאַר אונז איז אָבער וויכטיג אויך דער רעקאָרד פון אזא חברה־מאַן, ווייל פון אזעלכע רעקאָרדס געפינען מיר אויס וועגען אנדערע. דיא אלע פּאַפּיערען, וואָס דיזער דזשענטעלמען האָט געבראַכט פון יוראָפּ וועגען דיא פאַרברעכען פון „שוגערטאַנג בעני" אָדער וויא איהר רופט איהם „רוביניק," זיינען איבערפליסיג אזוי ווייט וויא דער פערזאָן פון דעם פיעלפאַכען פערברעכער אליין אנבעלאַנגט. ער איז ער־מאָרדעט, אָבוואָהל דאָס איז א צו גוטער טויט פאַר אזא; אָבער דאָך זיינען דיא פּאַפּיערען אונז זעהר נויטיג איצט פאַר דער אינוועסטיגיישאָן פון ווהייט

סלייווערי טרעפיק. ס׳טהוט מיר זעהר לייד וואס אונז איז נאָך ניט געלונגען צו געפינען דיא אונגליקליכע פערזאָן, וועלכע איהר זוכט. איך גלויב אָבער, ווען מיר וועלען פארציהען נאָך אביסעל ענגער דיא שטריק פון בעווייזע געגען דיזען באנדיט אלס דעם מערדער פון זיין פריהערדיגען פארטנער, און ער וועט זעהען, אז ער איז פערלאָרען, וועט ער אונז דערצעהלען אלעס און מיר וועלען זיך ערקונדיגען, וואו עס איז אהינגעקומען דיא, וועלכע איהר זוכט.

דערמיט זיינען זיי ארויס פון דיא פּאָליס־העדקוואַטערס. זרחי איז געווען שטאַרק דערשלאָגען ווידער. אָט האָט ער, דוכט זיך, שוין דערשלאָגען זיך אזוי ווייט, און דאָך גאָט ווייס וואָס מיט רויזלען איז געוואָרען: ווער ווייס אויב זיא איז אין גאנצען ניט אומגעקומען ערגעץ? דערצו האָט איהם עפּעס וויא געקריינקט, וואָס דער שיקזאַל רעכענט זיך אליין אָב מיט דיזע געפעהרליכע ברואים, אז זיין גאנצע מיה איז געווען אומזיסט. צו וואָס האָט ער אזוי פיעל צייט, געזונד און מיה פארשווענדעט צו זאמלען אזוי פיעל בע־ווייזע פון רוביניקס פארברעכען. אָהן איהם און אָהן דיא אלע זאכען האָבען דיא אומשטענדען אליין געפיהרט דערצו, אז איינער פון דיא פארברעכער זאָל דערשאָסען ווערען און דער אַנדערער זאָל גע׳משפט ווערן פאר מאָרד און איהם זאָל ערוואַרטען הינגעריכטעט צו ווערן.

„אָבער רויזעל! רויזעל!" האָט ער געמורמעלט פאר זיך ארויסגע־הענדיג פון אָפיס פון דעם דעפּיוטי צוזאמען מיט זיינע פריינד. אָבער דורכ־געהענדיג דעם קאָרידאָר פון פּאָליס העדקוואַטערס האָט ער דערזעהען וויא א פּאָליסמאַן פיהרט צוויי פרויענצימער און ער האָט זיך צוגעקוקט און ארויסגעשטויסען א געשריי: מאַשקאַ!

רעווערענד יודמאַן און גרינרויט האָבען איהם אָנגעקוקט און זיינען געבליבען שטעהן, זעהענדיג וויא איינע פון דיא מיידלעך האָט זיך אָבגע־שטעלט א צוטומעלטע און האָט אויסגעשטעלט אויף זרחי׳ן אויגען.

— כאם אן! — האָט דער פּאָליסמאַן גראָב א זאָג געטאָהן איהר.

— איז אייער נאמען מאַשקאַ? — האָט זרחי א פרעג געטאָהן אויף רוסיש.

— דאַ, פּאַן, יאַ מאַשקאַ — האָט זיא געענטפערט, האָט זיך געוועלט אָבשטעלען און האָט מורא געהאַט.

— איז דאָס דיא, וואָס איהר האָט מיר נעכטען געוויזען דעם בילד?

— האָט געפרעגט גרינרויט זרחין — איהר זייט גערעכט, מיר זעהט אויך אויס, אז דאָס איז דיא.

זרחי האָט שנעל ערקלעהרט יודמאַנען, ווער דיזע פרויענצימער איז. יודמאַן האָט אָנפאנגס ניט פערשטאַנען. איהם האָט דאָס אויסגעזעהען וויא עפּעס א זאָנדערבאַרער פּלאָנטער. אָבער ווען זרחי האָט איהם געזאָגט:

— איך וועל אייך דערנאך דערצעהלען כסדר וועט איהר פארשטעהן. אבער פון איהר קאן מען דאך זיכער דערוויסען זיך וועגען אונזערער.

— איז וואס דארפען מיר דא לאנג ריידען, לאמיר ארייגעהן צוריק צום דעפיוטי און א פרעג טאהן.

מען האט דיא מיידלעך געפיהרט אין זעלבען אפיס, פון וואנען זיי אליין זיינען ערשט ארויסגעגאנגען. זיי זיינען ארייגעגאנגען אלע נאך זיי. יודמאן האט ווידער ערקלעהרט דעם דעפיוטי, אז זרחי האט דערקאנט דיזע פרויענצימער אלס דיא, וועלכע איז פארפיהרט געווארען צוזאמען מיט יע־נער, וועלכע זיי זוכען.

— א, דאן זיצט א ווייל. מיר וועלען זיך עס גלייך ערקונדיגען — האט געזאגט דער דעפיוטי — און עס וועט טאקע זעהר צוניץ קומען. דיזער יונגערמאן רעדט רוסיש, וועט ער אונז העלפען זיא אויסצופרעגען, ווארום זיא פארשטעהט נאך ניט אלעס וואס מען רעדט צו איהר און קאן ניט ענט־פערען בעפריעדיגענד, אבוואהל עס איז צו דערקענען, אז זיא וויל זאגען דעם אמת.

זרחי האט דא געהאט דיא מעגליכקייט צו ריידען מיט מאשקאן. דיא אונגליקליכע דארפס־מיידעל האט זיך שטארק צושלוכצט, ווען ער האט איהר דערצעהלט פון איהרע עלטערען, וויא זיי ווייסען ניט וואס פאר א לע־בען זיא פיהרט. און דא האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דעם אדרעס וואס זיא האט געשיקט אהיים, נומער 8—2 עלפטע עוועניו, איז ניט א פלאץ, וואו זיא אליין וואהנט אדער האט געוואהנט, נור וואו עס וואהנט דער איירישער בארטענדער, מעגי ביום'ס געליעבטער.

— א, פאן, — האט זיא זיך צואויינט ווען זרחי האט איהר ער־קלעהרט, אז זיי זיינען דאס געקומען פון רוסלאנד אהער רויזלען אויפזוכען און ראטעווען — גאט ווייס וואו זיא איז. דיא גאנצע צייט הארט מיך שוין ניט אזוי מיין לאגע, וויא איהרע. זיא איז דאך ניט אזא, זיא האט געזאגט, אז זיא וועט זיך בעסער דעם לעבען נעהמען איידער אזא לעבען פיהרען.

אפילו ביי דיא פאליסלייט האט זיך ערוועקט א שטארקער רחמנות, ווען רעווערענד יודמאן האט איבערזעצט אלעס וואס דיא אונגליקליכע האט גערעדט צו זרחין. און ווען ער האט א פרעג געטאהן, צו וואלט מען זיא גע־קאנט ארויסנעהמען אויף בייל, האט דער דעפיוטי געענטפערט, אז ער זעהט ניט איין פאר וואס ניט. בלויז זיא זאל ערשיינען אין קאורט, ווען מען וועט זיא דארפען אלס עדות.

א צוטומעלטע פון גליק, ווען מען האט איהר געזאגט, אז מען נעהמט זיא צו רויזעלס מוטער און אז זיא איז פריי און קיינער וועט זיא ניט קאנען צווינגען מעהר צו א שאנד־לעבען, האט דיא ארימע מאשקא א ווארף געטאהן זיך צו דיא פיס פון דעם דעפיוטי און געכאפט קושען זיינע הענד.

— זאגט איהר, אז דא איז ניט רוסלאנד — האט דער דעפיוטי א

געריהרטער געזאָגט יודמאַנען, וועלכער האָט איהם געדאַנקט פאַר זיין איינזע־חעניש מיט דער אונגליקליכער.

די סצענע אין גרינרויטס הויז, ווען די מאַנסלייט זיינען געקומען און האָבען מיטגעבראַכט מאַשקאַן, לאָזט זיך ניט בעשרייבען. אלע זיינען געווען אונטער דעם זעלבען איינדרוק, אַז רויזעל איז ענטוועדער ערמאָרדעט געוואָרען פון די באַנדיטען, אָדער זי איז אליין בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד.

ביי קיינעם האָט זיך ניט געפונען אפילו קיין מוטה צו טרויסטען די אַלטע מוטער. און דעם גאַנצען טאָג איז די אַלטע געזעסען מיט׳ן דאָרף־מיידעל און נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל אויסגעפרעגט זי וועגען אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען מיט איהר טאָכטער. פאַר יאַכנע איטען איז דאָס געווען וויא אַ געראָס פון איהר טאָכטערס קבר. געגוג טהרערען האָט זי פאַרגאָסען און גענוג האָט אויך געוויינט די עלענדע מאַשקאַ אויס דאַנקבאַרקייט פאַר איהר רעטונג און אויס האַרצווייטאָג און געוויסענסביסע פאַר רויזלען.

און ווערענד דאָס איז פאָרגעקומען אין גרינרויטס הויז אין ברוקלין איז אין איינעם פון די נויאָרקער שטאָדטישע האָספּיטעלער געזעסען אויף אַ קראַנקען־בעטעל אַ יונגע פרויענצימער, מיט וועלכער די דאָקטוירים און די נויירסעס האָבען זיך אינטערעסירט מעהר אַלס מיט אַנדערע קראַנקע פון דיזען אַנשטאַלט. ביז מיט אַ פּאָאַר טעג צוריק איז פאַר דער אַדמיניסטריישאָן פון האָספּיטאַל געווען אַ פראַגע, ווער דיזע קראַנקע איז.

שוין היבשע עטליכע וואָכען, וויא זי איז אריינגענומען געוואָרען אהער. מען האָט זי געפונען אין אַן אונבעוואוסטען, פיבערישען צושטאַנד מיט אַן אונגעהייער הויכער טעמפּעראַטור, זיצענדיג אָנגעלעהנט אויף אַ באַנק ביים צופאָהר אין קליינעם גאַרטען פון האָספּיטאַל. ווער זי איז, פון וואַנען זי קומט אהער, האָט מען ניט געקאָנט וויסען, ווייל די קראַנקע איז געווען אין אַזאַ היץ־פיבער. פאַר די דאָקטוירים איז איהר קראַנקהייט געווען אַ רעטעניש. פריהער האָבען זיי דאָס גערעכענט פאַר אַ מאָרך־ענטצינדונג ; נאָך אַ וואָך אָבער פון קוראַציע איז מען געקומען צום שלוס, אַז די קראַנקע ליידעט פון טיפוס, אָבער פון זעהר אַ שווערע טיפוס־קראַנקהייט. צווישען לעבען און טויט האָט זי געשוועבט די ערשטע צוויי וואָכען.

ערשט אויף דער דריטער וואָך האָבען די ערצטע אָנגעהויבען צו האָבען האָפענונגען, אַז די קראַנקע וועט בלייבען לעבען און עס האָט זיך לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אָנגעהויבען איהר בעסערונג. ערשט אויף דער פערטער וואָך האָט די קראַנקע געוויזען צייכענס פון בעוואוסטזיין, און דאַן האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אַ רעטעניש. וויא זי איז נור געקומען צו פולען בעוואוסטזיין האָט זי זיך אָנגעהויבען צו בענעהמען זאָנדערבאַר. זי פלעגט קוקען מיסטרויאיש ארום זיך און האָט ניט פערשטאַנען קיינע פון די פראַ־

גען, וואָס מען האָט איהר געשטעלט. אין מאָמענטען פלעגען איהרע אויגען אויסדריקען אַזאַ שרעק, אַז דיא נוירסעס פלעגען מורא האָבען צו נעהט זיא ניט אַראָב פון זינען, אָבוואָהל דיא היץ איז שוין לאַנג אַרונטער און איהר טעמפּעראַטור איז פאַלשטענדיג נאָרמאַל.

איין טאָג אי זיא געלעגען שטום און פערטראַכט דעם גאַנצען טאָג, וויא אין איהר וואָלט אָנגעגאַנגען אַן אונגעהייערע אנשטריינגונג פון קאָפּ־אַר־בייט צו דערמאָנען זיך, וואו זיא איז דאָ, וויא אַזוי זיא קומט אהער און זו־כען צו פערבינדען דיא געגענוואַרט מיט דער פערגאַנגענהייט.

נאָך דיעזען טאָג פון שטומער בעטראַכטונג, וואָס עס איז פאָרגעקומען שוין ענדע פינפטע וואָך פון איהר זיין אין האָספּיטאַל. האָט זיא דיא ערשטע ווערטער אָנגעהויבען ריידען מיט דער נאַכט־נוירס, וועלכע איז גראַד געוועזען אַ דייטשקע.

— איך בין אין אַ האָספּיטאַל, דאָס זעה איך — האָט זיא אָנגעהויבען, וואָס האָט דיא נוירס זעהר פערוואונדערט ווארום ביז איצט האָט זיא ענטוועדער געפּלאַפּלעט פון היץ אָדער האָט געקוקט צושראָקען, ווען מען האָט איהר געשטעלט אַ פראַגע און האָט עקשנות'דיג געהאַלטען איהרע ליפּען געשלאָסען, קוקענדיג מיסטרויאיש אויף דעם פראַגע־שטעלער — ווער האָט מיך געבראַכט אהער? זאָגט מיר דעם אמת, איהר זייט אַזוי גוט צו מיר.

— דאָס איז אונזער פפליכט. איהר זייט זעהר קראַנק געוועזען און אונ־זער אויפגאַבע איז צו היילען קראַנקע, פאַר וואָס זאָלען מיר זיין שלעכט צו אייך. איהר רעדט ניט קיין ענגליש?

— ניין! איהר רעדט דאָך דייטש — האָט רויזעל געקוקט מיט מעהר פערטרויען דער נוירס אין פּנים — און איך קאָן אָביסעל דייטש.

— איהר זייט אַ אידיש־קינד? — האָט דיא נוירס געפרעגט — איך האָב פיעלע פריינד אידישע. איהר קאָנט ריידען אידיש, איך וועל אַלעס פער־שטעהען. איך קאָן אייך אָבער ניט זאָגען, ווער עס האָט אייך געבראַכט אהער, ווייל דאָס איז וואָס מיר ווייסען דאָ אויך ניט. מען האָט אייך געפונען דאָ אין גאַרטען אויף אַ באַנק זיצענדיג אין אונבעוואוסטען צושטאַנד.

— אין וועלכער שטאָדט בין איך דאָס? — האָט זיא געפרעגט צו דער ערשטוינונג פון דער נוירס.

— אין ניויאָרק, וואָס איז, איהר האָט גאַרניט געוואוסט וואו איהר זייט?

— ניין — האָט רויזעל קוים הערבאַר אהויסגערעדט און האָט זיך ווידער פערטראַכט.

עס האָט גענומען אייניגע טעג ווידער ביז ביסלעכווייז האָט זיא אַלץ מעהר און מעהר צורעדט זיך מיט דיא נוירסעס און דיא דאָקטוירים, האָט דערצעהלט וויא מען רופט זיא און וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט, ביז זיא איז קראַנק געוואָרען אין אַ הויז לעבען ים.

דיא דאָקטוירים אַליין האָבען ניט מיט פולען פערטרויען געקוקט אויף איהר געשיכטע. עפּעס האָט עס געקלונגען צופיעל וויא טויזענד אין איין נאַכט. נור ענדליך האָבען זיי בעשלאָסען צו רעפּאָרטען דעם קייס צו דער פּאָ־ליציי, אַזוי וויא דיא קראַנקע זאָגט, אַז זיא האָט דאָ קיינע פריינד ניט און ווען מען וועט זיא אויסשרייבען ווייס זיא ניט וואוהין צו געהן.

דיזער ענטשיידונג פון דיא דאָקטוירים האָט געטראָפען צופעליג אין זעלבען טאָג, ווען דיא גאַסען פון ניו־יאָרק זיינען פערהילכט געוואָרען פון דיא געשרייען „עקסטרא!" וועגען דער ערמאָרדונג פון דעם גענגסטער. און אקור־ראַט אויף מאָרגען האָט זיך געמעלדעט אין האָספּיטאַל אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט געזאָגט, אַז זיא איז געקומען געוואָהר ווערן אַ קראַנקע, וועמעס נאָמען זיא ווייס ניט, וועלכע איז אָבער מיט אַזאַ און אַזאַ צייט צוריק געפונען גע־וואָרען אַ קראַנקע אויף אַ באַנק אין גאַרטען פון האָספּיטאַל.

— און וויא איז אייער נאָמען ? — האָט אַ פרעג געטאָהן דיא נערס. 

— מיסעס כאַלאַמאַן בינס — האָט דיא יונגע פרוי געענטפערט.

— זייט איהר איהרע אַ פערוואַנדטע.

— ניין. זיא קען מיך ניט.

— פון וואַנען ווייסט איהר וועגען איהר ?

— מיין מאַן האָט געזעהען, וויא מען האָט זיא אריינגעבראַכט אהער.

דיא נערס, וועלכע האָט געוואוסט שוין פון דער קראַנקעס פער־גאַנגענהייט, האָט מיט גרויס פערדאַכט אַ קוק געטהאָן אויף דער בעזוכערין, האָט אָבער אַ טראַכט געטהאָן, אַז דאָ קען זיך אפשר אויסגעפינען, ווער עס האָט דיא קראַנקע אהער געבראַכט, און אפשר איז דיעזע פרויענצימער איינע פון יענע פערזאָנען, וואס האָבען דיא אונגליקליכע געהאַלטען ביי זיך און געוועלט צווינגען צו שאַנדע.

— איהר קענט זיא זעהען — האָט זיא געענטפערט — אויב זי וועט ניט האָבען דאַגעגען.

און דיא נערס האָט אַליין געפיהרט זיא צו דער קראַנקער, בע־שליסענדיג צו שטעהען דערביי איז הערען זייער געשפּרעך.

דיא אויסגעהיילטע קראַנקע האָט זיך אַ דערפרעהט, אַ דערשראָקען, ווען מען האָט צו איהר צוגעפיהרט דיא בעזוכערין.

— איך קען אייך ניט — האָט זיא געזאָגט אנקוקענדיג זיא — ווער זייט איהר ? איך וועל מיט קיינעם ניט געהן ערגעץ ניט.

— בערוהיגט אייך. איך וויל אייך זאָגען ווער איך בין און וויא אַזוי איך קום אהער אויסצוגעפינען וואס איהר מאַכט. איהר געדיינקט אפשר, אַז אין דעם שרעקליכען פּלאַץ, וואו איהר זייט געוועזען האָט אייך אַ דזשוועלערי־פעדלער, אַ מאַן וואס האַנדעלט מיט ציערונג, פערקויפט אַ פינגעריל און האָט פאַר אייך אוועקגעשיקט אַ בריעף. האָט קיין מורא ניט, איך ווייס אייער

אונגליק. גלויבט מיר, איהר זעהט פאר זיך א פריינדין. איך האב פאר אייך גרויסע פרייד, אויב איהר זייט טאקע דיא, וויא איך שטוים זיך אן. דאס האט מיין מאן דיא גאנצע צייט געבעטען מיך אז איך זאל געהן אויסגעפינען וועגען אייך.

— פון וואנען ווייס ער ? — האט אלץ מיט מיסטרויען געקוקט אויף איהר דיא פאציענטען — אייער מאן, פון וואנען ווייס ער ?

— איבער זיין פרנסה, האט ער געהאט דיא געלעגענהייט דערפון צו וויסען. איך וועל שוין אייך אלעס דערצעהלען. נור מיינט ניט, אז מיר זיינען פון יענע מיאוסע מענשען, פון יענע באנדיטען, וואס האבען אייך ארייגעכאפט אין זייער נעץ. נור זאגט מיר דיא ערשטע זאך. זייט איהר פון ארשע ?

— יא.

— און אייער נאמען איז רויזעל ?

— יא.

— און איהר האט אן אלטע מוטער ?

— יא.

— און א גוטען פריינד א יונגער מאן מיט'ן נאמען מיסטער זרחי ?

— יא, — האט מיט פערבאפטען אטהעם געענטפערט רויזעל. — דערצעהלט מיר, דערצעהלט מיר, פון וואנען ווייסט איהר ?

— איהר זאלט זיך נור ניט דערשרעקען. א, איך האב אייך גרויסע גוטע נאכריכטען געבראכט.

און מיסעס בינס האט זיך אליין צו־וויינט פון גרויס געריהרטקייט.

— [illegible] ! — האט נור געשעפצעט רויזעל, וויא איהר וואלט זיך ניט גלויבען, אז דאס איז א פריינדין, וועלכע האט איהר גוטע בשורות געבראכט.

— אייער מוטער איז געזונד און אייער פריינד איז געזונד — האט דורך טרעהרען געזאגט מיסעס בינס — און פון אייערע פייניגער זייט איהר ערלייזט. עס קאכט דאך שוין איצט דערמיט דיא שטאדט.

רויזעל האט אנפאנגס ניט פערשטאנען און זיא איז עפעס אזוי וויא צומישט געווארען פון די'א אלע ווערטער. זיא איז אבער ביסלעכווייז אלץ מעהר געקומען צו זיך.

— קענט איהר מיין מוטער ? — האט זיא געפרעגט — פון וואנען? וויא אזוי ?

— ניין, זיא קען איך ניט. נור אייער פריינד האב איך געזעהען, אייער מר. זרחי. ער איז ביי אונז געווען.

— זרחי ! — האט א כאפ געטהאן איהרע הענד רויזעל — זרחי איז דא ?

— און אייער מוטער אויך. אזוי האט ער מיר געזאגט. נור ווען ער איז

געווען ביי מיר, האב איך נאך ניט געוואוסט, אז דיא וואס זיי זוכען זייט איהר. א, איהר וועט ניט אלעס פארשטעהן איצט. אבער אין גאנצען וויא אזוי דאס קומט, וועלען מיר זיך שוין דיא אנדערע דערצעהלען אין פריידען. איך מוז איצט לויפען צו אייערע. מר. זרחי, האט מיר איבערגעלאזען דעם אדרעס. נור ווען מיין מאן וואלט מיר ניט דערצעהלען, וויא ער איז אליין געווען דערביי וויא מען האט אייך אבגעפיהרט אין האספיטאל, וואלט איך ניט וויסען, אז איהר זייט דאס דיא, וועלכע אייער פריינד האט מיך געבעטען אויסצוגעפינען. זעהט, שטארקט זיך, און איך וועל לויפען זיי אנזאגען . . .

און מיט דיעזע ווערטער האט זיא אנגעקושט רויזלען און איז שנעל אוועק טהאן איהר מיססיאן.

ניט מיט ווערטער אויפ'ן פאפיער איז מעגליך צו שילדערען, וואס עס איז פארגעקומען דעם נאכמיטאג אין גרינרויט'ס הויז, ווען מיסעס סאלאמאן בינס איז געקומען אהין און האט דערצעהלט זרחי'ן, אז איצט קאן זיא ער־פיעלען איהר פארשפרעכען, אז זיא וועט קומען צו איהם. ווען זיא וועט זיך ווענען וואס דערוויסען. און ווער רעדט שוין, שילדערען, וואס דעמזעלבען פארנאכט איז פארגעקומען ביי דער בעגעגעניש פון יאכנע איטע און זרחי מיט רויזלען איןווארט־צימער פון האספיטאל. ניט נור מיסעס גרינרויט, מיסעס בינס, מאשקא און דיא נורסעס האבען געוויינט צוקוקענדיג דיא סצענע, נור אפילו ביי דיא מאנסלייט, וואס זיינען געשטאנען דערביי, זיינען פייכט געווארען דיא אויגען פון טרעהרען.

---

זינט דיעזער דראמא זיינען שוין א פאאר יאהר פאראיבער. מאקס קאריץ'ס הינריכטונג איז שוין איצט א זאך דער פערגאנגענהייט. רוהיג און שטיל אין א שטאדט פון קאנעקטיקוט סטייט לעבען איצט רויזעל יאכנע איטע'ס, וועלכע איז מיסעס זרחי, און מיט זיי וואהנט אויך דיא אלטע מו־טער. ניט קיין רייכע מענשען זיינען זיי. זרחי ארבייט אין א דזשועלרי־פעקטארי אויף א דזשאב, וועלכען זיין קרוב האט איהם פערשאפט, וואס האט צוליעב איהם אריבערגעמופט אהער אין שטעדטעל פון פראווידענס, און פער־דיענט ניט קיין שלעכטע וויידזשעס. זיין פרייע צייט פערווענדעט ער אויף צו פערפאלקאמענען זיין ערפינדונג.

אבער צו זיין ערפינדונג וועט פערווירקליכט ווערען צו ניט, נור דאס גליק פון דאס פאאר פאלק איז ניט אבהענגיג פון דעם. זיי זיינען גליקליך דערמיט, וואס נאך אזוי פיעל אונמענשליכע יסורים, פון וועלכע ניט אלע האבען דעם גליק געראטעוועט צו ווערען, זיינען זיי איצט געזונד, פריי און זוכען צו פארגעסען דיא פערגאנגענהייט, וויא א מענש זוכט צו פארגעסען א שווערען, שוידערליכען חלום.

— ע נ ד ע. —